מרדכי קאַראַנאַ

# פון

# נעקסיקע

# ביז

# אילת

# און

# צוריק

**MORDECHAI CORONA**

# MEXICO - EILAT

## IMPRESIONES DE VIAJE A ISRAEL



אַדרעס פון מחבר:

M. CORONA. BRASIL 57. MEXICO I, D. F.

# צום אָנדענק!

די ערשטע דערציילונג דאָ, איז נישט אין איינקלאַנג מיט דער גאַנצער באַשרייבונג איבער מיין רייזע קיין ארץ־ישראל וואָס איז דער אינהאַלט פון דעם בוך.

אַ באַגעגעניש מיט מיינס אַ חבר פון מיינע קינדער־יאָרן בעת איך בין אַרונטער פון דער שיף „קדמה״ אין חיפה (ווי איר וועט עס לייענען) האָט מיך אינספּירירט אריינצוגעבן די דאָזיקע דערציילונג אין דעם בוך.

דער הויפּט מאָטיוו אָבער איז: אַ דראַנג אויפצושטעלן אַ מצבה פאַר מיין מאַמען און מיין פעטער — איך מאַן וואָס צוליב דעם נאַצי־בראָך וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק, ווייס איך נישט ווו זייער קבר געפונט זיך.

זאָל די מצבה דינען ווי אַ ליכטיקער אָנדענק פאַר זיי.

**ת. נ. צ. ב. ה.**

# מיין מאַמען און מיין פעטער ר׳ משהלען — איך מאָן
# אַ ליכטיקן אָנדענק.

געווען איז עס אין ווינטער טויזנט ניין הונדערט זיבעצן.

דער דרויסן, אַ פאַרצאַרנטער, פאַרביטערטער און אָנגעברוגזטער, האָט דורך זיינע זאַווערוכעס פאַרטריבן מענטשן פון די גאַסן.

קישעלעך, פון וועמענס אינגעווייד עס האָבן אַרויסגעשטאַרצט טונקל גרויע פעדערן, און סתם שמאַטעס מיט וועלכע מען האָט פאַר־שטאָפּט די אויסגעהאַקטע שויבן פון די פענצטער, זענען געווען פאַרשנייט.

די אַרונטערגעהאַנגענע צאָפּנס אייז האָבן אויסגעזען ווי גע־שווירן אויף די אָרעמע הייזער.

ווינטערדיקער אומעט און אויפגעשווידערטער געמיט האָבן זיך אויף אַלעמען צוליינט.

פאַר די פון דעם דרויסן געטריבענע, האָט אויך אָרעמע היים נישט געגעבן קיין שטיקל מנוחה.

דאָס ביסל טאָרף, צוגעוואָרפן דורך די דייטשע אָקופּאַנטן מיט אַן עקל־באַציונג, ווי צו קרעציקע, האָט נאָר פאַרטשאַדעט דאָס הויז, איז אָבער נישט געווען גענוג די היים אָנצוואַרעמען.

די קראָמען — ווי נאָך אַ שריפה — ליידיק. אַלץ אויסגע־ראַבירט.

עס איז שוין נישט פאַרבליבן קיין איין פּראָדוקט וואָס זאָל נישט זיין אין „בעשלאַגונגס־אַמט".

די ערד־שפע פון די מעוברתדיקע פוילישע פעלדער האָט געטריי געדינט אירע בירגער, פעט געמאַכט די גאָלדענע זאַנגען, וועלכע זיינען געווען גענוג צו באַשפּייזן אירע איינוווינער אין משך פון אַ גאַנץ יאָר.

די דייטשע אָקופּאַנטן־רויבער האָבן אומברחמנותדיק נאַקעט געמאַכט די נאָך נישט רייף געוואָרענע זאַטע פעלדער, פאַר דער צייט געשניטן, געפליקט און אַלץ אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

פאַר דעם פוילישן בירגער האָבן זיי צוגעגרייט אַ ווינטער פון נויט, הונגער און עלנט.

צוזאַמען מיט אַ דער פאַרביטערונג, האָט זיך ברייטלעך, בעל־הביתיש, אומגעשטערט אַריינגערוקט אַ גאַסט, וועלכער האָט מיט זיין מלאך־המותדיקן בעזים אויסגעקערט אַ מענטש נאָך אַ מענטש — ווי מען קערט אויס געפאַלענע פליגן.

מאַסן־לוויות זענען געוואָרן אַ טאָג טעגלעכע דערשיינונג.

דער טיפוס, מיט זיינע פאַרשידענע נעמען, האָט זעלטן ווו אויסגעמיטן אַ הויז.

די דייטשע אָקופּאַנטן, מיט זייערע פאַרחיהשטע פּנימער, וועלכע האָבן אויסגעזען שפּיזיק און ווילד, פונקט ווי זייערע אַנטבלויזטע באַגנעטן, האָבן מערדערלעך גערי̈סן שטיקער משפּחה ווי אבר מן החי, זיי אַריינגעשליידערט אין די שפּיטעלער, פון וועלכע די קראַנ־קע זענען שוין קיין לעבעדיקע נישט צוריקגעקומען.

די אומבאַהאָלפענע, אין וועלכע די טיפוס־פּעסט האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אַריינצובייסן מיט אירע טויט־ציינער, האָבן די דייטשע בעסטיעס אַרויסגעשלעפּט האַלב נאַקעטע פון זייערע היימען, און גע־טריבן אין די באָד־אַנשטאַלטן, זעלטן ווען מען זיי האָבן נישט מכבד געווען מיט אַ לונגען אַנצינדונג.

דאָס ביסל אָרעמע שמאַטעס פון דעם הויז־געזינט, האָט מען גע־פּאַרעט, געברענט און פאַרניכטעט אין די דעזינפעקציע־ אויוונס.

אָט אַזוי האָבן זיך מענטשן געקאָרטשעט אונטער דער משא פון פּיין און נויט יוגנט האָט אָפּגעשפּאַרט פון דעם נישט דערעסענעם הונגער, געשאַפן קולטור־צענטערס און קלובן, מערסטנס פאַרשידענע ציוניסטישע אַנשטאַלטן.

ציוניזם האָט אויסגעשטראַלט די האָפענונג אויף אַ ליכטיקן מאָרגן, געוואָרעמט דורך ארץ־ישראל וויזיעס, געגעבן אויסדויער־קראַפט איבערצוטראָגן דעם חושכדיקן היינט.

עלטערע מענטשן האָבן אָנגעפילט די בתי־מדרשים, זיך גע־טולעט צו די אויסגעהייצטע אויוונס, געשטילט זייער הונגער מיט די שמועסן וועגן מלחמה און וועלט־פּאָליטיק.

---

דער רבי ר׳ משהלע איז יומם ולילה געזעסן איינגעגראָבן אין די גמרות, יורה־דעה און מורה־נבוכים, זיך קוים אַרויסגעזען פון אונטער די בערג מיט ספרים וואָס זענען געווען צועפּנט אַרום אים.

שווער געווען אים אָפּצורייסן פאַר אַ מינוט, ער זאָל עפּעס אי־בערבייסן.

געלע פלעקן אויסגעברענטע דורך זיינע טרערן, האָר אַרויס געפאַלענע פון זיין באָרד, האָבן אָנגעפילט צווישן די ספרים בלעטער.

נאָך חצות, ווען אַלע שטוביקע האָבן שוין געהאַט דורכגעוואַרעמט אונטער די פערנעס די צופרוירן־אויסגעהונגערטע מאַגנס פלעגט זיך אַ יאָמער אַריינרייסן אין דעם חלל.

אין אַ ווינקל ביים אָפענעם ארון־קודש, איז רימשהלע געשטאַנען, דורך ילֵלות זיינע טענות פאַרגעבראַכט פאַרן רבונו של עולם.

ווען די חצות־תפילות האָבן אימיצן פון די איינגעשלאָפענע אויפגעוועקט. האָט זיך געהערט — ווי גאָטס שטימע בעט מחילה ביי זיין קנעכט — רי משהלען — פאַר די עוולות וואָס ווערן געטיאָן צו די יידן.

דער רבי רי משהלע האָט אַחוץ זיינע חשבונות מיט גאָט, אויך געחשבונט זיין צושטייער צו דער לינדערונג פון מענטשנס נויט. ער האָט געזאַמלט אַ פעניג נאָך אַ פעניג, דערמיט געהאָלפן שטילן דעם הונגער פון נויטבאַדערפטיקע.

געקליבן אַלטע מלבושים און דורך זיי צוגעדעקט נאַקעט־קייטע פרוירענע גופים.

אַזוי האָבן זיך געבערס, פונקט אַזוי ווי נעמערס געטולעט צו רי משהלען.

באַוווּנדערונג פאַר זיינע מעשים איז געגאַנגען פון מויל צו אויערן — ווי מופתים.

פלעגט זיך אַ מאָל מאַכן אַ שווערע שאלה, פאַר וועלכע אַ כש־רות־פסק איז געווען שווער אַרויסצוגעבן, ווען שרעק האָט זיך גע־מאַרשטשעט אויף דער יידענעס פנים, פון בלויז געדאַנק, טאָמער וועט זיך הערן דאָס וואָרט:

„דאָס עוף איז טריף".

האָט רי משהלע געזוכט צו געפונען ערגעץ וווּ אַן אָנשפּאַר מקיל צו מאַכן די שאלה — אין אַזאַ ביטערער צייט טאָר מען נישט זיין צופיל מחמיר.

אַזוי האָבן טרויעריקע וואָכן און חדשים געזילבערט רי משה־לעס פאות און לאַנגער באָרד און באַפליגלט זיין נשמה.

איז אָבער געקומען דער שבת־קודש, אָדער אַ יום־טוב, פלייגט זיך זיין אויסזען בייטן. אַ שמייכל האָט זיך מיט אים באַהעפט און

צו יעדן פון זיינע מיטמענטשן האָט ער זיך באַמיט, אַ טייל פון זיין שמייכל איבערצוגעבן.

זיין עמוד דאַוונען און זיינע מתיקותדיקע ניגונים פלעגן דער־הייבן די פיל מנינים צו אַ העכערע מדרגה. אַפילו די פון די מתפללים וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין פירוש המילות, האָבן אויך דורכן שליח־ציבור־רימשהלען, דורך זיינע צוגעפּאַסטע ניגונים, דערפילט דעם טעם פון די תפילות און זיך געקוויקט מיט זיי.

אין אַ ביז גאַר דערהויבענער שטימונג האָבן זיך אַלע געפילט ביי ר׳ משהלעס טיש: דאָ פלעגן זיך צוזאַמענקומען גשמיות און רוח־ניות, און עולם איז באַהערשט געוואָרן דורך זיי.

דער רביצנס טיש איז געוואָרן אַ שם־דבר ביי אַלע חסידים. אויסגעהונגערטע יידן פלעגן זיך אָנעסן צו זאַט מיט אַלץ, וואָס איז געווען אָנגעגרייט אויף די טישן.

אַז זאַטקייט האָט פאַרטריבן די הונגער־פאַרביטערטקייט פון די געמיטער, פלעגט ר׳ משהלע בייטן זיין שטענדיקן טרייסט־טאָן, ער האָט אָנגעהויבן זאָגן מוסר, זאָגן תורה, זיך באַמיען פשוט צו מאַכן שוועריע סוגיות אין דער תורה.

ער פלעגט געבן אַ לייכטע אויסטייטשונג פון דער פרשה פון דער וואָך און אויך אַ ביסל פלפול פאַר די ווילקענער.

אַלטע ניגונים האָבן זיך געתיקונט. דער פאַרמלאָזער כאָר, פלעגט דורך פאַרשידענע גלגולים פון ניגונדלעך שאַפן נייע שירה.

די עונג־שבתדיקייט פלעגט מאַכן פאַרגעסן אין דעם געפּרעסטן אומעט וואָס האָט געדריקט אַ גאַנצע וואָך.

---

אין איינעם פון יענע ווינטערדיקע שלוש־סעודותן, ווען בין־השמשות הויבט ביסלעכווייז אָן צו פאַרווישן די שבתדיקע נשמה־יתירה־דיקייט, און פירט ווידער אַריין אין טרויערדיקער וואָכעדיקייט, איז ר׳ משהלע געווען גוט אויפגעלעגט, געזונגען נייע ניגונים, צווישן איין ניגונדל און צווייטן מסביר געווען פאַרן עולם די חידושים פון זיין נייעם ספר „דעת־משה״.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט פון הויף אַ טומל; וועלכער האָט איבערגעריסן די רעיונות פון די צענטליקער אין לערנען פאַרט־פּטע מוחות, וואָס זענען געווען אַריינגעטאָן אין ר׳ משהלעס תורה.

אַ מענטשן־יאָמער, אַ קול ווי דאָס רעווען פון אַ נאַר וואָס געקוי־לעטן אָקס, האָט זיך אָנגערוקט אַלץ נענטער און נענטער.

אַ טייל פון די אַרום טיש זיצערס האָט זיך אַרויסגערוקט אויפן לאַנגן הויף און פאַרשטאַרקט דעם טומל.

רימשהלע איז אָבער געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיינע חידושים, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט, וואָס אַרום אים טוט זיך.

פלוצלינג האָט אַ בריאַסק פראָסט זיך אריינגעריסן דורך דער אויפגעפראַלטער טיר, צוזאַמען מיט אַ ווילדן ליאַרם: „מען דאַרף אים מקיים פסק זיין!".

סקילה קומט אים דערפאַר! גנבענען, און ביי וועמען? ביים רבין! אַזאַ חרפה אַזאַ נבלה!

אויף דער פאַדלאַגע, אַן אויסגענאָרעטער אין שניי, האָט מען געשלעפּט הערש לייבן דעם טרעגער. ער איז געלעגן אַן איינגעקאָרטשעטער, זיך געטרייסלט ווי אין קאָנוולסיע, דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין די בגדים, און ניט געפרווט אַפילו געבן אַ ווידערשטאַנד.

הערש לייב דער טרעגער איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ גיבור.

בטבע איז ער געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, פלעגט האָרעווען שווער און ביטער אַ גאַנצע וואָך, געשלעפּט קאָסטנס, זעק און פעק אויף זיינע פּלייצעס מיט דעם אַלעם פלעגט ער דאָך ניט פאַרדינען גענוג מפרנס צו זיין די שטענדיק האַלב אויסגעהונגערטע משפּחה זיינע.

איצט האָט ער זיך געלאָזט שלעפּן איבערן גאַנצן הויף, ווי מען שלעפּט אַ געבונדענע קאַלב צו דער שחיטה ער איז געלעגן אויף דער פאַדלאַגע און ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, כאָטש אַלע האָבן געוווסט־אַז ווען הערש לייב זאָל נאָר וועלן, וואָלט ער געקאָנט אַלעמען צעפּיצלען מיט זיין גבורה.

אַז רימשהלע האָט דערזען אַרום זיך אַזאַ געטומל, האָט ער זיך אויפגעשטעלט. אויסגעטשוכקעט זיך פון זיינע פּלפּולים, און אַ צעשראָקענער צוגעגאַנגען צו הערש לייבן.

וואָס איז דאָ געשען? הערט לייב זאָג מיר, זענען דיר חס־ושלום גזלנים באַפאַלן? פאַרוואָס ביזטו אַזוי אויסגעשמירט?

רימשהלע האָט מיט אַן עק פון זיין אַטלאַסענע קאַפּאָטע אָנגעהויבן אָפּווישן דעם שניי און די בלאָטע פון הערש לייבן.

מיט זיינע שוואַכע כוחות האָט ער אים אויפגעשטעלט, אים גענומען אונטערן אָרעם, צוגעפירט צום טיש און אַוועקגעזעצט נעבן זיך.

אַ טויטע שטילקייט האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבער אַלעמען.

מיטאַמאָל האָבן זיך עטלעכע יידן אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן ריידן אויפן קול.

„רבי, האָט נישט קיין רחמנות אויף אים, ער איז אַ גנב! ער האָט זיך אַליין מודה געווען! ער האָט זיך אַריינגעריסן צו אייך אין חדר, אויפגעבראָכן אייער קופערט, און פון דאָרט אַרויסגעגנבעט דאָס געלט. אין ווען? אום שבת! אַ גנב און אַ מחלל שבת דאַצו! רבי קנסט אים!"

רב משהלע איז בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט, סיהאָט אים אָפּגענומען סילשון, שטילקייט האָט אַלעמען געשטיקט.

מיטאַמאָל, האָט זיך רימשהלע אויפגעשטעלט, אָנגעהויבן ריידן הויך, גאָרנישט מיט זיין געוויינלעכן קול, אַזוי, אַז דער עולם האָט זיך שטאַרק דערשראָקן:

— „יידן טוט תשובה! איר האָט אומזיסט חושד געווען אַזאַ אָרנטלעכן מענטש! ניין, עס איז אַ בלבול!"

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף הערש לייבן, פּאַטערלעך געגלעט זיין אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ און דערביי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט „ניין, עס איז אַ בלבול! נישט אמת ריהערש לייב?"

הערש לייב אַ דערשלאָגענער און צעווייטיקטער פון דעם רבינס רייד, האָט אָנגעהויבן וויינען, זיך געבעטן: „רבי, וואַרפט מיך אַרויס פון דאַנען, איך בין נישט ווערט צו זיצן ביי אַזאַ הייליקן טיש, איך בין אַ געמיינער מענטש!". אין זיין ציטערנדיקער האַנט האָט הערש לייב געהאַלטן אַ ביטעלע און עס אויסגעשטרעקט צום רבין.

רימשהלע האָט איינגערוימט הערש לייבן אַ סוד אין אויער — „עס איז מוקצה, עס איז נאָך שבת!".

אויף דעם עולם האָט זיך דער רבי צעשריען און געבייזערט: יידן, טוט תשובה! איר האָט מביש געווען אַ יידן בפרהסיה! ריהערש לייב איז אַן אָרנטלעכער ייד. עס זענען נישטאָ אַזויפיל אוצרות אויף דער וועלט, מיט וועלכע מען זאָל קאָנען פאַרגיטיקן די שפיכת־דמים וואָס איר האָט פאַרשאַפט ריהערש לייבן. איר זענט אַלע שולדיק, איך מיין, מיר אַלע זענען שולדיק.

מיר אַלע האָבן געמאַכט אַ טעות, דערפאַר דאַרפן מיר אַלע בעטן מחילה ביי ריהערש לייבן. מיר קאָנען אים שוין אַ סך יאָרן, ער איז אַ כשרער ייד, אַ יגיע־כפימניק, אַ מענטש וואָס פאַרדינט כשר און הערלעך זיין שטיקל ברויט. די קינדער זיינע דערציט ער על התורה ועל העבודה.

קאָנט איר זיין שלמה זאַלמענען? ער איז דאָך אַ בחור אַ צאַצ־

קט, אַ יינגל וואָס איז דרייצן יאָר אַלט און וואַקסט אַן עילוי. איך בין אים מיינה מיט וואָס איך קען, צוויי מאָל אַ וואָך לערן איך מיט אים אַ שיעור, ער האָט אַ פייערדיקן קאָפּ, ער וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ גדול בישראל.

עס שניידט אָבער דאָס האַרץ ווען מיקוקט זיך צו ווי דאָס יינגל זעט נעבאַך אויס אויסגעמאַגערט, באָרוועס און אָפּגעריסן, ער איז דאָך איינער פון די בעסטע ישיבה־בחורים ביי אונדז. טוען מיר גענוג, אַז אַזעלכע טייערע קינדער זאָלן קענען עולה לגדולה זיין?

ווען מיר זאָלן חס ושלום אָננעמען, אַז ריהערש לייב איז יאָ באַגאַנגען אַן עוולה, זענען מיר דען נישט אַלע שולדיק אין דעם? טראָגן מיר דען נישט אַלע צוזאַמען די אחריות?

וואָס האָבן מיר געטאָן צו העלפן ריהערש לייבן, אַז ער זאָל נישט דאַרפן קומען צו אַזאַ נסיון?

אַ ייד, וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז אַזויפיל יאָרן, איז וועמען פון אונדז האָבן געאַרט זיינע צרות? וואָס האָבן מיר געטאָן אים צו העלפן?

יידן מיר זענען באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה און מיר דאַרפן דער־פאַר בעטן מחילה, פריער ביי גאָט ברוך הוא און דערנאָך ביי ריהערש לייבן.

הערש לייב האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגן אויפן רבין, זיך גע־בעטן: „רבי איך בין נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט מיך, איך טאָר נישט זיין נאָענט צו אַזאַ הייליקן צדיק ווי איר זענט".

דער רבי האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען, צום עמוד, מיט זיין מתיקותדיקן בעל תפילה קול אָנגעהויבן: „והו רחום יכפר עון...

און עולם האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב.

# אין ישראל קאָנסולאַט אין מעקסיקע

באַליוואַר נומער זעקס און דרייסיק.

זינט צוויי און האַלב צענטליק יאָרן קומט מיר אָפּט אויס פאַר־בייצוגיין אָט אַ די צענטראַלע גאַס פון האַנדל־וואַנדל. אויף דער גאַס קען מען קויפן און פאַרקויפן, פון אַ פּאָר אַלטע שיך ביז דער טייערס־טער פיאַנאָ.

גרויסע געשעפטן אָנגעפּראָפּט מיט אַלדאָס גוטס פאַרהאַלטן ביי זייערע אויסשטעל־פענצטער געוויסע פאַרבייגייער. אָבער די מערסטע לויפן, יאָגן: ווער עס דאַרף ראַטעווען אין דער לעצטער מינוט אַ וועקסל פון פּראָטעסט, און וועמען דער אימפּעט טרייבט און ער האָט נישט קיין צייט אַרומצוקוקן זיך.

דאָ אויף דער גאַס האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק די אַראַבישע־קאָ־לאָניע אין מעקסיקע, אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן פיר עקיקן זייגער מיט אַראַבישע ציפערבלעטער — אַ מתנה דער מעקסיקאַנישער הויפּט־שטאָט.

די גאַס פלעג איך שטענדיק פאַרבייגיין אָן וועלכן עס איז באַ־זונדערן אינטערעס, זי האָט פאַר מיר געמיינט דאָס זעלבע ווי יעדער גאַס אין אונדזער קאַפּיטאַל־שטאָט. היינט האָט די גאַס באַליוואַר פאַר מיינע אויגן שימערירט מיט אַ באַזונדערן חן. מיט אַ מאָל האָב איך דערזען די מאַיעסטעטישע געביידעס וואָס פאַררייסן מיט שטאָלץ זייערע צענטע שטאָקן צום הימל.

גייענדיק איצט צום נישט לאַנג געשאַפענעם קאָנסולאַט פון מדי־נת־ישראל דאָהי, האָב איך אָנגעהויבן זיך אַריינטראַכטן, אַז דער נאָמען פון דער גאַס איז דאָך נישט פאַרבונדן מיט שאַכער־מאַכער מסחר, און אַז דער נאָמען פאַרייביקט דאָך דעם גרויסן העלד, דעם באַפרייער פון די לאַטיין־אַמעריקעס, דעם גרויסן מענטש סימאָן באַ־ליוואַר.

סימבאָליש האָט מיר אויסגעזען אָט אָ דער צוזאַמענטרעף: דער ערשטער ישראל קאָנסולאַט — מיט סימאָן באַליוואַר, מיט דעם סי־מאָן באַליוואַר וואָס האָט געמוזט אַנטלויפן פון זיין געבוירן־לאַנד

ווענעסועלאַ, זיך אויסבאַהאַלטן אויפֿן אינדזל דזשאַמייקאַ אונטערן שוץ פֿון די ענגלענדער, ביז מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען עס איז אים געלונגען צו אָרגאַניזירן אַרמייען וועלכע זאָלן אויף שטענדיק באַפֿרייען די לאַטיין-אַמעריקאַנער לענדער פֿון דער שפּאַנישער הער־שאַפֿט.



אין ישראל קאָנסולאַט.

איך בין געווען גאַנץ גוט אינפֿאָרמירט, אַז דער קאָנסולאַט־סע־קרעטאַר נעמט אויף פֿון דריי דרייסיק נ. מ. אַ פּאָר מינוט פֿאַר דריי אַ זייגער בין איך אַריין אין קאָנסולאַט, און זיך געפֿרעגט אויפֿן סע־קרעטאַר.

אַ פֿרוי האָט מיר געענטפֿערט: אַז פֿאַר וויזע־אָנגעלעגנהייטן אַרבעט דער סעקרעטאַר פֿון דריי דרייסיק, דערווייל האָט זי מיר גע־בעטן זיצן.

דאָס בין איך דאָך אייגנטלעך אויסן געווען. דורך דער צייט האָב איך דערווייל געכאַפּט אַ בליק פֿון איין צימער אין צווייטן, זיך אַרומ־געקוקט.

איך האָב זיך דערפֿילט דערהויבן, איין קלייניקייט זוכה צו זיין, זיך צו געפֿינען אין אַ יידישן קאָנסולאַט! דערווייל האָב איך געבלע־טערט די פֿאַרשידענע ישראל אויסגאַבן וועלכע זענען געלעגן אויפֿן טיש.

פּריקרע זענען מיר געוואָרן די נאַקעטע ווענט פֿון די צימערן. איך האָב דערוואַרט דעם ליכטיקן פֿלאַטער פֿון דער בלוי־ווייסער פֿאָן. דאָס בילד פֿון דעם גרויסן וויזיאָנער, דר׳ הערצל, אַ פֿאָטאָ־גראַפֿיע פֿון אונדזער ערשטן מדינת־ישראל פּרעזידענט, דר׳ חיים וויצמאַן, און דאָ גאָר די ווענט ווי פֿון עפּעס אַ געשעפֿט־ביוראָ. אמת, שפּעטער האָט מיר דער סעקרעטאַר באַוויזן די צוויי בילדער וואָס הענגען אין דעם צימער פֿון קאָנסול, אָבער דאָס האָט מיך נישט באַ־פֿרידיקט, קומט דאָך דער עמך מענטש אין יענעם צימער נישט אַריין.

אויף מיין פּראָטעסט־באַמערקונג: פֿאַרוואָס דער סעקרעטאַר רעדט מיט די אָנגעשטעלטע פֿון קאָנסולאַט דייטש, האָט ער מיר גע־ענטפֿערט: „אפשר זענט איר גערעכט”. אַך ווי מיר ווילט זיך זען דאָ כלו זכאי.

איינע פֿון די גרעסטע פּגימות זאָל מיינען דאָס לשון וואָס די

גרעסטע מערדער פון אונדזער פאָלק האָבן באַנוצט בעת זיי האָבן קאַניבאַליש פאַרניכטעט אונדזערע נאָנטסטע און ליבסטע.

⁂

מלא־חן: צו באַקומען אַ וויזע קיין ארץ־ישראל, דאַרף מען האָבן אַ בריוו פון אַ יידישער געזעלשאַפט, ער קען זיין געשריבן אין העברעיש אָדער אין יידיש. דער בריוו, וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען געשריבן אין יידיש און האָט אין מיינע אויגן געגלאַנצט מיט שבת־מלכהדיקן חן.

אַרויסגייענדיק פון קאָנסולאַט, האָב איך געטראָפן אַריינגייענדיק אַ הין אַ באַקאַנטן יידן. ווי דער שטייגער איז האָט דער ייד ביי מיר אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן, וואָס זענען נויטיק צו באַקומען אַ וויזע. ווען איך האָב מיט באַגייסטערונג אים אָנגעוויזן אויף דער חשיבות פון אַ בריוו פון אַ יידישער געזעלשאַפט, האָט זיך אַ גרימאַסע פון אומצופרידנקייט פאַרצויגן איבער זיין שפּיציקער נאָז.

— ס׳טייטש, וואָס דאַרף מען די אָנשיקעניש? דאָס איז נאָר אַ מיטל, אַז מ׳זאָל מוזן צאָלן געלט אין די אינסטיטוציעס וווּ זיי וועט געפעלן ווערן. איך האָב אים אַרויסגעפירט פון זיין טעות און אים דערקלערט, אַז ער קען ברענגען אַ בריוו פון וועלכע יידישע געזעלשאַפט ער וויל נאָר.

דאָ האָט ער אָנגעהויבן צו קוועטשן מיט די אַקסלען און קוים אַרויס מיט לשון:

„איך בין דאָך קיינמאָל נישט געווען קיין מיטגליד אין קיין שום יידישע געזעלשאַפט". מיין איינציקע עצה איז פאַר אים געווען: גייט אַריין אין קאָנסולאַט, אפשר וועלן זיי געפונען עפּעס אַ תרופה פאַר אייך.

ביי זיך האָב איך געטראַכט, דער ייד האָט גרויס זכות־אבות אין הימל וואָס איך בין נישט קיין קאָנסולאַט־באַאַמטער. וואָלט איך עס געווען, וואָלט איך צו אים געזאָגט בזה הלשון: אַ ייד וואָס לעבט אין מעקסיקע שוין איבער פינף און צוואַנציק יאָר און האָט זיך קיינמאָל נישט בייגעשטייערט פאַר אונדזער יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן, דאַרף איצט באַצאָלן זיין נישט אָפּגעצאָלטןביישטייער פאַר די אַלע יאָרן, נאָר אַזוי קאָן ער זוכה זיין צו באַקומען אַ וויזע קיין ארץ־ישראל.

⁂

גיי האָב טענות צו אַ נאַר וואָס געבוירן קינד. בפרט ווען דאָס איז אַ בן זקונימל, וואָס איז מיט אַזאַ ציטער דורך טויזנטער יאָרן פון פּיין אויסגעטרוימט געוואָרן. אָבער באַמערקן אַן עולה־שאדט נישט:

צו באַקומען די וויזע איז נויטיק אַ פּאָקן־סערטיפיקאַט. מילא, פּונקט ווי משה שרת האָט זיך וועגן אַנדערע ענינים מיט מיר נישט באַראָטן, האָט ער געהאַט רעכט אויך וועגן אָט דעם ענין נישט צו פרעגן ביי מיר קיין עצה.

איז אָבער דאָ אַ בייגעשמאַק אין דעם, ווען מען ווייזט דיר אָן, אַז נאָר צו באַשטימטע דאָקטוירים מוזטו גיין. איינער פון די דאָק־טוירים האָט טאַקע פאַר דעם גענומען דרייסיק פּעזעס, בעת ביים געזונטהייט־דעפּאַרטאַמענט פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג, באַקומט מען דאָס אינגאַנצן פריי, און ווען ביי וועלכן עס איז אַנדערן יידישן דאָקטאָר קאָסט עס בלויז צען פּעזעס.

לויט מיין באַשיידענער מיינונג וואָלט געווען בעסער ווען אַזאַ מאָנאָפּאָל קאָנצעסיע וואָלט בכלל נישט עקזיסטירט. דער עיקר: גליק־לעך איז אונדזער דור, וואָס האָט דערלעבט צו האָבן טענות צו אַ מדינת־ישראל־קאָנסולאַט.

## שלום ולהתראות

ליבע אייגענע, חברים און פריינט.

איך נעם אייך מיט צו עולה־רגל זיין צוזאַמען מיט מיר קיין ירושלים.

נישט דורך הויבן זיך אין די הויכן, נישט דורך ברעכן רואיקע און צעברויזטע וואַלקנס, וויל איך מיט עראָפּלאַנען זיך רייסן אין די הימלען.

איך וויל נישט פאַרטאַכלעווען קיין לענדער און האָריזאָנטן, אויך נישט אויף שנעל צוטרענצלען עטלעכע אָקעאַנען, כדי זיך וואָס שנעלער אַרונטערצולאָזן קיין ארץ־ישראל. איך פאַרנעם זיך צו פאָרן דורך די לענגסטע וועגן ביז, ביז, איך וועל דערגרייכן צו די ברעגן פון אונדזער אויסגעטרוימטער מדינה.

אַ פינף און צוואַנציק יעריקע בענקשאַפט, וואָס האָט מיך גע־פרעסן און גענאָגט, דערנענטערט זיך צו איר פאַרווירקלעכונג.

מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק האָב איך איבערגע־לאָזט דאָס לאַנד אין שווערע עקאָנאָמישע און פאָליטישע ראַנגלענישן!

מיט קריעת ים־סוף איז דאַן אָנגעקומען אַ טאָג אַרבעט צו באַ־קומען, און טאָמער האָט מיר ווען עס איז דאָס מזל צוגעשפּילט און איך האָב יאָ געקראָגן עטלעכע טעג אַרבעט, האָב איך גלייך דערפילט די געלט־אויסטרוקעניש, וואָס האָט דאַן געהערשט אין גאַנצן לאַנד.

נישט געווען קיין געלט אין לאַנד, פלעגן די אונטערנעמער צאָלן מיט פּתקאות (צעטלעך).

מילא, אַזוי לאַנג ווי דער קרעמער האָט נאָך געגעבן עסן פאַר די צעטלעך, איז נאָך געווען צו דערליידן (האָט ער זיך פעט געמאַכט אויפן חשבון פון אונדזער אויסגעמאָגערטקייט, דורך שטעלן פרייזן ווי אים האָט זיך געוואָלט). דער קלימאַקס פון דער סיטואַציע איז גע־קומען: איינמאָל בין איך אַריין מיט אַזעלכע צעטלעך אין אַ קראָם, געבעטן אַ ברויט האָט ער מיר געגעבן. ווי איך האָב ביי אים גע־בעטן אַ שטיקל קעז — האָט ער זיך צעשריגן „קעז" ווילט זיך אייך? פאַרן ברויט וואָס איר האָט שוין אויפגעגעסן אַ גאַנצן חודש האָט

מען מיר נאָך גישט באַצאָלט, ווילט זיך אייך לוקסוס זאַכן? וואָס מיינט איר, איר זענט ביי מיר אַן איידעם אויף קעסט, פאַר וועמען איך וועל האַרעווען שווער און ביטער און אייך געבן צו עסן?".

פון דעם קרעמל בין איך אַרויס מיט טרערן אין די אויגן, וועלכע האָבן באַנעצט דאָס „אומזיסטע ברויט", וואָס איך האָב דורך מיין שווערער פּראַצע געגעסן אַ גאַנצן חודש.

יענע נאַכט האָט מיך מער געמאַטערט אַפילו ווי די פּערציק גראַד היץ, אין וועלכע איך פלעג אָפּט אַריינפאַלן דורך דער מאַלאַריע — גאַסטפריינטלעכקייט...

טעג און וואָכן האָבן זיך געפּלאָנטערט אין אַ קאָשמאַר־קנויל, וואָס טוט מען?

אין דער אַלטער היים זענען געבליבן מיין מאַמע און פּעטער (איר מאַן), וועמענס איינציקער אַנשפּאַר זענען געווען מיינע צוגעשיקטע פּאַר פּיאַסטער. אויף אַ גזלנישן אופן האָט זיך אָנגעהויבן אַריינרייסן אין מיין טראַכט־קעמערל דער געדאַנק — פאַרלאָזן דאָס לאַנד אויף אַ געוויסע צייט.

איך האָב זיך געשעמט פאַר מיינע נאָנטסטע חברים צו ברענגען אויף מיינע ליפּן דאָס, וועגן וואָס איך האָב געטראַכט. טאָקע ווי האָט דאָס געפּאַסט?

בין איך דאָך געווען פאַר אַ פּאָר יאָר צייט אַ חבר אין דער „מועצת פּועלי חיפה" אויך אַ מיטגליד אין דעם ועד פון „משפט חברים".

בין איך דען געווען דער איינציקער? פאַרקערט, מיין לאַגע איז דאָך געווען גלענצנד אין פאַרגלייך מיט דער פון מיינע אַלע אַרומיקע חברימס.

פון מיין גרויסן פאַרבאַרגענעם אוצר האָט קיינער אויסער מיר געוווּסט. אפשר איז דאָס טאָקע געווען דער גורם, אָדער די דורכן יצר־הרע אינספּירירטע טרייב־קראַפט, וואָס האָט מיר פאַרטריבן פון דעם ליבן לאַנד? אין משך פון די אַלע יאָרן אַרבעט, האָב איך פון די נישט דערעסענע מיטאָגן און וועטשערעס אָפּגעשפּאָרט אַ אַ פאַנטאַסטיש פאַרמעגן צו יענער צייט: קנאַפּע דרייסיק פונט.

געראַנגלט זיך אין פיינלעכע איבערלעבענישן ביז — איך האָב אַ פאַרשעמטער, אָן אַ „זייַ געזונט" צו מיינע נאָנטסטע חברים, פאַרלאָזט, אָן אַ באַרעכטיקונג, דאָס לאַנד.

די פּאָליטישע אַטמאָספּערע צו יענער צייט, אונטערן יאָך פון דער שטאַרקער ענגלישע אימפּעריע, וועגן וועלכער מען פלעגט דאַן זאָגן, אַז „ווו אַן ענגלענדער שטעלט אַריין זיין פוס, וועט מען אים שוין פון דאָרט מער נישט אַרויסשלעפּן".

אַ ביטערער קאַמף פאַר יעדער דערגרייכטער פּאָזיציע, פאַר יעדן סערטיפיקאַט. פּראָצעסן און משפטים פאַר אַריינפירן אין לאַנד אַריין אַ רעוואָלווער אָדער אַ ביקס.

מיט וואָס פאַר אַ ביטול און חוזק־באַציונג פלעגט זיך דאַן די ענגלישע מאַכט באַציען צו אַלע אונדזערע גערעכטע פאָדערונגען!

אָבער גלייכצייטיק מיט די אַלע שווערע נעגאַטיווע מאָמענטן האָט זיך פון אייזן און שטאָל אויסגעשמידט אַ מעכטיקער חלוצישער כוח.

טויזנטער און טויזנטער חברים געשלאָסן און געאייניקט האָבן דורך זיך אַליין אויסגעשמידט אַן אומצורייסבאַרע קייט, אונטער דער לאָזונג: „לא נזוז מפה!".

אויף יעדער שווערער סיטואַציע, אויף יעדן דורכפאַל, נישט געענטפערט מיט אונטערגעבן זיך. נאָר מיט אַ ווירדיק, שטאָלצן, מוטיקן „קדימה!".

געזיגט האָבן יענע עקשנים־אידעאַליסטן, מיט זייערע פעלזן־פעסטע כאַראַקטערס, וועמען קיין שוועריקייט האָט נישט געקאָנט אָפּשרעקן.

אין שאָטן זענען געבליבן די, וועלכע האָבן צוליב זייער שוואַכקייט, קליינלעכע חשבונות, עגאָאיזם, פאַרלאָזט די פראָנט־פּאָזיציעס.



הייַנט פאַר איך צו אַן אייגענער יידישער מלוכה, אויסגעקעמפט דורך בלוט, פייער און שווערד, דורך אַרבעט און שאַפונג.

מיין גאַנצער דמיון רוקט צוריק די צייט מיט פינף און צוואַנציק יאָר.

נישט ווי אַן אַמאָליקער מענטש, וואָס איז פאַר אַ געווויסער צייט געווען אַוועקגעפאָרן פון זיין שטעטל אין די מרחקים, און שפּעטער, אַז ער איז געפאָרן כאַפּן אַ בליק אויף זיין געבורט־פּלאַץ, האָט ער זיך אויסגעמאָלט אין זיין פאַנטאַזיע ווי אַזוי ער וועט זיין שטעטל טרעפן.

ווי זינגט זיך עס אין דעם פאָלקס־לידל:

„ווו זענען איצט, מיינע חברימלעך, לעבן זיי, האַנדלען זיי, צו זענען זיי שוין טויט?"

איך ווייס, אַז דאָס וואָס איך וועל טרעפן, וועט איבערשטייגן מיינע פאַנטאַסטישע דערוואַרטונגען.

שרייבט מיר אַ חבר אין זיין לעצטן בריוו פון ישראל:

„ווען איך שטעל זיך אויף אַ מינוט אָפּ פון שפּאַן, כאַפּ אַ בליק אויף דעם וואָס מיר האָבן שוין אָפּגעטאָן, וואָס מיר שאַפן יעדע מי־נוט, יעדע שעה, סיי וואָס שייך קבוץ־גוליות,, סיי בנוגע פאַרטיידי־קונג, ווי אויך וואָס שייך די מעגלעכקייט וואָס מיר גיבן צו הונדער־טער טויזנטער משפחות איינצואָרדענען זיך דאָ אין לאַנד, גלויב איך נישט מיינע אייגענע אויגן, עס קומט מיר פאָר ווי אַ חלום.

איך מוז קומען צו דער מסקנא, אַז מיר שאַפן און בויען און מיר וועלן אַנטגילטיקן ציל דערגרייכן, אויף צו להכעיס אַלע „פּראַק־טישע סטאַטיסטיקער".

⁂

מיינער אַ פריינט סודעט מיר אַריין אין אויער: „דערוואַרט נישט צופיל, ווייל דו וועסט אַנטוישט ווערן".

איך גלויב נישט אין קיין אַנטוישונג, ווייל איך זע דאָס גלאַר־רייכע בילד פון דעם צעשטראַלטן מאָרגן, מעג אים אַפילו דער היינט פאַרנעפּלען דורך די שוואַרצסטע וואָלקנס.

⁂

זאָלן מיר מוחל זיין מיינע פריינט און באַקאַנטע, וואָס איך האָב זיי אָפּגעזאָגט מיטצונעמען פאַרשידענע מתנות פאַר זייערע פריינט קיין ארץ־ישראל. עס וועט מיר אויסקומען דורכצופאָרן פאַרשידענע גרענעצן, און גיי גיב צו פאַרשטיין די גויאישע קעפּ, אַז די עטלעכע גאָלדענע זייגערלאַך זענען מתנות פאַר ברידער און קוזינס, די פּאָר בריליאַנטענע רינגלעך זענען מתנות פאַר פאָרלעך וואָס דאַרפן נאָר־וואָס אַפיר פון אונטער דער חופּה, און די צענטליקער פאַנטאַן פענס פאַר מענטשן וואָס דאַרפן זיי ווי ס'לעבן.

מילא, פאַר די גוים קען מען נאָך אפשר פאַרטייטשן דאָס אַלץ מיט דער הילף פון דעם יידישן גראָבן פינגער, אָבער וואָס טוט מען מיט אונדזער יידישער גרענעץ־וואַך אין ארץ ישראל וואָס יעדן איינעם פון זיי האָט גאָט באַשאָנקען מיט אַזאַ גראָבן פינגער?

געוויסע באַקאַנטע האָבן פּרובירט מיר מיטצוגעבן מזומענע דאָ־

לאָרן פאַר זייערע קרובים, זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון מיין העפלעכקייט בעת איך האָב זיי געמאָלדן, אַז ביי דער גרענעץ אין ארץ ישראל וועל איך דאָס מעלדן, זייער אָנגעברוגזטקייט איז נישט באַרעכטיקט, איך מיין אַז דער זכות צו פאָרן אין אַן אייגענער מדינת־ישראל גיט אַפילו מיינע נאָנטסטע נישט קיין רעכט פון מיר צו פאַר־לאַנגען אַז איך זאָל שמוגלען דאָלאָרן קיין ארץ ישראל.

⁂

איך ווייס פאָרויס, אַז מיינע איינדרוקן וועלן נישט שטענדיק זיין גראדליניק, ווייל איך וועל זיי נישט צושניידן לויט אַ פריער באַ־שטימטן מאָדעל. איך וועל זיך באַמיען איבערצוגעבן זאַכן אַזוי ווי זיי זענען, פראָסט און פשוט, אַן פליטערלעך, אַן שיינע פראַזן, און טאָמער וועלן קומען צום אויסדרוק געוויסע סתירותדיקע מיינונגען, איז עס נישט מיין שולד, אַזוי איז דאָס רעאַלע לעבן.

אַלע מיינע אייגענע, חברים, פריינט און באַקאַנטע אַ חבריש־האַרציקן זיי געזונט! שלום ולהתראות!

## פון דער שטאָט מעקסיקע צו דער אַמעריקאַנער גרענעץ.

ווי זינגט זיך עס אין דעם יידישן פאָלקס־לידל:
„אַ לופט באַלאָן האָט ער אויסגעקלערט.
און מיינט ער איז אַ חרוץ,
דער רבי שפּאָט, דער רבי לאַכט
ער דאַרף דאָס אויף כפרות".

אין תוך גענומען, פאָרט זיך עס טאַקע נישט. אַזאַ ווייטע רייזע, פון מעקסיקע אזש קיין ארץ־ישראל נאַדיר גאָר — אין אַן אויטאָבוס.

אַז מען פאָרט מיט אַן עראָפּלאַן, זעט דער ענין גאַנץ אַנדערזש אויס.

דורך דער פּראָצעדור פון די פאַרשידענע פאָרמאַליטעטן ווערן די באַגלייטער אָנגעשטעקט מיטן רייזע־פיבער וואָס עס טראָגט מיט זיך דער פּאַסאַזשיר.

אַפילו מיט דער באַן: באַגלייטער גייען אַרויס אויפן פּעראָן, קאָנדוקטאָרן לויפן הין און צוריק, די צוויי בייזע לאַמטערן־אויגן פון דעם עוג מלך הבשן'דיקן לאָקאָמאָטיוו, דאָס אַלץ שטעקט אָן די אַלע ארומיקע מיט אַ באַגריף פון — מרחקים.

מיטן אויטאָבוס אָבער איז וואָס? גאָרנישט מיט נישט.

אין סאַמען צענטער פון דער רוישיקער שטאָט, ווו צענטליקער אויטאָבוסן לויפן הין און צוריק — לויפט נאָך איינער.

אַלע פריינט נאָנטע און באַקאַנטע, וועלכע זענען געקומען צו מיר אין הויז זיך געזעגענען זענען געווען דורכגעדרונגען מיט קנאה־שטימונג צוליב אָט דער רייזע. ווען מען איז צוגעקומען צום אויטאָבוס. האָט מיטאַמאָל אַ וואָכעדיק געפיל באַהערשט אַלעמענס געמיט.

פאַר אַן אויגנבליק האָט זיך מיר אַליין אויסגעוויזן, אַז איך פאָר אַוועק בלויז אויף אַ פּאָר טעג ערגעץ ווו אין אַ צווייטער שטאָט.

דערוועקט דאָס געפיל פון אַוועקלאָזן זיך אין אַ ווייטע נסיעה,

האָט זיך אין מיר, ווען מיין ווייב האָט זיך ספּאַזמיש צעוויינט בעתן געזעגענען זיך.

דער אויטאָבוס האָט זיך געדרייט דורך די באַלויכטענע גאַסן און בולוואַרן פון דער שיינער שטאָט מעקסיקע, ביז ער האָט געמיט־לעך אָנגעהויבן שלינגען קילאָמעטערס שאָסיי. געלאָסן, נישט געלאָפן. אייגנטלעך וואָס איז דאָ די איילעניש? בפרט ווען די גאַנצע רייזע פון מעקסיקע־שטאָט ביז ניו־יאָרק אָ קיימאַ־לן פון קרוב צו פינף טויזנט קילאָמעטער, קאָסט בלויז פיר און פערציק דאָלאַר. מען דאַרף האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן, צו פאַרלאַנגען פאַר אַזאַ קלייניקייט, אַז ער זאָל פון זיך אַרויסיאָגן די נשמה.

דער אויטאָבוס האָט געשניטן דעם מהלך אין דער פינצטערער נאַכט, וואָס ווייטער זיך אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער וויגן, ביז ער האָט מיך פאַרוויגט.

ווען דער שווערער, געשלענגלטער וועג אַרום דער שטאָט וואַי־עס, פאַר וועלכן איך האָב זיך באַזאָרגט מיט פּילן און פּראָשקעס, איז שוין געווען הינטער אונדז, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.

דורך די פענצטער האָט זיך אַריינגעשניטן אַ ליכטיקער זונען־אויפגאַנג, באַלעקט דעם מאָרגן־טוי וואָס האָט רוח־חיימדיק געלאַש־טשעט די ברכת-האדמהדיקע לאַנדשאַפט. ריזיקע בערג־קייטן וואָס שפּאַרן זייערע שפּיצן אין די הימלען, אָט באַווייזן זיי זיך מיט זייער גיגאַנטישן שטאָלץ, שפּיגלען זיך אין מאָרגן־רויט פון דער נאַר וואָס אויפגעגאַנגענער זון און באַלד ווערן זיי פאַרשווינדן.

מיין מיטפאָרער, אַ גוט האַרציקער ספּרדישער יונגערמאַן וועל־כער האָט זיך אונטערגענומען מיטצומאַכן מיט מיר דעם גאַנצן וועג ביז מדינת־ישראל, ווערט אַ ביסל אומגעדולדיק, פרעגט ביי מיר אַלעמאָל, וויפל זענען מיר שוין אָפּגעפאָרן? ווען איך ענטפער אים: מיר האָבן נאָך צו פאָרן פערצן טויזנט פינף הונדערט קילאָמעטער, פאַרציט זיך אַ האַלב־אומעטיקע מינע איבער זיין פּנים, ער נעמט אַרויס אַ פאָטאָגראַפיע אויף וועלכע, עס טורמען זיך ווי אַ פּיראַמידע זיינע זיבן קינדערלעך, און פאַרטיפט אין איר זיין בליק.

אין אויטאָבוס הויבן פּאַסאַזשירן אָן צו שליסן באַקאַנטשאַפט.

דער שכן ביי מיין זייט, אַ נעגער, זיצט די גאַנצע צייט ווי אויסגעגאָסן פון טשוגון. דורך זיינע דיקע ברילן שטאַרצן אַ פּאָר גרויסע, קלוגע אויגן איך רייס איבער אונדזער שוויגן דורכן מכבד זיין אים מיט אַ פּאַפּיראָס.

ווען מיר ריידן זיך פונאַנדער, ווייזט ער זיך אַרויס צו זיין אַ מענטש פון טיפן וויסן און הויכער קולטור. ווען אונדזער געשפּרעך קומט צו דער טעמע „מדינת־ישראל און אירע פּראָבלעמען" ווייזט ער אַרויס גרויס בקיאות אין דעם גאַנצן ענין, ער האַלט, אַז דער יידישער קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט דאַרף אָנפילן מיט שטאָלץ יעדן יידן, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען. עס איז אויך געווען אַ גוּ־טע לעקציע פאַר אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער, ווי אַזוי מען קען דערגרייכן זעלבסטשטענדיקייט.

ער קומט צום אויספיר — אַז אַ דאַנק דער יידישער העלדיש־קייט פון אָפּווישן פון דער ערד דעם צוויי פּנימדיקן בערנאַדאָט, ווי אויך אַדאַנק דעם, וואָס זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען אַ מאַן פון דער אונטערדריקטער נעגער־ראַסע דר. ראַלף באָנטש, וואָס האָט געהאַט געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר יידישער היימלאָזיקייט, איז מעגלעך געווען די גרויסע דערשיינונג פון דער אַנטשטייונג פון מדינת-ישראל.

אונדזער געשפּרעך איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אינטערעסאַנטער, איך האָב גאָר פאַרגעסן דעם קאָליר־אונטערשיד פון אונדזער אויס־זען און איך האָב געטראַכט: וויפל אומגליקן וואָלטן געקענט אויס־געמיטן ווערן, ווען מענטש מיט מענטש וואָלטן זיך געקענט געמיט־לעך דורכשמועסן.

אַזוי האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דער צויבערדיקער לאַנד־שאַפט אַרום „על־מאַנטע". מיין שכן ווייזט מיר אָן אויף די גרויסע פּלאַנטאַציעס פון אָראַנזשן, און מיט שטאָלץ גיט ער צו, אַז דער אייגענטימער פון די דאָזיקע פּלאַנטאַציעס איז אַ ייד.

איך בין זייער צופרידן, וואָס ביים געזעגענען זיך אין „על־מאַנטע" האָב איך די געלעגנהייט מיטצוגעבן אַ גרוס צו דעם פּלאַנ־טאַטאָר-מיין פריינט יאַנקל לאַדערבוים־מילער.

בערג מיט זייער ספינקס־מעסיקער אייביקייט שלינגען אונדז איין אין זייערע כשופדיקע לאַבערינטן, דרייען און פּלאָנטערן אין אַן אין־סוף'דיקן מעשה־בראשית, ביז עס קומט אונדז אַנטקעגן די אין דעם קעניגרייך פון בערג איינגעשלאָסענער שטאָט מאָנטעריי.

⁂

מאָנטעריי איז פאַר מיר נישט קיין פּנים חדשות, אָבער איצט, ביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווערט זי מיר נענטער.

עס האָט מיר געשמייכלט דער פאַקט — וואָס איך האָב געהאַט די געלעגנהייט ביי אַ זיצונג פון מאָנטערייער יידישע כלל־טוער זיך

צו געזעגענען מיט זיי און מיטנעמען זייער גרוס קיין ארץ־ישראל.

אַ באַזונדערן חן אין מיינע אויגן האָט באַקומען דער יידישער ישוב דאָרט אַ קליינער אין צאָל, קוים הונדערט משפחות, וואָס בויט אַזעלכע שיינע בנינים פאַר געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, ווי — אַ קינדער־שול, אַ שוהל צום דאַווענען, אַ קולטור־צענטער.

געבענטשט זאָל זיין די יידישע ענערגיע וואָס פאַרשטייט, נישט צו לאָזן זיך פאַרזינקען דורך דער דרויסנדיקער אַסימילאַציע.

דער וועג פון מאָנטעריי קיין לאַרעדאָ ליגט אויסגעלייגט אַ גלייכער, שפּיגלט זיך די אויסגעפּלאַסטערטקייט אונטער דער ברענענדיקער זון, אויסגעצוואָגן, ציכטיק. און אָטעמט מיט אַמעריקאַנער אָרדנונג. די פעלדער בייביידע זייטן שאָסיי, גלייכע מיטן אויג נישט צו דערבליקן ליגן אויסגעטעפּעכט מיט גרינס און ביימער.

נישט ווייט פון דער גרענעץ, רייסט זיך אַריין דאָס שטעטעלע „ליבאַרעס”, אַזוי אומעטיק, אַזוי נעבעכדיק, פונקט ווי מען וואָלט עס געהאַט אַרויסגענומען ערגעץ פון די טיפענישן פון לאַנד מעקסיקע — עס טונקלט אַרויס דער שמוץ פון יעדן ווינקעלע.

אָט גיי איך פאַרביי אַ שערעריי, דער שערער, פונקט ווי ער וואָלט נאָרוואָס געווען אַרויסגעקומען פון אַ שעכט־הויז, באַוואָקסן מיט צופּלאָשעטע האָר; אַ פאַרטוך. וואָס זיין פאַרב איז שווער אונטערצושיידן צו איז ער גרוי אָדער שוואַרץ.

איך גיב אַ טראַכט: ווי פילט זיך אַן אַמעריקאַנער טוריסט, ווען ער פאַלט אַריין אין אַזאַ „ביוטי־פּאַרלאָר?”.

מסתמא ווי יענער אַמעריקאַנער טוריסט, וואָס איז אַריינגעגאַנגען זיך ראַזירן אין אַזאַ שערעריי אין כינע: דער כינעזער־שערער האָט אַריינגעבראָכט אין שיסעלע שטיקלעך זייף, אַריינגעשפּיגן און אָנגעהויבן מישן.

דער אַמעריקאַנער טוריסט האָט פאַרדרייט מיט דער נאָז און געפרעגט דעם כינעזער וואָס איז דאָס?

דער כינעזער האָט אים געענטפערט: „אַזוי איז דער מנהג ביי אונדז אין כינע”. ווען דער טוריסט האָט פּראָטעסטירט און געזאָגט: „איך בין דאָך אַ פרעמדער און נישט קיין כינעזער”, האָט זיך דער שערער פאַרענטפערט: דאָס, מיין הער, טוען מיר בלויז צו געסט פון אויסלאַנד. ווייל די כינעזער שפּייען מיר אָן דירעקט אויפן פנים.

***

## פון מעקסיקע ביז אילת און צוריק

דער שאָפער פון אונדזער אויטאָבוס, איז אַ ביז גאָר ווילער חברה־מאַן.

מײַנע פול געפּאַקטע פינף וואַליזן באַזאָרגט ער פאַר דער אינספּעקציע אויף דער גרענעץ פון אונדזער זײַט.

ווען איך פאַרגעס זיך צו עפענען מײַן באַגאַזש, קומט מיר ווי אַ סגולה אַנטקעגן דער צוגעקלעפּטער עטיקעט: „זשורנאַליסט". ווען איך ווײַז אים מײַן פּרעסע־קאַרטע, אַנטשולדיקט זיך דער אינספּעקטאָר און זאָגט מיר מיט דזשענטעלמענישער העפלעכקייט. „מיר האָבן צוטרוי צו אונדזערע פּרעסע־מענטשן". ער גיט אַ באַפעל אַרײַנצונעמען די וואַליזן, נאָך קיין געעפנטע צוריק אין דעם אויטאָבוס.

אונדזער זײַט לאַרעדאָ, פילט אָן מיט שטאָלץ יעדן מעקסיקאַנער אײַנוווינער.

איך באַטראַכט די גרויסע ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען זינט דאַן ווען איך בין דאָ פאַרבײַגעפאָרן מיט צען יאָר צוריק.

אַלץ האָט דאַן אויסגעזען אַזוי אָרעם, אָפּגעלאָזט און נעבעכדיק: די הילצערנע גרענעץ־באַראַקן, די ביוראָען און די באַאַמטע. הײַנט קומען אַנטקעגן פּרעכטיקע געמויערטע געבײַדעס מיט אַלע מאָדערנע אײַנריכטונגען.

אַ באַזונדערן מעקסיקאַנישן חן גיבן צו די מוראַל־געמעלן אויף די ווענט אינעווייניק אין די געבײַדעס, געמאָלט דורך דעם קונסטמאָלער — ראָמעראָ ראָמאָ — אַ געטרײַער תלמיד פון דעם וועלטבאַרימטן מעקסיקאַנישן מאָלער — קלעמענטע אָראָזקאָ.

די אײַגנאַרטיק מעקסיקאַנישע קונסט־מאָלערײַען גיבן דעם ערשטן ברוך־הבא צו די אַמעריקאַנער טוריסטן בעת זיי קומען אָן קיין מעקסיקע, און שיקן מיט אויפן וועג אַ וואַרעמען צאתך־לשלום צו די מעקסיקאַנער בירגער, בעת זיי פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

מײַן געזעגענונגס־בליק אויף מעקסיקע איז דורכגענומען מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו אָט דעם לאַנד, וואָס האָט מיר אין משך פון איבער פינף און צוואַנציק יאָר, צוגעטיילט מענטשלעכע און בירגערלעכע פרײַהייט.

איך געזעגן זיך מיט מעקסיקע דורך אַן אויפריכטיקן אויסגעשריי וויוואַ מעכיקאָ! (זאָל לעבן מעקסיקע).

און האַסטאַ לאַ וויסטאַ! (צום ווידערזען).

# פון לאַרעדאָ טעקסאַס, מיטן אויטאָבוס ביז ניו־יאָרק.

אויף דער צווייטער זייט בריק, וואָס איבערן טייך בראַוואָ, שטייען די הייזער פון דער אַמעריקאַנער גרענעץ־וואַך.

זאָגן. אַז די דאָרטיקע באַאַמטע נעמען אויף אונדזערע מעקסי־קאַנער מיט מוזיק, אָדער אַפילו מיט אַ פריינטלעכן ברוך־הבא, וואָלט געווען אַ קילאָמעטער ווייט פון אמת. ס'בלאָזט אַ קעלט פון יעדן באַאַמטן — ווי פון אַן אָפענעם „פרידזשידער". ווער עס איז גושא־הן ביי זיי אין די אויגן, ווערט דערליידיקט איינס און צוויי. ביי ווע־מען די „נאָז" איז לויט זיי נישט אויפן סאַמע ריכטיקן פּלאַץ, איז זאָל גאָט שומר און מציל זיין.

ס'הויבט זיך אָן אַ סדרה פון פאַרשונגען, פאַרהערן, אַ מעשה אָן אַ סוף.

די זעלבע פּראָצעדור ביים רעווידירן דעם באַגאַזש.

ביי איינעם גיבן זיי מכלומרשט אַ קוק פאַר יוצא וועגן, בעת ביי אַ צווייטן נישטערן זיי און זוכן, לאָדן אַפילו איין אין אַ באַזונ־דערן צימער און לאָזן דעם פּאַסאַזשיר — ווי אדם הראשונען אין גן־עדן...

מיך האָבן זיי באַהאַנדלט מעשה דזשענטלעמען.

ווייס איך נישט, צו דאָס זענען מיר בייגעשטאַנען די זכות־אבות פון מיינע זיידעס, וועלכע פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין גן־עדן, אָדער דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיי האָבן דערשמעקט, אַז איך פיר נישט קיין שום זאַכן פאַר וועלכע מען דאַרף אָפּצאָלן שטייערן.

⁂

מיין אַריינפאָר אין די פאַראייניקטע־שטאַטן האָט געהאַט אַ שטיקל פּגימה: אַ שעה פאַרן אָפּפאָרן פון מעקסיקע, האָב איך זיך אַרומגע־קוקט, אַז איך האָב נישט די שיפס־קאַרטע פון ניו־יאָרק, ביז פראַנק־רייך. געזוכט דאָ און דאָרט, נישט געקענט געפונען. באין ברירה האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין אָן דער שיפס־קאַרטע.

דער גרענעץ־באַאַמטער, אַז עוג מלך הבשנדיקער אויטאָמאַט, אַ מענטש אויף וועמענס פּנים עס האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט פאַרט־שעפּעט קיין שמייכל, האָט געקוקט, געלייענט און געדרייט דעם פּאַס־פּאָרט, קאָנטראָלירט די וויזעס, ביז ער האָט מיך אַ בעט געטאָן די שיפס־קאַרטע.

איך דערקלער אים די לאַגע ווי זי איז, איך גיב אים צו פאַר־שטיין, אַז אין ניו־יאָרק וועט שוין וואַרטן פאַר מיר, טעלעגראַפיש, אַ קאָפּיע.

ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב אים איבערצייגט. ער נעמט לאַנג־זאַם אַרויס אַ ביכעלע און ווייזט מיר שוואַרץ אויף ווייס: דאָס געזעץ זאָגט, אַז ווען אימיצער באַקומט אַן אַמעריקאַנער דורכפאָר־וויזע און קען נישט באַווייזן זיין בילעט פאַר דער ווייטערדיקער רייזע, קען ער נישט אַריינגעלאָזט ווערן קיין אַמעריקע. ער האָט פאַר מיר אַ פּשוטע עצה: איך זאָל צוריקפאָרן קיין מעקסיקע און דאָרט אַרויסנעמען אַ קאָפּיע פון דער שיפס־קאַרטע. איך אַפּעליר צו אים, גיב אים צו פאַרשטיין, אַז עס שטייט מיר פאַר צו פאַרלירן די שיף.

און מאַך אים אַ פאָרשלאַג: ער זאָל רעדן טעלעפאָניש (אויף מיין חשבון) צו דער „קוק קאָמפּאַני אין מעקסיקע" און אויסגעפינען צו איז עס ריכטיק, אַז דעם און דעם טאָג האָב איך ביי זיי אַזאַ שיפס־קאַרטע געקויפט.

ער באַראַט זיך מיט נאָך אַ באַאַמטן, מען טראַכט, מען קלערט און צום סוף קומט מיר צו הילף מיין פּרעסע־קאַרטע אַרויסגעגעבן דורכן מעקסיקאַנער־פּאַרלאַמענט.

אָט שפּאַציר איך שוין אין לאַרעדאָ, אויף דער אַמעריקאַנער טעריטאָריע.

דער אויטאָבוס דאָ איז מיט אַלע „פּולמאַן־באַקוועמלעכקייטן, דער זיץ־פּלאַץ — אַ פּוכיקע ווייכקייט, וואָס קען זיך אויסציען, פאַר־וויגן און פאַרשלעפערן.

שלינגט דער אויטאָבוס מיילן מיט אַ רוחדיקער שנעלקייט; גליטשן זיך זיינע גומי־רעדער אויף די שפּיגל־אויסגעפּלאַסטערטע וועגן. פון ביידע זייטן־דאָרף, שטאָט און שטעטל. אַזוי איינס נאָכן אַנדערן, באַזעצט און באַפעלקערט.

אויף גלייכן פלאַך־לאַנד, אַן וועלכן עס איז סימן פון בערג, האָט זיך צעלייגט דאָס רחבותדיקע טעקסאַס, בוימוואָל־פעלדער, פרוכט־גערטנער, אָראַנזשן־פּלאַנטאַציעס, תבואה־ברכה. אויף שריט און טריט

נאַפט־ברונימער פון וועמענס געדעריס גרויסע אויפגעשטעלטע טור־רעמס פּאָמפּען טאָג און נאַכט אוצרות פּאַר מענטשלעכער עשירות.

אַזוי לויפן פאַרביי הונדערטער און הונדערטער מיילן שוואַרץ־פעטע ערד, וואָס שמייכלט דורך דער אַנגעטרונקענקייט און פאַר־שמעקט דעם אַרום.

די וועגן דאָ זענען פול מיט סאָלדאַטן, גאַנץ יונגע, ביי אַ טייל נאָך נישט אַרונטער דער מאַמעס מילך פון זייערע ליפּן.

די רעסטאָראַנען אויף די סטאַנציעס, ביי וועלכע מיר שטעלן זיך אָפּ יעדע פּאָר שעה, זיינען געפּאַקט מיט סאָלדאַטן, יעדער מיט זיין אומעט אויפן פּנים:

ווער עס בענקט נאָך דער וואַרעמער מאַמע־היים, ווער נאָך אַ געליבטער, אָדער נאָכן יונגן ווייבל, מיט וועמען ער האָט נאָך נישט באַוויזן אויסצובערענען זיך אין דעם האָניק־חודש.

אויף איינער פון די סטאַנציעס, קומט אַרויף אויף אונדזער אויטאָבוס אַ פרוי מיט אַ בייבי אויף דער האַנט. עס דויערט נישט לאַנג און געוויסע סאָלדאַטן דערנענטערן זיך צו דעם קינד. ווער עס כאַפּט אַ בליק, ווער עס סמאַטשקעט צו דעם, אָדער ער גיט עס אַ גלעט. אפשר דערמאָנט זיך דער אָדער יענער אין זיין אייגן קינד, אַ פּיצלס, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים, און דורך זעט די בליקן און גלעטן, שטילט ער זיין אייגענע בענקשאַפט.



מיר פאָרן איבער דער אַמעריקאַנער טעריטאָריע, שטאָט נאָך שטאָט, אַלע שטאָטן באַווינט, אַלץ בליט און גרינט, באַוואָקסן און באַלעבט.

ווייל דורך מיין פאַנטאַזיע פילמירן זיך כסדר בילדער וועגן דעם ווי אַזוי איך וועל טרעפן מדינת־ישראל, קומט מיר אויפן גע־דאַנק, אַז דער גרעסטער אויפטו פון דער ישראל רעגירונג איז אין דעם איצטיקן מאָמענט דאָס אַריינגעמען וואָס מער יידן. מעג זייער הויט זיין פון פאַרשידענע קאָלירן, און מעגן זיי אַפילו זיין פון אַלער־ליי מענטאַליטעטן, — דער גרויסער „שמעלץ־טאָפּ" וועט זיי שוין איבערקאָכן און פון זיי אַלעמען אויספאָרמירן דעם פּראָטאָטיפּ פון אַ געזונטן ישראל בירגער.

מעגן זיי ציטווייליק ווינען אין באַראַקן, אין צובראָכענע היי־זער, אַפילו אין לייווענטענעביידלעך. די צייט וועט טאָן אירס. אַלע

וויסטעגישן וועלן מוזן פאַרוואַנדלט ווערן אין בליאונג. פעלדער און גערטנער וועלן שפּראָצן מיט ברכה.

אויך אין אונדזער הימלאַנד וועט מען נאָך פאַרבייפאָרן פיל פאַבריק־שטעט פון שווערער אינדוסטריע. עס וועט ליכטיק ווערן אין די אויגן, צוקוקנדיק זיך ווי שוואַרצער פאַבריק־רויך פאַרטונקלט די הייזער.

יידישע פרייד און יידישער געלעכטער וועלן פריי אָפּהילכן אין יעדן ווינקל פון מדינת־ישראל.

און בעת איך האָב אַזוי געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט, האָט דער אויטאָבוס איינגעשלונגען דריי טויזנט אַכט הונדערט קילאָמעטער און אונדז אַריינגעפּלאָנטערט צווישן די ריזיקע וואָלקן־קראַצערס פון ניו־יאָרק.

⁂

ווען עס האָט אויסגעקלערט, אַז די ניו־יאָרקער זענען נישט קיין גאַסטפריינטלעכע מענטשן, זאָל אויפשטיין תחית־המתים צוויי וואָכן נאָך משיח׳ס אָנקומען.

אַזאַ האַרציקייט, אַזאַ פריינטלעכע וואַרעמקייט מצד מיינע אַלע דאָרטיקע באַקאַנטע און פריינט, איז זיך שווער פאָרצושטעלן.

צייטנווייז האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ביי וועלכן פון אַלע מיינע באַקאַנטע איך זאָל נישט בעטן אַ גמילת־חסד אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר וועלן זיי עס מיר אַנטקעגן טראָגן. איז אָבער די צרה; אַז די וועלכע וואָלטן מיר גערן געגעבן, האָבן נעבעך אַליין נישט, און די וואָס האָבן יאָ און וואָלטן געקאָנט געבן, האָט זיך מיר געוואָלט פאַרבלייבן מיט זיי אין גוטער פריינטשאַפט.

⁂

איין גאָט איז מיין עדות, ווען די שיף גייט נישט אָפּ דעם אַכטן מאַי, וואָלט די „קווין עליזאַבעט" געהאַט מיט איין פּאַסאַזשיר ווייניקער.

יעדע נאַכט וועטשערינקעס און באַנקעטלאַך, דאָס סתם אַרומטרעמפּעווען ביז צוויי דריי פאַרטאָג. זיבן אינדערפרי פלעגט זיך צעליאַרמען דער טעלעפאָן, ווי ער וואָלט געליטן פון ציין־ווייטיק.

אַ גאַנצן טאָג פלעגט דויערן דאָס אַרומלויפן אין די רעדאַקציעס. אין די פאַרשידענע באַזוכן, אינטערוויוען, באַזונדער דאָס איינקויפן אין די ניו־יאָרקער געשעפטן (אָדער ווי זיי רופן דאָס „שאַפּן"!

וואָס מער מתנות מיטצונעמען קיין ארץ־ישראל, קענען מיך מאַכן אַפילו אַ גרעסערן העלד ווי איך בין.

⁂

אַ ביינאַכט אויף „טיימס־סקוועד".

פון די ריזיקע געביידעס שטראָמען עלעקטרישע כוואַלעס ווי דער שטראָם פון וואַסער־פאַלן, זייערע בונטע פילפאַרביקע קאָלירן שימעדירן צווישן די צענטליקער טויזנטער מענטשן־מאַסע, וואָס באַוועגט זיך הין און צוריק.

אין אָט דעם מענטשן געדראַנג זע איך פון ווייטן ווי עס פאַר־מירט זיך אַ רעדל, וואָס ווערט מיט יעדער מינוט אַלץ גרעסער און גרעסער.

מיין נייגיר, דערנענטערט מיך צו יענעם פלאַץ, און איך דערזע אינמיטן פון אָט אַ דעם ראָד — אַ גרופּע מאַטראָזן, אָנגעטאָן אין בלויע מונדירן מיט ווייסע קראַגנס. שיינע חברה, אָפּגעברענטע פּני־מער פון וועלכע עס ווייעט מיט ים־פרישקייט. אויף זייערע היטלען —„צבא הגנה לישראל— חיל הים". דאָס ערשטע מאָל — מאַטראָזן פון יידישן היימלאַנד.

אַ ווײַלע שטיי איך פון דערווייטנס, איך קען זיך נישט פאַר־גינען אויסצוטרינקען מיטאַמאָל אַזאַ גרויסן כוס פון פרייד...

זיי האָבן דאָס אַ הער געבראַכט די צוויי ישראל קריגס־שיפן „הגנה" און „משגב" וועלכע זענען איצט פאַראַנקערט אין ניו־יאָר־קער האַפן, אונטער דער ווייס־בלויער פאָן.

ביסלעכווייז דערנענטער איך זיך צו די לעבעדיקע, טייערע בחורים:

איך כאַפּ מיט זיי אַ שמועס. דאָס העברעישע לשון בינדט מיך צו זיי ווי צו אייגענע. אַ טייל פון זיי איז נאָך אַ גאַנץ קורצע צייט אין ארץ־ישראל, און זיי רעדן צווישן זיך אויף אַנדערע לשונות, אָבער די מערסטע זענען „צאַברעס", רעדן צווישן זיך העברעיש — מיט אַ מאַטראָזן שפּראַך, ווי זייערע זיידעס וואָלטן שוין געווען באַ־שעפטיקט ביי דער אַרבעט.

דאָס לשון איז אַ מהלך־רב פון ר׳הודה הלויס פּאָעזיע. גראַד אָט דער אָרגינעלער ווערטער — אוצר פילט אָן דאָס האַרץ מיט פרייד. דאָס מיינט, מיר זענען אַ פאָלק, מיט אַלע פעלקער גלייך — ככל הגוים.

⁂

צו חיים גרינבערגן, נאָך אַ ברכה.

דורכפאָרנדיק ניו-יאָרק, אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, און זיך נישט געזעגענען מיט חיים גרינבערגן, וואָלט פאַר מיר געמיינט דאָס זעלבע ווי ווען אַ הייסער חסיד זאָל פאַרבייפאָרן דאָס ווינשטעטל פון זיין רבין און נישט אַריינגיין צום רבין נאָך אַ ברכה.

באַגעגן איך זיך מיט מיינעם אַ פריינט וועלכער אַרבעט אין דער יידישער אַגענץ, איך דריק פאַר אים אויס מיין שטאַרקן פאַר־לאַנג נאָך אַ צוזאַמענטרעף מיט גרינבערגן. ער פאַרזיכערט מיר, אַז עס איז אוממעגלעך, ס'איז אַ פּאָר טעג פאַרן אָנקומען פון בן-גוריו־נען קיין ניו־יאָרק, און גרינבערג איז איבערן קאָפּ באַשעפטיקט מיט דער אויפנאַמע.

בעט איך ביי אים דעם טעלעפאָן־נומער, דורך וועלכן איך זאָל זיך שטעלן מיט גרינבערגן אין פאַרבינדונג, דערקען איך אין זיין נעגאַטיוון ענטפער, אַז עס איז נישט אמת, אַז ער ווייסט נישט דעם נומער פון טעלעפאָן.

לסוף, אַז איך בין שטאַרק צו אים צוגעשטאַנען, האָט ער מיר אים געגעבן, נאָר בתנאי אַז קיינער זאָל דערפון נישט וויסן.

באַלד האָב איך דערהערט חיים גרינבערגס האַרציקן שלום־עליכם, און ער האָט פאַר מיר באַשטימט אַ געוויסער שעה פאַר אַ צוזאַמענטרעף.

יעדע באַגעגעניש מיט חיים גרינבערגן איז אַן אינטערעסאַנטע איבערלעבעניש, יעדע שיחת־חלין פון אים איז אָנגעפיקעוועט מיט תורה.

אין דער קנאַפּער שעה וואָס מיר האָבן געשמועסט, אָבער בע־סער געזאָגט, וואָס איך האָב געהערט זיינע מיינונגען וועגן פאַרשי־דענע ענינים, האָב איך אין זיך איינגעזאַפּט אַזוי פיל איינדרוקן, אַז עס וועט זיין פאַר מיר אַ רייכע צידה־לדרך אין מיין ווייטערדיקער רייזע.

צווישן די פאַרשידענע עפּיזאָדן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט זיי־נע אָפטע נסיעות קיין ארץ־ישראל, האָט איין איבערלעבעניש זיינע מיך אָנגעשטעקט מיטן עגמת־נפש, וואָס ער האָט געהאַט דורכגע־מאַכט. איך האָב דערפילט די שוועריקייטן, וואָס דרוקן די געמיטער פון אַלע אונדזערע מנהיגים: דאָס פעלן פון אחריות־געפיל ביים יידישן מענטש פאַרן גרויסן ווערק, וואָס ווערט געשאַפן אין מדינת־ישראל.

דער עפּיזאָד איז ווי פאָלגט:

אַ געוויסע פרוי, אַ לאַנג יאָריקע ציוניסטישע אַקטיווע טוערן, איז געקומען צו אים מיט דער פאָלגנדיקער בקשה:

— אַזוי ווי איר פאָרט קיין ארץ־ישראל, ווייל איך פון אייך אַ קליינע טובה: איר זאָלט מיטנעמען דער דאָזיקער בריוו קיין תל־אביב, דאָרט זאָלט איר אויפקלעפן אַ פּאָסט־מאַרקע און זי איבער־שיקן קיין ירושלים.

„ס'טייטש" פרעגט גרינבערג „פאַרוואָס שיקט איר נישט דער בריוו דורך לופט־פּאָסט?".

ענטפערט די פרוי: „אַזוי ווי אַלע בריוו ווערן צענזורירט אין ארץ־ישראל, און דאָ שרייב איך וועגן גאַנץ אינטימע פאַמיליע־אָנ־געלעגנהייטן, פאַר וועלכע איך האָב מורא, אַז זיי זאָלן נישט אַרויס־קומען אין דער עפענטלעכקייט, איז דעריבער צו אייך אָט די בקשה".

קומענדיק קיין תל־אביב, האָט חיים גרינבערג אויפגעקלעפּט אויף דער בריוו אַ פּאָסט־מאַרקע, זי אַריינגעוואָרפן אין פּאָסט־קעסטל און פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין.

אַ געוויסע צייט שפּעטער, עס קלינגט דער טעלעפאָן.

— זענט איר מר. חיים גרינבערג?

— יאָ, דאָס בין איך, מיט וועמען האָב איך דעם כבוד צו ריידן?

— דאָ רעדט דער צענזאָר פלוני בן פלוני.

— וועגן וואָס ווילט איר מיט מיר ריידן?

— האָט איר מיטגעבראַכט אַ בריוו פון ניו־יאָרק קיין תל־אביב און דערנאָך זי איבערגעשיקט קיין ירושלים?

— יאָ, איך, האָב אַזאַ בריוו געבראַכט, וואָס אַ שטייגער ליגט אין דעם דער חטא?

— ווייסט איר, אַז עס איז פאַרבאָטן צו פירן פּריוואַטע ברייו, ווייל יעדער בריוו, גייט דורך אַ צענזאָר אין ישראל?

— יאָ, איך ווייס עס, און טאַקע ווייל נישט יעדער צענזאָר קען האַלטן אַ סוד, און דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גאַנץ אינטימען פאַמיליען־ענין פון מיינעס אַ באַקאַנטן, דערפאַר האָב איך געוואָלט אויסמיידן אַזאַ אומאַנגענעמלעכקייט.

— ווייסט איר וואָס אין דער בריוו איז געווען געשריבן?

— איך האַלט פון חרם דרבינו גרשום, דערפאַר ווייס איר עס נישט.

— טאָ זייט וויסן: וואָלט זיך עס נישט געהאַנדלט וועגן חיים גרינבערגן, וואָלטן מיר אָנגענומען, אַז דער, וואָס האָט דעם בריוו

אַריבערגעבראַכט, איז אַ שותּף צו דעם ענין, נאָר אַזוי ווי עס האַנדלט זיך וועגן אייך, וויל איך אייך נאָר איבערגעבן, אַז אין דער ברייוו איז געווען אַ טשעק אויף אַ גרויסע סומע דאָלאַרן. אמת, אַז מיר האָבן שוין דעם טשעק טראַנספערירט אויף ישראל־פונטן.

עס איז אָבער צום באַדויערן וואָס איר האָט געלאָזט אויסנוצן אייער נאַאיוויטעט צו אַזעלכע ענינים.

עס האָט מיר ווי געטאָן צוצוזען חיים גרינבערגס פאַרביטערונג, בעת ער האָט דערציילט וועגן דעם.

אָט דאָס באַווייזט די אחריותלאָזיקייט פון געוויסע פערזאָנען, וועלכע האַלטן זיך נאָך פאַר ציוניסטן.

דער עיקר: עס איז פאַר מיר געווען אַן אָנגענעמע געזעגענונג דאָס פאַרברענגען אַ קנאַפּער שעה צייט אין חיים גרינבערגס מסיבה, ווי אויך אין דער פון חבר ברוך צוקערמאַן, אַן אמתער צידה־לדרך אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

# אינטערוויו מ׳טן פינאַנס-מיניסטער פון ישראל אין ניו יאָרק.

ניו־יאָרק גייט אויף ריידלעך.

די פּרעסע, די ראַדיאָ, אויך אין פיל קינאָס ווערן געוויזן בילדער ווי אַזוי בן־גוריון איז אויפגענומען געוואָרן אין וואַשינגטאָן, זיינע באַגעגענישן מיט פּאַרשידענע מיניסטאָרן, מלוכה־מענטשן, און זיין אויפנאַמע ביים פּרעזידענט טרומאַן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף בן־גוריון אָנקומען קיין ניו־יאָרק.

אַלץ גרייט זיך פּאַר אַט אַ דעם פייערלעכן קבלת־פּנים.

איך באַדויער שטאַרק וואָס דעם צענטן מאַי וועל איך זיך שוין וויגן אויפן אַטלאַנטישן אָקעאַן און נישט האָבן די געלעגנהייט צוצוזען דעם גרויסן פּאַראַד וואָס דאָס יידישע ניו־יאָרק גרייט צו, פּאַרן ערשטן יידישן פּרעמיער־מיניסטער פון מדינת־ישראל.

אין דער רעדאַקציע פון „טאָג״.

אַריינפאַלן אין אַ רעדאַקציע בעת נערוון־סטרונעס שטייגן אַריבער זייערע געוויינלעכע שפּאַנונג־קאַפּאַציטעט, איז נישט אַזאַ אַנגענעמער ענין.

מיר ווילט זיך אָבער כאַפּן אַ שמועס מיט פּריינט שרייבער „טאָג״ מיטאַרבעטער. דער עיקר וויל איך אויסגעפונען די ריכטיקייט פון די קלאַנגען, וועלכע איך האָב שוין געהערט אין פּאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, אויך אין ציוניסטישע, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס וועט נישט פּאַרקומען היינטיקס יאָר. איז דאָך מיין גאַנצע רייזע קיין ארץ־ישראל געבונדן מיטן דריי און צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אין דער רעדאַקציע „דער טאָג״ קאָכט ווי אין אַ קעסל. דער דינאַמיש קוועקזילבערדיקער נייעס־רעדאַקטאָר, וואָלף יונין רייסט שטיקערוויז די לעצטע נייעסן פון דעם טעלעגראַף־אַפּאַראַט, אַכציק פּראָצענט פון זיי זענען וועגן בן־גוריונס וויזיט אין וואַשינגטאָן. פּאַר אַן אינטערוויו מיט מיר, האָט דער רעדאַקטאָר באַשטימט דעם באַ־

ווסטן שרייבער, מיינעם זייער אַ גוטן פריינט, מנשה אונגער. (דער אינטערוויו איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „טאָג" פון צענטן מאַי).

אויך דאָ איז די מיינונג פון פאַרשידענע שרייבער, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס וועט אָפּגעלייגט ווערן פון איין טערמין צום צווייטן, און ער וועט שוין אַזוי אַרום דאָס יאָר נישט פאָרקומען.

⁂

איך זוך אַ צוזאַמענטרעף מיטן פינאַנס־מיניסטער פון ישראל.

קריגן אַן אינטערוויו מיט אליעזר קאַפּלאַן אין סאַמען ברען פון די לעצטע צוגרייטונגען צו דער דערעפענונג פון קאַמפּיין פאַר דער פינף הונדערט מיליאָן דאָלאַרדיקער הלואה וואָס צו דעם צוועק ער איז ספּעציעל געקומען אין די פאַרייניקטע־שטאַטן, איז גאַרנישט פון די לייכטע זאַכן: בפרט ווען עס דאַרף אין די נעקסטע טעג אָנקומען קיין ניו־יאָרק דוד בן־גוריון.

וויפל מאָל. אין פאַרשידענע צייטן פון טאָג, איך האָב זיך נישט געפּרוווט שטעלן מיט אים אין פאַרבינדונג דורכן טעלעפאָן אין דעם האָטעל, ווו ער שטייט איין, שטענדיק האָב איך געקראָגן דעם זעלבן ענטפער — נישטאָ!

שבת צו נאָכטס, צען דרייסיק, איז מיר געלונגען צו הערן זיין שטים דורכן טעלעפאָן, און טאַקע גלייך ווי איך האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, האָט ער מיך פאַרבעטן אויף צומאָרגנס, עלף פרי, צו אים אין האָטעל.

פּונקט צו דער מינוט בין איך שוין געווען אין דער „לאָבי" פון „שערי גידערלאַנד" האָטעל, וועלכער געפינט זיך אויף דער אַכט און פופציקסטער גאַס מיט פינפטער עוועניו, און פון דאָרט זיך פאַרבונדן דורכן טעלעפאָן מיט אים אין זיין צימער. מיט אַן אויפגעלעגט־פריינטלעכן טאָן האָט ער מיך איינגעלאַדן אַרויפצוקומען.

אַ וואַרעמער יידישער שלום־עליכם האָט מיך געמאַכט זיך צו פילן גאָר היימיש.

אליעזר קאַפּלאַן אַ פעסט געבויטער מאַן, אַ הויכער מיט בליקן וועלכע דרינגען אין דיר אַריין דורך און דורך, איז געווען גוט אויפגעלעגט: זיין גוטמוטיקער שמייכל האָט מיך געמאַכט זיך פילן ווי ביי זיך אין דערהיים. גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט מיר פאַרדראָסן מיין טעות, פאַרוואָס איך האָב אין מיין דמיון זיך געהאַט פאָרגעשטעלט אליעזר קאַפּלאַן ווי אַ מענטש אַ בייזן, אַ טרוקענעם

אַ האַרטן, געבראָטענעם ליטוואַק. איך האָב זיך עס נישט געקענט מוחל זיין.

לויטן פשוטן שכל האָט ער פאַר מיר באַדאַרפן אויסזען אַזוי ווי זיין שוועסטער — אונזער ליבע און האַרציקע פריינדן חנה קלאַטשקי.

דער פאַקט איז אָבער, אַז איך האָב זיך מיר געהאַט אים פאָר־געשטעלט ווי אַ מענטשן אַ טרוקענעם און אַ בייזן, דעריבער האָט מיך ביז גאָר איבערראַשט זיין גוטמוטיקייט.

ער האָט פאַר מיר פאַרגעשטעלט זיין פרוי: אַ צאַרטע און מיט אַן אינטעליגענט אַריסטאָקראַטישן אויסזען.

ביידע זענען געווען אָנגעטאָן — ווי דאָ נישט לאַנג אויפגע־שטאַנען פון שלאָף.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט אויף דעם אַפּאַרטאַמענט, וואָס זיי פאַרנעמען אין דעם האָטעל, עס האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט: אַזוי דאַרף זיך פירן אַ פינאַנס־מיניסטער פון אַן אַרבעטער־רעגירונג פון מדינת־ישראל — צוויי צימערן, איינער פון זיי איז אַ שלאָף צימער און דער צווייטער — אַן אויפנעם — צימער פאַר געסט.

צום ערשטן פאַראינטערעסירן זיך די קאַפּלאַנס וועגן זייער משפחה אין מעקסיקע, כאָטש, ווי זיי האָבן מיר געזאָגט, האָבן זיי דעם זעלבן פרימאָרגן שוין געהאַט גערעדט טעלעפאָניש קיין מעקסיקע, דאָך זענען זיי געווען פאַראינטערעסירט אָפּצונעמען דורך מיר אַ פערעזענלעכן גרוס פון יעדן איינעם פון זייער משפחה.

פון דעם שמועס איבער פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן גייען מיר אַריבער צו ענינים פון אַלגעמיינעם אינטערעס.

איך פאָרמולירן אייניקע פראַגן אויף וועלכע איך באַקום די פאָלגענדיקע תשובות:

— איז דאָ עפּעס אמת אין דעם קלאַנג, וואָס טראָגט זיך אַרום אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע און פרעסע קרייזן, אַז דער ציוני־סטישער קאָנגרעס וועט נישט פאָרקומען דאָס יאָר?

— איך פאַרזיכער אייך און איר קענט עס אויך אין מיין נאָמען איבערגעבן, אַז דער קאָנגרעס וועט פאָרקומען, ווייל ער מוז פאָרקו־מען. דאָס וועט אָבער זיין אין סוף פון חודש אויגוסט. ווי אייך איז באַקאַנט, וועלן די וואַלן צו דער כנסת, פאָרקומען אין חודש יולי וועט מען מוזן איבערוואַרטן אַ פּאָר וואָכן, כדי דורך די וואַלן צע־ברויזטע געמיטער זאָלן זיך אַ ביסל באַרואיקן.

— הער קאַפּלאַן, ווי שטעלט איר זיך פאַר דעם אויסגאַנג פון די כנסת־וואַלן וועט מפּאַי אַרויס מיט אַ זיג, צו זיין אומשטאַנד צו שאַפן אַ רעגירונג אַליין, אָן וועלכע עס איז קאָאַליציע?

— עס איז שווער פאָראויסצוזאָגן (דערביי האָט זיך אָנגעהויבן קנייטשן זיין גרויסער לומדישער שטערן).

ווי איר ווייסט, קומען אַריין קיין ישראל יעדן טאָג איבער טויזנט נייע עולים. אַפילו אין חודש אַפּריל, וואָס צוליב דעם יום־טוב פּסח האָבן מיר דערוואַרט אַ קלענערע עליה, זענען אויך אַריינגעקומען איבער דרייסיק טויזנט עולים. די עליה ברענגט מיט זיך פיל שווערע פּראָבלעמען. פאַר יעדן נייעם עולה מוזן מיר האָבן אַ מינימום פון טויזנט דאָלאַר דאָס דעקט נאָך נישט די אַלע אויסגאַבן פון דעם עולה, ווען מיר זאָלן אַפילו האָבן די סומע, דאַרפן מיר נאָך צולייגן מער ווי נאָכאַמאָל אַזויפיל ביז מען זאָל דעם עולה קענען איינאָרדענען. בפרט ווען די ערשטע טויזנט דאָלאַר האָבן מיר אויך נישט צו אונדזער דיספּאָזיציע.

נו, איז פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ שווערע לאַגע זאָל שאַפן בייזע בלוטן און אַרויסרופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט. געפונען זיך גענוג פּערזאָנען, אויך געוויסע פּאַרטייען, וואָס נוצן אויס די שוועריי־קייטן און פאַרביטערונג פאַר זייערע דעמאַגאָגישע צילן און זוכן צו כאַפּן פיש אין מוטנע וואַסער... פאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ לאַגע איז שווער פאָרויס צו זאָגן די רעזולטאַטן פון די וואַלן.

מיר האָפן אַז אויפריכטיקייט און שכל הישר וועלן זיגן.

— ווי דענקט איר צו סטאַביליזירן דעם ישראל פונט? ווייסט איר, אַז אויפן שוואַרצן מאַרק ווערט דער ישראל פונט געשאַצט צווישן אַכציק און ניינציק אַמעריקאַנער סענט?

— מיר ווייסן עס שוין גאַר גוט. אָבער אין עקאָנאָמישע ענינים זענען נישט שייך קיין נסים, אמת, עס זענען דאָ צופאַלן, וואָס די צייט אַליין איז זייער גורם און וועלכע מען קען נישט פאָרויס זאָגן, ווי למשל: מיר האָבן באַקומען פון ענגלאַנד אַ געוויסן זייער נויטיקן. פּראָדוקט וועלכן מיר וואָלטן אויך קיין מאָל נישט באַקומען איידער בעווין האָט דימיסיאָנירט, מיר האָבן עס אָבער יאָ באַקומען נאָך בעווינס דימיסיע. מיר האָפן, אַז די סטאַביליזאַציע פון ישראל־פונט וועט קומען מיטן דערפאָלג פון דעם „באָנד־דרייוו", לויט ווי עס זעט זיך פון די צוגרייטונגען, וועט דער באָנד־דרייוו געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

די הויפּט שוועריקייטן ליגט אין דעם, וואָס עס פעלט ביי אונדז

יידן דער אחריות־געפיל פאַר ישראל בירגערשאַפט. מיר ווייסן זייער גוט, אַז געוויסע יידן שמוגלען אַרויס פון מדינת־ישראל וואַלוטע, וועלכע איז פאַר אונדז אַזוי נויטיק. מענטשן וועלכע וואָלטן בע־דאַרפט העלפן אין אַזעלכע שווערע מאָמענטן, לייגן גאָר שטיינער און מאַכן די סיטואַציע נאָך שווערער. אָבער דאָס זענען אומפּאַרמיידלע־כע געבורט־ווייען איבם בוי פון אונדזער זעלבסטשטענדיקן מלוכה־לעבן.

ביז גאָר אינטערעסאַנט זענען געווען די מיינונגען פון דעם פּי־נאַנס־מיניסטער וועגן אַלע אָנגעווייטיקטע ישראל־פּראָבלעמען. אויך וועגן דער טוריסטיק אין דער מדינה, לויט אַ פּשוטער לאָגיק וואָלט טוריסטיק בעדאַרפט ברענגען אַסך הילף דער מדינה, זענען אָבער צום באַדויערן דאָ געוויסע טוריסטן וואָס העלפן דעם שמוגל און פירן דורך מיאוסע געשעפטן.

דער שמועס האָט זיך געצויגן פינף און דרייסיק מינוט.

הער קאַפּלאַן האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיטן געזעלשאַפט־לעכן לעבן פון די יידן אין מעקסיקע, באַזונדער מיט דער מעגלעכ־קייט פון דעם קאַמפּיין פאַר די „ישראל־באָנדס״.

אינמיטן אונדזער געשפּרעך איז אַריינגעקומען משה טוב; אונד־זער אינטערוויו האָט זיך געענדיקט.

איך האָב געדאַנקט אליעזר קאַפּלאַנען פאַר זיין גאַסטפריינטלעכ־קייט. ביים געזעגענען זיך, האָט מיר נאָכאַמאָל פאַרדראָסן מיין פריער־דיקע פאָרשטעלונג וועגן חבר קאַפּלאַנס פערזענלעכקייט.

אַ טייערער, גוטמוטיקער, האַרציקער מענטש.

שלום! פון גאַנצן האַרצן ווינטש איך דער מדינת־ישראל אַ גרויסן דערפאָלג אין דעם פאָרשטייענדיקן פינף הונדערט מיליאָן דאָלאַרדיקן „באָנד־דרייוו״. שלום!

## אויף דער שיף „קווין עליזאַבעט".

איך האָב געהאַט אַ רבין (אַ מלמד) איז ער נעבאַך געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, אַז אַ בעל־הבית פלעגט אים אַ מאָל פאַרבעטן אויף קידוש, פלעגט מיין רבי זיך ביי אים בעטן: אויב איר גיט מיר שוין יאָ אַ ביסל בראָנפן, טאָ גיט מיר וויפל איר ווילט מיר געבן, נישט מער, נאָר גיט עס מיר אין אַ גרויסער גלאָז.

איך דערמאָן זיך עס בעת איך פאָר אויף דער שיף „קווין עליזאַבעט" די שיפס־קאַרטע פון ניו־יאָרק ביז שערבורג קאָסט, הונדערט אַכט און זיבעציק דאָלאַר. פּרינציפּיעל פאָר איך אין טוריסטן־קלאַס, ווייל די שיף האָט נישט קיין ביליקערע קלאַסן.

ווי איך זע איז מיין מלמד געווען גערעכט.

דאָס שיפל וועגט פיר און אַכציק טויזנט טאָן, האָט פערצן שטאָק, איבעראַל אויסגעטעפּעכטע ברייטע שטיגן, ביי זייער זייט „עלעווייטאָרס" וואָס פונקציאָנירן אָן איבעררייס. דריי הונדערט פערציק מעטער די לענג. פינף און דרייסיק מעטער די ברייט. פינף און דרייסיק פאַרשידענע זאַלן פאַר קינאָס, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, צייט־פאַרטרייב. ביבליאָטעק און לייען זאַלן. אין פאַר פאַרשידענע ספּאָרט־שפּילערייען און שווים־טאַנקען.

דער באַשעפטיקטער פערסאָנאַל אויף דער שיף באַשטייט פון איבער צוועלף הונדערט מענטשן.

די שיף האָט זילבער־געשיר און כינעזישע כלים, מיט וועלכע מען קען סערווירן גלייכצייטיק צען טויזנט פערזאָן.

די עלעקטרישע ענערגיע וואָס די שיף פאַרנוצט, איז גענוגנד צו באַזאָרגן מיט ליכט און קראַפט אַ מאָדערנע שטאָט פון הונדערט און פופציק טויזנט איינוווינער.



אין סאַמען האַרץ פון ניו־יאָרק, אויף דער פופציקסטער גאַס, דאָרט ווו די באַוועגונג פון אויטאָס, אויטאָבוסן און מענטשן איז אַ טומעלדיקע, ברענגט אונדז די טאַקסי צום סאַמען אַריינגאַנג אין דער

שיף, זיבן פאַרנאַכט פון אַכטן מאַי.

צוזאַמען מיט מיינע פריינט און באַקאַנטע, וועלכע זענען געקו־מען מיר באַגלייטן, ווערן מיר אַריינגעשלינגען אין דעם „עלעוויי־טאָר", וואָס גיט בנשימה־אחת אַ צי דעם אָטעס, און אַט זענען מיר שוין אינעווייניק, אין דעם שווימענדיקן פּאַלאַץ.

איבער צען טויזנט מענטשן פון פּאַסאַזשירן און באַגלייטער פילן אָן אַלע אָפּטיילונגען פון דער שיף.

אַ שעה שפּעטער זענען שוין אַלע באַגלייטער אונטן אויף דער גאַס. פּאַסאַזשירן זענען באַשעפטיקט מיט זוכן און אויסגעפינען זייע־רע ווינקעלעך.

נייך ביינאַכט צעבלאָזט זיך די שיף סירענאַ.

דער שווים־פּאַלאַץ הויבט זיך אָן באַוועגן און רוקן מיט על־פּאַנט־טריט. אַלע דעקן זענען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן.

ניו־יאָרק הויבט זיך ביסלעכווייז אָן אָפּצורוקן אַלץ ווייטער און ווייטער. פאַר די אויגן שפּיגלען זיך אָפּ ריזיקע בערג מיט מי־ליאָנען עלעקטרישע, פאַרשידנפאַרביקע ליכט־פייערן.

באַלד באַווייזט זיך ניו־יאָרק אין אַ האַלבן־רונד, ווו פייער און ליכט הויבן אָן זינקען און אויסגעלאָשן ווערן ביים נאַכט ראַנד אין דעם וואַסער.

נאָך אַ האַלבער שעה פאָרן, באַווייזט זיך אַ ריזיקע פרויען־פי־גור אין סאַמע מיטן ים. איר ווייסקייט בלישטשעט דורך די רעפלעק־טאָרן וואָס אַרום איר. זי האַלט אַ ריזיקן פאַקל אין איר רעכטער האַנט, מיט וועלכן זי באַגריסט שוין אַ סך צענטליקער יאָרן די אַלע פאַרפאָלגטע און געראודפטע פון פאַרשידענע לענדער און קאָנטי־נענטן בעת זייער דערגרייכן די ברעגן פון די פאַרייניקטע־שטאַטן.

מיטן זעלבן פאַקל אין דער האַנט, געזעגנט זי אויך די אַרויס־פאָרער מיט דער באַגריסונג פון פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטי־קייט, דאָס איז — „די פרייהייט־סטאַטוע" פון די פאַרייניקטע־שטאַטן.

אַנדערהאַלבן שעה שפּעטער, איז שוין אַלץ פאַרשווונדן, פון אַלע זייטן וווהין דער בליק קען נאָר דערגרייכן, ליגט אויסגעשפּרייט, ווי אין האַלבן דרעמל, דער אַטלאַנטישער אָקעאַן.

⁂

אַ געשעפט קען מען נישט אויסרעכנען.

דאָס מזל האָט געוואָלט, אַז מיין פּלאַץ אין דעם ריזיקן עס־

צימער זאָל זיין ביי אַ טישל צוזאַמען מיט צוויי ענגלענדער, פיינע, עלעגאַנטע, צירליך־מאַנירלעכע דזשענטלעמענער, איז אָבער די צרה וואָס זיי זענען שווייגערס, אַנגעשטייפטע, אויסגעצויגענע ווי אַ שטעקן געטריבן דורך אַ ציקלאָן-ווינט וואָלט געהאַט אַריינגעדרונגען אין זייערע געדערים; טרוקן, ווי די שאָלעכץ פון אַ קאָקוס־נוס. וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט אָנצוציען מיט זיי אַ געשפּרעך, איז עס געווען ווי גערעדט צו דער וואַנט. גיי רעד צו אַ קינד וואָס קען קוים אַרויסזאָגן דאָס וואָרט מאַמאַ. זייער ענטפער איז באַשטאַנען פון בלויז „נאָ סער, יעס סער״.

ביים דריטן מאָלצייט, אַז איך האָב אָנגעהויבן דערפילן, אַז דאָס ביסל עסן בלייבט שטיין אין האַלדז, נישט אַ הין, נישט אַ הער, כאָטש דערשטיקט צו ווערן, האָב איך זיך דערטראַכט צו אַן עצה: איך ביז אַ וועק צום סטואַרד, דעם ממונה איבער די עס־פּלעצער, און אים געפרעגט: „איז דאָס עסן אויף דעם פּלאַץ וווּ איך זיץ כשר?״. ער האָט זיך שטאַרק אַנטשולדיקט, נישט אַזוי פאַר מיר, ווי פאַר מיינע רעליגיעזע געפילן, עס האָט מיך דורכגענומען זיין שרעק צוליב דעם, וואָס ער וועט דאַרפן אָפּקומען צוליב מיר אין גהינם.

ביים נעקסטן מאָלצייט האָט ער מיך באַגלייט צו אַ „כשרן״ טיש און מיר אָנגעוויזן מיין פּלאַץ.

אַזאַ יאָר אויף די גוים מיט זייערע פאַרשידענע חזיר־מאַכלים.

דאָ איז אַ מחיה — געפילטע פיש, לאָקשן מיט יויך, קאָטלעטן מיט געהאַקטע לעבערלאַך. כאָטש עס איז שוין לאַנג פאַרביי דער יום־טוב פּסח שטייט אויף יעדן טיש אַ קעסטל מצות מיט אַ הכשר פון אַ לאָנדאָנער רב. אַהּ, איז דאָך גוט. טאָ האָט זשע נאָך אַ ביסעלע געדולד און איר וועט מיר נישט מקנא זיין מיינע נייע גליקן.

ביי זייטיקע טישלעך זיצן יונגעלייטלעך מיט לאַנגע פּאות און פנימער אויף וועלכע עס הויבן שוין אָן צו שפּראָצן סמני־נערות.

אַנגעטאָן זענען זיי אין פּלושענע שוואַרצע קאַפּעלושלעך און זיי שאָקלען זיך. יעדער איינער פון זיי קען זיין אַ פולשטענדיקער פּראָ־טאָטיפּ פון המנס לעצטן זון.

נו, מילא האָב איך אַ ברירה צו זיצן אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן. זיצט אָבער ביים זעלבן טישל ווו איך זיץ, אַ ייד וואָס ווינט שוין פערציק יאָר אין לאָס אַנדזשעלעס.

ער רעדט און שרייט אַזוי, אַז מיר דאַכט זיך, אַז די שיף הויבט

זיך אָן צו שאָקלען. ער האָט זיך געמאַכט אַ טבע נישט צו לאָזן מיר גאָרנישט באַשטעלן ביים קעלנער. „גיט אים אַ דאָפּעלטע פּאָרציע טוירקי" (הינדיק), שרייט ער צו אים אויס. מיר רוימט ער איין אַ סוד: „אַ סענדוויטש פון טוירקי קאָסט היינט אין אַמעריקע זעכציק סענט".

זיין גאַנצע האַלטונג איז פון אַ דזשענטלעמען, וואָס איז נאָר וואָס אַרויסגעקומען פון אַ חזיר־שטאַל. אַזוי למשל בעט ער פּאָרציעס פון אַלץ, וואָס מען קען נאָר קריגן. אַז זיין טעלער איז שוין איבער־פולט. עס שיט זיך איבער פון אַלע זייטן און ער קען שוין מער נישט פרעסן, הויבט ער דאָס אָן אַריינצווואַרפן צו זיינע טיש־שכנים אין די טעלערס. ווערט אַ געוואַלד, אַ טומל, מען זידלט זיך. ער, ווי נישט אים מיינט מען „איי עם אַן אַמעריקען, איי עם איי פּראַק־טיקל מען". שרייט ער אַלעמען איבער.

דער ייד רעדט פון מיליאָנען. זיינע געשעפטן, זיינע הייזער זענען צעשפּרייט איבער גאַנץ לאָס־אַנדזשעלעס.

שאַצענדיק לויט זיין האַלטונג און הולך, קען מען אים דרייסט געבן אַ לעגיטימאַציע פון אַ ניו־יאָרקער „באַוערי" פּאַרשוין.

צו זיינע אַלע „מידות־טובות" האָט ער נאָך אַ מעלה: יעדע פּאָר מינוט שפּייט ער, אַ מאָל אויף דער רעכטער זייט און אַ מאָל אויף דער לינקער.

ווייל דאָס פרעסט ווי אַ בהמה, קריכט אים די שפּייז צווישן די ציין. נעמט ער טאַקע אַלע ווײַלע אַרויס זיינע קינסטלעכע ציין און ווישט זיי מיט אַן עק פון טישטוך.

אָט דער נפש פּאַרט עס קיין מדינת־ישראל.

— „איר וועט זען ווער עס וועט קומען מיך אָפּוואַרטן ביי דער שיף, ווען איך וועל אָנקומען קיין ארץ־ישראל!

נישטאָ איין פירער אין דער רעגירונג, וואָס זאָל מיר נישט קענען און נישט וויסן ווער איך בין איך.

אַז איך וועל אָנקומען קיין ארץ־ישראל וועל איך שיקן אַ טע־לעגראַם צו מיינע קינדער קיין אַמעריקע, וועלן זיי מיר אַרויסשיקן פּאָר צען טויזנט דאָלאַר שפּייז־סערטיפיקאַטן. מיינט איר, אַז איך דאַרף דאָס פאַר מיר?

אָסור אויב איך וועל אַפילו פאַרזוכן פון דעם, אַלץ וועל איך צעטיילן פאַר די „פּור מען". אָט דאָס באַשעפעניש, רעדט פאַר פייער

און וואַסער. איך האָב דערפילט אַ בענקשאַפט נאָך די טייערע שווייגנ־דיקע ענגלענדער. אַלע מיינע אונטערהאַנדלונגען מיט די שכנים פון די אַרומיקע טישלעך, וועגן אויסטוישן מיין פּלאַץ, זענען געווען אָן דערפאָלג. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב שוין געהאַט פּאָרגעלייגט ביז פופצן דאָלאַר פאַר וועלכער עס איז ווילטעטיקער אינסטיטוציע אין פאַל, אַז אָט די טראַנזאַקציע זאָל צושטאַנדקומען. אַלע קענען אים, נישטאָ קיין בעלן.

מילא, נאָך עטלעכע טעג און איך וועל פון אָט דער אָנשיקעניש אויך פּטור ווערן. איך שטעל זיך פאָר וואָס אַזאַ באַשעפעניש וועט פּלאַפּלען נאָכן צוריקקומען פון ישראל. דער עיקר האָט מיר דער פאַל געגעבן אַ לעקציע: „זוך נישט קיין נייע גליקן, ווייל אַ געשעפּט קען מען נישט אויסרעכענען".



דריטער יום העצמאות צווישן הימל און וואַסער

קרוב צו צוויי מנינים יידן האָבן זיך געלאָזט דערקענען. ווער דורך די כשרע טישלעך, ווער ביים דאַווענען אין דעם שולכל, און ווער סתם דורך מאַמע לשון. פנימער, וועלכע האָבן צו זייער באַ־דויערן געמוזט האַלטן די נעז אין דרויסן, האָט מען דערקענט ווי יידישע אויף שריט און טריט. זיי האָבן זיך אָבער שטענדיק דער־ווייטערט פון וועלכער עס איז יידישער גרופּירונג. איך הויב אָן זוכן שותפים מיר מיטצוהעלפן אין דער איינאָרדנונג פון אַ יום העצ־מאות־פייערונג. אויסער איין יונגערמאַן, לייבעלע, וועגן וועמען מיר וועט שפּעטער אויסקומען צוריידן, זענען אַלע קעגן אַזאַ מאַניפעס־טאַציע. טייל פון עולם פּראָטעסטירט שטאַרק מען קען זיין אַ גו־טער ייד, מען דאַרף אָבער נישט קריכן מיט „יידישקייט פון דער הויט אַרויס". איינער אַן אַמעריקאַנער ייד וואָס רעדט נאָר ענגליש, האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרופּע פון זיינע פריינט. איך האָב פאַר זיי דערקלערט די וויכטיקייט און דעם שטאָלץ פון אַזאַ מין שווי־מענדיקע מאַניפעסטאַציע אויף אַן ענגלישע שיף. מען האָט דיסקו־טירט, אַרגומענטירט און דאָ באַשלאָסן:! בעסער אַרומגיין צווישן אַלע יידן אויף דער שיף און מאכן אַ „מאָני־קאָלעקשן" פאַר איזראַעל. איזראַעל דאַרף „טשאַריטי" נישט קיין שפּילעכלעך מיט פייערונגען. זוכענדיק מיט מיינע בליקן צווישן די פּאַסאַזשירן, וואָס ליגן אויס־

געצויגן אויף די ליג־שטולן און באַקן זיך אונטער דער צעבאַלעוועט, רחבותדיקער זון. האָב איך אָנגעטראָפן אַ פּנים, וואָס האָט געשטראַלט מיט חן: אַ פּאָר ברענענדיקע שוואַרצע אויגן האָט אַרויסגעבלישטשעט פון אַ הנעוודיקער יידישע טאָכטער.

אַרום איר שטול זענען געווען צעוואָרפן, ווי אין אַ ספרים־מאַ־גאַזין, ענגלישע ביכער און זשורנאַלן. איך האָב זיך צו איר דער־נעענטערט, איר אַ פרעג געטאָן אויף ענגליש: „זענט איר אַ יידישע?„. אָן אָנגעגעמען שמייכל האָט זיך אויסגעשפרייט אויף איר פּנים. זי האָט מיר געענטפערט אין יידיש: „וואָס? זע איך דען טאַקע אויס ווי אַ כינעזערין?״.

באַנדזשע פּאַיט, אַ געבוירענע אין אַמעריקע, אַ טאָכטער פון אַ ניו־יאָרקער פּראָמינענטן אַדוואָקאַט און אַליין אַן ענגלישע זשור־נאַליסטקע, האָט זי זיך מיט יידישן שטאָלץ אָנגעכאַפּט אין מיין פּאָר־שלאָג וועגן דער פייערונג, ווי אין אַן אבן־טוב.

מיר זענען באַלד אַוועק צום אויפזעער פון אונדזער קלאַס, פּאַר אים דערקלערט די באַדייטונג פון דעם יום־טוב. מיט כאַראַקטעריס־טישער ענגלישער רויקייט האָט ער אונדז געבעטן פאָרמולירן שריפטלעך אונדזער ביטע, אין וועלכער מיר האָבן אָנגעצייכנט די פאָלגנדיקע פּונקטן:

1. שטעלן צו אונדזער דיספּאָזיציע דעם קינאָ־זאַל פון טוריס־טן־קלאַס פאַרן צענטן מאַי פון פיר ביז זעקס אַ זייגער נ. מ.

2. אויסטיילן אַ גרופּע פון דעם שיפס־אָרקעסטער פאַר דער פייערונג.

3. אונדז דערלויבן אויפצוהענגען אין אַלע קלאַסן פון דער שיף מעלדונגען אין יידיש און אין ענגליש וועגן דער פייערונג.

צוויי שעה שפּעטער זענען מיר איינגעלאַדן געוואָרן אין זיין ביוראָ, וווּ ער האָט אונדז געמאָלדן, אַז אונדזער בקשה איז אָן וועל־כער עס איז ענדערונג באַשטעטיקט געוואָרן.

אויף אָפיציעלן פּאַפּיר, אויף וועלכן ס׳ווערן געמאָלדן אַלע שיפס־ידיעות, האָב איך אויף מיין יידישער שרייב־מאַשין אָפּגע־קלאַפּט צוואַנציק מעלדונגען.

דאָס זעלבע האָט פריילן באַנדזשע געמאַכט אויף ענגליש. מיר האָבן די מעלדונגען איבערגעגעבן אין „אָפיס״. גלייך זענען זיי פאַר־

נאַנדערגעקלעפּט געוואָרן אין יעדן ווינקעלע פון אַלע קלאַסן אויף דער שיף.

מיר זוכן אַ הויפּט־רעדנער פאַר דער פייערונג.

צווישן די פּאַסאַזשיר־ליסטעס האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ נאָמען פון אַ מאַן וואָס איז געפאָרן אין דעם ערשטן קלאַס: ראַביי הערבערט ס. גאָלדשטיין פון ניו־יאָרק.

דורך די לוקסוספולע קאָרידאָרן און סאַלאָנען זענען מיר אַרויף אויפן דעק פון דעם ערשטן קלאַס.

דאָס איז געווען אַ הדרת־פּנימדיקער מאַן מיט אַן אויסגעפּוצט זילבערן בערדל, נעט, עלעגאַנט געקליידט. פון אונטער דער זיידער־נער יאַרמולקע האָבן אַרויסגעלויכטן צוויי גרויסע, לומדישע שטערן־ווינקלען.

ער האָט געשטופּט אַ וועגעלע אויף וועלכן ס'איז געלעגן אַ קראַנקע, פאַרקריפּלטע פרוי.

ראַביי הערבערט ס. גאָלדשטיין האָט זיך התלהבותדיק באַצויגן צו אונדזער פּלאַן. ער האָט אָבער שטאַרק פּראָטעסטירט, וואָס אַזאַ וויכטיקע פייערונג האָבן מיר באַשטימט איינצוואָרדענען אין דעם קינאָ־זאַל פון דעם טוריסטן־קלאַס, בעת פאַר אַזאַ וויכטיקער אונטערנעמונג האָבן מיר געמוזט באַקומען דעם הויפּט־זאַל פון דעם ערשטן־קלאַס. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז ווי נאָר ער וועט זיין קראַנקע פרוי אַריינפירן אין צימער, וועט ער מיט אונדז אַרויפגיין צום שיפס־קאַ־פּיטאַן און ביי אים פאָדערן דעם הויפּט־זאַל. מיט שווועריקייטן איז מיר אָנגעקומען אים איבערצוצייגן, אַז אין טוריסטן־קלאַס וועט די אונטערנעמונג זיין דערפאָלגרייכער. ערשטנס, איז די צייט זייער קורץ: צומאָרגנס דאַרף שוין פאָרקומען די פייערונג. צווייטנס, וועלן מיר באַגעגענען שוועריקייטן, ווייל פּאַסאַזשירן פון טוריסטן־קלאַס און פון דעם צווייטן וועלן נישט אַריינגעלאָזט אין דעם ערשטן קלאַס. מיר קענען זיך באַוועגן פריי פון קלאַס צו קלאַס, נאָר אַ דאַנק אונד־זערע פּרעסע־קאַרטן.

אַ יידישן פּונק איז נישט אָפּצושאַצן.

לויט אונדזער אָפּשאַצונג, לויט דער באַציונג פון געוויסע יידן צו אָט דער פייערונג, און דער עיקר, לויט די נעמען אויף די פּאַ־סאַזשירן־ליסטעס, זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז, מאַקסי־מום, קענען מיר דערוואַרטן פון פופציק ביז זעכציק אָנטיילנעמער.

מיר זענען געגאַנגען נאָך ראַביי הערבערט ס. גאָלדשטיין.

בעת מיר זענען אַריינגעקומען אין דעם קינאָ־זאַל פופצן מינוט פאַר פיר אַ זייגער, זענען שוין אין זאַל געווען איבער דריי הונ־דערט מענטשן.

איך האָב פון מיין באַגאַזש אַרויסגענומען אַ קליינע ווייס־בלויע פאָן און פון אַן אילוסטרירטן זשורנאַל אויסגעשניטן דאָס בילד פון דר. חיים ווייצמאַן, און זיי אויפגעהאָנגען אויף דער בינע.

מיר האָבן אויסגעשטעלט די פּראָגראַם לויטן פאָלגנדיקן סדר:

1. די פּאָרזיצערן פּרל. באַנדזשע פּאַיט האָט אין ענגליש דורכ־געפירט אַ פּרעכטיקן אַנאַליז איבער דעם וואָס דריי יאָר יידישע מדינה מיינט פאַר די יידן איבער גאָר דער וועלט. דער שטאָלץ, וואָס מדינת־ישראל האָט אַריינגעבראַכט אין יעדן יידישן מענטש, אַפילו אין אַזעלכע, וואָס זענען דורך דורות געווען דערווייטערט פון זייער פאָלק, זי האָט זיך אַליין גענומען פאַר אַ ביישפּיל: ביז מיט דריי יאָר צוריק האָט זי זיך קיינמאָל נישט אינטערעסירט אין יידישע פּראָבלעמען. מיט דער אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה האָט זי דערפילט דעם שטאָלץ — פון זיין אַ קינד פון אַט אַ דעם גע־פייניקטן, אָבער שיינעם, נאָבעלן פאָלק. דורך דער צייט האָט זי זיך גענומען פלייסיק צו לערנען די יידישע און העברעישע שפּראַכן און זייערע ליטעראַטורן.

ביים עולם האָבן אויגן געגלאַנצט פאַר פרייד, און שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן האָבן באַגלייט אירע רייד.

ראַביי הערבערט ס. גאָלדשטיין האָט דורכגעפירט אַ גלענצענ־דיקע „עקספּאָזע" איבער יידישער געשיכטע, געפלאָכטן מיט מאַמ־רים און פּסוקים פון תנך. זיין וווּנדערבאַרער אופן ריידן האָט גע־האַלטן דעם עולם געשפּאַנט איבער דריי פערטל שעה. צו פאַרשטיין זיין ענגליש האָט מען אַליין בעדאַרפן זיין אַ גוטער ענגליש קענער.

מרדכי קאַראַנאַ האָט גערעדט אין יידיש.

ער האָט געגעבן אַן איבערבליק איבער דער חלוצישער באַ־וועגונג, וועלכע האָט דערמעגלעכט די אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה.

צווישן איין רעדע און דער צווייטער האָט דער אָרקעסטער גע־שפּילט פאַרשידענע קלאַסישע נומערן.

מיר האָבן אויך פּרובירט זינגען ארץ־ישראלדיקער לידער בצי־

בור. עס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן, ווייל עס האָט געפעלט דער ציבור. פופצן מינוט נאָך זעקס, דורך די קלאַנגען פון אָרקעס־טער, ווי אויך דורך די שטימען פון די אַנוועזנדע האָט געהילכט די „התקוה". אַן עכאָ פון דער מוזיק האָט אָפּגעווידערט זיינע האָפנונגס־קלאַנגען פון די צעשטורעמטע כוואַליעס פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

פון דער פאַרזאַמלונג אויס האָבן מיר איבערגעשיקט ראַדיאָ־גראַמען באַגריסונגען צו דוד בן־גוריון, אין „וואַלדאָרף אַסטאָריאַ האָטעל", אין ניו־יאָרק; צו דער יידישער אַגענץ אין ירושלים; צו די צייטונגען „טיימס" און דער „טאָג" אין ניו־יאָרק.

אָט אַזוי האָבן יידן געפייערט דעם דריטן יום העצמאות.

אַ שווימענדיקע מאַניפעסטאַציע לכבוד מדינת־ישראל.

הימל און ים זענען געוואָרן די עדות פון יידישן צונויפבונד מיט דער מדינה. זיי האָבן אין זיך פאַרייביקט די קלאַנגען פון דער יידישער שבועה — „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני".



צוויי חברים — אויף פאַרשידענע וועגן.

שטענדיק צוזאַמען — ווי דער סיאַמער צווילינג.

איינער אָן צווייטן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

אין משך פון לאַנגע יאָרן זענען לייבעלע און הערשעלע געווען נאָענטע חברים, געקניפּט און געבונדן דורך פאַרשידענע פעדים.

דאָ, אויף דער שיף, האָט זיך זייער געאייניקטער וועג אָנגעהויבן פונאַנדערצוגיין. לייבעלע איז אַ געבוירענער אין ניו־יאָרק. ער שווימט אין יידישן וויסן ווי אין אַ לויטערן טייך.

געלערנט און פאַרענדיקט דעם ר' יצחק אלחנן ישיבה־קאָ־לעדזש. פאַר די לעצטע האַנדערהאַלבן יאָר, פאַרנומען אַ רבנות־שטעלע אין אַ שטעטל אין טעקסאַס־שטאַט. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל.

אין משך פון די פּאָר חדשים וואָס ער האָט דאָרט פאַרבראַכט, האָט ער אין זיך איינגעזאַפּט דאָס ארץ־ישראלדיקע לעבן דורך און דורך.

באַהויכט געוואָרן מיט אַ ליבע צום לאַנד און צו אַלץ וואָס ווערט דאָרט געשאַפן, פאַרשטענדלעך לויטן קוק־ווינקל פון אַן אויפריכ־טיקן מזרחיסט.

לייבעלע איז אַ פעסט געבויטער בחור, פון מיטעלען וווקס. זיי־נע בלאָנדע האָר קריכן אַפּיר דורך דער „בוינע" (אַ שפּאַניש בלוי רונדע היטעלע) וועלכע ער נעמט קיינמאָל נישט אַרונטער פון זיין קאָפּ. רעדט העברעיש און ענגליש, ווי געבוירן אין אָט די שפּראַכן. אָפּט זיצט ער פאַרטיפט אין אַ ספר. מען קען אים אויך טרעפן ביי די פאַרשידענע ספּאָרט־שפּילן אויף דער שיף, ביי וועלכע ער ווייזט אַרויס זיינע מומחה־פעיקייטן. איצט פאָרט ער מיט האָק און פּאַק זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. ער האָט אויפגעגעבן זיין רבנות־שטעל, איבערגעלאָזט זיין פאַרצווייגטע משפּחה אין ניו־יאָרק. באַשלאָסן אויף שטענדיק זיין גורל צו פאַרבונדן מיט מדינת־ישראל.

זיין פּלאַן איז אַן אויסגעחשבונטער: ער פאָרט אין אַ קבוץ פון הפּועל־המזרחי אַרבעטן גלייך מיט אַלע חברים דאָרט.

אין אַן אינטימערן געשפּרעך האָט ער זיך פאַר מיר פאַרטרויט: אויב נעמי וועט איצט, ווי מיט צוויי יאָר צוריק מסכים זיין חתונה צו האָבן מיט אים, שטעלט ער גלייך אַ חופּה און וועט זיין פאַמי־ליען־לעבן פאַרבונדן מיטן קבוץ. ער איז ביי דער מיינונג: אַז עס איז גאָר אַ קנאַפּער אידעאַליזם צו זיצן אין אַמעריקע און איבער־וואַרטן ביז זיי דאָרט אין ארץ־ישראל וועלן, דורך זייערער שווערע איבערלעבענישן, שאַפן בעסערע באַדינגונגען. עס איז אים דער־ווידער, ווען מען רופט אים לייבעלע. מילא, ביי זיין חבר איז עס אַ געוווינהייט פון אַ סך יאָרן, אָבער אַלע אַנדערע, וויל ער זאָלן אים רופן — אריה.



הערשעלע איז אַ שלאַנקער הויכער ברונעט, מיט אַ טשופּרינע געקרויזטע שוואַרצע האָר אויפן קאָפּ.

טראָץ דעם וואָס אויך ער פאַרפעלט נישט צום מנין אין שוהלעכל אויף דער שיף, וואַשט זיך צום עסן און בענטשט מיט מזומן. זעט זיך באַשיינפּערלעך, אַז דאָס אַלץ איז שוין אין דער שטופּע פון אויסגעוועפּט ווערן.

הערשעלע איז געקומען פון דייטשלאַנד אין טויזנט ניין הונ־דערט ניין און דרייסיקסטן יאָר, ערב דעם אויסברוך פון דער צוויי־טער וועלט־מלחמה, זיין משפּחה אין אַמעריקע האָט אים אַריבערגע־בראַכט.

אַ פּופּצן יעריק יינגל, פון אַ רעליגיעזער משפּחה, האָט ער אין

ניו-יאָרק אָנגעהויבן לערנען און צוזאַמען מיט לייבעלען געענדיקט דעם ר׳ יצחק אלחנן ישיבה־קאָלעדזש.

לייבעלע האָט מיר אויף אים געזאָגט — אַז ער איז ממש אַ גאָון. אַ בן־תורה, וואָס גרויסע לומדים וואָלטן געמעגט זיך ביי אים לערנען, קען אָבער הערשעלע נישט פאַרטראָגן, ווען מען דערמאָנט אים אין זיין אָנוועזנהייט וועגן דעם.

הערשעלע איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געפאָרן קיין דייטשלאַנד אויפמאָנען דאָס פאַרמעגן, וואָס איז פאַרבליבן פון זיינע אומגעקו־מענע עלטערן.

אַזוי פאָרט ער יעדע פּאָר חדשים קיין דייטשלאַנד. מכלומרשט עס זאָל הייסן, אַז עס איז נאָך אַלץ פאַרבונדן מיט דער ירושה. ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, פירט ער געשעפטן, און גאָר גרויסע גע־שעפטן, ברענגענדיק דייטשע סחורה קיין אַמעריקע. זיין באַציונג צו ארץ־ישראל איז אַ גאַנץ צינישע.

ער קאָקעטירט מיט זיין דייטשער אָפּשטאַמונג.

יעדער נאַכט, פאַר חצות איז ער שטאַרק פאַרנומען אין טאַנץ־סאַלאָן ווו די מיידלעך פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן — באַקומען די נעכפּע פאַר זיין בליק. אַ טענצער איז ער פאַר עקצעלאַנץ.

עס איז אים דערווידער ווען מען רופט אים הערשעלע. מילא, ביי זיין חבר איז עס אַ לאַנג־יאָריקע געוווינהייט. אָבער אַלע אַנדע־רע, וויל ער, זאָלן אים רופן הערמאַן.

⁂

דער ערשטער קלאַס — נעבאַך;

צוויי אָוונטן בין איך אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין דעם ערשטן קלאַס.

אַן אומעט ליגט אויסגעצויגענעצט אויף די פּאָליטורטע ווענט, אויף די פּרעכטיקע פּערסישע טעפּיכער.

פון צייט צו צייט שאַרן זיך פאַרביי מענער איינגעפּאַסט אין אָנ־געשטייפטע סמאָקינגס, הויכע קראַגנס. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז די קראַגנס קריכן אַלץ העכער און העכער ביז זיי וועלן ביי די מענטשן די קעפּ אַרונטעררייסן — אַ רחמנות אויף זיי.

די דאַמען דעקאָלטירט ביז עט, עט, עט... זיי זענען איינגעפּאַסט אין אַ ים פון ברילליאַנטן.

גייט מען פאַרביי, און מען שווייגט ווי אין אַ קאָרידאָר פון אַ שפּיטאָל.

אין גרויסן סאַלאָן וועלכער מאַכט דעם איינדרוק פון אַ רייכן אָפּעראַ-זאַל, שיינען פון די ווענט אַרונטער טייערע קונסט־בילדער. אויפן סאַמען מזרח — אַ קונסט אויל־בילד פון דער קעניגין עליזאַבעט.

אין אָט דעם סאַלאָן קומט דאָס פּאָר די „פּאַרוויילונג". מען שפּילט „בינגאָ" דאָס איז אונדזער אַלט־היימישע „טערנעטשקע". יעדער קויפט אַ טעוועלע אויף וועלכן עס זענען פאַרשידענע נומערן. מען שטעלט אין היפּשע סומען.

יעדער זיצט אָנגעצויגן, שטייף, מיט אַ פול מויל וואַסער — מען שווייגט.

איינער פון די שיפס־אָפיצירן רופט אויס נומערן. ווער עס פילט אויס אַ שורה אויפן טעוועלע, דער שרייט אויס בינגאָ!

עס איז נאָך מיט ניסים וואָס צווישן איין שפּיל און דער צווייטער צעליאַרמט זיך דער אָרקעסטער, ווען נישט דער טומל, דאַכט זיך מיר, וואָלטן אַלע איינגעשלאָפן.

⁂

די רייזע האָט ביי אונדז אָוועקגערויבט אַ שיינע פּאָר שעה פון אונדזער לעבן, דריי מאָל אין טאָג דאַרפן מיר רוקן פאָרויס דעם זייגער מיט צוואַנציק מינוט.

זונטיק דעם דרייצנטן מאַי אין אָוונט.

פּאַסאַזשירן גייען אַרום אומעטיקלעך. עס ענדיקט זיך דער אַנגענעמער, לוסטיקער ים־שפּאַציר. עס בענקט זיך נאָך דער פריי־לעכקייט פון אונדזער טוריסטן־קלאַס: דריי קינאָ פאָרשטעלונגען טעגלעך, קאָנצערטן, קינדער־פאַרוויילונגען, שווים־טאַנק, פאַרשידענע ספּאָרט־שפּילערייען.

עס האָבן זיך דורך די עטלעכע טעג געשאַפן אמתע שיפס־ברידער.

מאָרגן גאַנץ פרי דאַרפן מיר פאַרלאָזן די שיף און לאַנדן אין שערבורג.

דאָ, אויף דער שיף, האָב איך געקויפט דעם באַן־בילעט פון שערבורג ביז פּאַריז, פאַר וועלכן כ'האָב באַצאָלט פינף דאָלאַר מיט 25 סענט.

אַפילו די יוגאָסלאַוון־אַמעריקאַנער בירגער, וועלכע מאַכן איצט אַ רייזע צו זייער טיטאָ־לאַנד, זענען געוואָרן אומעטיקלעך. גאַנצע טעג און נעכט פלעגן זיי זינגען און טאַנצן. שפילן אויף פאַר־שידענע אינסטרומענטן זייערע, מיט בענקשאַפט אָנגעזאַפטע היימאַט־לידער. איצט זיצן שוין אַלע רואיק מען באַדויערט דאָס שנעלע פאַרלאָזן די שיף.

געוועזן אַן אויסגעטרוימטער שפאַציר. מען איז אין אַ פאַלאַץ, מען פאַרברענגט. עס גלויבט זיך קוים, אַז מען פאָרט. אום זיך צו איבערצייגן, אַז מען פאָרט טאַקע באמת, פלעגן מיר אַרויפגיין אויפן דעק פון דער שיף און זען ווי דער ים רוקט זיך מיט שנעלקייט.

מיר פאַרלאָזן די שיף „קווין עליזאַבעט".

מאָנטיק, דעם פערצענטן מאַי, גאַנץ פרי, זענען שוין אַלע דעקן געווען איבערפילט מיט פאַסאַזשירן. זיבן אַזייגער האָט מען סער־ווירט דעם לעצטן פרישטיק, בעת די שיף איז שוין געשטאַנען.

פאַסאַזשירן געזעגענען זיך איינער מיטן אַנדערן, ווי אַלטע באַ־קאַנטע.

יעדער פאַרנעמט זיך צו זיין ווייטערדיקער רייזע: ווער קיין ענג־לאַנד מיט דער זעלבער שיף; ווער קיין זיד־אַפריקע; ווער קיין ארץ־ישראל.

אַ סך פאַסאַזשירן פאָרן אין פאַרשידענע טיילן פון אייראָפּע.

⁂

קליינע שיפלעך בינדן זיך צו אונדזער שיף. עס קומען פון זיי אַרויף די פראַנצויזישע גרענעץ־באַאַמטע.

איינס און צוויי, מיט אַ ביז גאָר העפלעכער באַנעמונג, קוקן זיי איבער אונדזערע פאַספאָרטן. מיר גייען אַרונטער פון דער שיף און גייען אַרויף אויף קליינע שיפלעך וועלכע פירן אונדז אַ פאָר קילאָ־מעטער ביז צום פאָרט אין שערבורג.

## שערבורג - פּאַריז.

שערבורג אין פרימאָרגן. די שטאָט זעט אויס — ווי זי וואָלט געשלאָפן אין אָנטאָן.

פּאָרט־אַרבעטער — אומצופרידענע. זייערע אַרבעט־קליידער האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער אָריגינעלן קאָליר. ווייזט זיך אויף זיי ערגעץ עפּעס פון פריש קאָלירידיקייט, איז עס פון אַ נאָר וואָס אַרויפגעלייגטע לאַטע.

אַ ספּעציעלער צוג פאַר די שיפס־פּאַסאַזשירן.

די אַלע, וואָס האָבן זיך אויף דער שיף באַזאָרגט מיט באַן־בילעטן ביז פּאַריז, געפינען זיך שוין זייערע וואַליזן און פּעקלעך — אין דער בעסטער אָרדנונג — אויף זייערע נומערירטע זיץ־פּלעצער.

צען אַ זייגער פאַרט דער שנעל־צוג אָפּ דירעקט קיין פּאַריז. די באַן לויפט אימפּעטיק. פון אַלע זייטן ליגן רחבותדיק אויסגעשפּרייט, ווי פריש אויסגעוואַשענע טעפּיכער, פעלדער און גערטנער. לויפן פאַרביי באַיאָרטע, געדיכטע סאָסנע וועלדער. אַלץ שפּיגלט זיך אין דעם גאָלד גלאַנץ פון דער שיינער מאָרגן־זון.

דערפלעך שטעט און שטעטלעך, איינס נאָכן אַנדערן.

מיינע בליקן זוכן ערגעץ ווו אַ צייכן פון דעם שוידער, וואָס אייראָפּע האָט דורכגעמאַכט אין דער לעצטער וועלט־מלחמה; נישטאָ קיין סימן.

רייסט זיך די באַן פון טונעל צו טונעל, איינער לענגער ווי דער צווייטער, באַלד ווידער ליכטיקע וועלט, וואָס שמייכלט צו דיר און גריסט דיר אַזוי ליבלעך. נאָך אַ שעה פאָרן האָט זיך אויף דער באַן באַוויזן די אינספּעקציע פון צאָל־אַמט. זיי דערלאַנגען בלאַנקען, בעטן יעדן אויפצושרייבן אויף זיי, די ווערט־זאַכן וואָס מען פירט.

בלויז פאָרמאַליטעט. נישט זיי דערוואַרטן טאַקע, אַז מ'וועט בלאַנקען אויספילן, נישט ווער ס'איז פון די פּאַסאַזשירן נעמט זיך די מי דאָס צו טאָן.

ליגן בערג מיט פּעק און וואַליזן אין יעדן ווינקעלע אויף דער באַן. די אינספּעקטאָרן לאָזן קיין זאַך נישט עפענען. נאָך אַ העפלעכן

„טרע ביעך!" ווינטשן זיי אונדז צו אַ „באָן־וואָיאַזש!" דערמיט איז די קאָנטראָל־פּראָצעדור פאַרענדיקט. מיט אָט דער שטרענגקייט ווערן אויפגענומען טוריסטן אין פראַנקרייך.

נאָך פינף שעה אָנגענעמער רייזע קומט דער צוג אָן דריי נאָך מיטאָג קיין פּאַריז.

וויפל איינער זאָל נישט מיינען, אַז ער איז שוין אַן „אויסגע־גרינטער", פאַרמאָגט ער נאָך אין זיך גענוג פון דעם קאָליר.

ביים וואָקזאַל נעם איך נישט קיין טאַקסי", נאָר לאָד אויף מיינע וואַליזן אויף אַן אויטאָ פון אַ האָטעל. צוגעקומען צום האָטעל, נישטאָ קיין צימער. דורך טעלעפאָן זיך נאָכגעפרעגט דאָ און דאָרט, קוים געפונען אַ צימער אין האָטעל „מאָדערן" אויפן פּלאַץ „דע לאַ רעפּובליק". די שטרעקע אַ גאַנץ קורצע, אָבער דער שאָפער הייסט זיך באַצאָלן טויזנט זיבן הונדערט און פופציק פראַנק — דאָס מיינט ביי פינף דאָלאַר. בין איך טאַקע געוואָרן אין כעס. אָבער באַצאָלט האָב איך.

⁂

דער ערשטער איינדרוק, וואָס פּאַריז האָט דאָס מאָל געמאַכט אויף מיר, איז געווען ווי אַ בעל הביתישער ייד, וואָס איז געבאָך אַ גרויסער יורד און פאַר צרות מוז ער טראָגן די שבתדיקע קאַפּאָטע אין אַ פּראָסטן מיטוואָך.

געווען איז עס אין אַ יום-טוב טאָג, דער קריסטלעכער שבועות. די גאַסן פּוסט, די „מעטראָ" (אונטערערדישע שטאָטישע באַן) כמעט ליידיק אָן אומעט האָט געשוועבט איבער אַלץ. עס איז אָבער געווען פאַר מיר אַן אָנגענעמע איבעררעשונג אין די וויטערדיקע טעג צו דערקענען דאָס לעבעדיקע, דאָס באַוועגלעכע, דאָס שיינע אַמאָליקע פּאַריז.

די שטאָט האָט נישט פאַרלוירן אַפילו קיין האָר פון שטענדיקן, ספּעציפישן פּאַריזער חן. די שרעקלעכע איבערלעבענישן, וואָס די צווייטע וועלט־מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט, האָבן נישט איבער־געלאָזט אויף פּאַריז דעם מינדעסטן הותם. די געשעפטן זענען אָנ־געפּראָפּט מיט אַלעם גוטן. קאַפעען, רעסטאָראַנען, גאַסן, אויטאָבוסן, אונטערערד־באַן, טעאַטערס, פאַרווײַלונגס־פּלעצער, מוזעאומס, אײַ־בעראַל געפאַקט מיט מענטשן. אמת אַז די געניסערן פון דעם אַלעם,

איז בלויז אַ געוויסע שיכט פון דער באַפעלקערונג, אָבער צו דעם וועלן מיר זיך שפּעטער אומקערן.

פּאַריז איז איצט אַ סך צנועותדיקער. נישטאָ יענע רויטע פענצ־טערלעך, וועלכע פלעגן פאַרשייט אַרונטערשרייען אויף יעדן שריט און טריט, אָנוויזנדיק, אַז דאָ זענען „שאַנד־הייזלעך". היינט זענען זיי לויטן געזעץ פאַרבאָטן. אמת, די גאַסן זענען נאָך ווייט נישט באַ־פרייט פון אָט אַ דער סאָציאַלער מכה, אָבער די אָפיציעלער הפקר־דיקייט זעט מען דאָ נישט מער.

אַ פרימאָרגן אין דער יידישער געגנט.

איך האָב זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן „פּלעצל" — דאָס האַרץ פון יידישן פּאַריז. בתי מדרשים, תלמוד־תורות, ישיבות און יידישע קראָ־מען.

פון די רעסטאָראַנען טראָגן זיך געשמאַקע ריחות און דערמאָ־נען אין היימישקייט פון מאַמעדיקע מאכלים.

אין אָט דער געגנט זעט מען הייזער איינגעוואָרפענע. געביי־דעס צעטרייסלטע מיט בלינדע אויגן, דורך וועלכע עס וואַרפט אָן אַן אימה פון דער וויסטעניש וואָס נאַצי — בעל־הביתישקייט האָט דאָ איבערגעלאָזט.

מיינע אויגן ווערן איבערפילט מיט יידישן שנאה־בליק:

אַזוי גרויס — פּאַריז, און חורבן נאָר אין דעם יידישן ווינקל. אַזוי ווי איך שטיי, אַזוי פאַרטראַכט און באַלאַדן דורך אַזעלכע מח־שבות, שאַרט זיך פאַר מיר פאַרביי אַ ייד מיט אַ לאַנגער געלער באָרד און טראָגט מיר אַנטקעגן אַ ברייטן „שלום עליכם!". בשעת מעשה האָב איך געמיינט, אַז ער וויל מיך איינלאַדן צו אַ מנין, אפשר מיר גאָר מכבד זיין מיט אַן עליה (אין דאָך היינט מאָנטיק אויף דער וועלט) אויפן מאָמענט האָב איך זיך טאַקע אַ ביסל דערשראָקן, זע־נען דאָך אינגאַנצן אַרויס פון מיין זכרון די ברכות. מיין שרעק איז אָבער געווען אַן אומזיסטער: באַלד נאָכן אָפּגעבן מיר שלום־עליכם, פרעגט ער מיך: „ר'ייד האָט איר האַרטע, אָדער רונדע, אפשר גאָר אַ ביסל לאָקשן?". מאַך איך זיך טאַמעוואַטע און זאָג אים: „איך בין נישט קיין לאָקשן פאַבריקאַנט". איז מיר שוין דער ייד מסביר: האַר־טע מיינט פרעמדע וואַליוטע. רונדע, מיינט גאָלד־שטיקלעך און לאָקשן זענען דאָלאַרן. באַלד רינגלען מיר אַרום יידן און יידעלעך, ווי בינען אַ בלום. מען דינגט זיך שוין אַרום מיינע האַרטע און רונדע.

איינער אַ ייד רופט מיר דורך זיין שעלמישן בליק אַ וועק אין

אַ זייט און רוימט מיר איין אין אוי֗ער: „וויפל איר וועט זיך מיט זיי נישט באַדינגען, זאָלט איר וויסן, אַז ביי מיר קריגט איר צען פונקטן מער".



ווי זעט אויס דער איינוווינער אין פּאַריז?

אַז מען קומט מיט דאָלאַרן אין קעשענע, לייכט פּאַריז פון יעדן ווינקעלע, איבעראַל אָנגעפּאַקט פון אַלעם גוטן. די שוי־פענצטער לאָקן און רופן דורך זייער רייץ. אַרטיקלען אויסגעשטעלט מיט דעם כאַ־ראַקטעריסטישן פּאַריזער גלאַנץ און שיק, ציען מענטשלעכן נייגער צו זיך.

לעבט דער טוריסט דאָ „אַ משוגענעם טאָג".

אַנדערזש זעט אויס דער פראַנצויזישער פאָלקס־מענטש, דער אַרבעטער, דער האַרעפּאַשניק. פאַרזויערטע פּנימער, פאַרביטערטע געמיטער, נישט גענוג דערנערט, נאַכלעסיק געקליידט. אין די שע־העז, ווען אַרבעטער גייען צוריק פון דער אַרבעט פלעג איך זיך אָוועקשטעלן אונטן, אין דער „מעטראָ", און אָבסערווירן די מענטשן — מאַסע.

נישט צו געפונען די פריילעכע, קינדיש־זאָרגלאָזע פּנימער פון אַן אַמאָליקן פראַנצויזישן אַרבעטער. יעדער מיט זיין טאָרבעלע שאַרט זיך פאַרביי ווי אַ שאָטן מיט אַ פרעג־צייכן אויף זיין געזיכט: ווו נעמט מען דעם מינימום אויסצוהאַלטן די היים? ווי אַזוי קען ער דען דעקן די אַלע אויסגאַבן, בעת אַ דורכשניטלעכער אַרבעטער פאַרדינט פיר טויזנט פראַנק אַ וואָך (דאָס מיינט צען דאָלאַר), אַ גוטער פאַכ־מאַן, אַ ספּעציאַליסט, פאַרדינט פון פינף ביז פינף און אַ האַלב טויזנט פראַנק אַ וואָך, דאַן ווען לעבנס־מיטל, קליידונג, שיך און אַלע אַנדערע מענטשלעכע געברויכן קאָסטן טייערער ווי אין ניו־יאָרק? איך ווייס, אַז אַ סך פון אונדז וועלן פרעגן: „נו, לעבט דען דער לאַטיין־אַמעריקאַנער אַרבעטער בעסער?" איז דער תירוץ: דער גו־טער פאַכמאַן פאַרדינט טאַקע פיל מער, און דער פשוטער אַרבעטער אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער האָט נאָך נישט דערגרייכט צו אַ העכערן לעבנס־ניוואָ, בעת דער פראַנצויזישער אַרבעטער איז גע־ווען געוווינט צו לעבן פון זיין אַרבעט אַ גוט מענטשלעך לעבן.

איך האָב טאַקע געזען אין די אויגן פון די מענטשן דעם וואָל־קאַנישן פונק פון קנאה וואָס קוקט אויף דער שפע, וואָס גיסט זיך

אַריבער פון אַלע געשעפטן און קראָמען, צו וועלכע ער קען נישט דערגרייכן: זיי קוקן מיט שנאה צו די אַלע מענטשן וועלכע מאַכן פאַרשידענע שאַכער־מאַכער געשעפטן און בעת זיי וואַרפן זיך מיט צענטליקער און הונדערטער טויזנטער פראַנקען, דאַרפן די אַרבעטער זיין בלויז די צוקוקערס פון דעם.

אין דער צייט ווען פראַנקרייך ראַנגלט זיך אַריינצובאַקומען אויסלענדישע וואַליוטע; ווען אין קיין שום באַנק קען מען נישט באַקומען צו קויפן קיין איין און איינציקן דאָלאַר, — צו דער זעלבער צייט געפונען זיך געוויסע שיכטן, וואָס זענען דיר גרייט צו פאַרקויפן דאָלאַרן אין די הונדערטער טויזנטער. אָט די פּולווער־פאַס מוז פריער אָדער שפּעטער אויפרייסן, און צווישן די קרבנות וועט דער ערשטער זיין דער פרעמדער.

⁂

ווי גייט דאָס פאָלקס־ווערטל? „אַ גאַסט אויף אַ ווייל זעט אויף אַ מייל". איך האָב זיך באַגעגנט מיט פאַרשידענע יידישע עסקנים אין פּאַריז.

זיך געטראָפן מיט יידן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. אין זייערע היימען אין רעסטאָראַנען און קאַפעען, אויף די בערזעס, וווּ מען קויפט און מען פאַרקויפט פון אַלץ „וואָס לאָזט זיך", ווי אויך ביי געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט, ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך.

צווישן פשוטן עולם הערשט אַ שרעקלעכער כעס אויף אַמעריקע און אויף די אַמעריקאַנער. אַלע די, מיט וועמען ס'איז מיר אויסגעקומען צו ריידן: סיי פון דעם אַרבעטער, סיי פון מיטעלען אָדער סוחריש־פאַרמעגלעכן קלאַס, אַלע זענען אין כעס אויף אַמעריקע. זיי טענהן: „אַמעריקע וויל אונדז אַריינפירן אויף כח אין אַ נייער וועלט־מלחמה".

דאָס פראַנצויזישע פאָלק קען נאָך נישט קומען צו זיך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און דאָ רוקן זיך שוין כמאַרעס פון אַ דריטער.

באַזונדערס וועלן אויפגעשוידערט יידן פאַר דעם מלחמה־געשפּענסט.

די מערסטע פון זיי האָבן דורכגעמאַכט אַלערליי אומגליקן און איבערגעלעבט די טיפסטע טראַגעדיעס, פאַרלירענדיק זייער גאַנצער משפּחה.

אַליין זענען זיי אַרויס צובראָכענע, פאַרקריפּלטע, און לעבן נאָך אין דעם קאָשמאַר פון יענע שרעקלעכע געשעענישן. מער פון אַלץ מאַכט אויפצושוידערן אַלע יידן דער פאַקט, וואָס אַ סך נעכטיקע פראַנצויזישע נאַציס, וואָס אַ סך פון די, האָבן יידן באַרויבט, געשענ־דעט און געמאָרדעט, גייען אַרום אויף דער פריי ,און וואָס אַ טייל פון זיי פאַרנעמט צוריק מלוכהשע פּאָסטנס.

מען האָט מיר איבערגעגעבן וועגן פיל פאַלן, ווו אַזעלכע פראַנ־צויזן האָב ביי זיך אויסבעהאַלטן יידישע קינדער, וועמענס עלטערן האָבן די קינדער צוזאַמען מיט זייער פאַרמעגן איבערגעגעבן, כדי צו ראַטעווען די קינדער פון פייער. שפּעטער, אַז די פראַנצויזן האָבן זיך דערוווסט, אַז די יידישע עלטערן זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די טויט־לאַגערן, האָבן זיי די קינדער איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַצישע רוצחים, כדי צו בלייבן זיכער מיטן יידישן פאַר־מעגן...

ווייל זיי די יידן, האַלטן, אַז אַמעריקע איז שולדיק אין דעם, וואָס פראַנצויזן געוועזענע נאַציס, דרייען זיך אַרום אויף דער פריי, דערפאַר הערשט דאָ אַ גרויסע שנאה צו אַמעריקע. די דערשיינונג פון איין זייט, פון דער צווייטער, וואָס דער יקרות אויף אַלץ שטייגט מיט יעדן טאָג, דער אַרבעטער קען אים אין קיין פאַל נישט דערימאָגן מיט זיין אָרעמען געהאַלט. איז עס גוטער ברען־שטאָף פאַר דער קאָמוניסטישער — דעמאַגאָגישער פּראָפּאַגאַנדע. אויך אויף דער יידי־שער גאַס נוצן די יידישע קאָמוניסטן אויס די הערשענדיקע אומ־צופרידנקייט פאַר זייערע פּראָפּאַגאַנדע — צוועקן.

קיין אָרגאַניזירט יידיש לעבן זעט זיך בכלל נישט אין פּאַריז. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי אַלע יידן וואָלטן געזעסן אויף אַ וואָק־זאַל. מיט וועלכן ייד מען זאָל נישט ריידן, ווייסט ער אין וועלכן לאַנד מען קען יאָ פאָרן און אין וועלכן נישט. אַז קאַנאַדע, אויס־טראַליע אָדער זיד־אַפריקע קלערן וועגן מאַכן געוויסע ענדערונגען אין זייערע אימיגראַציע־געזעצן, ווייסן שוין יידן אין פּאַריז דעם אויס־גאַנג פון די אַלע רעפאָרמען.

וואָס שייך מדינת־ישראל:

גייט דאָ אַרום אַ ווערטל: „קיין ארץ־ישראל איז נאָר גוט צו פאָרן מיט אַ צוואָנציקער: „מיט צוואָנציק טויזנט פונט אָדער זייענדיק צוואָנציק יאָר אַלט". אַלע זענען אָבער מודה, אַז מיט אַזעלכע צוואָנ־ציקערס, איז דאָס בעסטע לאַנד פאַר יידן — מדינת־ישראל.

יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן קען מען דאָ פאַרטיילן אין דריי גרופּן:

1.—די גאָר אַלט איינגעזעסענע פון דורות געבוירענע אין פראַנקרייך, די וועלכע זענען שוין לאַנג אַסימילירט און וועמען יידיש לעבן איז ביז איצט געווען פרעמד. זיי זוכן אָבער אַ וועג אויף צוריק, ווי אַזוי זיך אָנצוקלאַמערן אין יידישקייט לויט זייער אויפפאַסונג.

2.—די וואָס גרופּירן זיך אַרום דער יידישער פעדעראַציע, אין וועלכע ס'זיינען אָנגעשלאָסן פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן און פשוטע עמך־מענטשן. די פעדעראַציע שטייט אונטער דער דירעקטער השפּעה פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי.

3.—די קאָמוניסטן, מיט זייערע פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס.

איצט לאָמיר אַנאַליזירן די לעבנס־פעיקייטן און די טעטיקייטן פון אָט די דריי אָרגאַניזאַציעס:

די אַסימילירטע פראַנצויזישע יידן וואָלטן געוואָלט צוריקקומען צו יידישקייט. זיי פעלט אָבער די אָרגאַניזיר־קראַפט וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו זייער מענטאַליטעט, צו קענען דעם שידוך דורכפירן.

די אַמעריקאַנער אַסימילירטע יידן, קענען אויף דער ענגלישער שפּראַך באַקומען ברייטערע ידיעות וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיטן יידישן לעבן.

לויט ווי איך בין אינפאָרמירט געוואָרן, איז אין דער פראַנצויזישער שפּראַך אַזאַ ליטעראַטור נישט בנמצא.

מיט דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל איז ביי די פראַנצויזישע יידן געקומען אַ דראַנג צו דערנענטערן זיך צום יידישן לעבן.

עס האָט זיך אָבער נאָך נישט אויסקריסטאַליזירט ביי זיי דער אופן ווי אַזוי דעם ענין צו רעאַליזירן.

ווי אונדזערס אַ ייד זאָל זיך נישט באַציען צו די רעפאָרם־ראַביים אין אַמעריקע, מוז מען אָבער צוגעבן, אַז זיי האָבן זייער אַ סך בייגעטראָגן צו דער דערנענטערונג פון יענעם יידישן עלעמענט, וואָס איז געווען שטאַרק דערווייטערט פון אונדז.

ביי די פראַנצויזישע יידן איז דאָס נישטאָ. אויסער דעם איז דער אַסימילירטער פראַנצויזישער ייד, פונקט אַזוי ווי דער פראַנצויז, אַ קאַרגער. עס ווערט דערציילט, אַז אין דער בעטל־פּושקע פון דער קירכע ווו דער פראַנצויז פלעגט אַריינוואַרפן סאַנטימען (סענטן) פלעגט מען געפונען מאַסן קנעפּלאַך. היינט, אַז דאָס מינ־

דעסטע קנעפּל האָט אַ גרעסערן ווערט פון דעם פראַנק, געפונט מען שוין נאָר פראַנקען...

בכלל פאַרמאָגט נישט דער פראַנצויזישער ייד, דעם ברייטן פאַרנעם פון דעם אַמעריקאַנער יידן. אפשר נעמט זיך עס דערפון וואָס פראַנקרייך איז אַ שטאַרק קאַטוילליש לאַנד. פונקט אַזוי ווי די קאַטוילישע קירכע וויל שטענדיק בינדן דעם מענטשן צו זיך, פאַר דער קלייגער נדבה וואָס זי וואַרפט אים צו — זי זוכט שטענדיק די גראָשנדיקע השפעה, אָבער וויל קיינמאָל נישט דערלאָזן דעם נויטבאַדערפטיקן זיך צו שטעלן אויף די אייגענע פיס — אַזוי זיי־נען אויך די רייכע, אַסימילירטע פראַנצויזישע יידן — זיי זענען גרייט צוצוואַרפן אַ געוויסע שטיצע, אָבער זיי זענען נישט פעאיק צו העלפן אויפצובויען אַן אייגנאַרטיק יידיש לעבן.

דאָס זעלבע גילט אויך אין זייער באַציונג צו די איינגעוואַנ־דערטע יידן אין פראַנקרייך.

2.—די „פעדעראַציע" — אַ שיינער נאָמען.

אין איר שפּיץ שטייען געלערנטע, ביז גאָר חשובע פּערזענ־לעכקייטן, מיט וועלכע די אויסערלעכער וועלט רעכנט זיך שטאַרק.

די „פעדעראַציע" איז פעאיק איינצואָרדנען אימפּאָזאַנטע מאַ־ניפעסטאַציעס, גרויסע פייערונגען — ווי למשל דער דריטער אַני־ווערסאַר פון דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל, צו וועלכע עס זע־נען געקומען פיל טויזנטער מענטשן; מיט איין וואָרט — דאָס איז אַ מין שבת — יום־טובדיקע אָרגאַניזאַציע וואָס פוצט זיך אין זיי־דענע בגדים. אמת, זי האַלט אויס אַ סך אינסטיטוציעס, אָבער דורך אַ שטאַב פון אָנגעשטעלטע, וואָס פירן זיך אויף ביז גאָר — ביוראָ־קראַטיש און צו וועמען מען קען שוין אָנקומען בלויז דורך פּראָ־טעקציע. דער עיקר: די „פעדעראַציע" האָט געהאַט אַלע שאַנסן צו ווערן די פּאַקטישע דאָרטיקע יידישע רעפּרעזענטאַנץ און דער צענ־טער, אַרום וועלכן עס זאָל זיך באַוועגן דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין פראַנקרייך.

זי האָט אָבער דעם שאַנס פאַרנאַכלעסיקט דורך דעם, וואָס זי האָט זיך גאָר ווינציק געדעכנט מיטן טאָג־טעגלעכן, האַרטן און שווערן לעבן וואָס ס'איז אויסגעקומען דורכצומאַכן דעם פּשוטן מענטשן, וועלכער איז אַהינגעקומען מיט אַ פּאַק צרות פון זיין וואַנ־דער־וועג.

אפילו וואָס שייך פועלי־ציוניסטישע השפעה, האָט זי אויך אַלע מעגלעכקייטן געלאָזט זיך אַרויסגלייטשן פון אירע הענט. נישט איינמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די „פעדעראַציע" איז נישט אַ קערפּערשאַפט וואָס איז באַרופן צו העלפן אין דעם אויפבוי פון מדינת־ישראל, נאָר פאַרקערט:

אַז מדינת-ישראל איז אַ שטיץ־פּונקט פאַר דער עקזיסטענץ פון דער „פעדעראַציע". צוליב אָט די אַלע סיבות באַמערקט זיך טאַקע אַ שטאַרקע אַפּהענטיקייט אין אַלע געביטן פון זייער אַרבעט. די אָדער יענע טעטיקייט איז: אָדער זי האַלט ביים אונטערגיין, אָדער זי זינקט אין ריזיקע דעפיציטן, פון וועלכע מען קען נישט אַרויסקריכן, אָדער זי גוססט, און די אָנפירער הויבן זיך אָן צוצוגעוווינען צום געדאַנק, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט עס מוזן אונטערגיין.

3.—ביי די קאָמוניסטן.

אַפילו זייענדיק אַ קאָמוניסטישער קעגנער, מוז מען אָנערקענען דעם פאַקט, אַז זיי ברויזן מיט טעטיקייטן. אין זייער צענטער (אויף דער גאַס „פּאַראַדיס") געפונט דער ניי־אָנגעקומענער אַלץ, וואָס קען דערמוטיקן אַן עלנדן און אַנגעווייטיקן יידישן מענטשן וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף אַ צעבראָכענעם וואַנדער־שטעקן.

איר טרעפט דאָרט אַ מענטשלעכע באַנעמונג, אַ וואַרעם ווינקל, אַ גוטע ביבליאָטעק, קליניקס פון דאָקטוירים, דענטיסטן און צאָן טעכניקער; אַ לייען זאַל, צייטונגען, פאַרלאַג, אַ נעץ פון שולן און אַ גוטן ביליקן מיטאָג. יעדער איינער, וואָס נויטיקט זיך אין הילף, ווערט אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, און מע פרעגט אים נישט זיין פּאַרטיי אָנגעהעריקייט. במילא, שאַפט זיך אַזאַ סיטואַציע, אַז אַפילו קעגנער, אַזעלכע וואָס זענען זייער ווייט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, ווערן צו זיי צוגעבונדן דורך פאַרשידענע פעדים...

זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז די אויבן אַרויסגעזאָגטע מיינונג איז נישט קיין פועל־יוצא פון אַ טיפערן שטודיום, פאַר וועלכן מען וואָלט בעדאַרפן פאַרברענגען אין פאַריז לאַנגע חדשים, ווייל אַ ישוב קיין עין-הרע פון איבער צוויי הונדערט טויזנט יידן האָט מסתמא אַ סך אַנדערע ווינקעלעך און אַספּעקטן — סיי פּאָזיטיווע, סיי נעגאַטיווע.

דאָס איז בלויז מיין איינדרוק פון דעם איצטיקן פאַריז, ווו איך האָב פאַרבראַכט אַכט טעג און באַוויזן צו זען בלויז דאָס — וואָס אַזאַ קורצע צייט דערמעגלעכט.

## מוסיע דוראַן

ווי דעם לייענער איז שוין באַקאַנט, האָט אַ שווערע סיטואַציע, צוזאַמען מיט יינגלעשער וואַנדער־לוסט, מיך אַרויסגעפירט פון ארץ־ישראל מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק.

קריגן דאַן אַ וויזע קיין פראַנקרייך, איז געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן, באַכמער מיט פאַרשידענע רעקאָמענדאַציעס פון אינסטי־טוציעס. דאָס האָב איך געוואָלט אויסמיידן, ווייל איך האָב זיך גע־שעמט פאַרן בלויזן געדאַנק, אַז איך פאַרלאָז, מעג עס זיין אַפילו צייטווייליק, ארץ־ישראל.

גיט זיך אַ ייד אַן עצה:

אַ שיפס־קאַרטע קיין מאַרסעל, פראַנקרייך, האָט געקאָסט פיר פונט. האָב איך געקויפט די שיפס־קאַרטע קיין אַרגענטינע, איינגע־צאָלט אַן אַדערויף פאַר דער רייזע פון מאַרסעל קיין אַרגענטינע איין פונט.

דאָס האָט געמיינט, אַז אין מאַרסעל דאַרף איך צוצאָלן דאָס איבעריקע געלט. דערפאַר האָב איך געקראָגן אַ דערלויבעניש צו בלייבן אין פראַנקרייך גאַנצע אַכט און פערציק שעה. געוווּסט האָב איך שוין פאַרויס, אַז דאָס פאַרבלייבן אין פראַנקרייך איז איינס פון די קלענסטע זאַכן.

געקומען קיין מאַרסעל, האָב איך באַלד גענומען די באַן און אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז.

אין די פּאַריזער צייטונגען איז געווען אַ גרויסער אַנאָנס, אַז אין דעם שטעטל „קאָרביי־עסאָן", פינף און פערציק מינוט רייזע פון פּאַריז, אין דער לאָקאָמאָטיוו־און־וואַגאָנען פאַבריק „דעקאָוויל" זוכט מען מאַלעריי־אַרבעטער. אויסגעפוצט אין מיין יום־טובדיקן אָנצוג, בין איך צוזאַמען מיט נאָך פינף חברה אַוועקגעפאָרן אין דעם שטעטל. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דער פאַבריק, האָט מען אונדז גע־געבן צו מאַכן פּראָבעס.

די ערשטע דריי זענען גלייך דורכגעפאַלן, דער פערטער איז

צוגענומען געוואָרן. מיין פּראָבע איז באַשטאַנען אין מאַכן אַן אַרבעט פון לאַקיר.

צופעליק איז מיר די אַרבעט געווען גוט באַקאַנט, ווייל אין ארץ־ישראל האָב איך זיך געהאַט אויסגעלערנט פּאָלירן און לאַקירן מעבל.

מיין פּראָבע האָט ביז נאָר אויסגענומען ביים שעף, מוסיע דוראַן.

ער האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט, און איך האָב נישט גע־וואָלט פאַרלירן אָט די געלעגנהייט.

אויסגעפּוצט אין מיין שיינעם בלויען אָנצוג, האָב איך זיך גלייך אַוועקגעשטעלט צו דער אַרבעט. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך שוין געוווינט אין דעם שטעטל.

⁂

פראַנקרייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אין די פּע־דערן. פון דייטשלאַנד האָט מען געהאַלטן און איין אַריינפירן וואַגאָ־נען, לאָקאָמאָטיוון וואָס זענען גענומען געוואָרן אויפן חשבון פון מלחמה-שאָדן־ערזאַץ .דאָ האָט מען זיי געדאַרפט איבעראַרבעטן אויף פראַנצויזישן סטיל.

מען האָט געזוכט אַרבעטער מיט ליכט, באַזונדער פּאָליי, וועלכע ווער, איך האָב דאָך אָבער ביי זיך געוווסט, אַז איך בין אַ קנאַפּער מאָ־לער, האָב איך געזוכט זיך צו דערשלאָגן דורך אַ צווייטן מיטל: דער שעף מוסיע דוראַן, איז געווען מיט אַ לאַנגער צייט צוריק אין דייטשלאַנד, האָט ער זיך דאָרט אויסגעלערנט רעדן אַ ביסל דייטש. איך האָב אים איינגערעדט, אַז מיין יידיש — איז אַ פּערפעקטער דייטש. דורך אַלע אופנים האָב איך געזוכט זיך צו באַפריינדן מיט אים; ווייל ער איז געווען דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג, ווו איך האָב געאַרבעט, האָב איך דורך גוטברידערשאַפט מיט אים געוואָלט פון אים פאַר־דעקן דעם פאַכמאַן־קאַליקע אין מיר.

איך פלעג אים און זיין פרוי, אָפּט איינלאַדן קיין פּאַריז. איך האָב זיי אויסגענומען אין פאַרשידענע פאַרוויילונגס־פלעצער. איינמאָל זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען אין דער אָפּעראַ — ווו מען האָט גע־שפּילט „טאַיס" פון מאַסענעט, לויט דעם באַרימטן ווערק פון אַנאַ־טאָל פראַנס. ער האָט נישט פאַרשטאַנען לחלוטין גאָרנישט פון דער אָפּעראַ. איך האָב אים אַלץ דערקלערט, אין זיין התפעלות איז גע־ווען אין לשער. נאָך מער האָט אים אימפּאָנירט וואָס איך, אַ פרעמ־

דער, ווייס אַזוי פיל וועגן זיינע פראַנצויזישע שרייבער. האָט ער אויסגעשריגן: „דערפאַר האָב איך ליב די יידן, וואָס זיי זענען אַזעל־כע פעאיקע און אינטעליגענטע מענטשן.

אַזוי איז זי די פריינטשאַפט צווישן אונדז מיט יעדן טאָג אַלץ מער צעמענטירט געוואָרן.

⁂

אין דער פאַבריק האָבן געאַרבעט מענטשן פון פאַרשידענע נאַ־ציאָנאַליטעטן. פיל פון זיי זענען געווען רוסישע, ווייס־גוואַרדייצעס, וואָס זענען געווען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד נאָכן אויסברוך פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע.

אַלס מיין אַרויסהעלפער, האָט מוסיע דוראַן מיר צוגעשטעלט אַ רוסישן גענעראַל, מיטן נאָמען סעמיאָנאָוו. אַ מענטש אַן איידעלער, אַ פיינער פון פאַטריאַכאַלישן אויסזען, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, דורכגעוועבט מיט זילבערנע פעדים.

ער פלעגט זיך פאַר מיר באַרימען, אַז אין רוסלאַנד בעת מען פלעגט רודפן יידן, פלעגט ער שטענדיק זיין צווישן די יידן־פריינט און יידן־פאַרטיידיקער. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסוואַשן און אויספוצן די וואַגאָנעס איידער איך בין אַהין אַריין זיי צו פאַרבן. ער האָט פאַרדינט ווייניקער ווי אַ העלפט פון מיר.

אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען פאַרשמירט, פאַרחושכט. איז אָבער געקומען דער זונטיק, פלעגט ער זיך אויספוצן אין זיינע גענעראַלסקע קליידער, מיט די עפּאָליעטן, אויף וועלכע עס האָט זיך געשלענגלט אין אַ זיגזאַג איבער דער גאַנצער ברייט, אַ גאָלדן בענדעלע. די רויטע פאַטשעווקע פון זיין גענעראַלסקן מאַנטל האָט געפינקלט.

אַ פרוי האָט ער געהאַט מיט אַ צוואַנציק יאָר אינגער פון אים. אַ בילד־שיינהייט. איינמאָל אַ היימקומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער זיין פרוי געטראָפן אַן אויפגעהאָנגענע ביי זיך אין צימער.

⁂

אין מיין אָפּטיילונג האָבן צוזאַמען מיט מיר געאַרבעט עטלאָכע מאַליאַרעס, ווייס־גוואַרדייצעס. זיי זענען געווען שרעקלאָכע יידן־שונאים.

ווייל זיי האָבן געוווּסט אַז מוסיע דוראַן איז מיינער אַ גוטער פריינט, האָבן זיי מורא געהאַט מיך דירעקט צו באַליידיקן. זיי פלעגן

אָבער אויסנוצן אַן אַנדער מיטל, וואָס פלעגט מיך פייניקן ביז משוגעת: זיי פלעגן צווישן זיך ריידן אויפן קול, כדי איך זאָל הערן, וועגן דעם וויפל יידן זיי האָבן געשאָכטן; ווי אַזוי זיי פלעגן יידישע מיידלעך, זייערע קרבנות, שענדן איידער זיי האָבן זיי געקוילערט. איינמאָל האָב איך דאָס אַלץ איבערגעגעבן מוסיע דוראַן, דערביי האָב איך אים געמאָלדן, אַז צוליב דעם פאַרלאָז איך די אַרבעט. ער האָט מיר געבעטן עס נישט צו טאָן. ער האָט וועגן דעם גאַנצן ענין אָנגעשריבן אַ ראַפּאָרט צו דער הויפּט-ביוראָ, און אין אַ קורצע צייט אַרום האָט מען זיי אַלעמען אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

⁂

מיין לעגאַליזאַציע אין פראַנקרייך:

מוסיע דוראַן איז מיט מיר אַוועק אין דער פּערפעקטור פון דער פּאָליציי, אויסגענוצט דאָרט זיין פּריוואַטע פריינטשאַפט און געבעטן מיך צו לעגאַליזירן. עס איז געווען אַ שווערער ענין, ווייל איך האָב זיך נישט געהאַט איינגעמאָלדן. אין אַ געוויסן אָוונט, האָבן מיר פאַרבעטן דעם פּאָליציי-שעף אויף אַ גלעזל וויין. ווען עס זענען שוין געשטאַנען אויפן טיש עטלעכע ליידיקע פלעשער, האָט מוסיע דוראַן זיך גענומען אויפצווייזן פאַרן פּאָליציי־שעף די וויכטיקייט פון מיין אַרבעט פאַר דער פאַבריק. ער האָט אַזויפיל אַריינגערעדט אין אים, ביז יענער האָט אונדז געהייסן קומען אויף צומאָרגנס, און ער וועט שוין אויסגעפונען אַ וועג פאַר דער לעגאַליזאַציע.

ווען מיר זענען געקומען אין די פּאָליציי, האָט דער שעף אונדז געגעבן פאָלגנדיקע עצה: אַזוי ווי דעם גאַנצן ענין אַרויסצובאַקומען אַ „קאַרט ד'אידאַנטיטע" (ווויין־דערלויבעניש) דאַרף ער שיקן קיין ווערסאַל, און ער איז זיכער, אַז מען וועט מיר ענטזאָגן און דאַן וועל איך מוזן פאַרלאָזן פראַנקרייך. טאָ איז זיין פּלאַן אָט וואָס: איך זאָל ביי אים אַרויסנעמען אַ „קאַרט־דעמאַנד" (ס'הייסט אַז איך האָב אָנגעגעבן אויף אַ דערלויבעניש צו בלייבן אין פראַנקרייך). די ביטע וועט ער האַלטן ביי זיך און זי נישט איבערשיקן קיין ווערסאַל, און אַזוי לאַנג ווי ער וועט די ביטע נישט איבערשיקן קען איך פאַרבלייבן לעגאַל אַפילו יאָרן לאַנג, אויפן סמך פון אָט דעם דאָזיקן דאָקומענט.

⁂

מיין געהאַלט אין דער פאַבריק האָט זיך אַלעמאָל געהעכערט.

אין אַ שיינעם העלן טאָג, איז צו מיר צוגעקומען מוסיע דוראַן און מיר געזאָגט: הער מיך אויס, אויב דו ווילסט אַרויף אויף דער ליסטע פון העכסטן געהאַלט־אַרבעטער גיב איך דיר איצט אַ געלעגנהייט: עס זענען אָנגעקומען „ערשטע־קלאַס" וואַגאָנען.

דאַרף מען זיי פאַרבן, אימיטירן דעמבענע האָלץ. זיי אויפריכטיק מיט מיר און זאָג מיר, קענסטו עס מאַכן?

אין אַ באַרימערישע פויזע האָב איך זיך אָװעקגעשטעלט, אָנגעהויבן ריידן וועגן אָט דער אַרבעט פונקט ווי מיין זיידע וואָלט געהאַט געוועזן אַ פאַכמאַן אין דעם... געטראַכט האָב איך ביי זיך: אפשר וועט עס געלינגען, און האָבן מוסיע דוראַן פאַר אַ גוטן ברודער מיינט גאָרנישט?

צו דער ערשטער מוסטער־פּראָבע, האָט ער מיך אויסגעקליבן. ער האָט מיר אַריינגעבראַכט קעמעלאַך, גומילעך, און שמאַטקעס. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן, ווייל איך האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי מען קריכט אַריין אין דעם. בין איך געפאַלן אויף אַן המצאה: איך האָב צו אים געזאָגט:

מוסיע דוראַן, אַזוי ווי אין האָלץ זענען דאָ פאַרשידענע כאַראַקטער־אָדערן, וואָלט איך דיך געבעטן, אַז דו אַליין זאָלסט פריער אויספאַרבן איין ווענטל, כדי איך זאָל זיך באַקענען מיט דיין געשמאַק. געטראַכט האָב איך זיך: לאָמיר קודם־כל זען וואָס מען טוט מיט די אַלע מכשירים וואָס ער האָט מיר דאָ געבראַכט. ער איז געוועזן צופרידן פון מיין פאָרשלאָג, וואָס אַזאַ „וועלט־באַרימטער פאַכמאַן ווי איך" אָנערקען זיין פאַכמענישע קענטשאַפט. ער האָט זיך פאַרקאַטשעט די אַרבל, אָפּגעפאַרבט אַ ווענטל — זי האָט טאַקע אויפגעלעבט און אויסגעזען ווי נאַטירלעכע דעמבענע האָלץ.

איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו דעם וואָס ער טוט מיט אָט אַ די אַלע אַרבעטס־כלים. איידער ער איז אַוועק האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זען אויסמיידן איינטאָניקייט, אַזוי, אַז עס זאָל אויסזען וויברירענדיק צווישן העלער און טונקעלער.

העל און טונקל: עס איז ביי מיר אַרויסגעקומען שוואַרצע בלאָטע פון איין זייט, און העלע שמוציקייט פון דער צווייטער.

אַז איך האָב אָנגעקוקט מיין „קונסט־ווערק" האָט זיך מיר פאַרצויגן אַ פאַרכמאַרעטער נעפּל פאַר מיינע אויגן. איך האָב ביי זיך געטראַכט אַלץ איבערצולאָזן און אַנטלויפן. אָבער ווי אַזוי לויפט מען,

אַז דער פאַבריק־טויער איז פאַרשלאָסן? האָב איך זיך אין געהאַקטע צרות אַוועקגעזעצט און פאַרדרוס האָט מיך געטאָטשעט.

אַז מוסיע דוראַן איז אַריינגעקומען און דאָס דערזעז, איז ער גע־וואָרן ווי אַ ווילדע חיה, זיך צעשריגן מיט אַ קול פון אַ צערייצטן טי־גער: „מערד ־ האַלאָו״! מענטשלעכער פאַראַזיט! שמוציקער ייד! וואָס פאַר אַ קללה די פראַנצויזישע שפראַך פאַרמאָגט נאָר, האָט זי, ווי לאַווע פון אַ ווולקאַן זיך געטראָגן פון זיין מויל.

איך האָב שוין מער גאָרנישט געטאָן. עס איז מיר געוואָרן אַ ביסל לייכטער נאָכדעם ווי ער האָט אויף מיר אויסגעגאָסן אַזויפיל קללות.

איך האָב זיך געגרייט איינגאַנצן צו פאַרלאָזן די אַרבעט.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט זיך באַוויזן מוסיע דוראַן. ער איז אַריינגעקומען אין דער קופּע פון וואַגאָן, פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און זיך אַוועקגעזעצט ביי מיין זייט.

מיט טרערן אין די אויגן האָט ער אָנגעהויבן זיך צו בעטן ביי מיר:

„אַנטשולדיק מיר, דו ווייסט, אַז איך בין אַ פּראָסטער מענטש; איך האָב עס נישט געטאָרט טאָן. וואָלט איך געווען אַ ביסל איידע־לער, וואָלט איך דיר נישט געקענט אַזוי געמיין באַליידיקן״. ער האָט מיך אַרומגענומען זיך געבעטן ביי מיר, אַז איך זאָל אים אַנטשול־דיקן.

ווען איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז מיר בלייבן די זעלבע גוטע פריינט ווי פריער און צו אים געזאָגט, אַז איך בין זיך מודה: אַז גערעכט איז ער געווען, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און אָנגעהויבן מיר ווייזן ווי אַזוי מען מאַכט אָט די אַרבעט.

טאָג איין, טאָג אויס האָט ער מיך געלערנט, מיך געוויזן צו פּער־פעקציאָנירן זיך, ביז איך בין געוואָרן אין דער פאַבריק דער פאַכ־מאַן נומער איינס און דערגרייכט דעם העכסטן געהאַלט.

⁂

אַז איך בין דאָסמאָל געווען אין פּאַריז, בין איך אַוועק קיין קאָרביי־עסאָן״ אויפצוזוכן דעם טייערן, האַרציקן פאָלקס־מענטש מו־סיע דוראַן.

אין משך פון אַלע יאָרן איז מיר אָט דער עפּיזאָד נישט אַרויס פון זכרון.

איך האָב דערקענט דאָס הויז: טאַקע דאָס זעלבע, נאָר שטאַרק אָפּגעלאָזן, פאַרעלטערט. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף אים ביי די שכינים; זיי ווייסן אָבער נישט ווו ער געפונט זיך איצט.

אַ קליין אינגעלע וואָס וווינט אין דעם זעלבן הויז, איז מיט מיר געגאַנגען, מיך געפירט, ביז מיר זענען צוגעקומען צום אַריינגאַנג פון דער קירכע אין קאַרביי.

צווישן אַ גאַנצער ריי אַלטע, צובראָכענע בעטלערס, האָט ער מיר פון ווייטנס אָנגעוויזן אויף מוסיע דוראַן.

איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט פון אַ מרחק צו קענען גוט באַאָבאַכטן.

געקוקט, פאַרטיפט מיינע בליקן — שווער אים צו דערקענען, אָבער דאָס איז ער דאָך. איך האָב זיך פאַרלוירן, נישט געוווסט וואָס צו טאָן.

איך בין פאַרבייגעגאַנגען די אַלע וואָס זיצן דאָ און וואַרטן אויף אַ נדבה, און יעדן איינעם געגעבן צען פראַנק.

דעם טייערן מוסיע דוראַן האָב איך אַריינגערוקט אין האַנט אַ באַנקנאָט פון טויזנט פראַנק. מיט פאַרוויינטע אויגן, בין איך אַנטלאָפן.

## פון פּאַריז ביז דער שווייץ

צו פאָרן באַלאָדן מיט אַכט וואַליזן האָט פּונקט אַזאַ פּנים ווי ווען איינער, וואָס גייט מיט זיין ווייב צו אַ גאַלאַ־פאָרשטעלונג אין דער אָפּעראַ, און ביי דער זייט שלעפּט זיך נאָך אַ בייזע, נודנע שוויגער.

בפרט נאָך ווען מען פאַרנעמט זיך צו פאָרן דורך פאַרשידענע לענדער און יעדן גרענעץ — באַאַמטן קען זיך פאַרגלוסטן בודק־טשעמאָדאַן זיין.

אין דער רייזע־ביוראָ פון י. עפּרויקין אין פּאַריז געפינט זיך אַ טייערער, היימיש־גוט ברידערישער חבר שיינער. האָב איך דורך אים אויסגעפּלאַנעוועט מיין וויטערדיקע רייזע. געקויפט אַ שיפס־קאַרטע פון נעאַפּאָל (איטאַליע) ביז חיפה, הין און צוריק. באַשלאָסן האָב איך ביי זיך צו קויפן די ביליקסטע. רעדט מען זיך פונאַנדער, ווייזט זיך אַרויס, אַז די יידישע שיף „קדמה" איז אַ סך אונטער־שטעליג לגבי דער „קווין עליזאַבעט". דער לעצטער קלאַס ליגט סאַמע אונטן ביי די מאַשינען. אויף אַ יידישע שיף דאַרף מען אויך געבן אַ טראַכט וועגן דער מעגלעכקייט פון דורכשלאָפן אַ נאַכט. האָב איך געקויפט אַ בילעט טאַקע פון דעם זעלבן קלאַס, אָבער אַ שטאָק העכער.

פאַר דער שיפס־קאַרטע הין און צוריק, האָב איך באַצאָלט זיבן און זעכציק טויזנט פראַנק (הונדערט אַכציק דאָלאַר). דאָ האָב איך אויך געקויפט דעם באַן־בילעט וועלכער גיט מיר דאָס רעכט אָפּצו־שטעלן זיך אין פאַרשידענע פלעצער אין דער שווייץ, ווי אויך אין איטאַליע.

דער באַן־בילעט אין דעם צווייטן קלאַס, מיטן אינטערנאַציאָ־נאַלן עקספּרעס־צוג, קאָסט עלף טויזנט זיבן הונדערט פראַנק (איין און דרייסיק דאָלאַר).

חבר שיינער איז געוואָרן מיין באַפרייער פון די „טשעמאָדאַן־מכות".

ער האָט זיי ביי מיר איבערגענומען און מיר פאַרזיכערט, אַז אין

מיין קאַבינע אויף דער שיף וועל איך זיי געפינען אין דער בעסטער אָרדנונג.

עלף ביינאַכט געזעגנט זיך דער עקספּרעס־צוג מיט פּאַריז. לויפט ווי אַרוח, צעפּיצלט מיט זיין שנעלקייט די נאַכט אויף שטיקלעך.

זעקס פּאַרטאָג, צוזאַמען מיטן באַווייזן זיך פון ערשטן ראַנד פון דעם מאָרגן־רויט, ווערט דער צוג איינגעשלונגען אין אַ טונעל, וואָס האַלט אים אין זיין חושך איבער צוואַנציק מינוט און קומט צוריק אַרויס אונטער אַ צושטראַלטער זון אין אַן אויסגעצוואָגן, פריש, ציכטיק, שווייצאַריש שטעטעלע „וואַלאַרבע".

ביים גערנעץ־באַאַמטן וואָס איז אַרויפגעקומען אויפן צוג, איז מיין מעקסיקאַנישער פּאַס אַ חשובער גאַסט (מעקסיקאַנער דאַרפן נישט קיין וויזעס קיין שווייצאַריע). ער באַגעגנט אונדז מיט אַ ליבלעכן שמייכל און שטעמפּלט די פּאַספּאָרטן.

דורך די אָפענע פענצטער דרינגט אַריין די ווייכע, צאַרטע שווייצאַרישע מאָרגן־לופט. זיבן אין דערפרי קומען מיר אָן קיין בערן.

אַלץ זעט דאָ אויס אַזוי געמיטלעך; זאָרגלאָזיקייט האָט זיך דאָ פונאַנדערגעלייגט ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן.

די אַלפּן־בערג שפּיגלען זיך מיט זייער זילבערנער שוים אונטער דער שמייכלענדיקער זון. מענטשן גייען דאָ מיט זיכערער טריט אויף דער ערד. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז דער טונעל, אין וועלכן מיר זענען נאָר וואָס דורכגעפאָרן איז אויסגעבויט געוואָרן ווי אַ מין „כינעזישע" וואַנט קעגנאיבער דער וועלטס משוגענעם געמיט.

נאָך אַ פּאָר שעהדיקן שפּאַציר אין בערן גופא, האָב איך זיך אָוועקגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר צום וועלט־ווונדער, וואָס הייסט „איגערלאַקן". מען קען אַהין פאָרן אינגאַנצן מיט דער באַן, אָדער בלויז אַ קליינעם טייל מיט דער באַן און דאָס איבעריקע אויפן וואַסער. איך האָב אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג. די רייזע אויף דער באַן און אויפן וואַסער קאָסט הין און צוריק צען מיט אַ האַלבן שווייצאַרישע פראַנק (אַ דאָלאַר איז 4.30 פראַנק).

⁂

אַ לעגענדאַרער אויסגעטרוימטער חלום. אין אַ וועלט פון רשעות, אונטער דער מוראדיקער מלחמה־היסטעריע, וואָס האַלט דעם מענטש אין אַ שטענדיקן פחד צווישן לעבן און טויט, האָט זיך

ווי אַ בלויער ברילִיאַנט איינגעפּאַסט אין אַ פאַרזשאַווערטן רינג — אָט אַ דער פאַרכישופטער וועלט־ווונדער זיך אַוועקגעשטעלט אייף אונדזער פאַראומערט וועלטל.

שוין צוויי שעה ווי מיר פאָרן אויף דער שפּיגלדיקער „טהאָן אָזערע" די זון טובלט אין וואַסער אירע שטראַלן און שפּיגלט זיך דאָרט גאָלדיק אָפּ. אַרום און אַרום — געשלאָסענע קייטן פון די אַלפּן בערג, וועלכע רייסן זיך דורך פאַרשידענע פאָרמען אַלץ העכער און העכער און מיט זייערע זילבערנע קעפּ האַלטן זיי אונטער דעם הימל.

די זילבער קרוינען פון די בערג און די גאָלד שטראַלן פון דער זון שאַפן, ביים אָפּשפּיגלען זיך אין דער אָזערע, אַ פּרעכטיקע קאָ־לירן־סימפאָניע, וואָס מישט זיך אין דער פרישקייט פון די יוגנ.

די הייזלעך אויףביידע זייטן וואָס זעען אויס ווי אַריינגע־שרויפט אין די בערג, טובלען זיך אין אַ ים פון פרישע בלומען־בייטן. זייערע שימערירנדיקע קאָלירן פאַרכישופן. די פאַרפומירטע לופט פאַרשיכורט. אַ חלום אויף דער וואָך איז אָט דאָס לעגענדאַרע ווינקל.

וואַסערפאַלן שיקן האַסטיק זייערע שוימיקע זילבער שטראָמען וועלכע רייסן זיך מיט שטורם אַריין אין דער אָזערע.

אין אָט אַ דעם גן־עדן ווינקל וויגט זיך אונדזער שיפל אַרומ־גערינגלט דורך געטלעכער שיינקייט.

צוזאַמען מיט מכות, פורעניות, מאָרד, שנאה און חכמה פון אַטאָם און וואַסער־שטאָף באָמבעס, האָט גאָט אויך באַשאַפן אָט דאָס אויסגעטרוימטע וועלט־ווונדער ווינקל. גאָט האָט צו דעם מענטש גע־זאָגט אַזוי:

מענטש! אָט האָסטו צוויי פאָרמען ווי אַזוי די וועלט קען אויסזען.

דו ביזט דער אין וועמענס הענט עס ליגט די בחירה, אויף וועל־כן וועג דו וועסט זיך פאַרנעמען, אַזוי וועל איך דיר העלפן.

איין וועג איז פון שנאה, רשעות, וווּ מענטש וועט מענטש צע־פרעסן און וועט פאַרניכטן מאָרגן דאָס וואָס דער היינט וועט באַ־שאַפן. וועסט זיך אין דיין אייגענעם אומצוטרוי פאַרסמען און עס וועט דיך נישט באַקומען דער היינט צוליב דער שרעק, וואָס דו אַליין וואַרפסט אויף זיך אָן וועגן דיין מאָרגן.

פון דער צווייטער זייט, אַט האָסטו דאָס שיינע, אויסגעטרוימטע וועלטל.

זע! ווי אַלץ שפּיגלט זיך דאָ אין זיכערקייט אין לעבנס לוסט און אין מענטשלעכן גענוס.

זע! ווי מענטש זעט דאָ אויס: פריש, צופרידן, מיט רויט־געזונ־טע פאַרבן אין די באַקן, קאָלירן פון גוטער דערנערונג, פון פרישער לופט און שנאה־לאָזיקייט. נישט ווי דאָרט ווו צעשרויפּטע, דערשראָ־קענע נערוון מאַכן בלאָס די באַקן און זו דורכן שאַכטעלע „רוזש" נאַרט מען זיך און יענעם.

אַזוי חלומענדיק אויף דער וואָר, האָט זיך אונדזער שיפל אַריינ־טולעט אין דעם שטעטל „אינטערלאַקן", דאָס שטעטל פּונקט ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך, וואָס מיר זענען פאַרבייגעפאָרן, איז די פאַר־קערפּערונג פון צויבער, ריינקייט, און זיכערקייט.

פאַרשידענע ריטש־באַנען רייסן זיך אויף די זילבערנע אַלפּן־בערג צו זייערע שפּיצן, ווו עס געפינען זיך רעסטאָראַנען און פאַרוויי־לונגס-פּלעצער. שטיפעריש, פריידיק קינדער־געלעכטער הערט זיך אַרום.

די פּאָר שעה וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין טרוים, וואָס איז גלייכצייטיקווירקלעכקייט האָבן מיר פאַרשיכורט.

פאַרנאַכט פאָרן מיר צוריק. די זון לאָזט זיך אַרונטער אַלץ נידעריקער און נידעריקער, ביז זי ווערט לאַנגזאַם איינגאַנצן פאַר־זונקען אין דער אָזערע. דער זילבער אויף די בערג האָט זיך אָנגע־הויבן גרויען, דער צויבער אַרום האָט אָנגעהויבן איינדרימלען ביז ער איז איינגעשלאָפן, אַזוי וועט ער זיך גוט דורכשלאָפן איבער דער נאַכט, ביז צומאָרגנס ווען ער וועט ווידער ברענגען אַ טאָג פון פרייד, לוסט, געלעכטער און זאָרגלאָזיקייט.

שפּעט אין אָוונט זענען מיר צוריקגעקומען קיין בערן, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ אייגנאַרטיקע, נאַטירלעכע געמיטלעכקייט.

בערן שמייכלט גוטמוטיק אין די פויסטן פון דער וועלטס „טעכ־נאָלאָגישער" ציוויליזאַציע.

## יידיש לעבן אין ציריך (שווייץ).

דער בעסטער מיטל ווי אַזוי זיך צו אָריענטירן און באַקענען מיט אַ נייעם פּלאַץ איז איינצושפּאַנען די פיס און מאַכן אַ שפּאַציר. בפרט אין אַזאַ שיינער שטאָט ווי — ציריך. די גאַנצע שטאָט איז איין גערדיכטער גאָרטן. פון ביידע זייטן גאַסן — ברייט פאַרצווייגטע ביי־מער, וואָס זענען אָנגעפּיקעוועט מיט אונדזער אַלט־היימיש־קאָליר־פולן פרילינג־בעז. די ציריך־אָזערע שניידט דורך די גאַנצע שטאָט, ווי די סענאַ־פּאַריז.

שפּאַצירנדיק איז מיר געוועזן אומפאַרשטענדלעך — פאַרוואָס פלאַטערן ווייס־בלויע פענער אויף די געביידעס. נו, אַז אַ ייד פון מעקסיקע פאָרט קיין ארץ־ישראל, דאַרף מען די דאָזיקע געשעענישן פייערן אין ציריך?

ווייזט זיך אַרויס, אַז די פאָן פון דער שטאָט ציריך — איז אַ ווייס־בלויע, פונקט ווי די יידישע. אַזוי גייענדיק האָבן זיך מיינע בליקן אָנגעטראָפן אויף יידישע אותיות. אויף אַ דריי שטאָקיקער גע־ביידע אין דער פאָרם פון אַ חית אויף דריי גאַסן, באַמערק איך ביים צענטראַלן אַריינגאַנג — פון שטיין אויסגעהאַקט די ווערטער — „כי בית התפילה יקרא לכל העמים".

אָנגעקלאַפּט — איז אַרויסגעקומען אַ פרוי. זי האָט מיר דער־קלערט, אַז איצט איז קיינער נישטאָ אינעווייניק, אָבער יעדן אָוונט קומט דאָ פאָר אַ „תורה־אויסשטעלונג"; דערווייל האָב איך זיך דורך איר דערוווסט, אַז אין ציריך איז דאָ אַ יידישער צענטער. געגאַנגען און געגאַנגען ביז איך בין אָנגעקומען צו אַ געביידע אויף דער וואַלאַ־טער שטראַסע נומער 27.

דאָ איז דער צענטער פון אַלע יידישע אַקטיוויטעטן. דער צענ־טער הייסט:

„שווייצאַרישער איזראַעליטישער געמיינדעס בונד". זייער העפ־לעך האָט מיר אויפגענומען דער הויפט־סעקרעטאַר הער לעאָ ליט־מאַן. אַ מענטש אַ געבוירענער אין דער שווייץ, מיט אַ יחוס פון אַ הויכן מיליטערישן ראַנג, ער רעדט ווי אַלע דאָ אין ציריך — אַ מין

דייטש, וואָס האָט געקלונגען אין מיינע אויערן ווי אַ צעבראָכענער יידיש. ער האָט זיך באַצויגן צו מיר זייער גאַסטפריינטלעך: מיך איינגעלאַדן צו זיך אין אויטאָמאָביל און אַרומגעפירט באַוויזן די שיינקייט פון דער שטאָט. אין משך פון אונדזער שמועס, האָב איך דורך אים באַקומען פאָלגנדע אינפאָרמאַציע וועגן לעבן פון די יידן אין שווייצאַריע: אין גאַנצן לאַנד ווינען צוואַנציק טויזנט יידן, פון זיי ווינען אין ציריך בערך צען טויזנט. די יידן זענען פאַרטיילט אין דריי געמיינדעס:

1. די ליבעראַלע, וואָס ציילן צוויי טויזנט פאַמיליעס.
2. שווייצאַריש אָרטאָדאָקסישע יידן — צוויי הונדערט פאַמיליעס.
3. אָסט־יידן זענען פאַראַן צוויי הונדערט פאַמיליעס.

אַלע יידן זענען קאָנצענטרירט אַרום דעם געמיינדעס־בונד.

מערסטנס יידן דאָ שטאַמען פון דייטשלאַנד אָדער פון די לענדער ווו יידישקייט הויבט זיך אָן פון מצות און קדיש, און פאַרענדיקט זיך מיט כפרות. קיין צייטונג אויף דער יידישער שפּראַך איז נישטאָ. עס גייט אַרויס אַ וואָכנבלאַט אין דער דייטשער שפּראַך — „איזראַעליטישעס וואָכנבלאַט".

דורך דער צייט פון נאָך דער מלחמה, האָבן די יידן פון דער שווייץ געהאָלפן פינף און צוואַנציק טויזנט דורכוואַנדערנדיקע יידן צו פאַרשידענע לענדער. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געפאָרן קיין מדינת-ישראל. דריי טויזנט זענען פאַרבליבן אין דער שווייץ; פון זיי האָבן זיך צוויי טויזנט איינגעאָרדנט ביי פאַרשידענע פרנסות און דאַרפן מער נישט אָנקומען צו קיין שום שטיצע. עס זענען אָבער נאָך געבליבן טויזנט יידן: אַלטע, קראַנקע וואָס זענען נישט פעאיק צו קיין שום אַרבעט — זיי ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער יידישער געמיינדע.

ביי דער „תורה־אויסשטעלונג".

אַ וואונדערבאַרע קאָלעקציע פון כלי־קודש: קרוינען צו ספרי־תורות, מענטעלעך, הענטעלעך, פרוכתן, בשמים־ביקסלעך, קידוש־בעכערס, האַנט געשריבענע ספרים און פאַרשידענע מגילות.

די קאָלעקציע איז געשאָנקען געוואָרן דורך אַ ייד מיטן נאָמען לאַזאַרוס בורשטיין — געבוירן אין סלאָנים, געוווינט אַ סך יאָרן אין קהיאַסאַ — אַ שטעטל ביי דער שווייצאַריש־איטאַליענישע גרענעץ.

דער ייד האָט זיך אָפּגעגעבן אין משך פון פיל יאָרן אויפצו־

זאַמלען די אַלע זאַכן. ער האָט זיי געבראַכט פון פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן.

פאַר זיין טויט אין יאָר 1950, האָט ער דעם גרעסטן טייל פון דער קאָלעקציע איבערגעגעבן צום בצלאל מוזעום אין ירושלים און אַ גרויסן טייל איבערגעגעבן ווי אַ מתנה צו דער יידישער געמיינדע אין ציריך.

# פון דער שווייץ קיין איטאַליע.

די באַן דרייט זיך שלאַנגענדיק צווישן בערג און טונעלן.

די הויכע בערג, איינגעהילט אין טיפן שניי, פאַרשטעלן דעם בליק צום הימל.

חושך צוזאַמען מיט פּראַסטיקער קעלט רייסט זיך דורך יעדן שפּאַרונקעלע.

עס ווייזט זיך מיר אויס — אַז די באַן האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַזאַ באַרגיקן ווירוואַר פון וועלכן זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אַרויספּלאָנטערן!

אַזוי האָט זיך די באַן געדרייט און געדרייט ביז זי איז מיטאַמאָל אַרויף אויף שמעקענדיקע פעלדער מיט פרילינגדיקע בלומען און גע־וויקסן, באַלויכטן דורך דער שטאַרקער זון פון אַן איטאַלעניש הימל.

בדרך כלל, קוקט מען אין איירָאָפּע אויף טוריסטן — ווי אַ מאַמע אויף איר ציטערנדיקן בן-יחיד. יעדעס לאַנד האָט זיך זיינע געזעצן, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט אַריינפירן. איז טאַקע געזעץ דאָס וואָס שטייט פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס. אָבער דער טוריסט איז וויכטיקער פון אַלע געזעצן. אויף דעם שווייצאַרישן צוג זענען אַרויפגעקומען איטאַלענישע גרענעץ־באַאַמטע. זייער הולך און זייע־רע פנימער זענען געווען די בעסטע עדות — אַז מיר געפינען זיך שוין נישט מער אין דער שווייץ. זיי האָבן אונדז דערלאַנגט בלאַנ־קען אויסצופילן וויפל אויסלענדישע וואַלוטע מען פירט — דערביי צוגעגעבן: אויב איר ווילט פילט עס אויס. די וועלכע זענען אַריינגע־קומען פאַר דער אינספּעקציע פון באַגאַזש, האָבן געפרעגט און גלייך זיך אַליין געענטפערט: אויב איר פירט נישט מער ווי זאַכן פאַרן פּער־זענלעכן געברויך איז גוט, דערביי האָבן זיי קיינעם נישט געלאָזט עפענען די וואַליזן.



מיר קומען אָן קיין מילאַן.

די גאַסן זענען באַרוישט פון טומל. טויזנטער מענטשן אין קאָמפּאַקטע מאַסן אויף שריט און טריט. שטייען חברה אויף טריבו־נעס, צוזאַמענגעשטעלט פון מענטשלעכע אַקסלען; זיי ריידן, זיי שרייען

און פאַרענדיקן יעדער זאַץ מיט: „וואָטאַטע פור קאָמוניסטי! וואָטאַטע פור סאָציאַליסטי!"

מען שרייט, מען גוואַלדעוועט. אָנגעצונדענע פנימער פלאַמען זיך אַריין איינער דעם צווייטן, עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אָט, אָט, און מעסערס וועלן זיך רוקן אין מענטשלעכע זייטן. גוואַלטן זענען גוואַלטן, אָבער קיין האַנט הויבט זיך נישט ביי קיינעם. מאָרגן קומען פאָר אין גאַנץ איטאַליע מוניציפאַלע וואַלן, דערפאַר ברויזט עס אַזוי אויף שריט און טריט מיט מיטינגען. מערקווירדיק: לויט אַ פאַראָר־דענונג, דאַרף אַכט אין אָוונט אָפגעשטעלט ווערן יעדער פאָרם פון פּראָפּאַגאַנדע — פונקט צו דער מינוט איז געוואָרן שטיל און מענ־טשן זיצן געמיטלעך ביי די טישלעך אויף דער גאַס פאַר די קאַפעען. די בּאַרוואַס אויפגעברויזטע פנימער, פאַרמאָגן שוין אַ געמיטלעך אי־מאַלעניש הנעוודיקן אויסזען.



פון האָטעל „פּלאַזאַ" אין מילאַן איז אַ שפּאַן צום גרויסן סקוועראַ־פּלאַץ, גיי איך דאָ אָפטער שפּאַצירן. איך קוק זיך „איין אין די פול געפּאַקטע געשעפטן מיט כל־טוב, אויף די שיינע אייגנאַרטיקע סטילן פון די רעסטאָראַנען און קאַפעען. דער ערשטער איינדרוק וואָס עס מאַכט דער איטאַלענישער מענטש איז: הוליע קבצן שטענדיק אַ פריילעכער און שפּילעוודיקער. שטייען טאָקע הונדערטער מענטשן מיט פולע קעשענעס־קערנדלעך, אַרום זיי טויזנטער פילקאָלירנדיקע טויבן, קלאַפּן מיט זייערע פליגלען, קאָקעטירן אַזויערנאָך אַ מין פריינטלעכן שלום־עליכם צו די מענטשן.

פּיקן טויבן די קערנדלעך פון מענטשלעכע הענט מיט פעסטן צוטרוי. וויל ווער פאַרבעטן צו זיך אויף די הענט אַ טייבעלע — קומט זי מיט פאַרגעניגן.

טויב און מענטש — בעת מעשה טראַכט איך: אומשולד און אַל־דאָס בייז קענען אויך לעבן אין איין וועלט געמיטלעך.

אינמיטן צעברומען זיך די גלאָקן פון דער קירכע, וואָס שטייט דאָ ביי דער זייט. שאַרן זיך מענטשן אַריין אינעווייניק. ווער דורך טוריסטישער נייגעריקייט און ווער דורך אַן אינערלעכן דראַנג, אויס־צוגיסן דאָס צעווייטיקט האַרץ דורך אַ תפילה. מען גיט מיר אָן אין גדן, אַז נאָך דער „סאַן־פּעטער" קירכע אין רוים, איז די דומאַ־„קירכע" די צווייטע אויף דער וועלט. זי פאַרמאָגט אין אַן אַרום זיך איבער צוויי טויזנט סקולפּטור־סטאַטועז.

פעלט מיר דער חוש פאַר אָט אַ דער אַלטערטימלעכקייט און ווירוויך טוכלעקייט. מיט פאַרגעניגן לויף איך באַלד צוריק אַרויס צו דער שפּילעוודיקייט פון די שיינע טויבן אונטער דעם ליכטיקן הימל.

מיין שפּאַציר פירט מיך אַריין אין דעם פאַנטאַסטישן „וויק־טאָר עמאַנועל פּאַסאַזש. געביידעס עטלעכע שטאָק די הויך, צווישן וועלכע עס שנייד דורך אין דער פאָרם פון אַ צלם אַ ברייטער פּאַ־סאַזש וואָס פירט אַרויס אויף פיר פאַרשידענע גאַסן, אויסגעפּלאַס־טערטע מאָזאַיק־שטיינלעך בלישטשען אונטער די פיס, איבער דעם פּאַסאַזש ליגט אַ ריזיק גלעזערנער קופּאָל, וואָס דערציילט דורך זיינע קונסטגעפּאַרבטע פיגורן און בילדער די ריטערלעכע געשיכטעס פון יענער צייט... גרויסע געשעפטן, עלעגאַנטע קאַפעען, רעסטאָראַנען, יע־דער מיט אַ באַזונדער אַרטיסטישן געשמאַק ווי מען וואָלט זיי צוגע־גרייט פאַר אַ קונסט־אויסשטעלונג. דאָ ווימלט מיט מענטשן. דאָ איז דער צענטער פון דעם גרויסן אינדוסטרי־האַנדל פון איטאַליע. פּאַ־בריקאַנטן, הורט־סוחרים, מעקלער פירן דאָ אין די רעסטאָראַנען און קאַפעען זייערע גרויסע געשעפטן.

צווישן די טומלדיקע געריידערייען, אויסגעמישט מיט שיי־נער, סענטימענטאַלער מוזיק וואָס קומט פון די טריאָס און קוואַרטע־טן אין די רעסטאָראַנען, האָט זיך צו מיינע אויערן דערטראָגן דער קלאַנג פון — מאַמע־לשון.

איך האָב זיך דערנענטערט צו דעם טישל. מיט אַ ברייטן שלום־עליכם האָב איך געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אָט אַ די היימישע יידן וואָס זיצן דאָ אַרום און פירן זייערע געשעפטן. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין מילאַן געפינען זיך אַן ערך פון אַכט טויזנט יידן, וועלכע וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט צו קענען אַוועקפאָרן אין אַנדערע לענדער. איינער אַ ייד, וואָס ווינט שוין דאָ איבער פופצן יאָר און מאַכט אַ פיין לעבן, האָט זיך פאַר מיר פאַרקלאָגט, אַז דאָס געזעץ אין איטאַליע דערלויבט נישט קיין איינגעוואַנדערטע צו ווערן איטאַלע־נישע בירגער — אַך ווען ער קען ווערן אַ בירגער!

אויף מיין פראַגע — שטערט דען דאָס אין אייער לעבן דאָ? ווערט איר דען דיסקרימינירט אַלס אויסלענדער?

— ניין; ענטפערט דער ייד. ווען איך זאָל אָבער האָבן אַן איטאַ־

לעגישן פּאַס, וואָלט איך שוין לאַנג געהאַט די מעגלעכקייט אַוועקצו־פאָרן פון דאַנען.

איר פאַרשטייט זאָגט דער ייד — דער איטאַליענער איז צו קלוג, אַז מען זאָל קענען פון אים מאַכן אַ לעבן; אָט ווי איר קוקט זיי אָן, האָבן זיי אַלע יידישע קעפּ איידער איר קוקט זיך אַרום האָבן זיי אייך שוין אָפּגעבלאָפט.



אַן עקסקורסיע איבער מילאַן.

מילאַן איז אַ פּרעכטיק, שיינע שטאָט — אַ מין קליין פּאַריז. זי ליגט אויסגעלייגט סימעטריש צווישן אַלייען און בולוואַרן. פון צווישן די געדיכטע בוימער־בלעטער, שיינען אַרויס מאַרמאָר־סקולפּ־טורן פון איטאַליעס וועלט־באַרימטע פּערזענלעכקייטן. דער וועג־ווייזער פון אונדזער עקסקורסיע, גיט זיינע דערקלערונגען צו די טו־ריסטן אין פיר שפּראַכן: ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש און שפּאַניש. מיר שטעלן זיך אָפּ ביי די היימען ווו די גרויסע קינסטלער זענען געבוירן געוואָרן, דאָרט ווו זיי האָבן זייערע גרויסע ווערק געשאַפן. מיר באַזוכן דאָס הויז פון טאָסקאַניני — זייער איינפאַך, פּשוט. צופיל וואַרפן זיך אין די אויגן די ניי געבויטע געביידעס, ווייט פון שיינעם איטאַלעניש אַרכיטעקטאָנישן סטיל. איינפאַך געמויערט, אַרופגעוואָרפן אַ שטאָק אויף אַ שטאָק — לויטן אַמעריקאַנעם שטייגער.

דער וועג־ווייזער דערציילט אונדז איבער דער שוידערלעכ־קייט, וואָס מילאַן האָט איבערגעלעבט אין דער צווייטער וועלט־מל־חמה. איבער פיר טויזנט הייזער זענען צעשמעטערט געוואָרן דורך דער שטענדיקער באָמבאַרדירונג. פיל פון די הייזער ליגן נאָך ווי הויפנס חורבן. איבער דריי טויזנט נייע, מאָדערנע געביידעס זענען שוין צוריק אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן פּלאַץ פון די חרוב געוואָ־רענע. ער רעדט צו אונדז מיט אַזאַ פאַרביטערונג וועגן דער מלחמה און זוכט אַרויסצורופן אונדזער מיטגעפיל פאַרן חורבן, וואָס מילאַן האָט געליטן.

איך ווייס נישט ווי זיינע רייד האָבן געווירקט אויף די אַנדערע טוריסטן; איך בין מיך מודה, אַז אויף מיר האָט עס גאָר קיין ווירקונג נשט געהאַט און קיין מיטגעפיל צו די מילאַנער האָט עס ביי מיר נישט אַרויסגערופן.

פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דאָס בילד: מיט אַ וואָך צוריק

בעת איך האָב זיך צוגעקוקט צום חושך וואָס האָט איבערגעלאָזט די דייטשע און אפשר איטאַלענישע באַמבאַרדירונג אין פּאַריז. קיין ווינקל פון דער שיינער שטאָט פּאַריז איז נישט צעשטערט געוואָרן, בלויז דער יידישער קוואַרטאַל — ווו יידן האָבן געוווינט קאָמפּאַקט אין זייער אָרעמקייט, דאָרט זענען געפאַלן באָמבעס. איצט שטייען דאָרט די הויכע געביידעס צעבויגענע, צעקרומטע, פאַרוויינטע סקע־לעטן, וואָס שרייען צו די הימלען פאַר דעם ווייטיק וואָס די אומגע־קומענע יידן האָבן געליטן ביז דער „טויט־דערלייזער" האָט זיי באַפרייט.

איך די איטאַלענער צוזאַמען מיט אייערע היטלער־שותּפים, האָבן נישט אויסגעלאָזט אייער צאָרן צו אייערע פראַנצויזישע מלחמה־שונאים, נאָר צו די אומבאַוואָפנטע, אומבאַהאָלפענע יידן.



צווישן אַלע אייגנאַרטיקייטן, וואָס דאָס שיינע מילאַן פאַרמאָגט, האָבן מיר אויך געמאַכט אַ שפּאַציר אויפן רייכן „מאָנומענטאַל־בית־עולם".

פאַרשטענדלעך, אַז עס איז אויך דאָ אַ פּשוטער, אָרעמער בית־עולם. אָבער דאָרט האָט מען אונדז נישט געפירט. צוריק גערעדט — אפשר זענען זיי גערעכט — וואָס איז דאָ צו זען ביי די קבצנים? — זיי ליגן און ד'רערד און באַקן בייגל! פּונקט ווי ביים לעבן אויף דער וועלט, מאַטערן זיי זיך מסתמא מיטן טויט אויך אויף יענער וועלט. זעט איר דעם רייכן בית־עולם איז באמת כדאי געווען צו באַזוכן. די פּרעכטיקע געביידע ביים אַריינגאַנג — ווי צו אַ מוזעאום, זאָגט עדות, אַז דאָ האָסטו נישט צו טאָן מיט עפּעס אַ שנאָרערישע טויטן־געזעלשאַפט.

דער בית־עולם איז איינגעטיילט אין דריי טיילן: אַ קאַטוילישער, אַ פּראָטעסטאַנטישער און אַ יידישער.

אין אַן אויסגעטרוימטן גאָרטן צווישן בוימער, בלומען און עק־זאָטישע פלאַנצונגען, גייען אַרום די לעבעדיקע צווישן די קברים.

אַז מענטשן זאָלן זייערע אָנגערויבטע פאַרמעגנס אפילו נאָכן טויט נישט פאַרגינען איבערצולאָזן צו די לעבעדיקע, נאָר מיטנעמען מיט זיך אויפן קבר, דאָס האָב איך זיך אין מיין פאַנטאַזיע נישט גע־קענט פאָרשטעלן.

הערט און שטוינט! עס זענען דאָ קברים, וועלכע האָבן אָפּגע־

קאָסט ביז אַכט מיליאָן לירעס (לויטן קורס פון דער לירע פאַרן ערשטן וועלט־קריג).

גאַנצע לעבנס ביאָגראַפיעס פון די פאַרשטאָרבענע זענען דורך סקולפּטור אויסגעאַרבעטן געמאַכט געוואָרן פון די באַרימטסטע קינסטלער.

קברים, אַרום וועלכע עס זיצן גאַנצע משפּחות דורך (מאַרמאָרנע פיגורן) און באַוויינען דעם טויטן.

אַ קבר פון איינעם וואָס האָט ליב געהאַט פערד־געיעגן, שטייען זיינע ליבלינגס פערד אין מאַרמאָר פאַראייביקט אַרום זיין קבר. אַזאַ הולטאַיסטוויע ביי טויטע אַפילו אַ משוגענער פאַנטאַזיאָר זיך נישט פאָרשטעלן.

פאַרבייפאָרענדיק אַ גרויס מאַיעסטעטישן פּאַלאַץ, זאָגט צו אונדז דער וועג־ווייזער: דאָ געפונט זיך דער שיינער פּאַלאַץ פון העכסטן געריכט מיט אַזויפיל יוסטיץ־רעספּעקט פון דרויסן, און אַזוי ווינציק יוסטיץ אינעווייניק.

מיר זענען אַרונטער אין אַ גרויסן פּאַרק, דאָרט ווי פאָלקס־מענטשן שפּאַצירן.

אַ מאַן, אָנגעטאָן אין אַרבעטס־קליידער, האָט זיך פאַרבייגע־שאָרט און אַריינגעזאָגט: איר זעט דעם פּלאַץ — דאָ האָט מען דער־שאָסן דעם איטאַלענישן פאַררעטער — בעניטאָ מוסאָליני.

⁂

אין „סקאַלאַ" טעאַטער אין מילאַן.

שטייענדיק ביים אַריינגאַנג צום טעמפּל, וואָס איז פאַרבונדן מיט די גרעסטע וועלט־באַרימטע קינסטלער פון טעאַטער, טענץ און מו־זיק און נישט בייוווינען אַ פאָרשטעלונג דאָרט — איז עס אַ געפיל — פון אַ ווילד־דורשטיקן, וואָס שטייט אַ שפּאַן פון אַ קלאָרן וואַסער־קוואַל און קען צו אים נישט דערגרייכן.

נישטאָ צו באַקומען קיין בילעטן פאַר קיין שום פּרייז. פאַר די קומענדיקע פאַר וואָכן איז אַלץ אויספאַרקויפט.

קלאָג איך מיין ביטער האַרץ אויס פאַרן בעל־הבית פון „פּלאַזאַ", האָטעל, איז ער ווייזט אויס נישט קיין פאַרשלאָפענער איטאַליענער און האָט אַ פאַרשלאַג גרייט אויף דער האַנט: אַזוי ווי ער האָט אַן אַבאָנאָמענט פאַר צוויי פּערזאָן צו די פאָרשטעלונגען אויף דער

ערשטער ריי, איז אויב איך וועל אים באַצאָלן פינף און צוואַנציק דאָלאַר, איז ער גרייט דורכצולאָזן היינטיקע פאָרשטעלונג.

אַ ביסל אַ צו הויכער פּרייז, נאָר באין ברירה, באַצאָל איך. ס׳איז כדאי געווען.

וויפל אַ מענטש זאָל דורך זיין דמיון אויספאַנטאַזירן באַגריפן איבער העכסטער קונסט דערגרייכונגען, איז עס אַ נול קעגן דעם וואָס מען זעט דאָ אין דערווירקלעכקייט.

דער אויסערלעכער אויסזען פון דעם טעאַטער, מאַכט נישט קיין באַזונדערן איינדרוק: אַן אַלטע געביידע, וואָס זאָגט גאָרנישט. דערפאַר, באַלד ביים אַריינקומען אינם אַריינגאַנגס-זאַל. קומט דיר אַנטקעגן אַ וווּנדערבאַרע קונסט־אויסשטעלונג דורך מאַרמאָר־סקולפּטורן פון די גרעסטע וועלט-קינסטלער. עס נעמט אַרום אַ קדושה־געפיל, ווען מען געפינט זיך אין דעם טעמפּל פון דער העכסטער לירישער קונסט.

דער טעאַטער-זאַל פאַרכאַפּט מיט זיין אויסטערלישער עלעגאַנץ: אַלע זיבן שטאָק, די לאָזשעס, און גאַלערייען טונקען זיך אין רויטן פּלוש, געראַמט אין גאָלד. זיי ווערן באַלויכטן דורך קרישטאָלענע זשיראַנדלען, וואָס שימערירן אין זייער פיל קאָלירידיקייט.

דאָס מאָל האָט מען געשפּילט „דער מאַרטירער פון סאַן סעבעסטיאַן" אַ ווערק אין פינף אַקטן געשריבן פון גאַבריעל ד׳אַנונציאָ. די מוזיק פאַרן הונדערט פּערזאָנאַזשידיקן אָרקעסטער האָט געשאַפן קלאָודיאָ דעבוסי.

די גאַנצע פאָרשטעלונג ווערט אויפגעפירט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך.

דאָס מייסטערווערק איז געבויט אויף לעגענדע און ווירקלעכקייט, ליידנשאַפט און גייסטיקע דערהויבונג, קאַמף צווישן שקר און אמת.

די פאָרשטעלונג און די מוזיק פירן אַריין דעם צוקוקער אין אַ וועלט וואָס שטייט העכער איבער דעם מענטשנס טאָג־טעגלעכער גראָבקייט. ברעכט די מכלומרשט אַנגענומענע געזעלשאַפטלעכע באַגריפן איבער מאָראַל. דו פילסט, אַז דו ווערסט אַ מיטבאַטייליקטער אין די אַלע געשעענישן און איבערלעבענישן.

די צויבער־דעקאָראַציעס, באַזונדער די סצענעס אויפן הימל — וווּ אַלץ ווערט געשטעלט צום משפט, מאַכן דיר פאַרגעסן אין דער גאַנ־

צער דאָ־וועלטיקייט, דערפירן דיר צו העכסטער, ראַפינירטער מענטש־לעכער געשטאַלטונג.

די איבער פינף הונדערט אָנטיילנעמער אויף דער בינע, זענען אויסגעגאָסן ווי פון איין שטיק.

זעסט באַשיינפערלעך: ווען עס זאָל ערגעץ ווו פעלן איינער — וואָלט געבליבן אַ חלל אין דער פולקאָמענקייט.

די פראָזשעקטאָרן און עלעקטרישע עפעקטן זענען אַ קונסט־ווערק אַן און פאַר זיך. זיי שאַפן צו די לעגענדאַרע דעקאָראַציעס — פאַרווירקלעכונג פון אויסגעטרוימטע פאַנטאַזיעס.

אַרויס פון דער פאָרשטעלונג בין איך געווען באַגייסטערט: ווען בלויז צוליב דעם וואָלט מיין רייזע געווען, וואָלט עס אויך געווען כדאי.

אַ גוטן דיר! שיינע און אינטערעסאַנטע מילאַן.

איך פאַק מיינע פעקלעך צו פאָרן דאָרט, ווו מען וויל אונדז איינריידן, אַז אַלע וועגן פירן — קיין רוים. —

# פון מילאַן קיין רוים און נעאַפּאָל

דער גאַנצער באַן־סיסטעם אין איטאַליע, איז אַן עלעקטרישער. דער וועג מילאַן — רוים איז זעקס הונדערט און פופציק קילאָמעטער.

דער עקספּרעס־צוג שלינגט איין אָט אַ דעם גרויסן שטח אין ווייניקער ווי זיבן שעה. פליט די באַן ווי אַ רוח. ס'איז שווער אָפּצושטעלן די בליקן פאַר אַ ווייל אויף די פאַרביילויפנדיקע פּאַנאָראַמעס.

אין יעדער קופּע, זיצן צו זעקס פּאַסאַזשירן. נעבן מיר זיצט אַן אַמעריקאַנער, אַ מיטליעריקער מאַן, אַ גוטמוטיקער. ער איז גרייט דיר אַלץ אַוועק צו געבן אַבי דו זאָלסט נאָר האָבן געדולד אויסצוהערן זיינעם אַ וויץ. עס רעדט זיך נאָר אַזוי אַ וויץ!

האָט ער נאָר אָנגעהויבן דערציילן איז עס אָן אַ סוף. אַז דער וויצן־באַגאַזש האָט זיך אים געענדיקט, האָט ער איבערגעדרייט דעם „וויצן־טשעמאָדאַן" און אָנגעהויבן איבערחזרן די פריערדיקע. נאָך יעדן וויץ צעלאַכט ער זיך אַליין מיט אַזאַ טיפהאַרציקייט, אַז בלויז זיין געלעכטער שטעקט אָן. ער פאָרט איצט קיין רוים.

יאָרן לאַנג האָט ער געשפּאָרט כדי צו דערגרייכן זיין טרוים. שטענדיק האָט ער געחלומט פון זיין אין רוים און זען דעם פּויפּסט. איצט שטייט ער אויף דער שוועל פון זיין דערגרייכונג. דאָס איז פאַר אים דער העכסטער ציל אין זיין לעבן. ער רעדט וועגן דעם דאָזיקן מאָמענט מיט אַזאַ עקסטאַז, אַז מיר בלייבט בלויז איבער אים נאָכצובאָמבלען. צוריקגערעדט פאַרוואָס טאַקע אים נישט לאָזן באַקומען זיין באַגייסטערונג? ביי זיך טראַכט איך: מיין פאָרן איז דאָך ווייטער און העכער פון רוים! ווייל איבער רוים און העכער פון רוים שטייט ירושלים.

מיר זענען געווען פאַרטיפט אין אונדזערע שמועסן און געדאַנקע און נישט באַמערקט ווי דערווייל האָט די באַן געטאָן דאָס איריקע — געלאָפן, זיך געריסן, ביז 'זי האָט דערגרייכט צו די טויערן פון רוים.

די זון הויבט זיך אָן צו זעצן. דער הימל ווערט אַלץ רויטער און רויטער — פייערדיקער צונטער, ווי צולאָזענער קופּער זאָל שריפהדיק

זיך האָבן געקאָכט איבער אונדז. אַ שרעק כאַפּט מיך אַרום צווענ־דיק די גהינמדיקע פייער־לאַוועס, וואָס צושפּילן זיך אין די הימלען דאָ — ביי די טויערן פון רוים. אַזוי טראַכט איך, האָט געמוזט אויסזען רוים דאַן ווען דאַנטע האָט געשריבן זיין „גהינם”.

מיין שכן ווערט טויט ערנסט, זיינע אויגן ווערן פייכט. ער רעדט מער צו קיינעם נישט אויס קיין וואָרט. מיט אַ טרוקענעם „העלאָו”! גייט ער אַרונטער פון דער באַן.

דער וואָקזאַל אין רוים איז דער שענסטער, וואָס איך האָב װען עס איז געזען, ווייזט אויס, אַז אַזוי זעט אויס יעדער פּרוזדור, וואָס דורך אים זוכט מען צו שאַפן שטימונגען.



רוים ביינאַכט. הונדערטער מענטשן ווי שדים־רוחות, שאַרן זיך איבער די גאַסן; זיי זענען איינגעהילט אין ברוינע און שוואַרצע מאַנטלען.

ווײ־רויק פּאַרהאַלט די פרישע לופט, און שפּאַרט זיך דורך די נאָז לעכער. עס הויבט מיר אָן פעלן לופט צו אָטעמען. די האַלב טונקעלע באַלייכטונג, שאָטנט דעם שוואַרץ פון די הייזער און לייגט זיך ווי אַ שווערע מאַסע אויף מיין געמיט. ברומט אונטער אַ פּראָ־טעסט צו מיין קאַלמוטנער שטימונג: — „סטייטש, דאָ איז דאָך בע־שטאַנען דאָס וויגעלע פון דער וועלט־ציוויליזאַציע! ערשט איצט הויב איך טאַקע אָן באַגרייפן, פאַרוואָס די וועלט־ציוויליזאַציע האָט אַזאַ פּנים. שרייט אַריין אין דער טונקעלקייט פון דער נאַכט דאָס ברו־מען פון די קירכן גלאָקן, ווי דאָס קרעכצן פון אַ שווער קראַנקן. דאָ קומט מיר אויפן געדאַנק דער וווּנדערבאַרער פּראָטעסט־געשריי פון אונדזער דיכטער אברהם רייזן:

„אַך וואָס קלינגט איר קירכן גלאָקן,
הערט שוין אויף, גענוג געשראָקן
האָבן אייערע ווילדע טענער
אונדזער אָרעמע וועלט”.

„איר דערמאָנט מיר יענע רוחות,
די קאַטוילישע מלוכות,
וועלכע האָבן עשאַפאָטן
הויכע אויפגעשטעלט”.

נאָך דעם נאַכט־שפּאַציר איבער רוים, לויף איך אין דעם — צו מיין שטימונג צוגעפּאַסטן־האָטעל „קאָלומביאַ" ווו די הייליקע מאַמע מיטן געראָטענעם זון, וואַכן איבער מיין צוקאָפּנס. אַזוי, ווי נישט ווי, שטופּ איך דורך די לאַנג צעצויגענע נאַכט.

זיבן אינדערפרי שטיי איך שוין פאַר די טויערן פון „גאָטס־קעניגרייך". ווו ברוינע און שוואַרץ מאַנטלדיקע „מלאכים", אויס־געפּאַשעטע דורך די פיל „תעניתים", שאַרן זיך ווי די שאָטנס הין און צוריק. דער פאַרנעם, דער אַריינגאַנג צו דער „סאַן־פּעטער" קיר־כע איז קאָלאָסאַל. מאַרמאָרנע סטאַטועס, פון די קאַרדינאַלן און פויפּסטן, זענען אויסגעשטעלט אויף שריט און טריט. אויך אויפן דאַך שטייען די סטאַטועס — אויסגעשטעלט איינער נעבן דעם צווייטן — ווי פאַרמיטלער צווישן גאָט הויבן, און די זינדיקע מתפּללים אונטן... די בלענדנדיקע ליכטיקייט, די קונסט־ווערק און די שימע־רירנדיקע פּורפּור און גאָלד קאָלירן, וואָס קאָמבינירן זיך מיט גאָך אינעוויניקסטע פּילפּאַרביקייט — פאַרכאַפּן דאָס אויג. דאָס האָבן, אויף אַזאַ מייסטערהאַפטן אופן, אומשטערבלעכע וועלט־קינסטלער, געשאַפן אַן אַטמאָספערע, וואָס זאָל אַריינפירן דעם מענטשן אין אַ געטלעכער שטימונג. אין דאָס אַלצדינג איז דאָ אַזוי לעבעדיק, פריש און ניי, ווי מען וואָלט עס נאָרוואָס געהאַט אַרויסגעגעבן.

בודקעס, בודקעס און בודקעס.

אויף שריט און טריט שטייען פונאַנדערגעשטעלט די בודקעס פאַרמאַכטע, בלויז אַ לעכל איז אָפן, דורך וועלכן מען קען קניענדיק אַריינריידן און זיך מתודה זיין.

אויף יעדער איינער פון די בודקעס איז פאַרהאַן אַן אויפשריפט וואָס זאָגט דורך וועלכע שפּראַך מען קען זיך אָפּריידן פון האַרץ.

אַך, ווי מיר כאַפּט אַרום אַ ווילן זיך צו דערנענטערן אָט צו איינער פון אַזאַ בודקע און אַריינשעפּטשען אַהין מיין יידישע תפילה!

איך קלייב מיר אָבער אויס פאַר דעם אַ בעסערן פּלאַץ: אין סאַמען צענטער פון דער „סאַן־פּעטער" קירכע, שטייט אַ פעסט גע־בויטע חופּה פון גאָלד און רויטן סאַמעט. אונטער אָט דער חופּה זע־נען עס געקרוינט געוואָרן אַלע ביז איצטיקע פויפּסטן. אַ פּאַר מעטער פאַר דער חופּה געפינט זיך אַ פּלאַץ וואָס איז אַרומגעצוימט מיט גאָלדענע באַריערן. טרעפּ פירן אַרונטער צו אַ קעלער, אין וועלכן עס געפינען זיך די קברים פון אַלע פויפּסטן. אַרום און אַרום זענען

פאַרהאַן הונדערטער נר־תמיד'ס. אָט דאָ, אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ, שטעל איך זיך אָוועק און הויב אָן שעפּטשען מיין תפילה אַזוי: „איך בין זיכער, אַז איר אַלע פייניקט זיך דאָרט אין גהינם. איר צאָלט פאַר אַלע אומגליקן וואָס איר האָט פאַרשאַפט צו מיין פאָלק. דורך אינקוויזיציעס, קרייץ־צוגן, אומגליקן, פאַרגיפטעטע ברונימער, בלוט־בלבולים, פּאָגראָמען, רציחות און מאָרדן. ביז דעם לעצטן אומקום אין די גאַז־קאַמערן פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים, וואָס דאָס אַלצדינג איז געווען אַ רעזולטאַט פון אייער אָנגעהויבענער „היילי־קער" אַרבעט.

איך בין זיכער, אַז דאָרטן — ווו פון אַלץ ווערט אָפּגענומען אַ דין־וחשבון־צאָלט איר פאַר אייערע „הייליקע" פאַרברעכנס. טאָ בעט איך דיר ליבער גאָט, מיין גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב, באַפריי זיי פון וויטערדיקע פּיינונגען אפשר, דורך אונדזער מחילה, ווען זיי דורך זייער גייסט אָנזאָגן דער וועלט: „אין נאָמען פון גאָט פאָדערן מיר אויף, אַז מענטש מיט מענטש מוז צווישן זיך לעבן ווי ברידער, דאַרפן זיך באַציִען קעגנזייטיק מענטשלעך, אַפילו ווען זייערע גלויבנס זע־נען פאַרשידענע".

צוויי שעה האָט געדויערט מיין באַזוך אין דער „סאַן־פּעטער" קירכע. פון קינסטלערישן קוק־ווינקל צו באַטראַכטן און באַנעמען דעם גאַנצן דאָרטיקן אַמביענט דאַרף מען אַליין זיין אַ גרויסער קינסטלער אויף צו זיין אומשטאַנד אָפּצושאַצן דעם גרויסן ווערטפולן באַדייט פון דעם אַלעם, וואָס די אויגן קענען זיך דאָרט קינסטלעריש זעטיקן.

די אויפגעמויערטע פעסטונג אַרום דער וואַטיקאַן־שטאָט, פאַר־נעמט אַ שטח פון זעקס קילאָמעטער. ריזיקע דיקע ווענט וואָס האַלטן עטלעכע שטאָק די הויך. אומעטום דרייען זיך דאָרטן אַרום פּאָליציי־וואַכן וואָס אייגנטלעך זיי היטן דאָרט, האָב איך זיך נישט באַמיט אויסצוגעפונען. איך האָב נאָך באַזוכט דעם וווּנדערבאַרן „וואַטיקאַן־מוזעום" און באַלד בין איך צוריקגעפאָרן צום צענטער פון דער שטאָט.

⁂

אויפן וועג קיין רוים, האָב איך לכתחילה פּלאַנירט, צו בלייבן דאָרט עטלעכע טעג. איך האָב אַפילו געהאַט אַ ספּעציעלע רעקאָ־

מענדאַציע בריוו צום הרב הראשי פון רוים — הרב אַלעקסאַנדער שאַפּראַן.

איך האָב אָבער אַלץ אויפגעגעבן. זאָל מיר רוים מוחל זיין.

דער ווייַ־רויך און די שוואַרצע און ברוינע מאַנטלען, וועלכע הילן איין די קדושה, האָבן אויף מיר אָנגעוואָרפן אַזאַ שרעק, אַז איך האָב עס נישט געקענט מער אַריבערטראָגן.

צוויי בייטאָג בין איך שוין געזעסן אין דער באַן, וואָס איז מיט אַזאַ עולם־הזהדיקער פרייקייט אַנטלאָפן פון דער קדושה־טוכלעכקייט, און אין דריי שעה שפּעטער האָט די באַן אונדז אַריינגעפירט אין דער פּרעכטיקער שיינער שטאָט ביים מיטללענדישן ים; אין דער שטאָט ווו מענטשלעכער געלעכטער פאַרהילכט די גאַסן, ווו די לופט איז איבערפולט מיט מוזיק, געזאַנג און איטאַלענישן חן, ווו אַ פּריש ים־ווינטל פאַרגלעט דעם גלי פון די ליכטיקע זון־שטראַלן, שטראַלן וואָס באַגילטן די שיינע, מאָדערנע, לעבנסלוסטיקע, פריילעכע שטאָט — נעאַפּאָל.

## פון נעאַפּאָל אויף דער יידישער שיף „קדמה".

אין וואָס פאַר אַ שטימונג געטע איז דאַן געווען, ווען ער האָט זיך אויסגעדריקט: „איינמאָל נעאַפּאָל זען און דאַן שטאַרבן" — ווייס איך נישט. יעדנפאַלס איך בין מיט אים נישט מסכים, — פאַרקערט אין נעאַפּאָל, ווילט זיך ערשט רעכט אָנהויבן לעבן. ווען עמיצן זאָל קומען אויפן געדאַנק אַזאַ איינפאַל אין רוים, וואָלט איך אים פאַרשטאַנען. אין אַ שטאָט, וווּ מען שוועבט שטענדיק צווישן רוחות און שדים: פילט מען זיך במילא דערנענטערט — צו יענער וועלט.

די קאָלירפולע נעאַפּאָל אָבער ווי רייך צויבערט פון יעדן ווינקעלע. ווי בערג, טאָלן, עקזאָטישע פלאַנצונגען זעען אויס ווי זיי וואָלטן נאָרוואָס אַפיר געקומען פון דעם מאָלערס פענזל — דאָס אַלץ רופט צום לעבן. אין דער אַטמאָספערע פון דער ווייך־צאַרטער נאַכט־לופט ביים ברעג פון בלויען ים, דאָרט ווו דער חלל איז אָנגעפילט מיט ראָמאַנטישע מעלאָדיעס וואָס קומען פון די פאַנטאַסטישע קאַפּעען, דאָרטן — אין דער שטימונג פון — געלעכטער, פרייד און מוזיק — ווילט זיך ערשט אויף אַן אמת לעבן!



ווי אין אַ חלום — דאָרטן ווו פאַנטאַזיע קען זיך צעשפּילן אין רעאַלע אומבאַגרענעצטקייטן — זעט אויס דער שפּאַציר צווישן פּאָמפּיי, סאָרענטאָ און קאַפּרי. אין דעם דאָזיקן וועלט־ווינקל, צופּיסנס פון דעם ווולקאַן „וועזוף" — ווו די רוימישע אימפּעריע האָט אָנגעהויבן צעוויגן איר געיעג נאָך וועלט־מאַכט, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק — זענען היינט צו טאָג בלויז געבליבן רייכע מוזעומס פון די אַלע אימפּעראַליסטישע אַפּעטיטן. דער „וועזוף", וואָס שטייט אינמיטן ים, האָט זיך אַמאָל שטאַרק צעבייזערט און אָנגעהויבן שפּייען מיט פייער, רויך און לאַווע און אָפּגעווישט די אַמאָליקע שיינע שטאָט פּאָמפּיי. אַזוי האָט דער וועזוף אַ לאַנגע צייט אָנגעוואָרפן אַ שרעק מיט זיינע פייערדיקע צונגען, ביזן סוף פון טויזנט נייַן הונדערט און פערצן. ווי עס ווייזט אויס האָט זיך אין דעם יאָר דער קראַטער

„ווענזוף" שטאַרק דערשראָקן פאַר זיין פאַרניכטונגס קאָנקורענט — דעם מענטש. ווען ער האָט דערזען — די שרעקלעכע בלוט־באָד אין וועלכער מענטש און מענטש פאַרניכטן זיך איינער דעם אַנדערן, פלאָנטערן זיך כסדר פון מלחמה צו מלחמה, ווי אין אַ כשוף־קרייז. האָט דער „ווענזוף" דאַן ביי זיך געטראַכט: צוואָס דאַרף איך שוין זיין דער צושטערער און פאַרניכטער — ווען דער מענטש מאַכט עס אַ סך בעסער פאַר מיר!

דאָס האַלב־אינדזל סאָרענטאָ זעט אויס ווי דער גן־עדן התחתון. ווי אַ ברילִיאַנט איינגעפּאַסט אין דעם וועלט־ווינקל ליגט סאָרענטאָ.

אויף שריט און טריט איז דער גאַנצער שטח אויסגעשפּרייט מיט אָראַנדזשן־פּלאַנטאַציעס. בלומען־גערטנער און איילבירט־בוימער; זייער גאָלד און רייצנדיקע, בונטע פאַרבן, שפּיגלען זיך האַרמאָניש אין דער בלויקייט פון דעם ים.

דאָס אינדזל קאַפּרי פאַרמאָגט אין זיך־אַזאַ מאַגנעטישן רייץ, אַז עס ווילט זיך גאַרנישט אַרויס פון אָט אַ דעם גן־עדן ווינקל.

פאַרענדיק מיט אַ שיף צום אינדזל קאַפּרי, וווּנקען צו דיר פון דערווייטנס ריזיקע פעלזן, וואָס קאָקעטירן מיט זייערע פאַרריסענע קעפּ און שפּילן זיך צעגליטע אונטער דער צעשטראַלטער זון. זיי ווערן אָבער באַלד אָפּגעקילט דורך די צעשטורמטע ים־כוואַלעס.

אינמיטן וועג האָט זיך אַ שטיק ים קאַפּריזעוועט און אים האָט זיך פאַרגלוסט אויסצובעטן אַ געלעגער אונטער די בערג. פאָרט מען צו צווייַ אין אַ לאָדקע, איינגעבויגן אין דרייען, כדי מען זאָל קענען דורכקריכן די קליינע עפענונג אין דעם באַרג. ווי אַ בלויער מאַגי־שער שפּיגל גיט מיט אַ מאָל פאַר אונדז אַ בליאַסק די פינקעלדיקע ליכט פאַר די אויגן, און זעט אויס ווי ברילִיאַנטן אונטער אַ שטאַר־קער רעפלעקטאָרישער באַלייכטונג. עס איז נישט צו באַגרייפן דעם דאָזיקן וועלט־ווונדער. אין אַ פאַרמאַכטער הייל, אַן לופט, טאָ פון־וואַנען קומט די צויבערדיקע ליכט? אויף די ווענט און סופיט אין דער דאָזיקער הייל, האָט די נאַטור, אין משך פון דער אייביקייט, אויסגעפורמט אַלערליי פאַרשידענע פיגורן ווי: „דער לייבן קאָפּ" און נאָך אַ סך אַנדערע. אַזוי זעט אויס די גרוטאַ — „אַזוראַ". אַרויסקו־מענדיק צוריק צום אָפענעם ים איז פונקט ווי מען זאָל זיך אויפ־כאַפּן פון אַ ווונדער שיינעם חלום.

צוויי הויכע פעלזן, וואָס רייסן זיך פון די ים־טיפענישן אין די

הימלען, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פוןביידע זייטן און ווי אין אַ טויער פאָרט מען דורך זיי אַריין אין דעם האַפן פון קאַפּרי.

אויף דעם דאָזיקן אינדזל פלעגן זיך באַהאַלטן די אַמאָליקע פּי־ראַטן, וועלכע זענען אַנטלאָפן און זיך אויסגעהיט פון געזעץ. היינט אין קאַפּרי באַפעלקערט פון צען טויזנט איינוווינער. דער קלימאַט דאָ איז אַ צאַרטער, אַ מילדער. די גאַסן און געסלעך טובלען זיך אומעטום אין שאָטן פון פּרוכט־ביימער, ווייַנגערטנער און בלומען־בייטן. פּרעכטיקע רעסטאָראַנען און האָטעלן געפונען זיך ביי די זייטן פון די שפּאַציר־אַלייען, וועלכע טונקען זיך אין גרינס און אין בלומען.

אַלץ צוזאַמען רעפלעקטירט אָפּ זייער צויבער אינם ים־שפּיגל. פון קאַפּרי זענען מיר מיט אַן אויטאָמאָביל אַרויפגעפאָרן אויף אַ צווייטן באַרג וואָס געפינט זיך אויף דעם אינדזל „אַנאַקאַפּרי”.

אויך דאָ צויבערט מיט אויסגעטרוימטער פאַנטאַזיע; דאָ גייען אַרום פאַרשידענע לעגענדעס, געשפּינט ווי פון טויזנט און איין נאַכט מעשיות.

⁂

פינף טעג האָב איך פאַרבראַכט אין נעאַפּאָל און געשעפּט נחת פון דער דאָרטיקער שיינקייט, מיט וועלכער גאָט האָט געבענטשט יענעם לאַנד.

דאָרטן האָב איך זיך אויך צוגעקוקט צו דער נויט פון דעם איטאַלעניש האָרעפּאַשנעם מענטשן; זיינע שכירות זענען נידעריקע, אַ קלאָגעדיקער לוין, די אַרבעט גיט אים נישט גענוג צו געניסן אַפילו קיין טייל פון דעם כל־טוב מיט וועלכן אַלע געשעפּטן און קראָמען דאָרטן זענען איבערפילט.

מיליאָנען אַרבעטסלאָזע דרייען זיך אַרום אין איטאַליע און זוכן וועמען זייערע הענט צו פאַרדינגען.

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען מיטצופילן די דאָרטיקע וואונדערבאַרע מוזיק־קינסטלער, וואָס זענען צוזאַמענגעשטעלט דורך טריאָס אָדער קוואַרטעטן, בעת זיי קומען אַריין אין די רעסטאָראַנען, אין דער צייט פון עסן, שפּילן אַריעס, ראָמאַנסן כדי צו קריגן אַזוי אַרום עפּעס אַ נדבה פון די געסט. דורך זייערע פּנימער ברויזט אַרויס אַ פאַרביטערטער הונגער־פּראָטעסט. די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד איז דער גורם פון דער „שפע” פון: בעטלערס, קינ־

דער־שנאָרערס, שכורים און פּראָסטיטוטקעס, מיט וועלכע דאָס לאַנד איז איבערפילט.

איך געזעגן זיך מיטן שיינעם, שטענדיק פריילעכן, פרילינג־זונענדיקן לאַנד, אין וועלכן עס זעט זיך אָבער אויך אַזויפיל „די ביטערע־רייז". טייערע ליבע, גאַסטפריינטלעכע מענטשן זענען די איטאַליענער. אַלדאָס גוטס אייך!

פון נעאַפּאָל גיי איך שוין גלייך אַרויף אויף דער טעריטאָריע פון מדינת־ישראל — אויף דער שיף „קדמה".

## אויף דער יידישער שיף „קדמה״.

חשבון און עמאָציע.

איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט און באַשלאָסן צו בלייבן רויק און נישט באַהערשט ווערן דורך שטימונגען, בעת איך וועל זיך דער־נענטערן צו דער שיף.

בין איך אָבער אַריינגעקומען אין פּאָרט אין נעאַפּאָל און איך האָב דערזען דריי שיפן שטייענדיק אין פאָרם פון אַ חית: פון דער רעכטער זייט — אַ גרויסע ענגלישע שיף מיט פלאַטערנדיקע ענג־לישע פענער: פון דער לינקער זייט — אַ ריזן שיף אויף וועלכער עס האָבן געפלאַטערט די טערקישע האַלב־לבנהדיקע פענער, און אין סאַמען פראָנט — אַ ליכטיקע, ווייסע שיף מיט גרויסע אויפ־שריפטן „קדמה״ אין העברעיש און אויך אין לאַטייניש אותיות. מיט שטאָלצן פלאַטער האָבן זיך גדלותדיק געוויעט, צווישן הימל, ערד און וואַסער די ווייס־בלויע פענער. דער ווייסער קוימען איז אַרומגענומען מיט בלויע שטרייפן, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעּ־בלישטשעט זיבן גאָלדענע שטערן — דער טרוים פון אונדזער גרויסן וויזיאָנער — דר. טעאָדאָר הערצל. דאָס דערזעענדיק בין איך אַריין אין אַ פריידיקן ציטער און כ׳האָב נישט געקענט זיך רורן פון אָרט. טרערן האָבן אָנגעהויבן זיך קייקלען פון מיינע אויגן. איך בין לאַנג געשטאַנען און מיט פרייד איינגעזאַפּט אין זיך אָט אַ דעם אַלטן חלום וואָס איז געוואָרן ווירקלעכקייט. איך האָב געמאָסטן מיט די אויגן די גרויס פון אַלע שיפן, וואָס שטייען אַרום דער יידישער שיף. אַך, וואָס פאַר אַ פאַרגלייך!

די גרעסטע שיף אויף דער וועלט, איז די וואָס שטייט אונטער די ווייס־בלויע פענער. — אַ שיף וואָס דערפילט, פאַר אַ גאַנץ פאָלק, אַזויפיל הים־בענקשאַפט; אַ שיף וואָס טראָגט מיט זיך אַזויפיל יידי־שע באַגייסטערונג; אַ גרויסע חכמה פון זיי, די ענגלענדער, זיי האָבן שיפּס־פאַבריקן מאַכן זיי שיפן — גרויסע, גרעסערע און ריזן־שיפן. אונדזער שיף אָבער איז דאָך אַ בן־זקונים, און אויסגעבענקט דורך אַזויפיל דורות: אויסגעטרוימט דורך אַ לאַנגן דערגער־וועג פון אינק־

וויזיציעס, פּאָגראָמען, שחיטות, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַז־קאַ־מערן. נו, צו קען זיך דען ווערכע' עס איז שיף פון וועלכן עס איז פּאָלק פּאַרגלייכן מיט דער גרויסקייט פון דער „קדמה"!?



קוים באַוויזן אַריינצוואַרפן מיינע עטלעכע פּעקלעך אין דער קאַיוטע, האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן מיט פעסטע טריט אויף דער יידישער טעריטאָריע. כ'בין געלאָפן איבער די קאָרידאָרן, קלאַסן, קאַיוטעס, סאַלאָנען און ווו נאָר אַ ווינקעלע.

אַריינקומענדיק אין דעם גרויסן זאַל פון ערשטן קלאַס, האָבן פון דער וואַנט, צווי ליכטיקע' אויגן פול מיט נצחון; מיר אַנטקעגן געטראָגן אַ שמייכלענדיקן שלום-עליכם. צווישן די געדיכטע טונקעלע ברעמען און שוואַרץ־געזילבערטער באָרד האָט זיין פּנים אויסגע־דריקט צווי באַזונדערע שטימונגען. איין בליק צו דעם אויפשריפט פון דער רעכטער זייט פון זיין בילד: „אם תרצו — אין זה אגדה" אַ מוטיקער רוף צום יידישן פאָלק פאַר זיין זעלבסט באַפרייאונג אָבער גלייכצייטיק — אויך פול מיט ספיקות, ווער ווייסט צו וועט דאָס פאָלק זיין מסוגל אויפצונעמען דעם דאָזיקן רוף? דער צווייטער בליק — צום אויפשריפט פון דער לינקער זייט: „רצינו — ואין זה אגדה" — דערביי איז דאָס גאַנצע, ליכטיקע הערצל־געשטאַלט צעשמייכלט פון דער גרויסער נצחון־פרייד.



איך קוק אויף דער רויקייט פון מיטללענדישן ים און האָב אַ הנאה. אונדזער שיף שניידט די כוואַליעס מיט אַזאַ זיכערקייט גלייך ווי אונדזערע זיידעס וואָלטן אויף דעם דאָזיקן וועג שיפן געפירט.

דאָ איז מיר געקומען אויפן געדאַנק מיין פעטער ר'משהלעס אויסדרוק, בעת ער פלעגט יעדעס יאָר צום ערשטן מאָל אַריינגיין אין דער סוכה. ער פלעגט זאָגן: „פון קיין מצוה האָב איך נישט אַזויפיל פאַרגעניגן ווי פון דער מצוה־סוכה". „ביי אַלע אַנדערע מצ־וות באַטייליקט דער מענטש נאָר אַ טייל פון זיך. ווי למשל: ביי תפילין לייגן געניסן פון דער מצוה בלויז די האַנט און דער קאָפּ און אַזוי אויך ביי אַנדערע מצוות.

אָבער בעת מען איז מקיים די מצוה־סוכה, גייט מען בראשו ורובו מיט אַלע רמח איברים אַריין אינעווייניק אין דער מצוה". אַזוי פיל איך איצט בעת איך פאָר אויף דער יידישער שיף. מעגן טאָקע

די קאַיוטעס נישט זיין אַזוי באַקוועס, ווי אויף די אַנדערע שיפן, זע־נען טאַקע די פאַרברענג און עס־צימערן נישט אַזוי לוקסוסדיק, ווי אויף אַנדערע שיפן. האָט אָבער די דאָזיקע שיף אַזאַ גרויסע מעלה, וואָס קיין שום שיף, פון וועלכן לאַנד עס זאָל נישט זיין, פאַרמאָגט דאָס נישט — דאָס איז אַ יידישע שיף. מען פילט די יידישע וואַ־רעמקייט אויף שריט און טריט.

⁂

אויף דער שיף פאָרן פּאַסאַזשירן פון זעקס און צוואַנציק לענ־דער. אויסער די צען קריסטן פון ווענעזועלאַ מיט זייער גלח בראש, וועלכע פאָרן קיין ארץ־ישראל צו באַזוכן די הייליקע קריסטלעכע פּלעצער דאָרט, זענען אַלע איבעריקע פּאַסאַזשירן — יידן. כמעט אַלע זענען טוריסטן, וועלכע פאָרן צום ערשטן מאָל קיין ארץ־ישראל.

די אַטראַקציע אויף דער שיף זענען די פּאָר חלוצים, וועלכע האָבן זיך געשיידט מיט זייערע געבוירן־היימען און פאָרן פאַרבונדן אויף שטענדיק זייער גורל מיט מדינת ישראל. דאָ פאָרן: אַ יונג פּאָרל פון קאַנאַדאַ, אַ נאַרוואָס פון דער חופה אַפּיר פון די פאַרייניקטע שטאַטן. און דער עיקר אונדזערע חלוצים פון מעקסיקע, זיי זענען די הויפּט־אַטראַקציע ביי אַלע פּאַסאַזשירן: זיי לערנען פלייסיק הע־ברעיש ביים לערער אויף דער שיף, זיי אַלע ריידן אַ גוטן יידיש, זינגען ארץ־ישראל לידער און זענען בכלל ווילע חברה, דאָס זענען: יעקב מאַרגאָלין, שלמה בלום און יעקב פּערסאָווסקי פון ווערא־קרוז מיט זיין האָניק־חודש ווייבעלע געניאַ יאַגעל.

איבער אַ מנין יידן איז פאַראַן דאָ אויף דער שיף, וואָס זייער דבקות קנוילט זיך צווישן שטריימל, לאַנגע פאות און משוגענע הע־וויות. זיי פאָרן עס צום בעלזער רבין, וואָס וווינט אין תל־אביב. עטלעכע פון זיי שטאַמען פון אונגאַרן, וואָס וווינען שוין אַ צייט אין בעלגיען. די איבעריקע זענען אַלטע בעלגישע תושבים. שלעפן זיך נאָך, נאָך די חסידים עטלעכע קינדער־אין עלטער פון זעקס ביז אַכט יאָר מיט לאַנגע אויסגעצויגענע פאות פון ביידע זייטן. פון פאָרנט און הינטן באַמבלען זיך לאַנגע ציצית פון די אַרבע־כנפותלעך זייערע. די קעפּעלעך זייערע זענען איבער די אויערן איינגעקלאַמערט אין יאַר־מולקעס סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ „קדושה״ עס וועט זיך ביי זיי אַ מאָל אַנטפּלעקן ווען מען וועט זיי אויסטאָן די יאַרמולקעלעך...

די אַלע חסידים זענען שטאַרקע קעגנער פון מדינת־ישראל, זיי האַלטן אַפילו די מזרחיסטן פאַר טריפהניאַקעס און אַפּיקורסים. מיר איז שטאַרק נישט צום האַרצן, וואָס אָט די יידן פאַרן שוין צום צוויפלטן מאָל קיין מדינת־ישראל. עפּעס סודן זיי זיך צופּיל צווישן זיך... איינער פון זיי געפינט זיך צוזאַמען מיט אונדז אין איין קאַיוטע. בעת ער בלייבט אַליין, פאַרמאַכט ער זיך אינעוועניק, פּאַקט און בינדט אַלעמאָל איבער זיינע פּעקלעך „ספרים" (אַזוי זאָל עס הייסן): מיר דאַכט זיך, אַז די קינדערלעך זייערע זענען אַ מין קמיע פון אַ גוטן־יידן", אַ סגולה פאַר אַן עין־הרע פון די יידישע גרענעץ־אינספּעקטאָרן...

איך שעפּ נחת פון דעם ספּעקטאַקל ביי זייער פרייטיק צו נאַכ־טיקן טיש. זיי זיצן צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעגאָסן פון איין שטיק און מ׳שאָלקט זיך אַזוי, אַז עס איז פּשוט אַ מורא, אַז די שיף זאָל זיך נישט חלילה איבערקערן. מען ליאַרעמט, מען שרייט און מען געוואַלדעוועט. קריכט יעדער איינער אַריין מיט די פינגער אין זיין טעלער און טיילט אויס שיריים צו די אַנדערע. ווען דאָס שטיקל פיש אָדער פלייש (זייער עסן פירן זיי מיט זיך פון דערהיים) איז שוין דורכגעוואַשן און צונויפגעקוועטשט צווישן די אַזויפיל פינגער — כאַפּט דאָס דער לעצטער אין מויל אַריין מיט אַ השק, ווי ער וואָלט אין דעם געפילט דעם טעם פון לויתן. אַזוי חזרן זיך איבער די סצענעס, ביז יעדער פאַרזוכט פון יעדנס שיריים.

⁂

אויפן וועג האָבן מיר שוין באַגעגנט נאָך דריי יידישע שיפן: „נגבה" „גלילה" און „ארצה". אַ פריידיקער ציטער גייט דורך אי־בערן לייב, ווען די שיפן, דורך זייערע סירענע־אַליאַרמס, באַגריסן זיך. אַלע שיפן זענען ווייסע, מיט בלויע שטרייפן אויף די קוימענס. פון די טיפעניש פון מיין נשמה רייסן זיך ברכות צו זיי.

⁂

מיין בעסטער חבר אויף דער שיף איז איתן — דאָס איז אַ יינגעלע פון צען יאָר, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין ארץ־ישראל. ער וווינט אין חולון. ער איז געווען מיט זיין טאַטן אויף אַ צוויי חדשימדיקן באַזוך ביי זיין פעטער אין פּאַריז. איינמאָל אין אַ שמועס מיט אים, גיב איך אים אַ פרעג: — זאָג מיר איתן, פאַרוואָס ביזטו נישט פאַרבליבן אין פּאַריז? דאָרט קריגט מען דאָך פון אַלעם גוטן.

עסן איז דאָ געגוג און פון בעסטן, אין דער צייט ווען אין ארץ־ישׂ־ראל איז פאַראַן „צנע" און וואָס מען וויל קריגט מען נישט. איתן האָט אַנגעשטעלט זיינע חכמהדיקע אויגן אויף מיר און מיט אַן עו־נס־טער מינע געגעבן אַ פרעג: — וואָלסטו געוואָגט צו פרעגן אַ פראַנ־צויז, פאַרוואָס ער פאָרט צוריק קיין פראַנקרייך? מדינת־ישׂראל, איז מיין לאַנד! און ווער זאָגט דאָס דיר, אַז ביי אונדז איז נישטאָ צו עסן? אמת, געוויסע זאַכן זענען ביי אונדז אויף נקודות, מיין מאַמע מאַכט אָבער פון די זאַכן וואָס מען באַקומט — זייער גוטע מאַכלים. וואָס קומט דען אַרויס דערפון, וואָס אין פאַריז באַקומט מען פון אַלעם, אַז זיי ווייסן נישט ווי אַזוי דאָס צוצוגרייטן — האָבן טאַקע די עסנס דאָרטן אַ גויישקן טעם. אַ צווייט מאָל פאַרפירן מיר אונד־זער געשפרעך אויף דער טעמע:

— ווי מיינסטו איתן, אויב איך פאָר אויף אַ פאָר חדשים קיין ארץ־ישׂראל, זענען פאַראַן מעגלעכקייטן צו קענען באַקומען אַרבעט פאַר דער צייט וואָס איך וועל דאָרט פאַרבלייבן? איתן האָט זיך פאַר־טראַכט און מיר געענטפערט:

— איך ווייס נישט ווי עס איז דער געזעץ, נאָר ווען איך זאָל האָבן צוזאָגן איבער דעם, וואָלט איך דיר נישט דערלויבט צו אַר־בעטן. ווייל ערשטנס קען יעדער ייד אריינקומען זיך באַזעצן אין אונדזער מדינה. אויב אָבער, דו קומסט בלויז ווי אַ טוריסט און דו וועסט אַרבעטן, טאָ נעמסטו דאָך צו די פרנסה פון אַ משפחה, וואָס מוז פון דער אַרבעט פאַרדינען אויף צו לעבן.

דער לערער איז זיך מחיה ווען איתן זיצט נישט ביי די לעק־ציעס. אַלעמאָל פאַרריכט ער דעם לערער אַ גרייז, פון וועלכן דער מורה, פילט זיך אַ ביסל געטראָפן. שוין לאַנג פאַרברענג איך מיט איתנען. עס געפעלט מיר זיין דרייסטקייט, עס אימפּאָנירט מיר אַפילו זיין חוצפּה. איך טראַכט ביי זיך, אַז מיט אַ סך אַזעלכע איתנס וועט ארץ־ישׂראל זיכער בייקומען אַלע שוועריקייטן און קריזיסן.

⁂

די מאַנשאַפט אויף דער שיף „קדמה" באַשטייט פון אַכציק מענטשן. צווישן זיי זענען פאַראַן עטלעכע און צוואַנציק נישט־יידן. דאָס שטערט אַביסל מיין יידישע נחת־רוחדיקייט, ווייל די אַלע עט־לעכע און צוואַנציק — זענען באַשעפטיקט ביי דער מאַשינעריע. פון דעם וואָס רייניקט די מאַשינען, ביז דעם אינזשינער — זענען אַלע

איטאַליענער. עס קומט מיר אויפן געדאַנק די פראַגע: — וואָס טוט מען, ווען עס ברעכט אויס אַ סכסוך צווישן די יידישע און איטאַליע־נישע אַרבעטער און אַלע מאַשיניסטן פאַרשטרייקן?

איך פאַרענטפער זיך באַלד: — אַלץ וועט מוזן קומען מיט דער צייט, דערווייל דאַרפן מיר זיך פרייען מיט דעם וואָס מען האָט יאָ.

⁂

היינט פאַרענדיקן מיר דעם דריטן טאָג אויף דער שיף. מאָרגן גאַנץ פרי קומען מיר אָן קיין חיפה.

אַ פולע, רונדע, פאַרחלומטע לבנה שפיגלט פון די טיפעניש־ן פון דעם ים.

דער גרויסער קאַסטן אויף דעם וואָס אין זיין איינגעוויד געפינט זיך דער שפייכלער־מאַגאַזין פון דער שיף, איז איבערגעדעקט מיט אַ ברעזענט. די מאַטראָזן און די לעצטע־קלאַס פאַסאַזשירן האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם גרויסן קאַסטן און זיך פאַרדביקה'ט אין ניגונים און אין ארץ־ישראל לידער. אונטער דער באַגלייטונג פון גיטאַרעס און מאַנדאָלינעס האָבן אונדז די מעלאָדיעס פאַרוויגט אין אַ זיסער געמיטלעכקייט. פאַרענדיקט האָבן מיר די שיפס־געזעגענונג אַרום צוויי פאַרטאָג.

ווי נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע ליכט־פאַסן אויף דעם הימל, זענען שוין אַלע פּאַסאַזשירן געווען אויסגעשטעלט אויף אַלע דעקן פון דער שיף. קיינער רעדט נישט. אַלע זענען אַריינ־געטאָן אין זיך.

מען דערנענטערט זיך צו די כרמל־בערג. די הויכע פאַבריקס־קוימענס באַווייזן זיך וואָס אַמאָל אַלץ בולטער. ניין אין דערפרי קומט אַריין אונדזער שיף קיין חיפה. מען האָט אַרונטערגעלאָזט די טרעפּ פון דער שיף אויפן טראָטואַר, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו אונדזער „קדמה". עס זענען אַרויפגעקומען די יידישע גרענעץ־אינספעקטאָרן.

פון זייער באַגריסונג צו די אָנגעקומענע פאַסאַזשירן שטראָמט אַ ברידערלעך־וואַרעמע באַגעגעניש. דער פּאָרט אין חיפה מאַכט דעם איינדרוק — גרויס מלוכהדיק. שיינע, געמויערטע סחורה־מאַגאַזי־נען. גרויסע הייזער פאַר די ביוראָען פון אימיגראַציע ענינים און עס איז אַ טומלדיקע באַוועגונג. פּאָרט אַרבעטער רודערן מיט זייערע האַנט־וועגעלעך און מאָטאָריזירטע וואַגאָנעטקעס און עס רייסן זיך

קולות, אין פאַרשידענע לשונות, פון די הונדערטער מענטשן וועלכע זענען געקומען אָפּוואַרטן זייערע פריינט און קרובים.

אויף דער צווייטער זייט פון דעם אייזערנעם פּלויט שטייען מענטשן און בעטן זיך רחמים ביי דער פּאָליציי־וואַך: — סטייטש! לאָז מיך אַריין, דאָ איז אָנגעקומען אַ ברודער, אַ שוועסטער, אַ קרוב. זייערע אויגן בליאַסקען פון דער אומגעדולדיקער דערוואַרטונג זיך אַרומצוכאַפּן אין אויסגעבענקטער פרייד, מיט אייגענע. די פּאָליציי האָט איין ענטפער: — ברענג אַ רשיון!

צענטליקער מענטשן מיט דערלויבענישן אין די הענט גייען דורך. זיי לויפן שנעל אויפן פּעראָן און דערנענטערן זיך צו דער שיף.

מען רעדט אַרויף, מען ענטפערט אַרונטער און עס שטיקן די טרערן: מען הערט קוים וואָס מען רעדט, טאָ שרייט מען העכער און העכער.

איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט, אָנגעשפּאַרט אויפן פּאַרענטש. מיין בליק איז געוואָרן פאַרגליווערט. און אין געדאַנק רייסט זיך: חיפה, מיין חיפה!

— מלוכה; כרמל; פּאָרט; אַרום אין אַרום פאַרשידענע פּאַסאַ־זשירן און פראַכט־שיפן; מאַיעסטעטישע געביידעס פינקלען אַנטקעגן. און דאָס אַלץ איז מער נישט קיין חלום — דאָס איז רעאַלעווירק־לעכקייט!

דערנענטערן זיך צו מיר שיפס־ברידער און שיפס־שוועסטער, זיי פרעגן מיר:

— פאַרוואָס זענט איר געוואָרן פלוצלינג אַזוי אומעטיק? איז אייך קיינער נישט געקומען אָפּוואַרטן דאָ?

פון גאַנץ וויים, צווישן די שטראָמענדיקע מענטשן־מאַסע וואָס דערנענטערט זיך צום פּאָרט, דערזע איך איינעם, אַ ברונעטן יונ־געמאַן פון נידעריקן וווקס; לויט זיין באַוועגונג און דורעוודיקייט דאַכט מיר, אַז דאָס דאַרף זיין מיין קוזין. איינער אַליין האָט ער זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם אייראָפּייאישן גהינם. ער איז אַנטלאָפן פון פוילן, איבערלאָזנדיק דאָרט אין פייער אַלץ און אַלעמען. ער איז געלאָפן דורך פאַרשידענע לענדער, איז געווען אין רוסלאַנד אין דער רויטער אַרמיי, ער האָט באַוויזן העלדישקייט אין די שלאַכטן ביז — ער האָט זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל.

אַן ארץ־ישראלדיקע שיפס־שוועסטער פרעגט ביי מיר:

— אויב איר האָט קיינמאָל אין אייער לעבן נישט געזען אייער קוזין, טאָ פונוואַנען האָט איר דערקענט פון אַזוי ווייט, אַז דאָס דאַרף זיין אייער קוזין? מיט ווייבערישער נייגעריקייט, אָדער אפשר כדי אויפצוווייזן מיר מיין טעות, לויפט זי צום שפּיץ פון דער שיף. זי שרייט: — מרדכי לעווי! אדון לעווי! דער יונגערמאַן שרייט אַרויף צוריק: „כן אני מרדכי לוי! ומי את?״ קומט זי שוין צוריק אַ פאַר־סאַפּעטע מיט דער בשורה, אַז דאָס איז ער טאַקע.

ביי אַ לאַנגן טיש אין זאַל פון ערשטן קלאַס, האָט זיך אויסגע־זעצט אַ צענטליק גרענעץ־באַאַמטע. לאַנגזאַם שאַרן זיך פאַרביי די פּאַסאַזשירן דורך אַלע אינספּעקטאָרן. איך רוק זיך אַלעמאָל אויף הינטן און לאָז דעם וואָס איז הינטער מיר, אַז ער זאָל פאַרנעמען מיין פּלאַץ. מיך אינטערעסירט צו הערן די פראַגעס וואָס מ׳שטעלט די פּאַסאַזשירן און די ענטפערס וואָס זיי גיבן.

עס גייט אָן־די פּראָצעדור פון וואַלוטע אויסטויש און א. ז. וו.

מיין פּאַספּאָרט גייט פון האַנט צו האַנט און אַלץ גייט כשורה.

איינער אַ באַאַמטער בליקט אַריין אין ליסטעס, וואָס ער האַלט אונטער דעם טיש, קוקט און זוכט. זאָג איך צו אים: — מיין נאָמען וועסטו דאָרט נישט געפונען! צעלאַכט ער זיך און פרעגט: — פונ־וואַנען ווייסטו וואָס איך זוך? ענטפער איך אים נישט. גיט ער צוריק מיין פּאַספּאָרט מיט דער באַמערקונג: אָט, דאָס מיינט זשורנאַליסטי־שער חוש!

איינער פון די אינספּעקטאָרן, וואָס דאַרף אונטערשרייבן מיין לעגאַלע כשרות. פאַרהאַלט מיין פּאַספּאָרט לענגער ווי געוויינטלעך. ער קוקט, לייענט און שניידט אַריין זיינע בליקן אין מיר. ער פרעגט מיר, פאַרוואָס איך האָב אַרויפגעגעבן אויפן פּאַספּאָרט אַ פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער איך זע אויס אַ סך יונגער? ענטפער איך אים: — ווייל איך וויל געפעלן ווערן...

ער פאַרהאַלט מיין פּאַספּאָרט און בעט מיר איך זאָל צוואַרטן אַ ווייל.

מיר הויבט אָן דער גאַנצער ענין דרייען אין דער נאָז.

— וואָס קומט דאָ פאָר? אפשר, עס קען זיין, מעגלעך, אַז דורך אַ טעות, האָט ער מיר פאַרטוישט מיט איינעם עפּעס אַ פאַרדעכטיקן. עס נעמט נישט לאַנג, ער קומט אַפילו פון יענער זייט טיש, ער דער־נענטערט זיך צו מיר און פרעגט מיר: ווי איז אייער ערשטער נאָמען?

## מ ר ד כ י   ק אָ ר אָ נ אָ

— עס שטייט דאָך אויף מיין פּאַספּאָרט — מרדכי!

— ניין, איך מיין צו האָט מען איך אַמאָל נישט גערופן, צו מרדכי, נאָך אַ נאָמען?

— ווען אַ שטייגער מיינט איר דעם אַ מאָל?

— איך מיין ווען איר זענט געווען אַ קליין יינגל!

— נו יאָ, אין מיין געבוירן-שטאָט האָט מען מיך גערופן מרדכי הענאך.

דערהערנדיק דאָס, איז ער מיט אימפּעט אַרויפגעפאַלן אויף מיר, אָפּגעפּרעסט אין מיך קישן דורכגעווייקט אין טרערן. גערעדנקסט מיך נישט? איך בין דאָך שלמה! דיין יוגנט-חבר! געדענקסטו ווען מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין חדר ביי בנימין מלמד און שפּעטער אין דער ישיבה?

איך בין שלמה זלמן, הערש-לייב דעם טרעגערס! דו מרדכי הע־נאָך די רביצנס, איך האָב נישט געגלויבט, אַז מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל טרעפן! צו ווייסטו עפּעס פון דיין מאַמען און פון רבין ר׳ משהלען?

— יאָ, צו אונדזער אַלעמענס בראָך, זענען אַלע, צוזאַמען מיטן אַ מאָל; אַוועק מיטן באַרג-קדושים.

⁂

פון דער שיף בין איך שוין אַרונטער שפּעטלעך. אויף איין פּוס האָט מיר מיין יוגנט-חבר איבערדגעגעבן זיין לעבנס-שפּאַן: ער איז אַנטלאָפן פון דער ישיבה צו אַ פעטער אין דייטשלאַנד, דאָרט האָט ער געלערנט און שפּעטער האָט ער געענדיקט דעם יורידישן פאַקול־טעט אין דער שווייץ. און איצט איז שוין צען יאָר ווי ער וווינט אין ארץ-ישראל. היינט איז ער אַ גרענעץ-אינספּעקטאָר.

אַ פריידיקע חברישע באַגעגעניש האָט מיך געמאַכט פילן אַזוי יוגנטלעך, פריש און היימיש ביי מיין באַטרעטן די מאַמעדיקע, צאַר־טע, און ווייכע ארץ-ישראל ערד!

## מאַמע־ערד אין ווידער דערוואַכונג.

מיט מיינע צען קיין עין־הרעדיקע וואַליזן, פעק און פעקלעך, בין איך אַריין אין דעם ריזיקן זאַל פון דעם צאָל־אַמט. ווייל איך דאַך ווייזן מיין דזשענטעלמענישקייט — דערלאַנג איך דריי דאָלאַר דעם מאַן, וואָס האָט אַריינגעפירט מיין באַגאַזש. איך בין שוין געווען גרייט פאַר אַ ברייטן „יישר־כוח”, וואָס איך וועל דאָ באַקומען — דעם ערשטן אין מדינת־ישראל. מיין חברה־מאַן אָבער ציט אַפילו די האַנט נישט אויס.

— אדון, אַ דאַנק אייך! איך קריג פאַר מיין אַרבעט באַצאָלט, און קיין טרינק־געלט נעמען מיר נישט.

ביי די פענצטערלעך פון טעלעגראַף און פאָסט, וואָס געפינען זיך דאָ, אין דעם זאַל, שטייט אַ לאַנגע ריי פון די נאָרוואָס אָנגעקומענע פאַסאַזשירן.

פעקלעך, קאַסטנס און וואַליזן ליגן דאָ אין די טויזנטער. אויף די לאַנגע טישן ליגן צעעפנטע טשעמאָדאַנען, גרייט פאַר דער בדיקה.

שטייען בחורים, היימישע יאַטן, וואָס זענען דורגענעצט אין שווייס פון דער שטאַרקער היץ, קוקן זיי אין די וואַליזן און אויף זייערע בעלי־בתים.

דינגען זיך יידן — יעדערער מיט דעם זעלביקן פּזמון: — ס׳טייטש, די זאַכן זענען דאָך נישט פאַר ביזנעס, טאָ פאַרוואָס זאָל איך צאָלן שטייער?

לויטן דרייען מיטן גראָבן פינגער קומט אויס: אַזוי ווי דער טוריסט האָט אַריינגעבראַכט אַזויפיל מתנות — וואָלט אים די יש־ראל־רעגירונג נאָך באַדאַרפן צושטייער געבן עפּעס אויפן חשבון, וואָס ער האָט אויסגעגעבן פאַר די זאַכן. דינגט מען זיך — אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אַראָפּ און מען קומט דורך. אַ מחיה — ביי די יידישע „גזלנים”.

⁂

מיין גאַנצן באַגאַזש האָב איך צוגעפירט צום וואָקזאַל. דאָרטן

האָב איך אים איבערגעלאָזט אין דעם שמירה־צימער. אין מיינע הענט האָב איך געטראָגן בלויז די צוויי שטרויענע קוישלעך, וועלכע איך האָב אָנגעפילט, ביז אַריבערשוימען, מיט פּרוכטן אין נעפּאָל. פון איין קוישל האָבן אַרויסגעבלישטשעט די רייפע, פּולבלוטיקע קאַרשן, פון צווייטן — קרעפּטיקע, קאַלירפולע עפּל. כאַטש גיי און שטעל זיי אַרויף אויף שמחת־תורה פענער.

שטיי איך מיט מיינע צוויי קוישן ביי דער זייט און איך ריר זיך נישט פון אָרט — ווי איך וואָלט מיטאַמאָל פאַרלוירן דעם כוח פון באַוועגן זיך. איך קוק אַהין, איך קוק אַ ער — איז דאָס טאַקע חיפה?!

איך באַטראַכט די געפּלאַסטערטע ברייטע אַווענידאָס וואָס זענען איינגעראַמט אין גרינע בוימער, די מאַיעסטעטישע הויכע געביידעס מיט זייער שיינענדיקן שטיין־רייץ, דעם שיינעם וואָקזאַל, און קעגן איבער — די ריזיקע, מאָדערנע אויטאָבוס־סטאַנציע. איך קוק זיך איין אין דער באַוועגונג:

טראַפיק, מענטשן־פאַרקער — פונקט ווי אין איינער פון די מאָדערנע גרויסע שטעט. — פאַרוואָס דערקען איך דאָ גאָרנישט? האָב איך דאָך אין דער דאָזיקער שטאָט געלעבט קנאַפּע פינף יאָר צייט. יעדעס געסל, יעדעס ווינקעלע איז דאָך מיר געווען אַזוי באַקאַנט! ווו איז צו געפונען כאָטש אַ שפּאָר פון יענער חיפה? קוק איך זיך איין אויפן פּאָרט: — שיפן גרויסע און קליינע — אַ קאַלאָסאַלע באַוועגונג; און עס לויפן גרויסע, אָנגעלאָדענע טראָקס, אַריין און אַרויס.

⁂

פּאָר מיינע אויגן פּילמירט זיך דער „פּאָרט" ווי איך האָב אים געזען מיט דריי צענטליק יאָר צוריק. איך דערמאָן זיך ווי צענטליקער ייִנגלעך, בחורים צוזאַמען מיט מיר האָבן געטראָגן אויף זייערע אַקסלען ווייכע שטרויענע קוישלעך, וואָס זענען שווער אָנגעלאָדן געווען מיט שטיינער.

מיר גייען אַזוי און גייען, אונטער דער שווערער מאַסע, ביז מען דערשלעפּט זיך קוים צום ברעג. פון פּנים גיסט זיך אַ טייך מיט שווייס און מיר וואַרפן די שטיינער אַריין אין ים. אַזוי שטיין נאָך שטיין האָבן מיר עס באַדאַרפט אָנפילן דעם ים־ברעג. בעת דער דאָזיקער שטיינער־טראָגנדער פּראָצעסיע פלעגט מיר שטענדיק קומען אויפן געדאַנק דער צוזאַמענהאַנג — פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, וואָס זענען ראש השנה געגאַנגען צו תשליך צום ברעג טייך

אַריינצוּוואַרפן דאָרט זייערע עבירות פון זייערע נישט געזינדיקטע זינד. אונדזערע עלטערן וואָס האָבן זיך געהיט פון יעדער שלעכטער מידה, אַפילו אַ פליג, וואָס זיי האָבן דערהרגעט דורך אַ צופאַל; פלעגט פייניקן זייער געוויסן, זיי האָבן עס באַדאַרפט באַפרייען זיך פון זינד...! אין דער צייט, ווען די גאַנצע אַרומיקע וועלט האָט גע־זונקען אין פאַרברעכנס און איז געווען אָנגעפילט מיט רשעות, גזילה און רציחה.

מסתמא האָבן אונדזערע עלטערן גענומען אויף זיך דעם יאָך — צו טראָגן די שטראָף פאַר די זינד פון אַנדערע.

ווען מיר האָבן, אונטער דער קאַלך־אויוונדיקער זון, געטראָגן אויף די אַקסלען די שווערע שטיינער, פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז דאָ אין ארץ־ישראל וואַרפן מיר אַרונטער פון זיך די שווערע גלות־־שטיינער וואָס ליגן אויף אונדזערע אַקסלען. אָבער זייענדיק נישט געגוג דערהויבן צו דער מדרגה פון אונדזערע עלטערן — פלעג איך זיך אַליין פרעגן:

מוז איך דען בלויז אויף מיינע פּלייצעס טראָגן און אַרונטער־וואַרפן אַלע שטיינער, וואָס יידן טראָגן אין גלות?

מיט ייִנגלשער קנאה פלעג איך אַרויפקוקן צו מיינע חברים, יענע וועלכע מען האָט איינגעפּאַנצערט אין אייזערנע מאַסקעס און בגדים. זיי האָבן זיך געטויכט אין ים, כדי דאָרט אַוועקצולייגן די זעקלעך זאַמד און צעמענט.

אַזוי שטייענדיק פאַרטיפט אין רעיונות פון יענער פאַרגאַנ־גענהייט, האָבן דערוויל מיינע אומגעדולדיקע קוישלעך מיט פרוכטן אָנגעהויבן צווישן אונטער דער ברענענדיקער זון.

די קאַרשן האָבן זיך צעוויינט און פון זיך געגאָסן. איך האָב גענומען לאַנגזאַם זיי איבערלייגן.

פונוואַנען עס איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן דאָס רעדל קינדער־לעך אַרום מיר — ווייס איך נישט.

אַ קליין צוציקל, מיט אויגעלעך ווי די נאָך פריש געבליבענע שיינע קאַרשן, פרעגט מיר: דוד, מה זה? גיב איך אים עטלעכע קאַרשן, ער שמאַטשקעט זיי מיט חשק און שרייט אויס: — הלא זה ממתקים!

פּאַק איך אַלעמען אַן פולינקע זשמענעלעך מיט קאַרשן און יע־דערן אַן עפּל דאַצו. ווערט אַ טומל, אַ פרייד — אַ גוטער דוד!

קומען שוין צו, צו דער קינדער־שמחה, אויך עלטערע מענטשן. פרעגט איינער ביי מיר:

— ווי טייער פאַרקויפט איר די עפּל?

— איך בין נישט קיין עפּל־סוחר, אויב איר ווילט קען איך אייך שענקען עטלעכע.

— אַ דאַנק. קיין מתנות וויל איך נישט, ווען איר זאָלט מיר פאַרקויפן עטלעכע, וואָלט איך אייך מיט דאַנק באַצאָלט פאַר זיי.

— מיין טייערער ייד, איר האָט די ברירה: אָדער צו אַקצעפּטירן מיין געשאַנק, אָדער נישט נעמען זיי. צו פירן מסחר בין איך נישט געקומען קיין ארץ־ישראל.

— אָהָ! איר זענט אַ טוריסט? טאָ זאָג איך אייך, אַז איר זענט אַ שלעכטער ייד. פאַרוואָס זאָלט איר מיך צווינגען צו נעמען נדבות, דאַנקען גאָט עס איז נישט קיין רחמנות אויף מיר.

— טאָ גאָט אייך עטלעכע עפּל און באַצאָלט דערפאַר צו די, וועמען עס וועט צוניץ קומען אייער געלט.

אַזוי האָט זיך פאַרברייטערט די פאַרטיילונג פון די עפּל און קאַרשן ביז — עס האָט שוין כמעט אָנגעהויבן טאָגן אין די קוישלעך.

כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב באַשטימט פון דאַנען צו מאַכן מיין ערשטן וויזיט אין ארץ־ישראל ביי דוד פּינסקי, טאָ דאַרף מען פאַר אים איבערלאָזן די איבעריקע פרוכטן — אַ מתנה.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, שוין מיט איין קוישל אין דער האַנט, האָב איך באַמערקט אָנגעשפּיצטע בליקן פון אַ פּאָליציימאַן אויף מיר.

איך האָב נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט דעם טעם פון זיין אַרעסטירט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ חשק, אַז דער פּאָליציימאַן זאָל מיך אַרעסטירן, פאַרן פירן שוואַרצן־מאַרק מסחר — איז אָבער נישטאָ קיין מזל — איז ער צו מיר נישט צוגעקומען.

⁂

פון צו שטאַרקער איבעראַשונג, פון מיינע איצטיקע טריט אויף מאַמע־ערד, בין איך נישט מער מסוגל איינצוזאַפּן אין זיך די אַלע שיינקייטן, דורך וועלכע דער אויטאָבוס פירט אונדז אויפן וועג צום כרמל.

איינגעטונקען אין גראָזן, בוימער און בלומען — שטייט אַ

שטיינערן הויז דאָ, אויף דעם הר־הכרמל, אין וועלכן עס וווינט דוד פּינסקי.

איך בין דורכגעגומען מיט אַן אָנגענעמען געפיל פון מיין ערש־טער באַגעגעניש דאָ, צו מאַכן מיטן זקן הסופרים, מיט אָט אַ דעם האַרציקן מענטשן.

איך געדענק נאָך גוט די אָנגענעמע פאַר שעה, וואָס איך האָב אַמאָל פאַרבראַכט, ביי אַ וועטשערע, אין הויז פון די טייערע, טימפּאַ־טישע פּרוי און דוד פּינסקי, אין ניו־יאָרק.

אַריינקומענדיק דאָ אין הויז, האָב איך געטראָפן די פּרוי פּינסקי אין אַ קראַנקן — צושטאַנד. דוד פּינסקי אַליין, ווייט פון גבורדיקן אויסזען, איז אומבאַהאָלפן אין זיינע ווירטשאַפטלעכע פליכטן.

אין אונדזער שמועס ווייזט פּינסקי אַרויס אַ שטאַרקע אומצו־פרידנקייט מיט דער אַמעריקאַנער פּרעסע, וואָס שאַצט נישט ריכטיק אָפּ דעם אויפבוי־פאַרנעם פון מדינת־ישראל. עס פאַרדריסט אים שטאַרק די אַטאַקעס, וואָס די אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע פירט אָן בנוגע דער יידישער שפּראַך אין דער מדינה.

ער נעמט אַרויס אַ ריי יידישע צייטונגען וואָס דערשיינען אין ישראל און באַווייזט מיר, אַז יעדער איינער וואָס וויל נאָר לייענען יידיש, קען גאַנץ גוט באַקומען טעגלעך אַ יידישע צייטונג.

איך מוז פאַרקירצן מיין אָנגענעמען צוזאַמענטרעף דאָ מיט פּינסקין, ווייל מיין קוזין, וואָס איז דאָ מיט מיר, דערמאָנט מיך, אַז זיבן פאַרנאַכט גייט אָפּ די באַן קיין תל־אביב.

איידער איך פאַרלאָז איצט די שטאָט, ווילט זיך מיר נאָך כאַפּן אַ בליק אויף אַ ווינקל פון דעם אַמאָליקן חיפה.

איך דערמאָן זיך אַן עפּיזאָד:

עס איז שוין געווען דאַן נאָך חצות, ווען איך בין צוריקגעגאַנגען פון אַ זיצונג פון דער „מועצת פועלי חיפה". דער הונגער האָט ביי מיר געשפּאַרט דורך טיר און טויער. אַלץ אַרום איז שוין געווען פאַרמאַכט.

האָבן מיר, עטלעכע חברה, זיך געלאָזט אין די שמאָלע פאַר־שטיקטע אַראַבישע געסלעך, דאָרט ווו מעלאַנכאָלישע אַראַבישע בי־גונים האָבן געגרילצט פון די גראַמאָפאָן־פּליטן. אַראַבער ליידיק־גייער זענען געזעסן אויף נידעריקע בענקלעך — כמעט אויף דער ערד, זיי האָבן געצויגן וואָלקנס רויך פון זייערע לאַנגע נאַרגילעס.

צעגענעצט האָבן זיי פלעגמאַטיש געדרייט שנורלעך קארעלן מיט זייע־רע ווייז־פינגער.

אויף איינעם פון די רעסטאָראַנדלעך אין דער געגנט איז געווען אַן אויפשריפט: ברויט, זופּ מיט פלייש — בלויז פאַר איין און אַ האַלבן פּיאַסטער.

מיר הונגעריקע, ווי מיר זענען געווען, האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו די אַראַבישע פּיטעס, ווי זיי וואָלטן געווען מאַרציפּאַנעס.

ווען דער אַראַבער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קוילן־פּאַרקויפער, האָט אונדז דערלאַנגט די זופּ — האָט דער ריח געגעבן אַזאַ זעץ אין דער נאָז; אַז ער האָט אַזש געקאָנט דורכברעכן אַ כראָנישן קאַטאַר.

איך מיש אַזוי מיטן לעפל הין און צוריק, דעם אַפּעטיט פון עסן די זופּ האָט שוין דער ריח לאַנג פאַרטריבן, גיב איך אַ פרעג דעם אַראַבער:

— ווו איז דאָס פלייש?

איז מיין אַראַבער אין דעם מאָמענט גאַרנישט פון די פוילע — גיט אַ רוק אַריין זיין שמוציקע האַנט אין מיין טעלער זופּ, שלעפּט פון דאָרט אַרויס אַ כזית פלייש און ער שרייט אויס מיט טריומף: „שוף לאחמי"! (זע פלייש!).

מיר האָבן אַוועקגעוואָרפן צו אַנדערהאַלבן פּיאַסטערס און מיר זענען אַנטלאָפן.

גיי איך איצט דאָרט אין יענער געגנט. ליגן פון די געוועזענע אַראַבישע ליימערנע כאַטעס און שטיינערנע הייזלעך, גאַנצע הויפנס מיט מיסט, שטיקער ליים און שטיינער: עס שטאַרצט פון זיי די אַמאָליקע ריחות. בערג־חורבות, וואָס דערמאָנען אין אומעטיקער פאַרגאַנגענהייט.

זיי געגריסט מיין היינטיקע טייערע, שיינע, יידיש־חנעוודיקע חיפה!

להתראות בקרוב! איך פאָר קיין תל־אביב.

# דוד בן-גוריון קומט אָן קיין ארץ-ישראל.

עס טומלען די עקסטראַס. גרויסע קעפּ אויף דער ערשטער זייט פון אַלע צייטונגען. די הילכעדס שרייען אין די גאַסן און די ראַדיאָ אַנאָנסירט:

אַז היינט פיר נ. מ. קומט אָן, פון זיין באַזוך אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, דער פּרעמיער מיניסטער — דוד בן-גוריון.

אין די דריי טעג וואָס איך געפין זיך אין ארץ־ישראל, איז מיר שוין אויסגעקומען צו ריידן מיט מענטשן פון פאַרשידענע קלאַסן און ריכטונגען.

חסידים אַזעלכע וואָס וואָלטן פאַר בן־גוריונען געלאָפן אין פייער און אין וואַסער, אויך האָב איך גערעדט מיט אַזעלכע, וואָס וואָלטן אים געוואָלט דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער. אַלע זענען אָבער מיט דער זעלביקער מיינונג, אַז קיינער וואָלט ביים איצטיקן מאָמענט נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון בן־גוריונען.

אין גאַס איז לעבעדיק. מען טומלט, עס קאָכט זיך. אַלץ רעדט וועגן בן־גוריונס אָנקומען.

צוויי אַזייגער קום איך אָן קיין לוד. ביים אַריינגאַנג־טויער צום לופט־פּאָרט, באַווייז איך מיין פּרעסע־קאַרט וועלכע איך האָב באַקומען פון דער „לשכת העתונות הממשלתית" מיט אַ ברייטן „הכל בסדר אדוני!" לאָזט מיך די פּאָליציי־וואַך דורך.

די זון — אַ ברענענדיקע, וואַרפט כוואַליעס פון ליכט און פייער אויף דעם ריזיקן לופט־פּאָרט. דער פּאָרט איז גאָרנישט הינטער־שטעליק אַנטקעגן די וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זען אין גאָר גרויסע לענדער.

דאָס האַרץ צעבאַלעוועט זיך פאַר פרייד, וואָס מיר האָבן דער־לעבט צו זען אַזעלכעס, אין מדינת־ישראל.

מיליטערישע פאָרמאַציעס הויבן זיך אָן אויסשטעלן, גרייט פאַ־רן גרויסן קבלת־פּנים. די ערשטע זענען די פּאַראַשוטיסטן, דערנאָך פאָרמירט זיך דאָס אַוויאַציע־מיליטער, שטורם־טרופּן, דער ים־פּלאָט און צום סוף — די פרויען־בריגאַדע (ח"ן).

מילא, ווי זאָגט אַ ייד אַ טוריסט, וואָס מען זאָל אים נישט ווייזן מאַכט ער אַלץ אַוועק מיט דער האַנט: — „שוין אַזעלכס געזען!"

אָבער אַזאַ חן ווי עס שפּראָצט פון דער פרויען בריגאַדע, האָב איך נאָך נישט געזען, אין קיין שום פּלאַץ אויף דער וועלט. צאַרטע, רייצנדיקע-שיינע יידישע טעכטער, פון וועלכע עס ברויזט מיט סימ־פּאַטיע, געמישט מיט שטאַרקן ווילן און פאַרהאַרטעוועטער העלדישער עקשנות.

אויפן פּלאַץ, וווּ עס דאַרף לאַנדן דער עראָפּלאַן, האָט מען דער־לויבט אַרויסגיין נאָר אַ פּאָר הונדערט מענטשן. איך האָב געהאַט די פּריווילעגיע צו זיין צווישן זיי. אַנדערע טויזנטער מענטשן — פילן אָן די דעכער פון די געביידעס, וואָס געפינען זיך אין דער געגנט אַרום דעם פלי־פּלאַץ.

צווישן דעם עולם באַווייזן זיך, אויף אַ גאָר פּשוטן און היימישן אופן, משה שרת, דוב יוסף, יוסף שפּרינצאַק, גאָלדע מייערסאָן, אי־טשע מאיר לעווין, פּנחס לבון, יגאל ידין און אַלע אַנדערע מיניס־טאָרן. עס זענען אויך פאַראַן פאָרשטייער פון דער אַגענץ, פון דער הסתדרות און אַלע אַנדערע מוסדות.

פיר מיט פופצן דערהערט זיך אַ זשומעריי פון עראָפּלאַנען.

דער פיר מאָטאָרדיקער ריז, מיטן אויפשריפט „אל על", שפּיגלט זיך אָפּ פון די פריידיקע זון שטראַלן, וואָס שמייכלען אונטער דעם שיינעם ארץ־ישראל הימל.

אַרום דער לופט־שיף, פליט אַן ערן־וואַך פון זעקס מיליטערישע עראָפּלאַנען, וועלכע זענען אַרויסגעפאָרן צו דער גרענעץ מקבל־פּנים זיין דעם ראש־הממשלה. די זעקס באַגלייט-עראָפּלאַנען בלייבן אין דער הויך, דרייען זיך אַרום און אַרום און סאַלוטירן אַזוי־ערנאָך דעם אַוויאָן אין וועלכן עס געפינט זיך בן־גוריון. און דער „אל־על" עראָ־פּלאַן לאָזט זיך לאַנגזאַם אַרונטער און באַהעפט זיך מיט מאַמע־ערד.

מען האָט קוים באַוויזן צוצושטעלן די טרעפּ צום עראָפּלאַן, איז שוין בן־גוריון אין דרויסן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם אַנצוג. דער קראַגן פון ווייסן העמד איז איבערגעלייגט אַריבער דעם רעקל.

ער גייט אַ פריילעכער, אַ מוטיקער מיט אַ פריש־יוגנטלעך פאַר־רויטיקט פּנים.

דער גרויסער מיליטערישער אָרקעסטער שפּילט אויף דעם נאַ־

ציאָנאַלן הימן. דער גאַנצער עולם זינגט מיט. — אַ ציטער פון פרייד נעמט דורך אַלעמען.

דעם ערשטן סאַלוט גיט דער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער — דוד בן־גוריון צו די מיליטערישע פאַרמאַציעס. אין דער באַגלייטונג פון דעם מיליטערישן הויפּט, יגאל ידין און דעם אויסערן־מיניסטער, משה שרת.

גייען זיי פאַרביי די אַלע שורות פון דעם אויסגעשטעלטן מי־ליטער, וואָס האַלטן זייערע ביקסן אויפגעהויבן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן אָפיציעלן מיליטערישן פּאַראַד קומט בן־גוריון אַריין צווישן עולם. ביי יעדן שלום־עליכם, האָט ער אַ גלייך ווערטל, אַ בייסיקע באַמערקונג. ער איז גוט־ברודער מיט אַלעמען.

ווען ער האַלט די האַנט פון מיניסטער איטשע מאיר לעווין זאָגט ער צו אים: „אַ גרוס פון דיינע אגודהניקעס, זיי טומלען אויך דאָרטן מער ווי זיי טוען". דערויף ענטפערט אים לעווין: „פונקט דאָס זעל־ביקע וואָס עס טוט דיין חברה, דאָ ביי אונדז אין לאַנד".

באַמערקונגען, געפלאָכטן מיט געזונטן הומאָר, פיילט בן־גוריון דאָ און דאָרט. איך גיי ביי זיין זייט, כדי אויפצוכאַפּן זיינע באַ־מערקונגען.

מיטן איינציקן מיט וועמען ער האָט זיך ברידערלעך צעקושט איז געווען — אברהם האַרצפעלד.

צו איינעם אין קורצע הייזלעך, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר, איז בן־גוריון צוגעלאָפן, אים אַריינגערוקט אַ ברייטן שלום־עליכם און גיט אים אַ פרעג: „ווי גייט די אַרבעט צו די וואַלן?"

ענטפערט אים יענער: „הכל יהיה בסדר גמור!".

שרייט בן־גוריון אויס צום עולם: „איר אַלע זענט עדות וואָס ער האָט מיר נאַרוואָס געזאָגט"!

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די באַגריסונגען צום עולם, גייט איבער בן־גוריון צו דעם גרוס דורך דער ראַדיאָ, וואָס ער גיט איבער פאַר דער ישראל באַפעלקערונג. פאַר דעם מיקראָפאָן באַווייזט זיך בן־גור־ריון אין זיין פולער אחריות פון זיין שליחות. ער גיט איבער וועגן זיינע צוויי אינטערוויוען וואָס ער האָט געהאַט מיטן פרעזידענט פון די פאַראייניקטע־שטאַטן מר. טרומאַן.

ער גיט איבער טרומאַנס פערזענלעכן גרוס וואָס ער האָט גע־שיקט צום פרעזידענט פון מדינת־ישראל — דר. חיים ווייצמאַן.

אויך דערציילט ער וועגן זיינע באַגעגענישן וואָס ער האָט געהאַט מיטן אויסערן־מיניסטער עטשיסאָן און אַנדערע אַמעריקאַנער מלוכה־מענטשן.

בן־גוריון איז באַגייסטערט פון דעם אַמעריקאַנעם פאָלק, פאַר זיין גרויסן אינטערעס צו אַלץ וואָס ווערט געשאַפן אין מדינת־ישראל.

ער דריקט אויס זיין דאַנק פאַר דער האַרציקער אויפנאַמע וואָס ער האָט דאָרט באַקומען. ער רעדט אויך וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער עוולה, וואָס איז לעצטנס באַגאַנגען געוואָרן אין שייכות מיט דער חולה־פּראַגע.

מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט דערמאָנט ער די יידן פון די פאַראייניקטע־שטאַטן. שוין אַוועק — זאָגט ער — יענע צייטן פון דיסקוסיעס, צו יאָ ארץ־ישראל אָדער נישט ארץ־ישראל — יעדער ייד פילט היינט זיין צוגעבונדנקייט צו מדינת־ישראל. ארץ־ישראל האָט אויך אויפגעהויבן דעם שטאָלץ פון אַלע יידן ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען. יידן פון אַמעריקע גרייטן זיך און זיי ווילן קומען זיך באַזעצן דאָ ביי אונדז!

ער גיט אויך אַן איבערבליק איבערן אָנגעהויבענעם קאַמפּיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און ער רופט אויס פּאַטעטיש: איך בין איבערצייגט, אַז „עם ישראל לא הכזיבו וגם לא יכזיבו!" דער קאַמפּיין פון טויזנט מיליאָן דאָלאַר וועט האָבן אַ דערפאָלג, דאָס וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט אַריינצובריינגען אין די קומענדיקע דריי יאָר — נייע זעקס הונדערט טויזנט יידן. און עס איז אַבסאָלוט נישט ריכטיק, ווי אַנדערע האָבן געמיינט, אַז די הלוואה וועט שטערן צו דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין.

אַ באַזונדערן דאַנק דריקט בן־גוריון אויס צו דער יידישער פרעסע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אירע מיטאַרבעטער און אויך צו דער ראַדיאָ דאָרט, וועלכע האָבן אַלע אַזויפיל מיטגעהאָלפן אין דעם דערפאָלג פון זיין פיר־וואָכנדיקן באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

די רעדע וועלכע האָט געדויערט איבער אַ האַלבע שעה, האָט אַלעמען צוגעשמידט צו די ערטער, סיי דורך דער לעבעדיקייט און פּאַטאָס פון דעם אופן רייד און סיי דורך דעם אינהאַלט וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַזויפיל אחריות און האָפענונגען.

דער עולם האָט גאָר פאַרגעסן אין דעם אומברחמנותדיקן חאַמ־

סין־ווינט, וואָס האָט יעדערן געבראָטן ווי אַ פייער פון אַ קאַלך־אויוון.

פון דעם לופט־פּאָרט האָבן זיך, אין אַן אָפּענעם אויטאָמאָביל, אַריינגעזעצט מיט בן־גוריונען — משה שרת און יגאל ידין.

זיי זענען איצט געפאָרן קיין תל־אביב — ווו די גאַסן זענען היינט באַצירט מיט ווייס־בלויע פענער — צו דער פייערלעכער אויפנאַמע, וואָס די „עיריה" האָט צוגעגרייט.

# אין תל־אביב ביים וואַל־קאַמף
## צום ציוניסטישן קאָנגרעס

עס איז אַ פּאָר טעג פאַר די וואַלן צום דריי און צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס. ווי עס זאָלן נישט אויספאַלן די רעזולטאַטן פון די וואַלן, איז אָבער דער וואַל־קאַמף, אַן און פאַר זיך, ביז גאָר אינטערעסאַנט.

איך פיל, אַז די דאָזיקע וואַלן זענען מער אַ פּרוביר־שטיין צו די פאַרשטייענדיקע כנסת־וואַלן — איידער די באַציונג צום ציוניסטישן קאָנגרעס.

די הויפּט אַקטיוויסטן אין דעם קאַמפּיין זענען: מפא״י, מפ״ם און חירות.

די אַלגעמיינע ציוניסטן און מזרחי, שפּילן דאָ די ראָל פון ברוגזע.

זיי רופן אָפן זייערע אָנהענגער — נישט צו שטימען אין די וואַלן.

זיי האָבן טענות, וועגן דער פאַרטיילונג פון די שקלים.

ווי איך שאַץ אָבער אָפּ זייער ברוגז, איז דער ענין אַ גאָר פּשוטער:

בעת דעם שקלים פאַרקויף, זענען זייערע חברים געוועזן פּאַ־סיוו, זיי האָבן פאַרקויפט גאָר ווינציק שקלים. אַזוי ווי אָבער דער ווייל׳ער דאָ קען נאָר שטימען מיט אַ שקל אין דער האַנט אויך ווערט בעת דעם שטימען אָפּגעשטעמפּלט זיין תעודת־זיהוי (אידענטיפיקאַ־ציע), דעריבער זוכן זיי איצט טענות — באַרעכטיקטע און נישט באַרעכטיקטע — אַזוי־ערנאָך וועלן זיי קענען שפּילן די ראָל פון מאַרטירער. בעת אַלע מיטגלידער פון דער הסתדרות, וועלכע זענען אויף אַ וואונדערבאַרן אופן אָרגאַניזירט, האָבן בשעתם אויסגעקויפט שקלים און וועלן דעריבער ציען אַ גאָר גרויסע צאָל שטימען.

לויט מיינע שמועסן מיט פאַרשידענע ישראל־בירגער, זענען זיי ווייניק וואָס באַגייסטערט פון ציוניסטישן קאָנגרעס.

בכלל באַמערקט מען ביי די ישראלדיקע אינווייניגער אַ קליי־נעם אינטערעס צו הערן רעדעס. יעדער גדול, ווי גרויס ער זאָל נאָר נישט זיין, איז שוין וויים נישט קיין אַטראַקציע — וואָס זאָל זיין אומשטאַנד צו רופן אַ גאָר גרויסן עולם.

אין אַלגעמיין איז דער ווילער דאָ אַן אָריענטירטער און געהערט צו אַ געוויסער ריכטונג. סתם רעדעס, מיט די שענסטע פראַזן, קענען קנאַפּ וואָס ווירקן אויף זיינע איבערצייגונגען.

אין משך פון די פּאָר טעג האָב איך בייגעוווינט פאַרשידענע מיטינגען.

איך בין געווען אויף אַ מיטינג פון מפ"ם — מיטן אַרויסטריט פון אהרון ציזלינג. דער גרויסער קינאָ־זאַל האָט געפּוסטעוועט. איך האָב זיך באַמיט אויפצוכאַפּן און קאָנקרעטיזירן זיין רעדע. איך האָב געוואָלט פאַרשטיין וואָס וויל מפ"ם פון קאָנגרעס? איך מיין אַז אַ סך האָבן אַזוי נישט פאַרשטאַנען, פּונקט ווי איך. מען האָט נאָר געהערט, נאָכאַמאָל אַטאַקעס אויף דער רעגירונג, און ווידעראַמאָל אַטאַקעס. דאָס קלאַפּט נישט און יענץ טויג נישט. אָבער ווי אַזוי מען בעסערט דאָס אַלץ אויס האָט ער נישט געזאָגט.

ביי אַ צוויי הונדערט מענטשן זענען געווען אויפן מיטינג, וווּ עס איז אַרויסגעטרעטן מנחם בעגין.

מיט זיין אָראַטאָריש־אַרטיסטישן כוח, האָט ער געשאָטן פעך און שוועבל אויף אַלץ און אַלעמען. נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל האָט ער געהאַלטן אין איין איבערדערציילן וועגן זיין אונטערערדישער אַר־בעט קעגן די ענגלענדער.

ער האָט געשפּילט איבערהויפּט אויף די נערוון פון דער באַ־שפייזונג אומצופרידנקייט וואָס הערשט אין לאַנד. פּונקט ווי די פון מפ"ם — זענען אַלע זיינע פיילן געווען געצילט נאָר צו מפא"י. איך האָב באַקומען דעם איינדרוק פון זיינע רייד: אַז ווען מען נעמט אים אַריין אין מיניסטאָרן־קאַבינעט, וואָלט שוין אַלץ געטויגט.

אַן עולם פון פיר ביז פינף הונדערט מענטשן (איך ווייס נישט קיין פולער זאַל) האָט שוין צוגעצויגן דער מיטינג, אויף וועלכן עס האָט גערעדט זלמן ארן (אַראַנאָוויטש). דאָ האָט זיך געמערקט, אַז עס שטייט פאַר אונדז איינער פון די זיילן וואָס טראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיטן בוי און וווּקס פון מדינת־ישראל.

ער האָט גערעדט קלאָר און אָפן וועגן דער שוועריקייט פון דער לאַגע, וועגן אַלע פעלערן וואָס ווערן געמאַכט און רייצן אויף די גע־מיטער פון דעם בירגער. ער האָט אָבער דערביי אויך אָנגעוויזן אויף די ריזיקע דערגרייכונגען וואָס מדינת־ישראל האָט באַוויזן אין משך פון דריי יאָר עקזיסטענץ.

ער האָט אויסגערופן: „אויב מיר האָבן באַוויזן און מיר באַ־ווייזן ווייטער צו שטיין ווי אַ פעסטער כוח צווישן זיבן אַראַבישע לענדער, מיט אַ באַפעלקערונג פון הונדערט מיליאָן מענטשן, איז עס אַלץ אויפן חשבון פון דעם נישט דערעסענעם פלייש, אין משך פון די לעצטע צוויי און אַ האַלב יאָר. די לעצטע געשעענישן ביי דער סירישער גרענעץ זענען אַן אָנזאָג פאַר ווייטערע געפאַרן און שלאַכטן. דעריבער מוזן מיר האָבן אונדזער מיליטערישע פאַרזאָרגונג אויף וועלכער מיר מוזן אויסגעבן פאַנטאַסטישע סומען. וועגן די צענט־ליקער טויזנטער עולים, גיבן די אַנדערע פאַרטייאישע ציַיטונגען אי־בער די נייעסן מיט פעטיט־שריפט אויף דער לעצטער זייט.

פאַר אונדז מיינט די עליה, קודם־כל — ראַטעווען די יידן פון די געפאַרן, וואָס לויערן איבער זיי. עס מיינט אָבער אויך — די פאַר־זיכערונג פון ווייטערן קיום פון דער מדינה ווייל — עליה זה בטחון!

אַנדערע פעלקער שטייען פאַרגאַפט און פרעגן:

— ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז אַזאַ אָרעם לאַנד זאָל אין משך פון אַזאַ קורצער צייט פאַרטאָפּלען איר באַפעלקערונג?

מיר שטייען פנים אל פנים מיט פאַרשידענע שווערע פראָ־בלעמען.

איין פראָבלעם איז: ווי אַזוי צו קענען סטימולירן די איינוואַנ־דערונג פון דעם מיטל־קלאַס מענטש פון די פרייע לענדער, אַז ער זאָל קומען צו אונדז נישט ווי אַ גערודפטער, אַן אַנטלאָפענער פון אומגליקן, נאָר ווי אַ פרייער בירגער, וואָס קלייבט אויס פרייוויליק מדינת־ישראל ווי זיין היימלאַנד.

שאַרף און בייסיק איז דער רעדנער, ווען ער ווייזט אָן, אַז דער ישראל בירגער איז בכלל נאָך ווייט נישט דערגאַנגען צו דעם געפיל פון בירגערשאַפט אין אַן אייגן לאַנד. מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן רעדט ער וועגן די אַלע פאָרווורפן וואָס אַלע פאַרטייען שליידערן אויף מפא״י.

זיי וואַרפן פאָר מפא״י אַלץ וואָס זי האָט נישט געטאָן, קיינער

געפינט אָבער נישט קיין גוט וואָרט פאַר דעם אַזויפיל, וואָס מפא״י האָט יאָ געשאַפן.

עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט די פאַרלוימדונגען קעגן מפא״י, אַז ווען עס וואָלט חס ושלום געקומען אַן ערד־ציטערניש וואָלט מען זיכער אין דעם אויך באַשולדיקט מפא״י.

דאַן איז דער רעדנער איבערגעגאַנגען צום קאַבינעט־קריזיס וואָס הערשט אין דער רעגירונג, ער האָט געזאָגט: עס וועט נאָך אוודאי נעמען אַ סך יאָרן ווו מיר וועלן מוזן זיין אין אַ קאָאַליציע, אָבער מיר ווילן נישט קיין קאָאַליציע פון אַ שטענדיקן קדחת. איינס מוז קלאָר ווערן פאַר אַלעמען: אין יענער רעגירונג, ווו מפא״י וועט נישט האָבן איר ווירקנדיקן כוח, וועט מפא״י קיין אָנטייל נישט נעמען.

דער דריי און צוואַנציקסטער ציוניסטישער קאָנגרעס דאַרף שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דעם ווייטערדיקן לעבן פון דער מדינה, ווייל מדינת־ישראל און די יידן אין חוץ לארץ זענען ענג געבונדן מיט אומצורייסבאַרע פּעדעם.

אויף אונדזער דור ליגט דער גרויסער חוב צו געבן פאָרם און קאָליר, פאַרן בוי פון ישראל — פאַר אַ סך ווייטערדיקע דורות. אויב מיר וועלן איצט מאַכן פעלערן, וועלן די שפּעטערדיקע דורות נישט קענען צוריקרופן די יאָרן, וועלכע זענען געווען פאַר דעם פאַר־אַנטוואָרטלעך.

⁂

אויב די רייד פון זלמן ארן, האָבן אַזוי טיף אַריינגעדרונגען מיט זייערע אמתן צו אַלעמען ווי צו מיר — דאַן האָף איך, אַז דער נאַקעטער אמת וועט באַזיגן דעם פאַרפומירטן שקר.

ביי די רעדנער פון אַנדערע פּאַרטייען האָב איך געפילט אין זייערע רייד דעם אומגלויבן אין זייערע אייגענע ווערטער.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי אַליין האָבן נישט קיין צוטרוי צו דעם, וואָס זיי זאָגן. זיי פּרעדיקן אידעען, וואָס זענען געבויט אויף שיינע פראַזן און זענען באַפליגלט מיט פאַנטאַזיע וואָס איז אין סתירה צו דער ווירקלעכקייט, זיי ווערן אין תוך דיקטירט דורך פּרעמדע, אויסלענדישע אינטערעסן, צו וועלכע די רעדנער אַליין האָבן נישט דעם מינדסטן צוטרוי.

זיי ווייסן, אַז די אידעען קלעפּן זיך צו דער ארץ־ישראל ווירק־לעכקייט — ווי אַ פּאַטש צו אַ גוט שבת.

וואָס עס שאַקירט מיך אַמיינסטנס אין דעם וואַל־קאַמף איז די שטעלונג און באַציונג פון מפ"ם צו אַנדערע פּאַרטייען.

מפ"ם וואָס איז אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרייניקטע פּאַרטיי, מיט אַן אוצר פאַרדינסטן פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל, קומט אין וואַל־קאַמף מיט קיין איין וואָרט נישט אַרויס קעגן דער פאַשיסטישער — חירות.

מפ"ם ווייסט גאַנץ גוט וואָס עס דערוואַרט דער גאַנצער אַרבעטערשאַפט, ווען אַזאַ בעגין זאָל חלילה קומען צו דער מאַכט.

דערפאַר אָבער זענען פול מיט פאַרביטערונג און גיפט די אַלע פיילן וואָס זיי שיסן אין דער מפא"י.

ווען איך הער די בייזע אַטאַקעס, וואָס זענען עלול חרוב צו מאַכן דאָס אַזויפיל דערגרייכטע, קומט מיר אויפן געדאַנק די צייט, ווען דורך אַזעלכע מעטאָדן האָבן קאָמוניסטן באַקעמפט די סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד, אונטער דער לאָזונג „בעסער מיט די פאַשיסטן, איידער מיט די סאָציאַליסטן".

די דאָזיקע האַנדלונג האָט גורם געווען, אַז די נאַציס זאָלן איבערנעמען די מאַכט.

איך בין איבערצייגט, אַז דאָ אין דער מדינת־ישראל וועט קיינמאָל אַזאַ אומגליק נישט געשען. ווייל סיי דער אַרבעטער, סיי דער פּשוטער בירגער, קוקן מיט אָפענע אויגן אויף אַלע געשעענישן.

זיי זענען מסוגל אונטערצושיידן פון מאַכט־גייציקע פּראָפּאַגאַנדע ביז רעאַלער דויערנדיקער ווירקלעכקייט.

## מיט פּאָליציייאישן כח...

לאַנדשאַפט האָט זיך געררוקט לאַנגזאַם, ערד־ברכה בשפע.

ווי טרויער־פלעקן האָבן, פון צייט צו צייט, אַרויסגעשטאַרצט אויסגעטריקנטע שטחים, וואָס האָבן פאַרחלשטע געלעכצט נאָך אַ ביסל מענטשלעכער פּראַצע.

די באַן איז געגאַנגען און געגאַנגען. דאָ איז מיר אַרויף אויפן געדאַנק:

פאַרוואָס זאָגט מען ביי אונדז יידן „די באַן גייט"? אייגנטלעך דאַרף מען דאָך זאָגן — „די באַן פאָרט". אָבער אַז מען פאָרט אין ארץ־ישראל אויף אַ באַן, ווערט באַרעכטיקט דער אויסדרוק.

אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע וואָלט געווען טרעפ־לעך דער אויסדרוק — די באַן פליט.

ווייל, ווי נאָר אַ באַן פאָרט אַרויס פון דער סטאַנציע, פליט זי ווי אַ רוח.

די דרויסנדיקע וועלט איז מיט אויג נישט צו דערכאַפּן.

אין מדינת־ישראל גייט די באַן ממש און אָפטמאָל גייט זי, ווי איינער וואָסליידט שטאַרק פון רעומאַטישע ווייטיקן.

בדרך כלל, באַנוצט מען זיך דאָ מיט אויטאָבוסן. פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, אַלץ פאָרט מיט די אויטאָבוסן, וועלכע פונקציאָנירן, דורך אַ פּערפעקטער נעץ, צו יעדן ווינקעלע פון לאַנד.

זיי פאָרן אָפּ און קומען אָן פּינקטלעך. מיט איין וואָרט — בסדר גמור.

דאָס מאָל איז מיין באַן־רייזע געווען מער אַ זשעסט־העפלעכקייט ווי אַ מוז.

מיינער אַן אַלטער חבר, נאָך פון די קינדער יאָרן, שפּעטער האָבן מיר צוזאַמען געפּאַקט און געמאַזלט אין ארץ־ישראל, איז היינט אַן אויפזעער איבער די באַנען פון מדינת־ישראל.

צו זיין אַ פּריווילעגירטער דאָ איז גאָרנישט פון די סאַמע שלעכטסטע זאַכן. פאַרענדיק אויף דער באַן, איז געננג געווען, אַז מלך זאָל בלויז אַ מאַך געבן מיט דער האַנט צום קאָנדוקטאָר, אָדער צום

בילעטן־קאָנטראָלער, איז אָנשטאָט זיי זאָלן ביי מיר בעטן מיין בי־לעט, האָבן זיי מיר אַריינגערוקט אַ ברייטן שלום־עליכם. ווער עס האָט מיך מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס, און ווער — מיט פּאָמע־ראַנצן און מאַנדלען.

אין בלויז געציילטע מינוטן, האָבן זיך געדרעלט אַרום מיר פאַרשידענע מענטשן.

אויף יעדער סטאַנציע, ווו נאָר די באַן האָט זיך געשטעלט און געשטאַנען... זענען אַרויפגעקומען פאַרשידענע באַן־אָנגעשטעלטע און אַרבעטער. יעדערער, וואָס האָט זיך מיט מיר באַקענט האָט געוואָלט וויסן: וואָס הערט מען אין מעקסיקע, אין אַמעריקע, אין אייראָפּע?

און וואָס עס דענקען יידן אויף דער ברייטער וועלט וועגן מדי־נת-ישראל.

פאַר יעדן איינעם איז מיין יחוס־בריוו געווען גענוג גוט — בלויז דערפאַר וואָס איך ביז מלך׳ס אַ יוגנט־חבר.

מלך אַליין האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען, ווי עפּעס אַ פאַרכ־שופטע קמיע, וואָס נוצט פאַר אַ סגולה.

יעדער איינער וואַרפט אין אים אַריין אַ וואָרט, אַ טענה, אַ פּרעטענזיע. אַלע זוכן דורך אים אַ שטיקעלע ישועה.

פיל אַנדערע זענען געקומען אים דאַנקען, פאַר דער אָדער אַ צווייטער זאַך, וואָס ער האָט פאַר זיי דערליידיקט.

אַלע זענען מיט מלך׳ן גוטע — ברידער, טראָץ זיין שרייען און נערוועזן בייזערן זיך. עס איז גענוג, אַז ס׳זאָל ווער זיין האַנט אַרויפלייגן אויף מלך׳ס פּלייצע — און ער איז שוין גרייט פאַר יענעם זיין לעבן אַוועקצוגעבן.

מלך אַליין האָט, דורך די איבער דרייסיק יאָר זיין אין ארץ־ישראל, דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרמס, איבערגעטראָגן געשעע־נישן און ליידן אויף זיינע פּלייצעס, וואָס וואָלטן געקענט דערדריקן געמיטער פון אַ צענטליק מענטשן.

זיין געמיט אָבער איז געבליבן פריש און מונטער, ער ברויזט מיט ענערגיע.

זיין פיזישער אויסזען — איינגעדאַרט און אויסגעטרוקנט, ווי אַ פלאַנץ אין אַ מדבר־געגנט.

ער איז דורך דער צייט, געוואָרן אַ סך נידעריקער, ווי איך האָב אים איבערגעלאָזט מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק.

⁂

די וואַגאָנען זענען שיטערלעך באַפּאַסאַזשירט.

איך וואַרף מיינע בליקן דאָ און דאָרט — נישטאָ קיין באַזונדערע טיפּן, אָדער סיטואַציעס, וועלכע זאָלן זיי פאַרהאַלטן פאַר אַ ווייל.

פון שפּייז־וואַגאָן הערט זיך אַ פריידיק קינדערשער געלעכטער און טומל. איך שפּאַציר דורך די טישלעך, אַרום וועלכע עס זיצן קינדער און טרינקען — טיי מיט צובייסנס.

די קינדער פאָרן איצט צוריק פון אַן עקסקורסיע.

זיצט זיך אַזוי ביי איין טישל אייגינקער אַליין אַ ייִנגעלע.

ווי ער האָט אויפגעהויבן זיין קעפּל — האָט אין מיר אַריינגעבלישטשעט און רעפלעקטירט — אַ פּאָר בלויע ברילי̇אַנטענע אייגעלעך, זיי האָבן אָפּגעשטעלט מיינע טריט.

דאָ איז מיר געקומען אויפן געדאַנק חיים נחמן ביאַליקס.
„אונטער די גרינינקע ביימעלעך"

...„נאָר איין זאַך פאַרמאָגן זיי — אויגעלעך;
די אויגן פאַרמאָגן צוויי פּינטעלעך,
וואָס גליען און פינקלען און טוקן זיך
און עפּעס ווי נביאיש און וווּנדערלעך".

איך האָב זיך דערנענטערט צו אָט אַ דעם ייִנגעלע און כ'האָט אים אַריינגערוקט אַ ידידישן — „מה שלומך חבר?"

מיט אַ מאָל האָבן זיך די ראָזעווע קאָלירן פון דעם קינדס בעקעלעך אָנגעהויבן בייטן, ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. זיינע פּוכקע הענטלעך האָבן כמעט געציטערט.

שטאַמלענדיק האָט ער אַרויסגערעדט:

— אַנטשולדיק מיר... איך האָב עס נישט געטאָן ווייל איך בין אַ גנב... איך ווייס, אַז עס איז נישט שיין צו נעמען זאַכן אין דער קעשענע... אָבער, אָבער דו פאַרשטייסט... מיינס אַ קליין שוועסטערל ליגט קראַנק און ביי אונדז אין שטוב איז נישטאָ קיין צוקער.

איך בין שוין אַ גרויסער — אין דבר! איך קען טרינקען טיי אָן צוקער. אָבער מיין שוועסטערל איז קראַנק און זי האָט אַזוי ליב

זיסע זאַכן! אַט האָב איך דאָס בייטעלע צוקער, וואָס מען האָט מיר דערלאַנגט צו דער טיי, אַריינגעלעגט אין קעשענע.

ער האָט אַרויסגענומען דאָס קליינע פּאַפּירענע בייטעלע, אין וועלכן עס איז געווען אַ טיי־לעפעלע צוקער, און דאָס געוואָלט מיר אָפּגעבן, דערביי האָבן זיך פון זיינע ליכטיקע אויגעלעך אַרויסגע־קייקלט צוויי בריליאַנטענע טראָפּנס, וועלכע האָבן מיך געגעבן אַזאַ דרוק אויף דער נשמה, אַז איך האָב שיעור נישט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

זאָך האָב אים אָפּגעפּרעסט אַ פייערדיקן קוש אויף זיין שטערן און — איך בין אַנטלאָפן.

***

ווי לאַנגזאַם אַ באַן זאָל נישט גיין פונדעסטוועגן, אַז זי גייט קומט זי דאָך אָן.

די סטאַנציע לוד איז פאַרפלייצט מיט שטריימלעך און אַטלעס־סענע קאַפּאָטעס. דאָ וואַרטן הונדערטער חסידים אויף דער באַן וואָס גייט קיין תל־אביב. די אַלע חסידים פאָרן איצט צוריק פון ירושלים, זיי האָבן געפּראַוועט דאָרט דעם יום־טוב שבועות ביי זייערע רביים.

איי ווי איך האָב עס חשק צו כאַפּן אַ שמועס מיט אָט אַ די פריי־לעכע יידן, וואָס ברומען אונטער אַ נאַרוואָס אויסגעבאַקענעם ניגון וואָס זיי האָבן מיטגעפירט פון דעם רבין!

איז אָבער די צרה מיט אונדזער באַן, וואָס פונקט היינט גייט זי אָפּ פּינקטלעך און מיר מוזן זיך גלייך אַרויפכאַפּן אויפן צוג, וואָס פאָרט שוין אָפּ קיין הר־טוב.

אויפן וועג קיין הר־טוב, ווו די באַן רייסט זיך אַלץ העכער און העכער צו דער דערנענטערונג קיין ירושלים, פלאָנטערן זיך גע־דאַנקען, זיי רייסן זיך צו אַ דערגרייכונג, זיי צו פאַרשטיין און צו געפינען פאַר זיי אַ לייזונג.

איך בין אינגאַנצן אונטערן איינדרוק פון דער באַגעגעניש מיט דעם קליינעם יינגעלע אויף דער באַן.

באַזונדער עגבערט מיר איצט דער געדאַנק — ווי וועט מיך באַגעגענען מיין אַמאָליקער חבר איסר, דער וואָס איז פון שטענדיק אָן געווען בראשו ורובו אין חלוציזם.

וועט ער מיר היינט באַגעגענען חבריש, אָדער גאָר זיך אָפּקערן פון מיר, ווי מען דאַרף דאָס טאָן צו אַ דעזערטיר, וואָס האָט נישט

אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און איז, נאָך פינף יאָר אַרבעט, אַנט־לאָפן פון די פּראָנט־פּאָזיציעס פון ארץ־ישראל. וואָס האָט נישט פאַר־מאָגט אָט אַ יענע ברייטע אויסדויער וויזיע, נאָר איז געלאָפן אין דער וועלט, דאָרטן זוכן גליקן?

⁂

רייסן זיך דיקע אייזערנע שטאַבעס צו פיל גאָרנדיקע הויכ־קייטן אַזש אין די הימלען אַריין.

ריזיקע מאָדערנע בעטאָן־מישערס הילכן מיט זייערע באַס־שטי־מען און זיי זענען ברייטהאַרציק מכבד מיט פליסיקער צעמענט־מאַ־סע פאַר דער בויונג. קלאַפּן האַמערס, רודערן לאָפּאַטעס, זשומען די עלעקטרישע בויערס און עס שפּילן די זעגן אויף די פאָרמלאָזע קלע־צער, וואָס ווערן פאַרוואַנדלט אין ניצלעכע אָביעקטן.

הונדערטער אַרבעטער שטייען פאַררויטיקט, אונטער דער שרפה־דיקער זון, און זענען פאַרטיפט אין זייער יצירה.

רייסט מען שטיקער ווילדקייטן פון דער וויסטקייט וואָס שטערט דעם פאַרנעם צו דער בויאונג פון דער גרויסער צעמענט־פאַבריק „שמשון".

אין אַ טייל פון די געביידעס, שטייען שוין ריזיקע מאַשינען איינ־געשטעלט און זענען גרייט אויפצונעמען דעם ערשטן רוף — זיך נע־נומען צו דער אַרבעט!

אַן האַרמאָניע פון פאַרשידענע טיפּן און פּנימער שיינט אַרויס פון די הונדערטער אַרבעטער.

אָט זענען אונדזערע מזרח־אייראָפּייאישע יאַטן, ביי וועמען דער חלוצישער גייסט איז געבליבן פעלזן־פעסט. ביי זייער זייט געפינען זיך תימנער, מיט די ציגן־בערדלעך און לאַנגע געקרייזלטע פאות. זיי זענען פאַרטיפט אין זייער אַרבעט, ווי אין אַ דבר־מצוה.

צוזאַמען מיט זיי שטייען דאָ ביי דער אַרבעט מאַראָקאַנער און אַנדערע מזרח־טיפּן, פון וועמען די ארץ־ישראלדיקע אַטמאָספערע האָט געשאַפן איין און איינציקן טיפּ — אַ געזונטן, מונטערן, יידישן ישראל אַרבעטער.

⁂

אָט קומט ער אָן. איך דערקען אים פון דערווייטנס. דער זעלבי־קער איסר. ער גייט צוזאַמען מיט דעם פאָרשטייער פון דער ענג־

ליש־יידישער קאָמפּאַניע וואָס בויט דאָ די צעמענט פאַבריק „שמשון".

זיי זענען פאַרטיפט אין פּלענער און אין פּאַפּירן.

די בוי־אַרבעט פון דער פאַבריק האָט אונטערגענומען דער „סולל־בונה".

איסר, איז דער פאַרשטייער פון סולל־בונה אַלס אויפזעער איבער דער אַרבעט. ער האָט מיך גלייך דערקענט. אונדזער באַגעגעניש איז אַ האַרציק חברישע.

עס פרייד מיר אים צו זען אָט דעם זעלביקן מוטיקן, פרישן און ענערגישן איסר, פונקט ווי אַ מאָל.

זיינע פאַראַנטוואָרטלעכע פליכטן אויף פאַרשידענע פלעצער דאָ ביי דער אַרבעט, דערלויבן אים נישט צו פאַרהאַלטן זיך צופיל מיט מיר אין דעם מאָמענט.

איך כאַפּ דערווייל אַ שפּאַציר אַרום דער קאָלאָסאַלער אונטער־נעמונג פון דער נייער צעמענט־פאַבריק, וואָס ווערט דאָ געבויט מיט אַזאַ ריזיקן פאַרנעם, דורך אַ קאָמפּאַניע פון ענגלאַנד.

לויט דעם ברייטערן שמועס וואָס כ'האָב פאַרפירט מיטן פאַר־שטייער פון דער אַקציע־געזעלשאַפט, וואָס בויט דאָ די פאַבריק, וואָלט די געזעלשאַפט געוואָלט צופרידן צו פאַרקויפן אַקציעס צו יידן פון מעקסיקע, אויב עס זאָלן זיך געפינען די פאַראינטערעסירטע פאַר־זאָגען פאַר דעם.

⁂

היינט פילט זיך דאָ אַן ערב יום-טובדיקע שטימונג.
דריי אַזייגער גרייט מען דאָ אָפּצושטעלן די אַרבעט.
גרויסע פּלאַקאַטן טראָגן אויף זיך אַ ברייטן ברוך־הבא!

אין אַ פּאָר שעה אַרום דאַרף אָנקומען אויף דעם פּלאַץ דער ראש הממשלה — דוד בן־גוריון.

נאָך זיין צוריקקומען פון די פאַרייניקטע־שטאַטן, פאָרט בן־גו־ריון אַרום פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, אין די קבוצים, צו די מחנות ווו עס געפינען זיך די נייע עולים און צו פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער, ווי ווייט די מעגלעכקייטן דערלויבן מיר אים נאָכ־צופאָרן, טו איך דאָס מיט גרויס התלהבות.

מיך אינטערעסירט צו זען — ווי אַזוי פאַרשידענע גרופּעס און קלאַסן פון דער באַפעלקערונג, נעמען אויף דעם ראש הממשלה.



דריי אַזייגער שטייען שוין הונדערטער אַרבעטער אין אומגע־דולדיקער, פריידיקער דערוואַרטונג אויף ביידע זייטן פון שאָסיי.

אַ גרויסער טויער געמאַכט פון גרינע צווייגן, טראָגט אַנטקעגן דעם אויפשריפט, וואָס איז פאַרמירט פון פרישע רויטע בלומען: „ברוך הבא, חבר דוד בן־גוריון"!

אַ קאָמאַנדע פון רייטער־פּאָליציי, אויף זייערע שיינע אַראַבישע פערד, שטייט אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן שאָסיי — גרייט פאַרן ערשטן סאַלוט צום ראש הממשלה.

דערווייל מאַך איך אַ שפּאַציר אויף די פעלדער וואָס זענען נאָ־ענט צום שאָסיי. גאַנצע בערג מיט שטעכעדיקע דראָטן זענען אַנגע־וואָרפן דאָ און דאָרט. אויף יעדן הויפן פון אָט אַ די דראָטן, איז פאַ־ראַן אַ גרויסער אויפשריפט: — „פאַרבאָטן אַריינצוגיין אינעווייניק, ווייל די פעלצער זענען נאָך נישט אויסגערייניקט פון מינעס".

איך שטיי פאַרגאַפט. איך קוק אויף דעם נעכטן און כ'פריי זיך מיט דעם היינט.

דער נעכטן — אַ סימבאָל פון חורבן, פאַרניכטונג, פאַרוויסטונג און קנעכטשאַפט.

דער היינט — בויאונג, פלאַנצונג, מוטיקער שטאָלץ און נאַציאָ־נאַלע פרייהייט.



אַ זשומען און פייפן פון מאָטאָציקלען זאָגן אָן דאָס אָנקומען פון בן־גוריונען.

איידער דער אויטאָמאָביל האָט זיך נאָך באַוויזן רעכט אָפּצושטע־לן, איז שוין בן־גוריון געווען אין דרויסן.

ער שפּאַצירט אַרום צווישן די אַרבעטער, ער באַגריסט זיך חבר־ריש מיט דעם און מיט יענעם.

האַרציק באַגריסט ער זיך מיטן פאַרשטייער פון דער קאָמפּאַ־ניע „שמשון" ער פרעגט זיך נאָך — ווי עס גייט דער טעמפּאָ אין דער בויאונג פון דער צעמענט פאַבריק.

ווען דער אינזשענער ענטפערט אים — אַז די לאַגע איז אַזאַ און אַזאַ, שרייט בן־גוריון אויס „וואָס מיר לאַגע, ווען מיר לאַגע, אונד־זער מדינה דאַרף האָבן וואָס מער צעמענט! מען מוז זען אונטער אַלע אומשטענדן, אַז וואָס שנעלער זאָל די „שמשון" אַרויסגעבן צעמענט!



פון דעם פּלאַץ, ווו עס בויט זיך די צעמענט פאַבריק, זענען מיר אַרייַנגעפאָרן צו די מעברות, אין הר־טוב.

הונדערטער אַלומינום־הייזלעך וואַרפן פון זיך די פייערדיקע אָפּשפּיגלונג פון דער צעכראַשטשעטער זון.

טויזנטער מענער און פרויען, זקנים און קינדער שטייען שוין גרייט מיט בלומען און ווייס־בלויע פענער אין זייערע הענט.

אַ געמיש פון קאָלירן און טיפּן:

תימנער, איראַקער, פּערסישע, אַראַבישע, טערקישע און אייראָפּייאישע יידן.

יעדע גרופּע איז אויסגעפּוצט אין אירע נאַציאָנאַלע קליידער.

אין דעם מאָמענט ווען בן־גוריון איז אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, איז געוואָרן אַ געזונגעריי, פריידיקע אויסגעשרייען!

גאַנצע גרופּעס האָבן געזונגען בציבור — קאַפּיטלעך תהילים.

אַ גרופּע עלטערע יידן מיטן רב בראש האָבן בן־גוריונען אַנטקעגן געטראָגן אַ ספר־תורה.

דער רב האָט געהאַלטן זיין באַגריסונגס רעדע.

באַלד נאָכדעם האָבן זיך אַלע געשטופּט, געוואָרפן, זיך געזוכט צו דערנענטערן צו בן־גוריונען. עס איז פּשוט געוואָרן שווער פאַר אים צו אָטעמען.

אַלטע יידן און יידענעס, אויסגעפּוצט אין זייערע יום־טובדיקע אָריענטאַלישע קליידער, האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד צו קושן די טריט, וועלכע בן־גוריון האָט געטראָטן.

הורא געשרייען, אַ געמיש פון געזאַנג און ספּאַזמישע פריידגעוויינען האָבן פאַרהילכט דעם חלל.

ווי אַזוי בן־גוריון האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון אָט אַ דער צעשטורמטער מאַסע — איז נאָר מיט ניסים.



אַז בן־גוריון האָט פאַרלאָזט דעם פּלאַץ און די קאָמאַנדע פון דער אָרטיקער רייטער־פּאָליציי איז שוין אויך צוריקגעפאָרן, האָב איך דאַמאָלסט געמאַכט אַ שפּאַציר איבער דער גרויסער מעברה.

איך בין געגאַנגען דורך די גאַסן, ווו אויףביידע זייטן זענען אויסגעשטעלט אַלומיניום הייזלעך.

ביי אַ טייל פון זיי זענען אויך פאַראַן גערטנדלעך אַרום הויז, וואַסער איז דאָ פאַראַן גענוג. דאָ איז איינגעאָרדנט אויך אַ שיינע שול פאַר די קינדער. עס זענען אויך פאַראַן פאַרשידענע קראָמען, אַ שול צום דאַווענען און אַ קליניק פאַר קראַנקע, מיט אַלע מאָדערנע אויסשטאַטונגען.

דער עיקר וואָס מיר האָט אינטערעסירט אין דעם מאָמענט איז: זיך צוצוהערן צו די פאַרשידענע געשפּרעכן פון די אַלערליי גרופּעס, וועלכע האָבן קאָמענטירט די באַרוואָס פאַרגעקומענע ענטוזיאַסטישע געשעענישן.

פאַרשטאַנען זייער לשון האָב איך נאָר — פון די טערקישע, וועלכע האָבן גערעדט צווישן זיך שפּאַניש און פון די רומענישע יידן וואָס האָבן גערעדט — מאַמע לשון.

אין דעם כאָר פון דער אָנגעצונדענער התפעלות, ביי אַ גרופּע פון די רומענישע יידן, האָט זיך אַריינגעריסן אַ שטימע, אַ גראָבע: ווי אַן עכאָ פון אַ לײדיקער אייזערנער פאַס, בעת זי קאָלערט זיך אַרונטער פון אַ הויכן באַרג.

אַ הויכער מגושמדיקער ייד, מיט אַ פּנים פון אַ פורמאַן, וואָס איז באַרוואָס אַהיימגעקומען פון אַ זאַווערוכע, מיט קליינע פאַרזשמור־רעטע אויגן וואָס קוקן קאָסאָקע, מיט הענט און פיס — ווי די קלעצער, אַ ברייט מויל מיט גרויסע ציין — ווי זיי וואָלטן באַרוואָס געהאַט אויפגעגעסן אַ גאָלדענעם מאָלצייט...

ער האָט געריוועט ווי אַ פאַרוווּנדעטער לייב: „אַ כאָליערע זאָל אייך אַלעמען כאַפּן, ווען מען לאָזט מיך צו, צו אָט דעם קייסער — וואָלט איך אים געשפּיגן אין פּנים אַריין. נישט דערלעבן האָב איך באַדאַרפט די גאַנצע יידישע מלוכה! איך האָב פריער באַדאַרפט צע־ברעכן די הענט מיט די פיס איידער איך בין אַוועקגעפאָרן פון רו־מעניען. אַ פייער זאָל פאַרברענען גאַנץ ארץ־ישראל.

אמת, נישט געווען גוט ביי די קאָמוניסטן, אָבער אַ ביסל וואַ־סער האָט מען דאָך געקענט נעמען אין מויל אַריין. און דאָ וואָס? פון די קראַנען גייט דאָך ווארעמע פּ...

דאָרט — געווען אַ ציבעלע, אַן אוגערקע, אַ קאַרטאָפל. דער עיקר, די זון האָט דאָך דאָרט נישט אויסגעברענט די געדערים פון דעם מענטשן, דאָ, וואָס? — ביי דער אַרבעט ווערסטו פאַרברענט, אָפּ־געבראָטן און אויסגעטרוקנט. קומסטו שוין אַ היים, אַ פאַרמאַטערטער אין דעם בלעכענעם פּאַלאַץ... קאָנסטו דאָך נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם".

דאָ האָט זיך דער ייד צולאָזט מיט אַ מענה־לשון פון דריי גאָרנ־דיקע קללות צו אַלץ און אַלעמען.

איינער אַזאַ „זיידענער יונגערמאַנטשיק" פונקט ווי ער, האָט זיך געוואָרפן צו אים מיט די פויסטן און האָט אים אַריינגעשריגן גלייך אין פּנים אַריין: „ווּעמען דו קענסט דערציילן מעשיות פון דערהיים, אָבער איך קען דאָך דיר, אַרקעלע מאַראַוויכער. ווען מען ראַטעוועט דיר נישט אַרויס פון רומעניע, וואָלסטו דאָך דאָרטן פאַרפוילט געוואָרן אין דער תפיסה.

דו ממזר, דו האָסט נאָך טענות צו ארץ־ישראל? דאָ האָסטו אַר־בעט און פאַרדינסט פינף פונט אַ טאָג (עד איז אַ מולער, ביי מויער אַרבעט) דיינע קינדער לערנען, דו קענסט זיך קויפן וואָס דו ווילסט.

דו חזיר איינער, אויב וועסט נישט פאַרמאַכן דיין טריפהנעם מיסט־קאַסטן וועל איך אים דיר דאָ אויפן אָרט באַגראָבן אויף שטענדיק.

געמיטער האָבן זיך צעברויזט.

פון אַלע זייטן האָבן זיך געריסן קולות און אַלע האָבן געזידלט אָט דעם יידן, וואָס וואָגט צו שעלטן ארץ־ישראל און די יידן.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, עס האָבן אָנגעהויבן פליען פעטש און אַ געשלעג האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט.

באַלד זענען געקומען צולויפן אויף זייערע פערד דער פּאָליציי־אָפיציר מיט נאָך צוויי רייטער.

זיי האָבן קוים באַוויזן איינצושטילן די צערייצטע געמיטער.

פון צעטריבענעם עולם האָבן זיך געהערט פאַרשידענע אויס־געשרייען:

— אַרקעלע גנב, איצט וועסטו שוין פאַרפוילט ווערן אין דער ארץ־ישראלדיקע טיורמע!

— סוף גנב לתליה! אַרקעלע ממזר, פאַרוואָס האָסטו איצט פאַר־מאַכט דיין טריפהנעם פּיסק, אה דאָ האָסטו מורא?

דאָ האָט זיך דער צעווילדעוועטער ייד נאָך שטאַרקער צעשריגן:

— איך האָב אייך אַלעמען טיף אין דער ערד. וואָס מיינט איר, אַז איך האָב מורא פאַר דער פּאָליציי?

איך ק... אויף די פּאָליציי מיט דער רעגירונג צוזאַמען. אַלע זענען זיי גנבים, שווינדלער, רויבער — וואָס ווייסן נאָר צו פרעסן זויפן און צו פאַרנאַרן יידן אין דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד אַריין.

אַ וויסטע כאָליערע זאָל אייך אַלעמען דערשטיקן, עס איז זיי גרויס אין די אויגן וואָס איך פאַרדין פינף פונט אַ טאָג, אָבער וואָס האָב איך פון מיינע פאַרדינסטן? שוין פינף טעג ליגט מיין ווייב אין בעט, קוים וואָס זי זשיפּעט. זי וואָלט בעדאַרפט האָבן אַ שטיקל פלייש, אַ ביסל יוך, עפּעס אַ פרוכט, און דאָ וואָס? נאָכאַמאָל פּילע און אָבער אַמאָל פּילע, וואָס קריכט שוין פון האַלדז אַרויס. אַז איך קום אַ היים אַ פאַרמאַטערטער פון דער אַרבעט און טרעט נאָר אַריבער די שוועל פון דעם בלעכענעם גהינום — גיט מיר אַזעץ אין קאָפּ אַריין די פּילע, געפּרעגלט אין דער פאַרשטונקענער מאַרגאַרין — משוגע צו ווערן!

נישט קיין קאַרטאָפל, נישט קיין צוקער, נישט קיין ציבעלע. ביי אונדז אין רומעניע וואַלגערן זיך דאָך די פרוכטן אין די גאַסן. אין דאָ וואָס?

ווידער פּילע. ווידער באַקלאַזשאַנעס, רויטע פעפערלעך און מישמיש.



יעדער שטורעם פאַרענדיקט זיך מיט אַ שטילשטאַנד.

די לאַווע וואָס האָט געשפּיגן פון דעם יידנס מויל האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דער פּאָליציי־אָפיציר האָט געבעטן דעם עולם זיך פונאַנדערצוגיין.

זיינע צוויי באַגלייטער האָט ער באַפוילן אַוועקצורייטן.

ער אַליין האָט זיין פערד צוגעבונדן צו אַ בוים.

ער האָט גענומען דעם ייד אונטער דער האַנט און איז מיט אים אַוועקגעגאַנגען. אַ צוויי דריי מענטשן זענען נאָכגעגאַנגען, און איך מיט זיי.

אַזוי זענען מיר אָפּגעגאַנגען ביז צום וואָקזאַל.

דער פּאָליציי־אָפיציר האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און געבעטן דעם, שוין אַ ביסל באַרויקטן יידן זיך צו זעצן ביי זיין זייט.

דער אָפיציר האָט אַרויסגענומען אַ לעדערן שאַכטל פון דער קעשענע און מכבד געווען דעם ייד מיט אַ פּאַפּיראָס.

עטלעכע מינוט זענען אַוועק אין שווייגן...

דערנאָך האָט דער אָפיציר אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

— איך פאַרשטיי אייך, אויך איך האָב אַזוי געפילט, ווען איך

בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק.

דער אונטערשייד איז בלויז דער: ווען איך בין אָנגעקומען, האָט מען מיר נישט פאַרזאָרגט מיט קיין בלעכענעם באַראַק, קיינער האָט מיר נישט געגעבן קיין בעט, נישט קיין בענקל און נישט קיין טישל.

צו קריגן דאַמאָלט איין טאָג אַרבעט אין דער וואָך איז אָנגע־קומען כקריעת ים־סוף.

וואָס איז מיר דען אַרויסגעקומען, וואָס די קראָמען זענען געווען איבערפילט מיט סחורות, וואָס פאַר דריי פּיאַסטער האָט מען געקאָנט באַקומען אַ פונט פלייש, אַז איך האָב די דריי פּיאַסטער נישט פאַרמאָגט.

און איך בין נישט געווען דאַמאָלסט דער איינציקער, טויזנטער און טויזנטער האָבן אַזוי געלעבט, געליטן און געקרענקט.

עס איז אַפילו נישט געווען גענוג שפּיטאָלן פאַר די קראַנקע.

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען, צוזאַמען מיט מיינע חבֿ־רים, צו ליגן מיט פערציק גראַד היץ אין דעםביידל, אויף אַ בלויער ראַגאַזשע.

צו ווען האָבן מיר דען געקאָנט האָבן דאַמאָלסט פּרעטענזיעס? האָבן מיר דען נישט געוווסט, אַז ארץ־ישראל איז נישט דאָס לאַנד, ווו עס זענען אָנגעגרייט פּאַלאַצן פאַר יעדן ניי אָנגעקומענעם?

היינט, וואָלטן מיר שוין געווען געהאַט פון כל־טוב, עס וואָלט אונדז שוין גאָרנישט געווען געפעלט.

נו, וואָס, צו נעמען מיר דען דעם כל־טוב פאַר זיך?

צו טיילן מיר זיך דען נישט מיט יעדן ביסן, מיט טויזנטער יידן וואָס קומען אָן טאָג טעגלעך צו אונדז?

לאָמיר זאָגן, אַז אייך איז געווען גוט אין רומעניע. קומען דאָך אָבער צו אונדז יידן, אין די צענטליקער טויזנטער, וואָס דער טויט האָט יעדע סעקונדע געשוועבט פאַר זייערע אויגן.

צו האָט מען זיי בעדאַרפט ראַטעווען, אָדער בעסער זיך אַליין פאַרזאָרגן מיט אַ גרויסן טאָפּ פלייש?

איך וואָלט אייך איינגעלאַדן צו מיר אין הויז אַריין, צו ווייזן אייך, אַז איך פאַרמאָג נישט מער פון אייך. איך און מיין פאַמיליע עסן פונקט דאָס זעלבע ווי איר.

איר פאַרדינט פינף פונט אַ טאָג און איך פאַרדין קוים דריי פונט אַ טאָג.

איך וועט מען נאָך עפּעס פאַרקויפן אויפן זייטיקן מאַרק.

מיך — ווער וועט עס וואָגן צו ריזיקירן?

צו ווייסט איר וועגן דער מלחמה, וואָס מיר האָבן געפירט מיט אַלע אַראַבישע לענדער און וויפל כוחות, פאַרמעגנס און טייערע קר־בנות דאָס האָט אונדז אָפּגעקאָסט?

אויך היינט צו טאָג שטייען מיר נאָך אין געפאַר.

ווען אונדזערע שונאים זאָלן אויף איין מאָמענט דערפילן, אַז מיר זענען נישט גוט צוגעגרייט און מיר זענען שוואַך, איז דאָס לעבן פון די כמעט אַנדערטהאַלבן מיליאָן יידן, וואָס געפינען זיך אין דער מדינה, נישט זיכער.

איצט זאָגט אַליין, ווען מען פרעגט אייך, צו זאָל מען באַוואָ־רענען די זיכערקייט פון די יידן וואָס געפינען זיך אין ארץ־ישראל צו זאָל מען ווייטער אַריינברענגען די, וועמענס לעבנס זענען אין געפאַר אין פאַרשידענע לענדער, אָדער בעסער זאָל מען ברענגען גענוג שפּייז כדי גוט זיך אָנצופרעסן היינט און „פאַרן מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן”.

אַזוי קען אפשר טראַכטן אַ יחיד, אָבער אַ לאַנד, אַ פאָלק, מוז טראַכטן פאַרן מאָרגן.



דער ייד איז געזעסן ווי אַ געליימטער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרמלאָזע פאַרגליווערונג.

דאָס פּנים האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן איינקאַרבן. קנייטשן האָבן געשרומפּן און עס האָט אויסגעזען ווי אַ גומענער קינדער־באַ־לאָן, בעת די לופט אין אים הויבט אָן אַרויסצוגיין.

ער האָט געשוויגן און געשוויגן.

מיטאַמאָל, ווי אַ ווולקאַנישער אויסברוך, האָט דער ייד זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, ער האָט אויפגעהויבן זיינע ביידע הענט און זיך אָנגעהויבן קלאַפּן אין קאָפּ אַריין, אין ברוסט־קאַסטן און ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט. און ער האָט זיך צעשריגן:

— איך בין אַ סוואָלאַטש, אַ חזיר, אַ זשוליק, אַ מערזאַווע!

די כאָליערע זאָל מיך כאַפּן! אַזאַ געמיינער מענטש, ווי איך, איז נישט ווערט צו לעבן אויף דער פריי אין דעם הייליקן לאַנד — אַרעסטירט מיר!

ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים איז ער אַוועקגעפאַלן און ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

## אויסגעטיילט גרוסן.

אַ פאַרדרוס טאַטשעט און מיר, פאַרוואָס איך האָב אָפּגעזאָגט אַזויפיל פריינט זייערע בקשות, מיטצונעמען מתנות פאַר זייערע קרו־בים אין ישראל.

גיי זיי אַ חכם און טרעף, אַז דער צאַל־בעאַמטער אין חיפהער פּאָרט וועט זיין אַזוי פיין און ער וועט מיר גלויבן אין אַלץ וואָס איך האָב אים געזאָגט און ער וועט אַפילו נישט לאָזן עפענען מיינע וואַ־ליזן.

פון מיינע איבער פופציק גרוסן אין מתנות, וועלכע איך האָב יאָ מיטגענומען, בין איך שוין פאַרטיק מיטן צווייטן צענטליק.

אַ דאַנק די גרוסן האָב איך אַ גוטע געלעגנהייט אַריינצודרינ־גען אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון דעם ארץ־ישראלדיקן לעבן.

מען קען דאָך נישט סתם אַנקלאַפּן אין אַ טיר און בעטן: לאָז מיך אַריין, ווייל עס ווילט זיך מיר זען, ווי עס לעבט זיך דיר.

אַז מען ברענגט אָבער אַ גרוס פון אַ פריינט אָדער אַ קרוב, ווערט מען דערמיט אַליין שוין אַ שטיקל אייגענער, עס עפענען זיך דאַ־מאָלסט פאַר דיר פאַרשידענע מעגלעכקייטן, אַריינצובליקן דאָ און דאָרט.

בכלל זענען די ארץ-ישראלדיקע זייער גאַסטפריינטלעך.

ווען איך זאָל אָננעמען אַלעמענס איינלאַדונגען פאַר מיטאָגן און וועטשערעס, וואָלט איך שוין געווען אַ פאַרזאָרגטער מיט חיונה פאַר די נאָענטסטע פאָר חדשים.

⁂

דורך געדרייטע טרעפּ האָב איך אַרויפגעטראָגן דעם ערשטן גרוס פון דער פאַמיליע גערשענזאָן צו זייערע פלימעניקעס, משפחה עירוני.

זיי באַוווינען אַ פיינע דירה, מיט שיינע מעבל. זיי גרייטן זיך בקרוב איבערצוציען אין אַן אייגענע דירה.

בכלל זאָגט דאָ די בעל חביתישקייט אין הויז עדות, פון אַלט תושבדיקייט.

ער, אַרבעט אין פּאַרטיידיקונגס-מיניסטעריום. ער איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער מענטש, מיט טיפע ידיעות וועגן אַלע ארץ־ישראל פּראָבלעמען, וועגן וועלכע ער רעדט מיט צאַרטער ליבע, ווי ווי וועגן אַ ציטערדיק קינד.

זי, איז אַ זיס — חנעוודיקע, וואָס מאַכט דיר נאָך אַ פּאָר מינוט באַקאַנטשאַפט, פילן, אַז די פריינטשאַפט איז שוין אַ לאַנג יעריקע. זי פאַרמאָגט אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן וואָס פלאַמען מיט פרויען רייץ און נייגעריקייט.

אַזוי שמועסנדיק גיט זי מיר אַ פרעג:

— זאָגט מיר דעם אמת, זענט איר טאַקע צום ערשטן מאָל ביי אונדז אין לאַנד?

עפּעס פילט זיך אין אייך ארץ־ישראלדיקע היימישקייט. עס פעלט אייך יענע סנאָבישקייט וואָס עס שפּראָצט אַרויס פון אַלע אַנדערע טוריסטן.

— עס איז אַ פאַקט, אַז כ׳בין צום ערשטן מאָל אין מדינת־ישראל.

— טאָ פונוואַנען רעדט איר אַזוי פריי העברעיש?

— פאַרוואָס וואָלט איר זיך נישט געוווּנדערט ווען איר הערט מיך ריידן ענגליש, פראַנצויזיש, און אַז איך רייד העברעיש איז עס פאַר אייך אַזאַ חידוש.

— ניין, איך מיין, אַז אייער אופן ריידן איז אַ אונדזעריקער.

ווי איך האָב באַמערקט, איז דאַסמאָל מיר נישט געלונגען מיין פאַרלייקענונג, זי איז אָבער ביז גאָר פיין דערצויגן און האָט מיר גע־מאַכט פילן, אַז זי גלויבט מיר.

בדרך כלל האָב איך אָנגעהויבן זאָגן, אַז כ׳בין צום ערשטן מאָל אין ארץ־ישראל, ווייל אין די ערשטע טעג פון מיין איצטיקן באַזוך, אַז איך האָב דערציילט, אַז אויך מיינע יאָרן פון שווערער אַרבעט זענען דאָ פאַראַקערט געוואָרן אין דעם לאַנד, האָבן אַלע געקוקט קרום אויף מיר פאַר מיין דעזערטירישקייט, טאָ האָב איך אָנגעהויבן שפּילן די ראָל — פון אַ גרינעם טוריסט.

איידער וואָס ווען שטייט שוין דער טיש אָן אָנגעשטעלטער מיט כיבוד.

נאָך איינמאָל האָב איך געהאַט אַ צוזאַמענטרעף ביי זיי אין הויז.

עס פאַרדריסט מיר, וואָס די צייט האָט מיך מער נישט דערלויבט צו זיין אַן עפטערער גאַסט ביי די דאָזיקע האַרציקע מענטשן.

⁂

דער צווייטער גרוס איבערצוגעבן איז מיר שוין אָנגעקומען שווערער.

פאַר אַנדערטהאַלבן גרוש פירט דיר אין תל־אביב דער אויטאָ־בוס וווהין נאָר דו ווילסט. פאַר איך פון תל־אביב קיין יפו.

ביים דורכפאָרן דאָס אָרט וואָס איז אַ מאָל געווען די גרענעץ צווישן דיביידע שטעט, האָב איך דערזען דעם אַראַבישן מעטשעט און טורעם, עס איז אַלץ געבליבן גאַנץ פונקט ווי אַ מאָל.

אַרום אין אַרום דעם מעטשעט, ליגן די צעשאָטענע הייזער, אין אַ באַרג־חורבן, צעשטויבטע דורך די שלאַכטן, וואָס זענען דאָ פאָר־געקומען בעת דער באַפרייאונג.

אויף דעם דאָזיקן פלאַץ בין איך אַרונטער פון דעם אויטאָבוס.

איך בין געגאַנגען טריט ביי טריט און געקלאָמערט מיינע בליקן אויפן היינטיקן — יידישן יפו.

דער פרעכטיקער קינג־דזשאָרזש בוילוואַר, וואָס ווערט באַ־שאָטנט דורך די מאַיעסטעטישע טייטל־פּאַלמען, איז פאַרפּלייצט מיט מענטשן.

יידיש־לשון לעבט דאָ אין יעדן ווינקעלע.

גרויסע געשעפטן, מאָדערנע קינאָ־סאַלאָנען, קאַפעען און רעס־טאָראַנען.

איך שפּאַציר איבער די שיינע גאַסן: רחוב פייזל, רחוב בוס־טריס און איך קום אָן צו דער פּרעכטיק שיינער נוסראַ־רעזידענץ געגנט.

איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָ אין יפו זענען די אַראַבער דערגאַנגען צו אַזאַ אַנטוויקלונגס מדרגה — צו אַזעלכע רייכע רעזידענץ־היימען.

איך דריי זיך אַריין אין די אַמאָליקע שמאָלע אַראַבישע געסלעך.

פון געוויסע פלעצער שטאַרצט אַרויס זינדיקער עולם־הזה, וואָס ליגט אַנטבלויזט, צעבראַשטשעט — און זיין פולער נאַקעטקייט.

איך גיי פאַרביי געגנטן, וואָס שליידערן אויף מיר שוידער, מאַכן גרילצן אויף מיר דאָס לייב און וואַרפן מיך אַריין אין יענע שרעקלעכע טעג, מיט דרייסיק יאָר צוריק.

## מרדכי קאָראָנאַ

⁂

געווען איז עס פסח טויזנט ניין הונדערט איין און צוואָנציק.

אַ צעבאַלעוועטע חברה האָבן מיר עולה-רגל געווען קיין ירושלים.

מיר האָבן געזונגען, געהוליעט און געטאַנצט, עס איז אויך גע־ווען געמישט מיט ערנסטער פאַרטיפונג אין די לעקציעס, וועלכע מיר האָבן אויסגעהערט פון דעם מורה־דרך, בעת מיר האָבן באַזוכט די אַלע היסטאָרישע פלעצער.

אינמיטן פון דער צעשטורמטער פרייליכקייט, האָט זיך ווי אַ ציקלאָן אַריינגעריסן די שוואַרצע בשורה — אַ פאָגראָם אין יפו.

מען האָט אונדז באַלד באַלאָדן מיט רעוואָלווערן, מעסערס און אייזנס. דער וועג דאַמאַלסט פון ירושלים קיין תל־אביב האָט זיך געצויגן און געצויגן, אין אַ חושכדיקן תהומיקן אָפּגרונט.

אַ טייל פון אונדזערע חברים זענען דאָן געפאַלן אין שלאַכט.

אין יענעם טרויעריקן פסח איז אויך געפאַלן דער שיינגייסט יוסף חיים ברענער ז״ל.

לויכטן איצט אויף פאַר מיינע אויגן יענע ליבע, טייערע חברים, וועלכע זענען דאָן געפאַלן על קדוש השם.

זיי האָבן מיט זייער בלוט אויפגעשריבן — „בדמיך חיי!״.

היינט שפּרודלט דאָ מיט יידיש לעבן אויף שריט און טריט.

איבער צוויי הונדערט טויזנט יידן וווינען היינט צו טאָג דאָ אין יפו. אַזוי שפּאַצירנדיק קומט מיר אַנטקעגן אַ פּלאַץ, פון וועלכן עס הילכט אַרויס אַזויפיל קינדערשער געלעכטער און פרייד.

עס איז דער, „מרכז העשעשועים — לונאַ־פּאַרק״.

פאַרשידענע קאַרוזעלן, קינדער־עראָפּלאַנען, שיפלעך און באַנען זענען באַזעצט מיט טייערינקע קינדערלעך. זיי ברויזן אויס זייער קינדערשע ענטוזיאַסטישע פרייד, אונטער אַ לויטערן יידישן הימל, וואָס באַדעקט די שטאָט יפו.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם ציל פון מיין איצטיקן שפּאַציר דאָ.

גיי איך אַוועק אין דער ריכטונג פון דזשבעליאַ.

איך גיי פאַרביי געסלעך וואָס זענען איבערפולט מיט אַראַבער, זיי זיצן אויף דער ערד — און געגעצן דעם טאָג אין פּנים אַריין.

עס גלאַנצן די קרישקעס און שטיקער פּעטס פון זייערע וואָנצעס וועלכע זיי האָבן זיך געפּוילט אָפּצווישן פון דעם עסן.

איך קום אַרויף אויף גאַסן, ווו גלעלע זאַמדן אָנגעגליטע דורך דער זון, ברענען דורך די זוילן און גליען די טריט אונטער די פיס,

אַ לאַשטשענדיק ים ווינטל בלאָזט אויף מיר מחיהדיק, קומען אָן און ווערן באַלד פאַרשווינדן כוואַליעס, וואָס לעקן דעם ברעג.

איך בין שוין פאַרמאַטערט פון זוכן דעם אַדרעס אין דעם דאָ־זיקן פאַרוואָרפענעם דזשעבעליאַ.

איינער שיקט מיר ארויף און דער צווייטער שיקט מיר אַראָפּ.

אַזוי צווישן אַרויף און אַראָפּ, אין אַ צוויי שעהדיקן געראַנגל, דערזע איך מיטאַמאָל אַ געסעלע פון צוויי מעטער די ברייט אויף וועלכן עס שטייט בפירוש אָנגעשריבן נומער צוויי הונדערט און צוויי.

גזלן איינער — דיך זוך איך דאָך!

לויף איך שוין פון הויז צו הויז, פון נומער נאָך נומער, אָבער דעם נומער איינס — ווי דער ים וואָלט אים פאַרשלונגען.

באַנוץ איך אין דעם געסעלע עטלעכע שפּראַכן אָבער זיי געפינען נישט די פיל לשונות וואָס ווערן דאָ גערעדט.

אַלע דאָ זענען ביי דער מיינונג, אַז איך האָב אַ פאַלשן נומער.

דערציייל איך זיי שוין מיטן גאַנצן פּזמון:

— ער הייסט שמואל הערשנבאָרן, ער איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, האָט אַ ווייב מיט אַ קליין מיידעלע, אַנטלאָפן פון פוילן, געווען אין קאָנצענטראַציע לאַגער אין דייטשלאַנד, ער האָט אַ שוועסטער אין מעקסיקע און איך האָב אַ קליין גאָלדן זייגערל אַ מתנה פאַר אים.

דריי איך זיך אַרום הין און צוריק מיטן פּזמון און מיטן גאָלדן זייגערל. אָבער געפונען דעם נומער קען איך אַלץ נישט.

אינמיטן דערהער איך פון אַ הויז דעם קלאַנג פון יידיש לשון מיטן וואַרשעווער אַקצענט. פון גרויס אַנטוישונג דורך מיין אומבאַהאָלפענע סיטואַציע גיי איך גלייך אַריין אין יענעם הויז. נישט אָנקלאַפּנדיק פריער אין דער טיר.

צוזאַמען מיט מיין אויסגעהזרטן שיר־המעלות בעט איך זיך ביי דעם יידן רחמים, אַז ער זאָל מיר העלפן אויפזוכן דעם אַדרעס.

— ס׳טייטש — שרייט דער ייד — איך בין איצט נאָרוואָס אַריינגעקומען פון דער אַרבעט, ווי איך כאַפּ נאָר אַ ביסל, מוז איך גלייך לויפן שטימען צום ציוניסטישן קאָנגרעס, אויב איך וועל גלייך נישט גיין וועט דאָך מיין שטימע פאַרלוירן גיין.

— יאָ שטימען נישט שטימען — טענה איך צו אים — איר זענט מיין איינציקער גואל.

מיין פאַרצווייפלונג האָט געווירקט אויף דעם יידן. ער איז אַרויס מיט מיר, נאָכאַמאָל צו קלאַפּן אין די טירן.

געגאַנגען און געקלאַפּט פון טיר צו טיר ביז מיר קומען צו אַ טויער, וואָס איז אַרומגעקלאַפּט מיט בלעכן פון אַלקאָהאָל שאַכטלען, דאָ זאָגט צו מיר דער ייד:

— „יאַך קען ענק שוין מעיאָ נישט פירן, טעטץ דאָ נישט געפינען אייאָ פּאַטצעט, מייגטעץ גלאַך צריקפורן קאָ מעקסיקע".

די שערי רחמים האָבן זיך געעפנט. ביים ערשטן קלאַפּ אין דעם בלעכערנעם טויער, איז אַרויסגעקומען אַ חנעוודיקע יידישע טאָכטער.

ווי זי האָט נאָר דערהערט דאָס וואָרט מעקסיקע, האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן.

עס שפּרינגט מיר אַנטקעגן אַ קליין שיין מיידעלע, מיט אַ קאָפּ געקרויזטע בלאָנדע לאָקן, ווי ביי אַ ליאַלקע, אַ פּאָר בלויע גרויסע אויגן שיינען אויף מיר, זי גיט מיר אַ פרעג: „פין מאַ מימעשי פין מעקסיקע?„

איך בין אַריין אין דעם נידעריקן אַראַבישן הייזל, וואָס זעט איצט אויס ווי אַ דאַטשע־היים. עס בליען בלימעלעך און גרינסן אַרום און אַרום.

אינעווייניק איז שיין אויסגעפּאַרבט און דאָס מעבל איז באַדעקט מיט אויסגעצאַצקעטע ציכלעך.

בכלל פּאַרט זיך נישט דאָ, אַט דער שיינער אינעוועניקסטער אויסזען מיטן חורבנדיקן דרויסן אַרום.

לויט ווי מיין פריינדן, דינער, האָט מיר איבערגעגעבן גרוסן פון איר ברודער דאָ, בין איך געווען זיכער, אַז דאָ וועט מיר אַנטקעגן קומען אַ וועלט מיט תערומות צו ארץ־ישראל.

עס איז דערפאַר געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג ווען שמואל, אַ מענטש וואָס האָט שוין אין די צוויי יאָר דאָ אין לאַנד דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרמס און דערגאַנגען אַפילו צו הונגער־טעג, רעדט איצט פון מדינת־ישראל ווי פון אַ סטאַבילער היים פונוואַנען קיינער טאָר נישט צוריקפאָרן.

שמואל איז שטענדיק געווען ווייט פון זיין אַ ציוניסט, ער איז אַפילו געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון די ציוניסטן. איצט זאָגט ער,

אַז ער וואָלט נישט פאַרביטן ארץ־ישראל פאַר קיין שום לאַנד אין דער וועלט. זיין לאַגע איז נאָך איצט אַ שווערלעכע, אָבער ווען ער זאָל באַקומען עפּעס הילף פון אויסלאַנד, וואָלט ער זיך געקאָנט דאָ גוט איינאָרדענען. זיינע זאָרגן זענען, וואָס ער קען נישט ווערן זעלב־סטשטענדיק ביי זיין פאַך. ער איז אַ וואַסער־לייטונג אַרבעטער. מיט דער הילף פון די אייגענע אין חוץ־לארץ, וואָלט ער געקענט אויפ־שטעלן פאַר זיך אַן אייגענעם וואַרשטאַט.

די דירה דאָ האָט ער, פונקט ווי אַלע אַנדערע, באַקומען פון דער רעגירונג אינגאַנצן אומזיסט, איצט זאָגט ער מיר, אַז ער קען באַקומען פאַר דער דירה איבער טויזנט פונט, ווען ער וויל די וווי־נונג איבערגעבן צו אַ צווייטן.



מיין גרוס פון דער משפחה גאַרדענבערג האָט מיר אַריינגעפירט צו הלוצישע אַרבעטער משפחות.

מיין אַדרעס אויף דער רשי־גאַס איז גאָרנישט קיין רשידיקער אויסטייטש, ער איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַז אַפּילו מיט אַ שטיקל תוס־פות אין מיר שווער אים אויפצוזוכן.

כ'האָב אַזוי לאַנג געפרעגט און געזוכט ביז איך בין דערגאַנגען צו גאַס בר כוכבאַ 48.

דאָרטן גאַנץ הויך, האָב איך זיך דערשלעפּט ביז צום דאַך, קומט מיך אַנטקעגן אַ כלב, מיט אַ גויאישער רציחה און צעבילט זיך אויפן קול. קוק איך אים אין די אויגן אין איך רעדט צו אים. ווייס איך נישט, צי בילט ער אויף יידיש אָדער גאָר אויף העברעיש. רעד איך שוין צו אים אויףביידע שפּראַכן. איך גיב אים צו פאַרשטיין אויף ביידע לשונות, אַז איך בין אַ גאַסט און אַז אים פעלט חינוך. הערט ער מיר — ווי דער הונט דעם גבאי. קום איך צו אַ באַשלוס, אַז מיט דעם אומדערצויגענעם כלב וועל איך שוין צו קיין הסכם נישט קומען.

נעם איך שרייען אַרויף מיט אַזאַ קול, אַז דער הונט דער־שרעקט זיך.

ביז עס קומט אַרויס אַ סימפּאַטיש ווייבל אין ווען איך דער־קען גלייך, אַז דאָס איז ליזעס אַ שוועסטער.

דערקלער איך איר, אַז איך ברענג אַ גרוס פון מעקסיקע, נאָר איך האָב ליב צו ריידן מיט מענטשן אָן הינטישער פאַרמיטלונג.

ווען זי האָט שוין געהאַט אַריינגעפירט דעם כלב אין זיין הינ־

טישן פּאַלאַץ, בין איך אַריין אין דער קליינער, אָבער ביז גאָר סימ־פּאַטישער, אַרבעטער־וווינונג.

אריה צמחי, אַ מוסקולירטער פעסטער חברה־מאַן איבער ווע־מען עס ווילט זיך מאַכן אַ ברכה. אַ דאַנק אַזעלכע טייערע יאַטן, האָט זיך געבויט אָט דאָס שיינע לאַנד. ער פירט מיך אַרויף אויפן דאַך און מיט שטאָלץ ווייזט ער מיר אָן, אויף יעדער גאַס און אויף יעדן הויז פון דעם אַרום און ער דערקלערט מיר:

— איר זעט די געגנט דאָ, אָט נישט לאַנג צוריק איז דאָ געווען אַ זאַמדיקער מדבר, איצט רייסן זיך דאָ מיט שטאָלצע קעפּ אין די הימלען אַריין, פּרעכטיקע פיר שטאָקיקע געביידעס. און אָט זעט די שיינע אויסגעפּלאַסטערטע גאַסן!; און ווי עס גרינען דאָ די ביימער אויף ביידע זייטן פון יעדער גאַס.

מיט שטאָלץ ווייזט ער מיר אָן:

— זעט איר דאָרט דאָס פּרעכטיקע הויז, דאָס האָב איך געבויט און צום צווייטן הויז האָב איך מיטגעהאָלפן.

די פרייד ביי אים איז פונקט אַ שטייגער ווי אַלע די הייזער וואָלטן געהערט צו אים. שטייט ער איצט אריה צמחי און מויערט אויפן דאַך אַ גרויסע קיך, ער גרייט צו אַ פּלאַץ פאַר דעם גרויסן גאַסט — דעם עלעקטרישן אייז־קאַסטן, וואָס ער האָט באַקומען אַ מתנה פון אַמעריקע.

דאָס הויזגעזינט איז מלא שמחה פון אָט אַ דעם חשובן גאַסט — דעם פרידזשידער.

דערווייל פּאַרעט זיך די פרוי מיטן כיבוד פאַר דעם גרויס־ברענגער.

דער צוועלף יעריקער אורי, האָט זיך פאַרנומען מיך אַריינצו־שלעפּן אין אַ פאַרלעגנהייט. ער רעדט איבער מאַלעריי און קונסט מיט אַזאַ טיפע פאַרשטענדעניש, אַז איך בלייב אַ געפּלעפטער. ער איז זייער גוט באַקענט מיט די ווערק פון דיעגאָ ריווערא און אָראָזקאָ.

עס איז געווען פאַר מיר אַ פאַרגעניגן אויסצוהערן די מיינונ־גען פון אָט אַ דעם צוועלף יעריקן צאברע.

⁂

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיר די סימפּאַטישע פרוי רחל צמחי באַגלייט צו אירע צוויי שוועסטער.

מיר קומען אָן אין אַ גרויסן הויף, אין גני־עם, ביי רמתיים.

אַ רחבותדיק הויז, וואָס איז באַשאָטנט דורך פיל פּרוכט-בוימער.

פאַרשידענע גרינסן רייצן אַרויס פון די גראָזן, וואַרטן, אַז מען זאָל די אַרויסרייסן און זיי וועלן שוין מחיה־נפשות זיין.

מיט קאַלטע, אמתע פרוכט־זאַפטן דערקוויק איך מיר דאָ דאָס האַרץ.

אַנטקעגן דער תל־אביבער וואַסער וואָס באַשטייט פון: פאַרב, סאַכאַרין, און סינטעטישע געשמאַקן און וואָס מען רופט דאָס אָן „גזוז״, איז דאָס ממש אַ גן־עדנדיקער טרונק.

אין דער צייט וואָס איך האָב אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזער פון דער געשמאַקער משקה און כ׳האָב אָפּגעריסן אַ צענטליק גאָלד־רויטע פּאָמעראַנצן פון די ביימער, האָט דערווייל די ליבע דבורה כספי צוגעגרייט — מיטאָג.

אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך אין שטאָט, וואָס מען רופט „צנע״ וועגן דעם לייענען די פּויערים משפחות אין די צייטונגען.

דאָ שטייט אויף דעם טיש פון כל־טוב.

נאָכן עסן האָבן מיר געמאַכט אַ שפּאַציר איבער די אַלט באַיאָר־טע כרמים און גערטנער פון די פּויערים־ותיקים.

צוריקקומענדיק פון דעם קורצן שפּאַציר האָבן מיר שוין גע־טראָפן אין הויזביידע זין, וואָס זענען נאָרוואָס צוריקגעקומען פון דער שול.

נועם איז אַ בחורל אַ ברען, ווי יעדער צאַברע ווערט ער גלייך גוט-ברודער מיט יעדערן. ער באַווייזט מיר זיינע אויסצייכנונגען אין דער שול־אַרבעט און באַלד באַווייזט ער מיר זיינע קונצן: ער גייט אויף די הענט, שטייט פאַר ווי לאַנג אויפן קאָפּ. און אָט שפּרינגט ער ווי אַ וועווערקעלע אויפן שפּיץ פון העכסטן בוים.

ער פרעגט ביי מיר די שאלה:

— פאַרוואָס זיצן דאָרט מיין פעטער און מומע אין דער שטאָט מעקסיקע?

צוווּאָס דאַרפן זיי דאָרט אין דער שטאָט האָבן צו טאָן מיט „צנע״?

זאָלן זיי קומען דאָ צו אונדז וועלן זיי האָבן צו עסן פון אַלצדינג.

דער עיקר וואָס ער פאַרלאַנגט פון זיי: אויב מען קען קריגן צו קויפן אין מעקסיקע אַ ביסציקלעט אויף צוויי רעדלעך אָן „נקודות״ טאָ זאָלן זיי אים שיקן איינעם.

דער גאַנצער העלד איז נאָך נישט דערגאַנגען צו פולע זיבן יאָר.

יורם, אַ בחורל פון אַ יאָר עלף איז אַ רויקער, ער רעדט געלאַסן, ווי אַ מענטש וואָס האָט מורא אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט, טאָמער וועט מען אים רופן דערפאַר צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער רעדט וועגן ישראל פּראָבלעמען, ווי עליה און בטחון, ווי אַ מענטש וואָס וואָלט געטראָגן די אחריות פאַר דעם.

דער טאַטע איז נאָך נישט געהאַט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט. האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן דערוויייל אַ קורצן טיול אַרום די דערפער פון דער אומגעגנט.

אונדזער קאָמפּאַניע באַשטייט פון: נועם, יורם, עמיקם און איך. אויף די שטויביקע זאַמדיקע וועגן, אינעם שטויב־וואָלקן וואָס די דורכפאָרנדיקע לאַסט־קאַמיאָנעס לאָזן נאָך זיך, גייען מיר אין פירן.

די זון גליט און זי טובלט אין שווייס די לייבער.

מיר קומען אָן קיין רמתיים, ירקונה און מגדיאל.

דער גאַנצער וועג פירט צווישן באַיאָרטע, געדיכטע סעדער און גערטנער.

עמיקם, אַ בחור ווי אַ סאָסנע, האַלט זיך אָן ביי דער האַנט פון קליינעם נועמען. בעת מיר גייען פאַרביי געוויסע פלעצער, פרעגט עמיקם אַלעמאָל נאָך, צו דאָ איז דאָס דער אָדער יענער פלאַץ?.

יעדעס ווינקעלע דאָ אין דער געגנט איז ביי אים פאַרבונדן מיט זכרונות פון העלדישע קאַמפן מיט די אַראַבישע אָנפאַלער.

אָט קומען מיר צו נאָענט צו אַ בערגל, אויף וועלכן עס שטייט אַן אַראַביש הויז וואָס איז צעלעכערט ווי אַ רעשעטע.

דער ניינצן יעריקער ליכטיקער בחור עמיקם, דערפילט אינסטינקטיוו, אַז דאָ איז עס דער פלאַץ.

דאָ שטעלט ער זיך אָפּ און הויבט מיר אָן צו דערציילן פאָלגנדע געשיכטע:

דאָ, פון דעם דאָזיקן הויז, וואָס שטייט אויפן באַרג האָט שטענדיק געלויערט געפאַר אויף אַלע יידישע פונקטן וואָס געפינען זיך דאָ אַרום.

פון דעם צענטראַלן אַראַבישן פונקט פלעגן זיי שיקן טאָג און נאַכט פאַרניכטונג צו אַלע אַרומיקע יידישע ישובים.

אַט דאָס אַראַבישע בערגל איז געווען אַזוי באַפעסטיקט, אַז עס איז געווען אוממעגלעך צוצוקומען צו דעם.

איינמאָל אין אַ שטאַרק פינצטערער נאַכט האָבן אַ פּאָר צענט־ליק חברים זיך געשאַרט ממש אויף די בייכער, אַזוי זיך געדרוקט און דערנענטערט ביז צו דעם הויז, אין וועלכן עס זענען געזעסן די אַראַבישע אָנפאַלער און האָבן דאָרט געפּלאַנעוועט זייער פאַרניכטונג אַרבעט.

עמיקם איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך דערנענטערט ביז צו דער טיר פון דעם הויז און דאָרט אַרייגעוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט.

די אַראַבער, דערשראָקענע פון דעם פּלוצלינגן איבערפאַל, האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן, אַ טייל האָט געענטפערט מיט אַ שיסעריי.

אונדזער חברה האָט זיך צוריקגעצויגן אין אַ באַהעלטעניש.

פון דאָרטן האָט מען זיך טעלעפאָניש געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן קריגס-שטאַב, מען האָט זיך אָנגעפרעגט, צי זאָל מען אָנהויבן אַן אָנגריף.

דער שטאַב האָט געפרעגט „אין וויפל שאַצט מען קענען זיין די קרבנות, וואָס וועלן דאַרפן פאַלן אין דעם אָנגריף?"

האָבן זיי געענטפערט, אַז איבער אַ צענטליק, לויט זייער אָפּשאַצונג.

דאַן איז געקומען דער ענטפער: „נישט אָנגרייפן איצט, נאָר אָפּטרעטן".

אַלע האָבן צוריק אָפּגעטרעטן.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען די אַראַבער פון דעם אָרט אַנטלאָפן און דער פּונקט איז פאַרנומען געוואָרן אָן געפאַלענע יידישע קרבנות".

עמיקם דערציילט דאָס איצט מיט ציטערדיקער פרייד, וואָס מען האָט דעם פּלאַץ געראַטעוועט אָן יידישע קרבנות.

ער אַליין איז אויף אייביק געבליבן בלינד אויף ביידע אויגן דורך דעם האַנט גראַנאַט, וואָס האָט אָפּגעווידערט פונקען איז זיינע אויגן און פון זיי פאַרלאָשן דאָס ליכט אויף אייביק.

# איך פאָר קיין ירושלים

דער אויטאָבוס פאָרט פון תל־אביב קיין ירושלים אַנדערהאַלבן *שעה.*

איך האָב אָפּגערעדט מיטן וויצע פאַרזיצער פון דער כנסת, ח' ניר, זיך צו טרעפן מיט אים אַ האַלבע שעה פאַר דער דערעפע־נונג פון דער כנסת־זיצונג. אויב די זיצונג עפנט זיך צוויי דרייסיק מיינט עס, אַז איך דאַרף דאָרט זיין צוויי אַ זייגער. איז דער חשבון אַ פּשוטער: צוועלף אַ זייגער דאַרף איך זיין ביי דער תחנה מרכזית, דאָרט זיך גלייך אויפזעצן אויפן אויטאָבוס און איך וועל אָנקומען צו דער צייט. איז בעת מעשה מיר אַרויס פון זכרון די מכה אשר לא כתובה בתורה פון: „לעמוד בתור". אַז מען שטעלט זיך דאָ אַוועק אין דער ריי וואַרטנדיק, אויף עפּעס, איז — אַבי געזונט. כאָטש גיי טו זיך אָן אין אַ סאָלדאַטסקן שינעל. (מיליטער דאַרף נישט וואַרטן אין דער ריי). מיט מיינע שכנים, וואָס שטייען פאָרויס מיר און מיט די וועלכע שטייען הינטער מיר, בין איך שוין היימיש ווי מיט אַלטע באַקענטע. נאָך צוויי שעה מיט פינף מינוט וואַרטן, רוקנדיק זיך אַלץ נענטער צו די אויטאָבוסן, וואָס האַלטן אין איין איינשלינגען מענטשן און פאָרן אָפּ איינער נאָכן צווייטן, איז אויך אָנגעקומען מיין ריי. מיר פאָרן מיט מזל.

⁂

מיר איז שוין אויסגעקומען צו פאָרן טויזנטער און טויזנטער קילאָמעטער שאָסיי וועלכע האָבן פאַר מיר שטענדיק געמיינט איינס און דאָס זעלבע. אָבער דער דאָזיקער וועג, דער דאָזיקער שאָסיי זעט אויס אין מיינע אויגן אַזוי גראַנדיעז, אַזוי ריזיק — איך פיל ווי פון יעדן שפאַן שפּראָצט מיט יידישע גבורה און מיט העלדישע מעשים. אַ יראת הכבוד נעמט מיך דורך פאַר די געפאַלענע קדושים, וועלכע האָבן מיט זייערע לעבנס געהייליקט דאָ יעדן טריט. פרייד און טרערן, שמחה און פּיין דרינגען אין מיר אַריין ביי יעדן בליק, וואָס איך

וואַרף דאָ. אָט קומען אַנטקעגן די נאַקעטע, צעלעכערטע ליימענע הייזלעך, וואָס יאָגן אָן, דורך זייער בלינדקייט, אַ שרעק. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך זע בלוט־דורשטיקע אַראַבער מיט זייערע חיהשע אויגן וועלכע זוכן רויב, מאָרד און פאַרניכטונג.

צוזאַמען אָבער מיט דעם דמיונדיקן ווירוואַר פון שרעק און טרויער. באַווייזט זיך אַ רעאַל ברויזנדיק לעבן פון בויען און שאַפן. עס קלינגט אין די אויערן אַן ערלעכע סימפאָניע פון אַרבעט, פון אייזן און בעטאָן און פון מהצבה. שמידן זיך די אייזערנע שטאַנגען איינס מיטן אַנדערן און ווערן באַהאָפטן מיט דער צעמענט מאַסע וואָס רייסט זיך אַלץ העכער און העכער. עס ברויזט דאָס האַרץ פון פרייד קוקנדיק אויף די ריזיקע מאַגאַזינען פון דער יידישער אַגענץ, וועלכע זענען אָנגעפּראָפּט מיט מאַשינען, טראַקטאָרס און פאַרשידענע בוי־מאַטע־ריאַלן. דאָס אַלץ ווערט אָפּגעהיט דורך אַ פּאָליציי וואַך און דורך אַ שיינעם, פרייען, ליכטיקן ארץ־ישראל הימל.

יעדער ווייל פרעג איך ביי מיין שכן: צו זענען מיר שוין נאָנט צו דעם בורמאַ וועג? דערקען איך אין זיין ענטפער, אַז קיין צו גרוי־סער ידען אין דעם איז ער נישט. מיט צוויי רייען פאַר מיר זיצט אַ מיליטערמאַן פון העכערן ראַנג. איך באַמערק זיין פאַרטיפונג אין דער געגנט.

איך כאַפּ אויף זיינע באַמערקונגען וואָס ער גיט צו דעם שכן, וואָס זיצט ביי זיין זייט, וועגן די העלדישע מעשים פון דער סביבה. דערנענטער איך זיך שוין צו דעם מיליטאַר און כ׳פרעג ביי אים, ווי ווייט עס איז נאָך אַרויפצוקומען אויף דעם בורמאַ־וועג. דערקלערט ער מיר, אַז אָט באַלד קומט דער וועג אונדז אַנטקעגן, דאַן בעט איך ביי אים: צו וואָלט ער מיר דערלויבט צו שטייען ביי זיין זייט בעת מיר וועלן פאָרן אויף דעם וועג? דער שכן וואָס זיצט נעבן אים; אַן עלטערער מאַן, שלאָגט מיך פאַר זיך צו טוישן מיט די זיץ־פּלעצער, מיט פאַרגעניגן כאַפּ איך זיך אָן אין זיין מכניס־אורחדיקייט. דער מי־ליטער־מאַן, אַ ליבער, סימפּאַטישער חברה־מאַן, וואָס איז געווען אַן אָנפירער פון דער מיליטער־קאָמאַנדע „הריאל״ אין דער געגנט, איז ביז גאָר פריינטלעך צו מיר. ער איז גרייט, דורך אַלע זיינע ידיעות וואָס ער באַזיצט, מיך צו באַקענען מיט דער יידישער גבורה אין דער סביבה.

מיר קומען אַרויף אויף דעם יחסנדיקן בורמאַ־וועג (כביש הגבורה).

ווען איך קען, וואָלט איך איצט דעם שאָפער צוריסן אויף שטיקלעך, וואָס לויפט ער?! אויף אַזאַ געהייליקטן וועג דאַרף מען דאָך גיין טריט ביי טריט! איז דאָך יעדער שפּאַן אָנגעהויכט מיט קדושה, מיט גבורה! מיין שכן, ווי ער וואָלט אויפסניי איבערגעלעבט די אַלע פאַרגעקומענע געשיכטלעכע געשעענישן דערציילט מיר פאָלגנ־דעס: ירושלים איז געווען באַלאַגערט. דער אַראַבישער לעגיאָן, אָנ־געפירט דורך ענגלישע אָפיצירן, האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט און איר געהאַלטן אין שטענדיקער שרעק. דער שאָסיי איז אינגאַנצן גע־ווען קאָנטראָלירט פון די אַראַבער. זייער פּלאַן איז געווען: צוליב הונגער און דורשט וועט זיך ירושלים מוזן אונטערגעבן.

די וואַסער־רעזערוואַרן און שפּייז־רעזערוון האָבן זיך אָנגעה־הויבן איינשרומפּן. די באַפעלקערונג האָט זיך געקורטשעט אונטער דעם באַלאַגערונגס דרוק. וואָס אַ טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער, דורשט און הונגער האָבן געפּייניקט, עס איז געקומען צו באו מים עד נפש!



אין די דאָזיקע שווערע טעג האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן דריי זיבעצניאָריקע בחורימלעך, מיטגלידער פון פלמח, וואָס זענען געווען אָנגעלאָדן מיט שטעקנס, רעוואָלווערן און האַנט־גראַנאַטן. דורך די נעכט זענען זיי געקראָכן אין די טאָלן, צווישן פעלזן, וואָס זענען גע־לעגן אין דער טיף ביי דער זייט פון דעם שאָסיי.

פון לאַטרון האָט אָן אויפהער אָנגעהאַלטן דאָס אַרמאַטן פייער פון די אַראַבער.

אַזוי זענען זיי די דריי בחורימלעך אָנגעקומען ביז דער מערב־דיקער יידיש מיליטערישער קאָמאַנדע „הריאל". זיי האָבן עס גע־בראַכט די ערשטע בשורה, אַז דער וועג דורכן טאָל איז אָפן. דורך דעם דאָזיקן וועג האָט מען גלייך אָנגעהויבן שיקן זעק מיט שפּייז, וואָס זענען אָנגעלאָדן געוואָרן אויף קעמלען און אייזלען, קיין ירושלים.

באַלד איז דאָ אויפגעקומען די אידייע פון בויען אַ שאָסיי, דורך עקיפין קיין ירושלים, דורך די טאָלן. נישט לאַנג געטראַכט האָבן זיך אין דער אַרבעט באַלד אַריינגעוואָרפן טויזנטער פרייוויליקע. פיר און

צוואַנציק שעה אין מעת־לעת איז אָנגעגאַנגען די אַרבעט אונטער דעם כסדרדיקן פייער פון שונאס אַרמאַטן. דורך אַ געמיש פון שטיינער, צעמענט און הייליק יונג יידיש בלוט, איז אין משך פון איין חודש צייט פאַרענדיקט געוואָרן דער דאָזיקער „גבורה־שאָסיי".

גלייכצייטיק מיטן בוי פון דעם שאָסיי, זענען געלייגט געוואָרן וואַסער־רערן פון רחובות, דורך חולדה, קיין ירושלים. בעת די אַראַ־בער האָבן אָפּגעשניטן אַלע וואַסער־קוואַלן, וואָס זענען געגאַנגען קיין ירושלים, האָבן שוין די נייע אַריינגעפירטע וואַסער־רערן גע־געבן גענוג וואַסער פאַר דער ירושלימער באַפעלקערונג.

דעם שאָסיי פון תל־אביב קיין ירושלים, האָבן די ענגלענדער, ביי פרייע אומשטענדן אויפגעבויט אין משך פון זיבן יאָר. דעם „בורמאַ-שאָסיי" האָבן יידישע העלדן, אונטער דער גרעסטער לעבנס־געפאַר, פאַרענדיקט בויען אין משך פון דרייסיק טעג.

ליגט דאָ אויסגעלייגט פאַר מיינע אויגן די גרויסע עפּאָפּיי פון יידישער גבורה. ביי ביידע זייטן פון דעם שאָסיי ליגן צעשמעטערטע „זשיפּס" אין וועלכע טייערע יידישע קעמפער האָבן פאַרלוירן זייער לעבן. אָבער צוזאַמען מיט דער טרויעריקער דערמאָנונג פון דער פאַר־גאַנגענהייט, וואַכט דאָ אויף אַ ניי לעבן. שטייען מאָדערנע גיגאַנ־טישע חצץ־מאַשינען און בעטאָן־מישערס, זיי זשומען און רוישן. מוסקולירטע הענט האַקן, קלאַפּן און בויען. אַזוי ווערט דאָ געשאַפן דאָרף נאָך דאָרף און שטאָט נאָך שטאָט.

מיר פאָרן פאַרביי דאָס אַראַבישע שטעטעלע „אבו גוש". די אַראַבער פון דעם שטעטל זענען געווען אין דער צייט פון דער באַ־פרייאונגס־מלחמה לאָיאַל צו די יידן, שטייען דאָרטן אַלע הייזער גאַנץ און דאָס אַראַבישע לעבן גייט אָן נאָרמאַל. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט: דער אַראַבער וואָס הייסט אבו גוש, אויף וועמענס נאָמען דאָס שטעטל רופט זיך אָן, איז אין דער צייט פון דעם אַראַבישן גע־לויף פון ארץ־ישראל, מיטגעלאָפן מיט אַלע די וואָס האָבן זיך גע־גרייט צו אָרגאַניזירן פון דרויסן אַ שטאַרקן אָנגריף אויף מדינת־ישראל, איבערלאָזנדיק דאָ זיין משפחה. שפּעטער האָט אים די יידישע רעגירונג דערלויבט זיך אומצוקערן צו זיין פאַמיליע.

צוריקקומענדיק האָבן אָבער די אַראַבישע איינוווינער פון דעם שטעטל אים נישט אַריינגעלאָזט, דערפאַר, ווייל ער האָט פאַרראַטן זייער באַשלוס צו זיין לאָיאַל צו מדינת־ישראל.

מיר פאָרן פאַרביי כפר אוריה, די מעברה־לפרוזדור, לאַטרון, הר־טוב, קבוץ נוה־אילן, מעלה חדשה, קרית ענבים און מוצא. פון רעכטס באַוויזט זיך כפר ליפטא און פון לינקס — גבעת שאול און — מיר זענען אין ירושלים.



אַריינקומענדיק קיין ירושלים אין דער צעהעלטער רחבותדי־קייט האָב איך זיך דערמאָנט אין יענע צוויי פריינט, וואָס זענען צו־זאַמען געגאַנגען אין אַ יידישן טעאַטער: איינער פון זיי איז געווען אַ פעסעמיסט, און דער צווייטער אַן אָפּטימיסט דרייט דער פעסע־מיסט מיט דער נאָז, ער איז אומצופרידן — ס'טייטש! אַזעלכע גוטע אַרטיסטן, אַזאַ גוטע פּיעסע און אַ האַלבער זאַל פּוסטעוועט. עס פריידט זיך אָבער אַ צושמייכלטער דער אָפּטימיסט: — וואָס האָב איך דיר געזאָגט, אַז מען שפּילט אַ גוטע זאַך און גוטע אַרטיסטן דערצו — מוז זיין אַ דערפאָלג אַ זעסטו, אַ האַלבער זאַל איז קיין עין־הרע אָנגעפּאַקט מיט מענטשן!

אַזוי דרייען דאָ יידן מיט די נעז, עס טוט באמת וויי. פון דריי זייטן איז די שטאָט אַרומגערינגלט מיט אַראַבער. די ריזיק־שיינע אַלטע שטאָט. מיט די אַלע יידישע סענטימענטן און הייליקייטן, ליגט לעת עתה דאָרטן געטראָטן דורך די אַראַבער, פאַרשאַפּט דאָס טאַקע אַ טיפן ווייטיק.

מיר האָט אָבער דערפרייט דער פאַקט: וואָס די נייע ירושלים מיט די שיינע, פּרעכטיקע, מאַיעסטעטישע, זעקס און זיבן שטאָקיקע געביידעס, בנינים וואָס זענען געבויט עסטעטיש פון מאַסיוו רייצנ־דיקע שטיינער, זענען אונדזערע.

די ברייטע גאַסן און בולוואַרן, די געשעפטן, קאַפעען, ו'עסטאָ־ראַנען, טעאַטערס און מוזעאומס, פּונוואַנען אַלץ ברויזט מיט לעבן, איז אַ טייל פון אונדזער מדינת־ישראל.

פרויען, מענער און קינדער גייען שיין אָנגעטאָן, פרייד און געלעכטער שוועבט אויף זייערע פּנימער. אַפילו די באַשטריימלטע, באַבאָרדעטע, און באַפּאותדיקע יידן און יינגלעך גיבן צו אַ קאָלאָריט צום גאַנצן ירושלימדיקן חן. אַ נחת רוח באַהערשט מיך שפּאַצירנדיק איבער די ירושלימדיקע גאַסן. פון די טיפענישן פון מיין נשמה רייסן זיך אַרויס ברכות צו יענע העלדן וועלכע האָבן, דורך זייער עקשנות און שטאָלענעם ווילן, זיך אַנטקעגן געשטעלט דער רשעות פון דער

וועלט, וואָס האָט געוואָלט ביי אונדז אָוועקרויבן ירושלים. דער פּאַקט, וואָס דער פּרעכטיקער טייל פון ירושלים איז יידיש, גיט אַ טיפע אי־בערצייגונג, אַז נישט ווייט איז דער טאָג ווען אויך די אַנדערע טיילן פון דער שטאָט וועלן זיך באַפרייען און פאַראייניקן מיט אונדזער טייל ירושלים. צוזאַמען וועלן זיי שאַפן די שיינע עיר־הבירה פון מדינת־ישראל פאַרן עם ישראל.

⁂

בײ אַ זיצונג אין דער כנסת.

מייגער אַ פריינט — אַ דעפּוטאַט, האָט מיר פאַרזאָרגט אַ בלוי קאַרטל, דאָס מיינט אַ זיץ־פּלאַץ אין דער ערשטער ריי אויף דער גאַלעריי פאַר געסט.

**דער אינגערלעכער אויסזען פון דער כנסת:**

אַ קליינער רונדער זאַל. אינגאַנצן אויסגעפאַרבט ווייס.
אין איין האַלבן רונד — זיצן אין פיר רייען, איינע הינטער דער אַנ־דערע — די דעפּוטאַטן. אין צווייטן־מזרחדיקן האַלבן רונד — איז דאָ אַ טריבונע, אין צענטער פון דער טריבונע איז געזעסן דער פאַר־זיצער יוסף שפּרינצאַק. ביי זיין לינקער זייט — שטייט אַ שטענדער פאַר די רעדנער.

הינטער זיי, זענען געזעסן די צוויי וויצע־פאַרזיצערס: ניר פון מפ"ם און דר. בורג פון מזרחי. ביי דער וואַנט פון דער רעכטער זייט, שטייט אַ טישל ביי וועלכן עס זיצן און אַרבעטן די סטענאָ־גראַפיסטקעס.

ביי דער וואַנט פון דער לינקער זייט — זיצט אַ מאַן מיט רער־לאַך אויף די אויערן, האַלט אַ טרובקע ביים מויל. ער זעצט איבער יעדעס וואָרט אויף אַראַביש, פאַר די אַראַבישע דעפּוטאַטן וועלכע זיצן אין זאַל און זענען באַרערלט אויף די אויערן.

הינטער דעם פּרעזידיום הענגט אויף דער וואַנט אַ גרויס בילד פון דר. טעאָדאָר הערצל. אינמיטן זאַל, צווישן די צוויי האַלבע רונדן, שטייט אַ גרויסער שוואַרצער טיש וואָס איז אַרומגעשטעלט מיט פערצן שוואַרצע שולן. דאָ איז דער פּלאַץ פאַר דעם רעגירונגס קאַבינעט.

איצט זיצן אַרום דעם טיש: דוד בן־גוריון, משה שרת, פּנחס

לבון, גאָלדע מייערסאָן, הרב י. ל. מיימון, גרי. פּ. רוזן, שאַפּיראָ און דוב יוסף.

איך בין אַריין צו דער זיצונג בעת די דעבאַטן זענען שוין גע־ווען אין פולן גאַנג. עס זענען אויף דער זיצונג באַהאַנדלט געוואָרן צוויי ענינים:

1. איבער דער מטבע אין דער מדינה.
2. רעכטן און אומבאַרירלעכקייט פון די דעפּוטאַטן.

וואָס לענגער איך בין געזעסן ביי דער זיצונג, האָט דער יראת־הכבוד, וואָס האָט געברויזט אין מיר צו דעם פּלאַץ, אַנגעהויבן אַלץ מער און מער אויסגעוועפּט ווערן.

אין דער דעבאַטע האָבן זיך באַטייליקט: ציזלינג (מפּ"ם) דר. באַדער (חירות) מיקוניס (קאָמוניסטן) נפתלי (מפּא"י) רעפּעטור (מפּ"ם) גוברין (מפּא"י) און אַנדערע. פון תּמיד אָן בין איך אַ קעגנער פון קליידונג־עטיקעטע. אַ צילינדער אָדער טאָקסידע רופט ביי מיר אַרויס אַ קאָמישן שמייכל.

איך האָב ליב פּשוטקייט. נאָר ווען אויף דער פּאַרלאַמענט־טרי־בונע איז אַרויפגעקומען מיין בעסטער און נאָענטסטער חבר פון מיינע אַמאָליקע ארץ־ישראל יאָרן; בערל רעפּעטור, אָנגעטאָן אין קורצע קאָקענע הויזלעך; מיט באָוואָקסענע, נאַקעטע פיס; דאָס קורץ אַרבל־דיקע העמדל צעכראַשטשעט, ווי אויף אַ שפּאַציר אין אַ וואַלד, האָט עס מיך אויפגעשוידערט פאַר דעם אומכבוד צו דעם יידישן פּאַר־לאַמענט.

די דעבאַטע איז געווען אַ הייסע. וואָס האָט אויף מיר געווירקט שרעקלעך. אין דער דאָזיקער דיסקוסיע איז געווען די שנאה, וואָס האָט געפלאַמט דורך די רעדנערס מיילער. שנאה וואָס האָט צייטנ־ווייז דערפירט צו אַבסורד.

האָט זיך „כאַווער" מיקוניס אַוועקגעשטעלט לערנען אַ פּרק נאַ־ציאָנאַליזם מיט די ישראל מיניסטאָרן — ער האָט זיי געזאָגט: אַז עס איז אַ באַליידיקונג פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן געפיל, ווען אויפן פּאַפּיר־געלט שטייט נאָך אַנגעשריבן „אַנגלאָ פּאַלעסטיין באַנק". און פאַרענדיקט האָט ער־מיט אַ קול פון אַן אויסגעריבענער גראַמאָפאָן־פּליטע, מיט: נידער מיט בעווינען און טרומאַנען! מיקוניסעס האַרץ־ווייטיק איבער יידישן נאַציאָנאַליזם, האָט מיר גיכער אויסגעוויזן —

⁂

**אַ קאָמיקער ביי אַ טעאַטער־קאָמעדיע, איידער אַ רעדנער אויף אַ יידישער פּאַרלאַמענט טריבונע.**

ווען דעם פּונקט אויף דער טאָג-אָרדנונג: „ענין דעפּוטאַטן אומבאַרירלעכקייט״. איז אָנגעגאַנגען אַ הייסע דעבאַטע. אין עצם זע־נען געווען לאָגישע באַגרינדונגען אין די מיינונגען פון אַלע צדדים.

דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען אַרום דעם זאַץ: „ווען אַ דעפּוטאַט טוט אַן אַרבעט וואָס איז וועגן זיין טעטיקייט פאַר דער כנסת״. די פאָרשטייער פון מפא״י־בלאָק האָבן פאָרגעשלאָגן פאָלגנדע ענדערונג אין דעם זאַץ:

„ווען ער טוט אַן אַרבעט פאַר דער כנסת״, ווייל ווען מען זאָל לאָזן דעם אויסדרוק: „וועגן אַן אַרבעט וואָס איז צוליב זיין טעטיקייט פאַר דער כנסת״ קען אויך אַ מאָל איינער אויסנוצן די רעכט פאַר פּריוואַטע עניני׳ם, וואָס האָבן לגמרי נישט קיין שייכות מיט זיינע פּאַרלאַמענטאַרישע פונקציעס. די קעגנער פון דער ענדערונג האָבן געהאַלטן: „אַז אַלע אַרבעטן פון די דעפּוטאַטן מוזן זיין אומבאַריר־לעך״. ווייל איך דאַ נישט אַריינגיין וועלכע פוןביידע מיינונגען זענען מער באַגרינדעט. אין דעם מאָמענט האָט מיך אינטערעסירט בלויז דער פאַקט: וואָס יעדער פאָרשלאַג, וואָס איז געקומען פון מפא״י אי־בער וועלכע פראַגע עס זאָל נישט זיין, האָט באַגעגנט אָט אַ דעם אומגעלומפּערטן פאַראייניקטן פראָנט פון: חירות, מפ״ם, מזרחי, קאָ־מוניסן און אַלגעמיינע ציוניסטן.

אָט אַ דער פראָנט וואָס האָט זיך נישט גערעכנט מיט קיין זאַך, אויסער מיט דעם וואָס ס׳איז גענוג, אַז ער קומט פון מפא״י, מעג ער זיין ווי וויכטיק און ווי לאָגיש, דאַרף דער „שותפות-בלאָק״ דאָס ני־דערשטימען — האָט געווירקט אויף מיר שווידערלעך.

⁂

פון דער זיצונג בין איך אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער די ירוש־לימער גאַסן. אָפּגייענדיק עטלעכע קוואַרטאַלן קומען דיר אַנטקעגן צעמענטענע סלופּקעס, פאַרפעסטיקט אין דער ערד ביי וועלכע עס זענען איבערגעוואָרפן הויפנס, שטעכעדיקע דראָטן. שטייען הייזער פּוסטע, פון קיינעם נישט קיין באַווינטע. מיט צעלעכערטע אויסגע־לאָשענע אויגן קוקן זיי אויפן שטח „פון קיינעמס לאַנד״. אַ ביסל

ווייטער פון דעם שטח זעט מען די אַראָבער, אָנגעלאָדענע מיט שנאה, שליידערן אַרום ווי — געשפּענסטער. אַזוי אַרום און אַרום, פון אַלע זייטן, זעט מען אָנגעשפּיזטע אויגן פון דעם שונא.

סך הכל מיט אַ פּאָר שעה צוריק זענען דאָ ביי די גרענעצן גע־פאַלן, דורך צוזאַמענשטויסן, פיר טייערע בחורים אונדזערע. פייניקט מיך דער געדאַנק:

דאָ אַנטקעגן מיר — אַזאַ ים מיט שנאה. דאָרט אין דער כנסת — אַזאַ צעבושעוועטע שנאת־אחים וואָס איז עלול, דורך קנאה און שנאה, צו דערפירן... — לאָמיר עס בעסער נישט ברענגען פאַרן מויל.

# חג המים וחג הבכורים בנגב

איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג, בייגעלייגט אַ בילעט פאַר אַ פרייער רייזע הין און צוריק, צו דעם גרויסן יום־טוב לכבוד דעם „חג המים וחג הבכורים בנגב": וואָס ווערט איינגעאָרדנט דורך דער יידישער אַגענץ צוזאַמען מיטן „קרן קימת לישראל".

לויפן אויסגעפוצטע די אויטאָבוסן און אויטאָס, פון פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, צום נגב. די פּאַסאַזשירן זענען פאַרבעטן געוואָרן, דורך ספּעציעלע איינלאַדונגען, צו דער דערעפענונג פון די וואַסער־רערן אין נגב. פאָרן דאָ פאַרשטייער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס, פרעסע, מיליטער, רעגירונגס־אַנשטאַלטן, קבוצות און קבוצים.

די הויפּט מחותנים זענען, פאַרשטייט זיך, אַלע קבוצות פון דעם נגב גופא, און דער עיקר — די שטראַלענדיקע, אָפּגעברענטע, געזונטע פּנימלעך פון די קליינע צאַברעלאַך, וואָס לערנען אין די שולן פון די פאַרשידענע קבוצים אין נגב. רייסט זיך נגינה פון אַלע אויטאָבוסן און פאַרפריילעכט דעם וועג מיט געזאַנג.

אין דעם אויטאָבוס, אין וועלכן איך פאָר, זיצן אַנגעשטעטסטע פקידים און סתם שיינע בעלי־בתים פאַר וועמען דאָס האַרץ ווערט ביי מיר צעקלעמט פון רחמנות פאַר זייערע אָנגעשטייפטע קראַגנס און אויסגעפּרעסטע רעקלעך, בעת אַפילו דאָס העמד איז אין דער דאָזיקער חמימה אַן איבעריקע זאַך. מיר דאַכט, אַז אויך זייערע פּני־מער זענען נאָרוואָס אַרויסגעקומען פון וועשעריי אָנגעקראָכמאַלעטע און פאַרשטייפטע. פאָרן אָבער אויך עטלעכע קורץ־הויזלדיקע און די מיט כאַקענע קליידלעך. זיי ברענגען אַריין אַ יום־טובדיקע שטימונג שוין דאָ אויפן אויטאָבוס. פאַרציען זיי אַ ניגון, עולם כאַפּט אונטער און עס ווערט פריילעך. אַזוי קייטלען זיך ישראל לידער איינס אין אַנדערן דורך דער גאַנצער רייזע.

אויף אַ גוט אויסגעפּלאַסטערטן שאָסיי גליטשט זיך אונדזער אויטאָבוס.

מיר פאָרן פאַרביי ראשון לציון, נס ציונה, רחובות ביז גדרה. פון דאַנען הויבט זיך שוין אָן דער אַריינפאָר צום נגב. ליגן אויס־

געשפּרייט ריזיקע באָדן־שטחים צעפּאַלמעסטע, פאַרדאגהטע מיט טיעפע קנייטשן ווי ביי אַ הונדערט יעריקע זקנה אויפן פּנים. קוק איך אויף דער אויסגעטרוקנטער וויסטעניש און טראַכט. זיצט ביי מיין זייט אַ מאַן וואָס דערקענט אין מיין אויסדרוק אַן אָפּשפּיגלונג פון אָט אַ דער טרוקעניש און ער פּרובירט מיר טרייסטן:

איך בין זאָגט ער אַן אַגראָנאָם. איך בין באַקענט מיט אַלע סאָרטן באָדנס, וואָס געפינען זיך ביי אונדז אין לאַנד און איך קען אייך פאַר־זיכערן, אַז אָט דער באָדן מיט זיין חלשותדיקן אויסזען איז גראָד פון די בעסטע וואָס מיר פאַרמאָגן. דעם דאָזיקן באָדן רופן מיר „לעם־באָדן" — ער האָט אין זיך די אייגנשאַפט וואָס ער פאַרברויכט אַ דריטל וואַסער פון וועלכן עס איז אַנדערן. בעת דער באָדן באַקומט אַריין וואַסער קורטשעט ער זיך איין און אַבסאָרבירט אין זיך די וואַ־סער. אָט וועלן מיר באַלד פאַרבייפאָרן פלעצער וואָס וועלן באַשטע־טיקן מיינע רייד.

לויטן פאַרחלשטן פּנים אָבער פון די גרודעס, צווייפל איך שטאַרק אין מיין שכנס דערקלערונג. עס נעמט נישט לאַנג און פון וויטן קומען אונדז אַנטקעגן, הויבן זיך גדלותדיק אַן צו באַווייזן שטחים — באַגרינטע און באַבוימטע. זיי זעען אויס אין מיינע אויגן — ווי אויסגעבאַרגטע טעפּיכער, וואָס זענען אויסגעשפּרייט אין אַ קבצניש הויז, בעת עס דאַרפן אָנקומען מחותנים פון דער פרעמד. שמייכלען אונדז אַנטקעגן די קבוצים:

באר־טוביה, ניר־עם, מפלסים פון איין זייט. פון דער צווייטער זייט — קבוצים פון הפועל המזרחי: סעדי, כפר־עבודה, שובה, תקומה און אַנדערע.

די אַלע קבוצים גרינען און בלישטשען אַרויס ווי אַ אויסגע־חלומטער אַאַזיס אין אַ מדבר. עס שפּיגלט אָפּ זייער צויבער אונטער די גאָלדענע שטראַלן, וואָס קומען פון אַ פייערדיקע זון.

מיר פאָרן פאַרביי דער געגנט וו עס שטייען אויסגעשטעלט הונ־דערטער און הונדערטער הילצערנע קליינע הייזעלאַך. דאָס זענען מעברות אין וועלכע מען האָט צייטווייליק באַזעצט טויזנטער נייע עולים.

עס איז צו באַוואונדערן די סטראַטעגישע פּלאַנירונג ביי דער פאַר־נאַנדערטיילונג פון די מעברות. אַז מען קוקט אויף דער נאָענטקייט

פון דער גרענעץ מיט די מצרים, פאַרשטייט מען ערשט ווי די עולים־מחנות זענען אַ זעלטן גוט מיטל אָפּצושפּרעכן אַן „עין־הרע״...

נאָכן פאַרבייפאָרן די אַלע לעבעדיקע גן־עדן פלעקן אויף דער ווּיסטעניש, קומט ווידער אַנטקעגן אַן אין סופדיקער הלשותדיקע טרוקעניש.

אַזוי קומען מיר אָן ביז צו דעם פּלאַץ, אויף וועלכן עס דאַרף באַלד פאָרקומען די וואַסער־פייערונג — „מוכארקא״, הייסט הייסט דער פּלאַץ־„שביה״.



אַ ים מיט ווייס־בלויע פּענער פּלאַטערן. זיי טרייבן פון זיך אַוועק דעם מדבּרדיקן שטויב וואָס דרייט זיך דאָ אין דער לופטן.

יידישער שמחה־טומל זאָגט אָן, אַז באַלד וועט אַ רוח־חיים אויפלעבן די איינגעשלאָפענע טויטקייט. אָט, אָט און עס וועט מקוים ווערן דער אויסגעטרוימטער וואַסער־חלום. אַ ריזיקער פּאַווילאָן אונטער אַ ברעזענט־דאַך, וואָס ליגט אויף הויכע סלופּעס, געפינט זיך איצט די אַגריקולטור־אויסשטעלונג פון פּראָדוקטן וועלכע וואַקסן שוין אויף געוויסע שטחים דאָ אין דעם נגב. ביי דעם אַריינגאַנג צו דעם פּאַווילאָן איז אויפגעקלאַפּט אַ ריזיקער שילד מיט אַן אויפשריפט: „בכורי ישובי הנגב״.

קיינמאָל אין מיין לעבן האָב איך נאָך נישט געפילט אַזוי דעם טעם פון דער ברכה — בורא פרי האדמה, ווי אין דעם מאָמענט ווען איך האָב אָנגערירט מיט אַ ציטער — ווי מען גלעט אַ ליבלינג־קינד, די שמעקעדיקע, גרויסע ציבעלעס, קאַרטאָפל, בוראַקעס, קשואים, קרויט, מערן, טאָמאַטן, בעבלעך, קנאָבל, אוגערקעס, רעטאַך, ריבלען, און ווײַן־טרויבן.

אָנגעזעטיקט זיך דורך די אויגן — אַזש דער גומען האָט דערפילט זייער טעם, בין איך אַריין אין דעם צווייטן פּאַווילאָן. דאָ איז אַ תבואה־אויסשטעלונג: קוקורוזע, ווייץ, גערשטן, פלאַקס, דורא, גאָלדענע רויזן מיט רייפע אויסגעפּאַשעטע שוואַרצע קערלעך און פון פינף ביז צען קילאָדיקע ריבן — פּאַשע פאַר די בהימות. אַלץ וואַקסט דאָ אין דעם נגב.

שטיי איך אין די פּאַווילאָנען, קוק אויפן דרויסנדיקן אַרום — מדבּרדיקן אומעט וואָס ליגט אויסגעהויכט פון יעדן לעבנס־אָטעם,

און דאָ מענטשלעכער װוּנדער װאָס האָט באַװיזן אַרויסצובאַקומען פון זעלביקן מדבר אַזעלכע זאַטקייטן.



אויסשטעלונגען פון װאַסער־רערן: די דיאַגראַמען באַװיזן די גרויסע דערגרייכונגען אין דער באַװאַסערונג־אַרבעט פון נגב.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט זעקס און פערציק, האָט דער נגב באַקומען פינף און צװאַנציק טויזנט קוביק מעטער װאַסער אַ חודש. אין יאָר טויזנט ניין הונדערט איין און פופציק איז שוין דער־נאַנגען צו צען מיליאָן קוביק מעטער װאַסער אַ חודש. אין זעקס און פערציקסטן יאָר, האָבן בלויז צען טויזנט מעטער צעמענטענע רערן אַריינגעפירט דעם ברילאַנטענעם טראָפּן אין דעם נגב. היינט זענען שוין דאָ אויסגעלייגט הונדערט און פופציק טויזנט מעטער רערן. באַלד גייט מען מיט שמחה עפענען נייע שטראָמען פון מים היים!

אויף שריט און טריט זענען אויסגעשטעלט גרויסע לייװנטע פלאַקאַטן, װאָס האַלטן זיך אויף צװיי סלופּעס איינגעפּעסטיקט אין דער ערד, אויף זיי זענען אויפגעשריבן פסוקים — אויסצוגן פון תנך, װאָס זאָגן עדות, אַז דאָ האָט אַ מאָל לעבן געהערשט.

דער היינטיקער יום־טוב גיט די פאַרזיכערונג, אַז להבא װעט יידישע ענערגיע אויפלעבן די דאָזיקע װיסטעניש.

פון געפּרעסטע היי־פּעקלעך האָט מען דאָ אויפגעשטעלט אַ ריי־זיקע בינע אין דער פאָרם פון אַ האַלבן רונד, אויף װעלכע עס זיצן פאַרשידענע קבוצים־אָרקעסטערס, אַרטיסטן און קינדער־כאָרן.

דער איבער פינף טויזנט קעפּיקער עולם װערט מיטגעריסן און באַטייליקט זיך מיט אין די פּראָגראַמען. רעדעס װעלכע װערן צע־טראָגן דורך גרויסע מיקראָפאָנען גיבן איבער די בשורה, אַז ביי היינט צו טאָג זענען שוין פאַרהאַן זיבן און דרייסיק ישובים אין דעם נגב. קלינגט װי נבואה די רעדע פון יוסף װייץ. ער גיט איבער פאָלגנדן עפּיזאָד: מיט פערציק יאָר צוריק איז געקומען אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן פון יהודה. ער איז דאַן מיטגעפאָרן מיט דער קאָמיסיע. די עקספּערטן האָבן געפאָרשט, אַנאַ־ליזירט און געקומען צו דער מסקנא, אַז דער באָדן אין יהודה װעט קיינמאָל נישט געבן קיין פּרוכט, גרינסן און תבואה. מיט נצחון זעצט פאָר יוסף װייץ: — מיר האָבן אַנדערזש געגלויבט און מיר האָבן טאַקע באַװיזן דאָס פאַרקערטע. די נבואה פון יענע עקספּערטן האָט

זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש. יהודה בליט איז איז פּרוכטבאַר! מיר זענען איבערצייגט, אַז אויך דער נגב וועט ווערן אַ ברכה פאַר מדי־נת־ישראל.

⁂

לעגענדאַריש האָט אויסגעזען דאָס בילד, ווי בחורים און מיידלעך, געקליידט ווי אין די פאַנטאַסטישע מעשהלעך פון פאַרצייטנס, האָבן פאַרבייגייענדיק דורכן עולם צוגעפירט די בכורים צו דער בינע.

טאַנצענדיק, האָבן אויף זייערע קעפּ די מיידלעך געטראָגן טאַצן און קוישן מיט פאַרשידענע פרוכטן. ריזיקע ענגלען וויין־טרויבן אי־בערגעוואָרפן אויף לאַנגע שטעקנס זענען געטראָגן געוואָרן דורך פעסטע חלוצים־אַקסלען. אָבער די פאַרעקשנטע קעלבלעך און שעפּסן האָבן זיך נישט געלאָזט שלעפּן, זיי האָבן געגעבן אַ שטאַרקן ווידער־שטאַנד. זייער קעלבערנער שכל איז זיי נישט בייגעשטאַנען, חלוצישע גבורה האָט זיי דערשלעפּט ביז צו דער בינע. בעת דער בכורים־פּראָצעסיע, האָבן הונדערטער שול קינדערלעך אויפגעפירט פאַרשי־דענע טענץ: פאַסטוכער האָבן געפייפט אויף זייערע פייפלעך; אָר־קעסטערס האָבן געשפּילט; כאָרן האָבן געזונגען; שמחה האָט געבוי־שעוועט. אין דאָס אַלצדינג איז אויסגעמישט געוואָרן מיט אַ שטאַרקן שטויב־שטורם. וואָס האָט זיך ווי אַ ווירוואַר געדרייט אין דער לופטן, געריסן זיך אין די אויגן, אין די נאָז־לעכער און דורך זיין געלער כמאַרע געהאַלטן די זון אין געפּאַנגענשאַפט. מדברדיקע טרוקענע, דושנע שטיקענדיקער שטויב־שטורם האָבן זיך געמישט מיט שמחה, התלהבות און געזאַנג.

מיט אַמאָל איז אַלץ שטיל געוואָרן. אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן דער גרייז גרויער, אָבער פריש מונטערער אברהם האַרצפעלד, דער, וואָס איז אַליין אַ שטיק ארץ־ישראלדיקע באַדן־געשיכטע: מיט לייב און לעבן האָט זיך דורך די אַלע יאָרן פון ישראלס ווידער דער־וואַכונג האַרצפעלד איבערגעגעבן צו דער אויפלעבונג פון מאַמע־ערד. פון קבוצה צו קבוצה, פון דאָרף צו דאָרף, ווו געטאָגט — נישט גע־נעכטיקט, פלעגט ער שטענדיק קומען העלפן, מונטערן. יעדער אַר־בעטנדיקער חבר, יעדער פלאַנץ איז דורך אים געצערטלט געוואָרן ווי אַן אייגן קינד.

געדענק איך מיט דריי צענטליק יאָר צוריק: די חבלי לידה פון

די קבוצות איז אָנגעקומען זייער שווער. צווייפל וואָס איז געקומען פון די צו אָפטע עקספּערימענטאַלע דורכפאַלן, פלעגט פייניקן און אַריינטרייבן אין אומעטיקער שטימונג. אין אַזעלכע מאָמענטן איז געגנוג געווען, אַז עס זאָל זיך באַווייזן האַרצפעלד, וואָס האָט אין קורצע מינוטן אַקומולירט פרישע ענערגיע. דורך זיינע פריילעכע ניגונים און ענטוזיאַסטישן בטחון האָט ער אַלעמען אָנגעשטעקט מיט אויסדויערן־קראַפט. האַרצפעלד איז געווען דער טאַטע פון אַלע קבוצות זון צו וועמען מען האָט געהאַט טענות און פּרעטענזיעס. מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט פלעגט ער מיט אַלע מיטלידן און מיטהעלפן אין די שווערסטע מאָמענטן.

באַווייזענדיק זיך איצט אויף דער בינע, האָבן זיינע אויגן דורך טרערן אויסגעדרוקט די פרייד פון דער דערלעבונג. געשטיקט דורך דעם שמחהדיקן עקסטאַז, האָט ער קוים באַוויזן אַרויסצוזאָגן: ברוך אתה מלך העולם שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה!

זאָגנדיק די ברכה, האָט ער לאַנגזאַם אויפגעדרייט דאָס גרויסע ריידל דורך וועלכן ער האָט געעפנט די נייע וואַסער־ליניעס פאַרן נגב.

איידער האַרצפעלד האָט אויפגעדרייט דאָס ריידל, האָבן הונדערטער קינדערלעך געזונגען מיט — תחנונימדיקער ווייטיק, ווי אַ תפילה, דאָס ליד — „מים, מים".

עטלעכע קינדער האָבן אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

„השמעתה, איך בנגב ארץ מול שמים —
מתפללת רגב, רגב, הבו לנו מים".

הונדערטער קינדערלאַך, האָבן התלהבותדיק אונטערגעכאַפּט:

„מים. מים, הבו מים",
„כי צמאנו למים"!

מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן זיך רייסן אַרויף אין די הימלען אַריין ברילי‌אַנטענע טראָפּנס דורך די צענטליקער פאָנטאַנען. וואַסער האָט מיט צעבאַלעוועטע רחבותדיקייט אויפגעלעבט די ערד און האָט געוואַשן די פאַרשטויבטע, געשטיקטע לופט און די זון האָט אַ געלייטערטע אָנגעהויבן שמייכלען דורך אירע גאָלדענע שטראַלן.

הונדערטער און הונדערטער קינדערלעך, טייל אָנגעטאָן אין ווייסע און טייל אין בלויע קליידער, האָבן געטאַנצט און געזונגען אַרום די צעעפנטע פאָנטאַנען. עס האָט זיך געמישט אין דעם חלל: ווייס און בלוי, זון־שטראַלן מיט פרישע וואַסער־שטראָמען, וואָס האָבן זיך

געשפּיגלט. דורך זייערע רעגנבויגנדיקע פאַרבן, געיובלט דורך מוזיק, געזאַנג און טענץ.

די ערד דורך טויזנטער יעריקער לעכצונג נאָך אַ ביסל וואַסער, האָט געטרונקען, געלויכטן אין מיטגעטאַנצט. די שמחה האָט זיך געצויגן אין געצויגן. האָבן מענטשן פאַר שמחה געוויינט און דערביי געלויבט גאָט דורך תפילות, פאַר דער דערלעבונג צו אַזאַ גרויסן יום־טוב.

די זון האָט זיך לאַנגזאַם אָפּגערוקט אין אַ זייט. דער גאַנצער אַרום — הימל און ערד, לופט און וואַסער, קינדערלעך צוזאַמען מיטן פינף טויזנט קעפּעדיקן עולם, האָבן געזונגען און געטאַנצט.

## צו אונדזער קינדער־היים אין רחובות.

פאַר אַ גאַסט אין „מדינת־ישראל" זענען אַפּילו די לענגסטע זומערדיקע טעג אויך צו קורץ, זיי שרומפן זיך איין אַזוי, אַז איידער מען קוקט זיך אַרום ליגט שוין דער טאָג אַ צעטרענצעלטער. פון אַט אַ דעם גרויסן העלד וואָס רופט זיך טאָג, וועמען מ'קוקט אויס מיט דערוואַרטונג אין אים עפּעס צו דערגרייכן, איז איידער וואָס ווען, איז שוין פון אים קיין זכר נישטאָ, ער איז שוין אַריינגעפאַלן אין דעם אַרכיוו פון אָפּגעדיסענע קאַלענדאַר־בלעטלעך און איז פאַרשווינדן געוואָרן אין דער אייביקייט פון דער געשיכטע.

בדרך כלל פּלאַניר איך שטענדיק מיינע רייזעס און וויזיטן מיט אַ פּאָר טעג פאָרויס, איז אָבער כמעט שטענדיק דער שטן מקטרג. אָפט קומען הינטער ענינים מער אינטערעסאַנטערע און זיי פאַרפּלאָנטערן מיינע פּלענער.

לויט מיין אויסגעאַרבעטן פּלאַן האָב איך דעם צווייטן טאָג באַדאַרפט זיין אין ירושלים. דריי איך זיך דערווייל אַרום אויף דער „שדירות־רוטשילד" אין תל־אביב. מיר אינטערעסירט צו שפּאַצירן אָפט אויף דער דאָזיקער אַלייע, אויף דעם פּונקט ווו די שדרה קרייצט זיך מיט דער אַלענבי גאַס.

דאָ געפינען זיך די צוויי „פּאַרלאַמענטן" פון איין זייט — הונדערטער ליידיק־גייער און שטעקל־דרייער, וועלכע מאַכן מיט די הענט, שרייען, ליאַרמען און פון צייט צו צייט שושקעט מען זיך אין די אויערן — אַלץ אויף אַראַביש. פון דער צווייטער זייט — די זעלבע פּוסט און פּאַסטניקעס, וועלכע פירן זייער פּאָליטיק און פּליאָטקעס אויף העברעיש, יידיש און אַנדערע אייראָפּייאישע שפּראַכן. דאָ אין די „פּאַרלאַמענטן" ווייסט מען שטענדיק פאָרויס וועגן אַלץ וואָס וועט פאָרקומען אין לאַנד און וועגן אַלע פּאָליטישע אינטריגעס. דאָ ווערן אָפט געשילדערט פּערזאָנען און סיטואַציעס הונדערט מאָל מער פינצטערער ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט. דאָס אַלץ איז נוגע ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּאָליטיק.

עס קומען אָבער אויך פאָר אין די דאָזיקע פּלעצער „אינטער־פּאַרלאַמענטאַרישע" טראַנזאַקציעס, וועגן וועלכע מען רעדט נישט

אויפן קול. מען שושקעט זיך אין די אויערן, מען סודעט זיך — דאָ שוואַרצמאַרקעוועט מען אויפן גרויסן שטייגער: דאָלאַרן, גאָלד, פּלע־צער, הייזער און וואָס נישט?

ביידע זייטן פון דער שדרה, זענען באַמויערט מיט פּרעכטיקע גרויסע אַפּאַרטעמענט־הייזער, שיינע אַרכיטעקטאָרישע געביידעס, וועלכע חנדלען זיך מיט זייערע סטיל־אייגנאַרטיקייטן. דער אַריינ־גאַנג צו יעדן פון די הייזער איז פאַרשטעלט מיט אַ „טרויער־לאַטע" וואָס לאָזט נישט פאַרגעסן אין די טרויעריק־פאַרגאַנגענע טעג און פאַרשאַטנט אַ ביסל די נחת־רוחדיקייט פון דעם זיכעדן היינט.

דער אַריינגאַנג אין די הייזער איז איבעראַל פאַרשטעלט מיט אַ פינצטערער אויפגעמויערטע בלינדע וואַנט. אויך די פענצטער, וואָס דאַרפן אַריינפירן ליכט צו די טרעפּ, זענען פאַרמויערט. די פענצטער ווידער וואָס זענען נישט פאַרמויערט, זענען פאַרלייגט מיט זעקלעך זאַמד איינס אויפן אַנדערן. דאָס איז געבליבן אַ זכר פון יענע שווערע צייטן, ווען דעם שונאס קוילן זענען געפלויגן אַן אויפהער איבער תל־אביב.

אַט די טרויער־פלעקן פאַר די הייזער און די לייזדיק־גייער וועל־כע שאַכער־מאַכערן דאָ — קאָמבינירן זיך נישט. עס שטימט דאָ נישט ריכטיק דער חשבון...

גייענדיק אַזוי פאַרטראַכט, שטעלט מיך אָפּ אַן אַלטער באַקענ־טער, ער פרעגט מיר וווהין איך גיי, ענטפער איך אים, אַז איך גיי זיך סתם אַזוי שפּאַצירן איבער תל־אביב. מיר צערעדן זיך. איך דער־צייל אים פון מיין טראַכטעניש. דאָ איז ער אַרויף אויפן פערדל, איך האָב אים פונקט צוגעטראָפן. ער איז איינער פון די מנהיגים פון מפ"ם, אַ דעפּוטאַט אין דער כנסת. זאָגט ער צו מיר: זעט איר די הונדערטער און טויזנטער מענטשן וואָס דרייען זיך דאָ אַרום, פונקט ווי אַ מאָל די לייזדיק־גייער אויף די נאַלעווקעס אין וואַרשע, אָדער אויפן „פּלעצל" אין פאַריז, זיי שאַפן גאָרנישט, זיי פּראָדוצירן גאָר־נישט. און איז לעצטן סך־הכל זענען זיי אַ לאַסט אויף דעם אַזוי אויך שווערן עקאָנאָמישן מצב פון דער מדינה. אין דער זעלביקער צייט פעלן אין דאָרף אַרבעטס־הענט. אין די קבוצים קען מען זיך, נישט קיין עצה געבן מיטן איבערפלוס פון אַרבעט, מען זוכט מענטשן מיט ליכט.

פון דער צווייטער זייט רופט די רעגירונג דעם קבוץ און דעם מושב צוצושטעלן וואָס מער פּראָדוקטן פאַר דער שטאָט. עס פעלן

אויך פאַכלייט פאַרן בוי, פאַר דער פאַבריק. צווישן אַט די אַלע „דאַר־מאַיאַדניקעס" זענען דאַ גענוג פאַכלייט, אָבער צוואָס זאָלן זיי שוויצן אַכט שעה אין טאָג אין דער פאַבריק פאַר אַ פאַר פונט, בעת דאָ מיט איין דריי מיטן שטעקעלע פאַרדינט מען צען מאָל אַזויפיל און מ'צאָלט אַפילו נישט דער רעגירונג קיין הכנסה־שטייער. פאַרקערט — דער שוואַרצמאַרקניק מאַכט נאָך דעם אַנשטעל, אַז ער זיצט „נע־בעך" אָן אַ גראָשן פּרנסה.

אַזוי שפּאַצירנדיק אויף דער שיינער „שדרות־רוטשילד" טרעפן זיך אָן מיינע בליקן אויף אַ שילטל: „דאָ נעמט מען אָן פעקלעך שפּייז און געניצטע מלבושים פאַר קרובים אין „סאָוועטן־פאַרבאַנד". דאָ באַקום איך שוין לשון, און איך גיב מיין מיטשפּאַצירער אַ פרעג: „אפשר זענט איר גאַר שולדיק אין דעם אַלעמען, ווייל איר בענקט אַזוי נאָך דעם „סאָוועטישן־גן־עדן" דעריבער קען מען דאָ נישט שאַפן קיין שטאַרקן, געזונטן אַרבעטער־פראָנט, וועלכער וואָלט גע־קענט אַט די אַלע איבלען באַזייטיקן?

ביי אונדז בידע האָט זיך מיטאָמאָל אָפּגענומען דער חשק צו פאַרוואַנדלען אונדזער פריינטלעכע באַגעגעניש אין אַ פּאָליטישער דיסקוסיע. ער רייסט איבער אונדזער שמועס מיט דער פראַגע: צו וואָלט איך נישט געוואָלט מיט אים מיטפאָרן מאָרגן קיין שכם? ער פאָרט מיט אַ ספּעציעלן אויטאָמאָביל און ער וואָלט זיין צופרידן מיך מיטצונעמען.

קיין שכם מיטצופאָרן האָב איך אין דעם מאָמענט נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק, איך בין אָבער מסכים מיט אים מיטצופאָרן ביז רחובות. ערשטנס איז רחובות איינע פון די סאַמע עלטסטע ישובים אין ארץ־ישראל. כאָטש איך בין שוין ביי מיין איצטיקן באַזוך עט־לעכע מאָל פאַרבייגעפאָרן די שטאָט, בין איך אָבער קיינמאָל אין איר נישט אַרונטערגעגאַנגען. צווייטנס־ווילט זיך מיר באַזוכן דעם „ווייצמאַן־אינסטיטוט" און אפשר יועט זיך מיר איינגעבן טאַקע צו זען דעם ערשטן ישראל־פּרעזידענט. דר. חיים ווייצמאַן. דער עיקר אָבער לאָקט מיך צו זען די קינדער־היים וואָס אונדזער „פיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע" האָט דאָרט אויפגעבויט.

⁂

אַזאַ פאַרגעניגן פון פאָרן אין אַן אויטאָמאָביל האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געפילט. איין קלייניקייט: אַן אויטאָמאָביל פון טויזנט

ניין הונדערט איין און פופציק, מאַרקע: „קייזער־פרייזער" וואָס שיינט, בלישטשעט און שפּיגלט. דער עיקר וואָס פריידיקט אַזוי דאָס האַרץ איז: וואָס דער אויטאָ איז פאַבריצירט געוואָרן אין חיפה אין דער מדינת־ישראל.

דער שאָפער איז אַליין אַ שטיק ארץ־ישראל. ער פירט זיין אוצר ווי אַ טאַטע פירט זיין בכור צום ערשטן מאָל אין חדר אַריין. עס ווייזט זיך מיר צייטנווייז אויס; אַז נישט ער זיצט אין דעם אויטאָ, נאָר פאַרקערט — ער טראָגט דעם אויטאָמאָביל אויף זיך. פון צייט צו צייט גיט ער ביי אונדז אַ פרעג: „קלאַפּט טאַקע עפּעס אין אויטאָ אָדער מיר דאַכט זיך בלויז? ווען מיר פאַרזיכערן אים, אַז דער אויטאָ איז אַ באַצאַקעלע און גייט מחיהדיק, צעגיסט ער זיך פאַר נחת.

שאול איז אַ בחור נאָך ווייט נישט דערפאַרן צו די דרייסיקער. געווען איז ער אַן אַקטיווער קעמפער אין „פלמח" און איז ער היום פאַרבליבן אַ מפמניק. וועגן זיינע העלדישע טאַטן, בעת דער באַפרייאונגס־מלחמה, וויל ער איצט נישט ריידן, אַז מיין פריינט דערציילט מיר וועגן שאולס ראַנגען און וועגן זיינע פאַרדינסטן ביי דער אָדער יענער שלאַכט, קען דאָס שאול נישט פאַרטראָגן. אים ווילט זיך איצט ריידן נאָר וועגן זיין אויטאָמאָביל.

ווי אַן אינוואַליד פון דער באַפרייאונגס־מלחמה, וועלכער האָט דורכגעמאַכט צוויי אָפּעראַציעס און בשלום אַרויס פון די געפאַרן, האָט שאול באַקומען פון דער רעגירונג דעם אויטאָמאָביל, צוזאַמען מיטן גרינעם נומער (דאָס מיינט אַ טאַקסי־דערלויבעניש צו פירן פּאַסאַזשירן), פאַר דער סומע פון עלף הונדערט און פופציק פונט. דער אויטאָ מיטן גרינעם נומער האָט אַ ווערט, אויפן זייטיקן מאַרק, פון צוועלף ביז פערצן טויזנט פונט. אַזאַ סומע קען ער צו יעדער צייט פאַר אים באַקומען. אויפן חשבון פון די עלף הונדערט און פופציק פונט האָט שאול איינגעצאָלט זעקס הונדערט פונט און דאָס איבעריקע — אויסצוצאָלן אין משך פון אַ לאַנגן טערמין. שאול ברומט זיך אונטער אַן אויסגעצויגענעם ניגון וואָס פּאַסט זיך צום טאַקט, לויט דעם לאַנגזאַמען גאַנג פון זיין אויטאָמאָביל, וועמען ער קען צוליב דער נייקייט נישט לאָזן צעוויגן זיך ווי עס בעדאַרף צו זיין.

⁂

מיין אַ מאַליקער חבר און פריינט דערמאָנט מיר עפּיזאָדן וואָס זענען פאָרגעקומען מיט קנאַפּע דריי צענטליק יאָר צוריק אין ארץ־

ישׂראל. ביי יעדער דערשיינונג וואָס באַגייסטערט מיך אַזוי, פרעגט ער מיר:

— אַלץ אמת, אָבער ווען קומסטו זיך באַזעצן דאָ מיט אונדז?

די אומאַנגענעמסטע מאָמענטן אין מיין איצטיקן באַזוך אין דער מדינה זענען: ווען איך באַגעגן זיך מיט מיינע אַמאָליקע חברים אָדער פריינט. זייער טענה איז אַ פּשוטע, וואָס שטעלט מיך שטענדיק אין אַ פאַרלעגענהייט און איך קען קיינמאָל נישט געפינען קיין ענט־פער, נישט נאָר פאַר זיי, נאָר נאָך ווייניקער פאַר זיך אַליין:

— פאַרוואָס קומסטו זיך נישט באַזעצן דאָ מיט אונדז?

אויך איצט טענהט מיין פריינט דאָס זעלביקע, ער זאָגט צו מיר:

— וואָלסטו געהאַט דעם תירוץ פון אַ סך אַנדערע ציוניסטן וואָס טענהן, אַז זיי וועלן איבערוואַרטן ביז עס וועט קומען אין ארץ־יש־ראל אַזאַ רעגירונג, וואָס וועט זיין לויט זייער אידעאַל. אָבער דו, דו וואָס ביזט מסכים מיט אַלץ וואָס און ווי אַזוי עס שאַפט זיך און בויט זיך. לויט דיין אויפפאַסונג קען דאָך דער פּראָצעס פון אויפבוי פון דער מדינה נישט זיין קיין אַנדערער ווי נאָר דער וועלכער גייט אָן היינט צו טאָג, טאָ פאַרוואָס פאַרמאָגסטו נישט אַזויפיל מוט אין זיך, צו געבן אַזאַ קליינעם קרבן; ווי מקריב זיין דיין גרויסן טאָפּ פלייש וואָס קאָכט זיך אויף אַ פרעמדער קיך?

פון די דאָזיקע באַרעכטיקטע באַשולדיקונגען זוך איך תמיד זיך ארויסצודרייען אויך איצט גיב איך מיין פריינט אַ פרעג:

— אפשר קענסטו מיט מיר אַרונטערגיין אין רחובות און העלפסט מיר אויסגעפינען דעם פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך די „קינ־דער־היים" וואָס די „פיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע" פון מעקסיקע האָט דאָ אויפגעבויט?. אַ סאַרקאַסטישער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיין פּנים. ער גיט מיר אַ זאָג:

— די ביזט שוין געגליכן צו יענעם טוריסט, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל, איז אַריין אין דער ביוראָ פון קרן־קימת און גע־בעטן מען זאָל אים אָנווייזן דעם פּלאַץ ווו עס געפינט זיך זיין בוים וואָס ער האָט געפלאַנצט אין דעם „יער־הערצל". און ער זעצט פאָר:

— די נאַאיווע מענטשן פון חוץ לארץ מיי־נען, אַז אַלץ וואָס מען דערציילט זיי דאָרט איז תורת־משה, אַז דו וועסט זיין אַ ביסל לענגער אין ארץ־ישראל, וועסטו זיך אַרומקוקן און וועסט זיך אויסטשוכקען

פון דיין נאַאיווען גלויבן. וועסט זיך איבערצייגן, אַז די גאַנצע מעשה פון די קינדער־היימען איז לא היה ולא נברא!

אַזוי שמועסנדיק איז די גאָרטן־שטאָט רחובות אונדז אַנגעקומען אַנטקעגן. מיין פריינטס לעצטע ווערטער האָבן מיך שטאַרק פאַרדראָסן.

איך האָב זיך געטראַכט: אויב אַפילו אַ קעגנער פון מפא״י, אָבער זייענדיק איינער פון די אָנפירער פון דער „הסתדרות״ האָט ער זיך מיט אַזעלכע באַמערקונגען נישט באַדאַרפט באַנוצן...

איך האָב אים געווונטשן אַ גליקלעכע רייזע קיין באר־שבע און כ'בין אַרונטער אויף אַ שפּאַציר איבער די רחובותער גאַסן.

לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם איז אין מדינת־ישראל שטאַרק אַנטוויקלט. אין יעדער שטאָט אָדער דאָרף זענען די איינוווינער דיר גרייט צו באַווייזן מיט אותות ומופתים: אַז זייער ווינקעלע איז דער שענסטער און וויכטיקסטער פאַר דער צוקונפט פון דער מדינה.

דאָ טרעף איך אָן אַ מיידל, וואָס גייט אויף דער צענטראַלער גאַס מיט אַ בוקעט בלומען אין דער האַנט. איך פרעג ביי איר אויף אַ געוויסן אַדרעס. ווען זי דערוויסט זיך, אַז איך בין אַ טוריסט, גיט זי מיר אַ פרעג מיט פולער ערנסטקייט:

— זאָגט מיר, זענען אין חוץ־לארץ אויך פאַראַן אַזעלכע שיינע בלומען ווי דאָ ביי אונדז אין רחובות?

עס איז מיר געווען אַ רחמנות צו צעשטערן איר אילוזיע. האָב איך איר געענטפערט: בלומען זענען דאָ אַ סך אין חוץ לארץ, נאָך אַזעלכע פּרעכטיקע רוזן וואָס קאָקעטירן מיט אַזאַ חן האָב איך נאָך אין קיין שום לאַנד אויסער ארץ־ישראל נישט געזען. און נישט בלויז די בלומען, נאָר אַפילו אַזאַ שיינע בלומען־טרעגערן האָב איך נאָך אויך ניטש געזען אין קיין שום אַנדער לאַנד.

אויף מיין פראַגע ווו עס געפינט זיך אונדזער קינדער־היים, האָט זי מיר געענטפערט: עס זענען דאָ פאַראַן פאַרשידענע קינדער־היימען.

נאָר פון אַ ספּעציעלער קינדער־היים, וואָס זאָל זיין געבויט דורך אַן אָרגאַניזאַציע פון מעקסיקע, האָט זי נישט געהערט.

⁂

אַז אַ טאָג שטעלט זיך אַוועק שלימזלדיק, זאָל איין גאָט שומר

ומציל זיין, האָט אָנגעהויבן גיין מיטן קאָפּ אַראָפּ, וועט שוין אין דעם טאָג אָפּילו די זון נישט אונטערגיין לויטן באַשטימטן נוסח.

אַזוי האָב איך זיך אָפּגעדרייט אַ פּאָר שעה אין דעם שיינעם אָבער פאַרגעצעצטן רחובות. איבעדאַל ווו איך בין נאָר געגאַנגען, איז אָדער איך האָב פאַרשפּעטיקט, אָדער איך בין געקומען אַ ביסל צופרי.

אין דעם „ווייצמאַן־אינסטיטוט" קען מען באַזוכן בלויז אין אַ באַשטימטן טאָג אין דער וואָך, טאָ גיי זעץ זיך אַוועק דאָ וואַרטן נאָך צוויי טעג פאַרן דאַזיקן באַזוך.

צו מיינע אַנדערע רחובותער אַדרעסן, איז אָדער זיי זענען נישט געווען אין דער שטאָט, אָדער איך האָב זיי נישט געטראָפן אין הויז, אַז עס איז שוין יאָ מיר געגאַנגען אַזוי, האָט זיך ביי מיר אָפּגענומען דער חשק אויפצוזוכן אונדזער קינדער־היים. בין איך מיטאַמאָל געוואָרן אַ פאַטאַליסט און כ'האָב זיך געטראַכט אויב אַלץ גייט מיט דער פוטער אַראָפּ און די שטימונג איז שוין אויך אַ באַזאַלצענע, טאָ לאָמיר בעסער דאָס איבערלאָזן צו אַ צווייטער געלעגנהייט.

⁂

אַז מען זיצט ביי דער דריטער זיצונג אין דער כנסת, ווו עס ווערט באַהאַנדלט אַן ענין פון גרויס וויכטיקייט, אָבער נאָך גרעסערער מאָנאָטאָניקייט, ווערן די קאָרידאָרן פון דער כנסת און דער עיקר דער בופעט־צימער אָנגעפילט מיט אינטערעס.

דער רעפעראַט פון יוסטיץ־מיניסטער מר. פּנחס רוזן איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט מסכתות: קדושין, כתיבות, גיטין, הלכות נשים, הלכות טהרות, יורה־דעה, רמבם און אַנדערע פוסקים.

עס איז דאָ באַהאַנדלט געוואָרן דער געזעץ: „פרויען־רעכט אין דער מדינה". דער רעפעראַט פון יוסטיץ־מיניסטער איבער דער דאָזיקער טעמע, און די דיסקוסיעס אַרום דעם ענין, האָבן מיר גיכער דערמאָנט אין אַ שיעור פון אַ ראש הישיבה און אין חריפותדיקער פּלפולים פון שאַרף־קעפּלדיקע ישיבה בחורים, איידער אין אַ פּאַרלאַמענט זיצונג.

דער זיצונג־זאַל איז געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ שיטערער און ליידיקער.

עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט באַלד וועט דער פּרעזידיום בלייבן דער איינציקער אוידיטאָריום אין זאַל.

ביז גאָר אינטערעסאַנט און לעבעדיק איז געווען אין דעם בו־פעט־צימער.

קודם־כל קריגט מען דאָ אַ גוט שטיקל געפילטע פיש, בלינ־צעס און קרעפּלעך מיט קעז, אַ גוטן קאַלטן טרונק און אַ געשמאַק גלעזל קאַווע.

זיצן טאַקע דאָ גרופּעס פון פאַרשידענע פראַקציעס ביי באַזונ־דערע טישלעך.

מען שמועסט מען דיסוקטירט און פון צייט צו צייט וואַרפט מען אַריבער שפּילקעדיקע באַמערקונגען צו אַ צווייט טיש.

איך כאַפּ אויף די געשפּרעכן פון דאָ און דאָרט, קיינער רעדט נישט וועגן דעם ענין וואָס ווערט איצט באַהאַנדלט אינעווייניק.

מערסטנס פון די געשפּרעכן זענען גאָר, וועגן דער צוגרייטונג צו די נייע כנסת־וואַלן.

פון דעם בופעט־צימער פירן אַרונטער טרעפּ צו אַ צווייטן צי־מער. דאָרט איז ספּעציעל פאַר די קאַבינעט־מיטגלידער.

אמת, אַז קיינער פרעגט נישט קיינעם ווען מען גייט אַרונטער, פיל איך זיך אָבער דאָ נאָך נישט גענוג היימיש אויף צו מאַכן דעם פרווו אַרונטערצוגיין.

דאָ אין דעם בופעט־צימער זיצן ביי אַ טיש: בעבאַ אידעלסאָן, עדה מיימון און חיים שורער. דערביי שטייט אַ ליידיקע שטול, אין וועלכער איך דערקען, אַז זי ווינקט צו מיר, איך זאָל זי פאַרנעמען.

איך שטעל זיך פאַר פאַר די חברים. ווי עס ווייזט זיך אַרויס פון דער ערשטער באַגעגענש, איז מיין מעקסיקאַנישקייט און חברישע שייכות, אַן אָנגעלעגטער גאַסט ביי דעם טיש.

מיינע טענות צו דער חברה בעבאַ אידעלסאָן זענען בפירוש אַ טייל פון דער מיסיע וואָס די „פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע" האָט מיר מיטגעגעבן.

ראשית: ווי איז דאָס געהערט געוואָרן — שוין אַ פּאָר חדשים ווי אין מעקסיקע געפינען זיך, צום אַרויסשיקן קיין ישראל, אַן עלעק־טירשער אייז־קאַסטן, עטלעכע „זינגער ניי־מאַשינען" און אַנדערע מכשירים, וואָס די פּיאָנערן־פרויען האָבן איינגעשאַפט, כדי אָפּצו־שיקן צו זייער קינדער־היים אין רחובות און עד היום האָט מען נאָך נישט באַקומען פון דער ישראל־רעגירונג די געהעריקע אַריינפיר־דערלויבעניש?!

והשנית — וואָס איז די סיבה, וואָס זייענדיק אין רחובות האָב איך נישט געקענט אויסגעפינען דעם פּלאַץ פון דער קינדער־היים וואָס אונדזערע פּיאָנערן־פרויען האָבן דאָרט אויסגעבויט? דרך אגב האָב איך איבערגעגעבן די באַמערקונג, וואָס אַ כנסת־מיטגליד האָט מיך געמאַכט: „אַז די גאַנצע מעשה מיט דער קינדער־היים איז לא היה ולא נברא".

דאָס האָט דער חברה בעבא אידעלסאָן שטאַרק אויפגערעגט. זי האָט דווקא געוואָלט וויסן דעם נאָמען פון דעם מאַן. איך האָב איר דערקלערט, אַז דער מאַן איז טאַקע אַ קעגנער פון מפא"י, איך בין אָבער געצוווּנגען דיסקרעט נישט אַרויסצוגעבן זיין נאָמען.

וועגן דעם ענין דערלויבעניש האָט מיר די חברה עדה מיימון צוגעגעבן רעכט, עס איז בפירוש אַן עוולה, וואָס מען איז נישט גענוג ענערגיש פאַר אַזעלכע ענינים צו אונדזערע חברות אין חוץ-לארץ.

די חברה בעבאַ אידעלסאָן האָט שוין די זאַך פאַרענטפערט ווי אַ פּאָליטיקערין:

— איר פאַרשטייט, עס טוט זיך נישט אַזוי שנעל ווי מען וויל. עס איז אַ מלוכה, עס מוז דורכגיין פאַרשידענע אינסטאַנצן און מען מוז וואַרטן ביז עס וועט קומען אַן ענטפער. בפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן ענין וואָס האָט אַ שייכות צו אונדזערע אַרבעטן. מען זאָגט סיי ווי, אַז אַלץ וואָס מען דאַרף פאַר דער הסתדרות ווערט דערלייזט אייגנס און צוויי, דעריבער קען מען נישט תמיד זיין אַזוי צו־דריגגלעך. איך פאַרזיכער אייך אָבער, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט דער ענין דערליידיקט ווערן. און וואָס שייך די עקזיסטענץ פון די געבויטע היימען־דורך אייער „פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע" — לאַדן איך אייך איין פאַר אַ ספּעציעלער עקסקורסיע קיין רחובות און איר וועט זיי זען מיט אייערע אויגן און טאַקע האָבן אַ סך נחת פון דעם.

⁂

אין דער פיר־גאָרנדיקע געביידע אין וועלכער עס געפינט זיך די „מועצת־הפועלות" אין תל־אביב איז אַ לעבעדיקער באַוועגונג.

עס גייען און קומען אַריין און אַרויס, אַרבעטער־פרויען, נייע עולות, ווער עס זוכט אַרבעט ווער עס וויל די אַרבעט אומבייטן אויף אַ צווייטע, ווער עס קומט מיט אַרבעטער טענות, געזעלשאַפטלעכע עולות און ווער מיט סתם אינטימע איבערלעבענישן, ווען די פרוי אָדער מיידל דאַרף זיך אַראָפּריידן פון שווערן האַרץ און זוכט דאָ צו

באַקומען אַ שטיקל עצה אָדער תרופה צו די זאָרגן... זענען טאַקע די ביוראָען און קאָרידאָרן דאָ איבערפולט מיט וואַרטנדיקע אינטע־רעסאַנטן.

דאָ באַגעגענען זיך חברות וועלכע האָבן זיך שוין פאַר אַ לאַנגער צייט נישט געטראָפן, כאַפּט מען דערווייל אַ שמועס און מען דערציילט זיך געשיכטעס פון דעם און יענעם. דאָ אין דער ווייבערישער מלוכה קלאַפּט אַלץ צום טאַקט. לויט אונדזער מאַנסביילישער אַנגענומענער פאָרמולע וועגן די ווייבערישע ניין מאָס רייד וואָלט אויסגעקומען, אַז דאָ רעדט מען אַ סך און מען טוט ווינציק. איז דאָ אָבער די מעשה פּונקט פאַרקערט: אין די אַלע ביוראָען פון „מועצת־הפועלות" אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכן גייט אַלץ בסדר־גמור. מען איז קורץ און שאַרף. ענינים ווערן פאָרמולירט קאָנקרעט און זיי ווערן לויט די בעסטע מעגלעכקייטן, דערליידיקט ווי אַמשנעלסטן. ווען איך זאָל נישט מורא האָבן פאַרן פאָרוואורף, אַז איך בין אַ פרויען־פאַרליבטער, וואָלט איך אַ סך פון אונדזערע מענער־מוסדות גע־שיקט אַט אַ דאָ אין דער מועצת־הפועלות, צו קאָפּירן אַ ביסל פּינקטלעכקייט.

אויפן סאַמען לעצטן שטאָק געפינט זיך די ביוראָ פון דער חברה בעבא אידעלסאָן. זי בעט מיר צו וואַרטן אַ ביסל, ווייל מען גרייט שוין צו די עקסקורסיע קיין רחובות. דערווייל באַמערק איך ביי דער זייט שטייען אַ שיינעם, גלעזערנעם, געשליפענעם שילד מיט גאָל־דענע אותיות. דאָס איז דער שילד וואָס זאָגט אָן, אַז די פרויען אין מעקסיקע האָבן געשאָנקען די שיינע געביידעס אין רחובות. איך הויב זיך אָן פילן גדלותדיק, וואָס מיר ווערט איבערגעגעבן דער כבוד אויפצוהענגען אויף דער געביידע אין רחובות דעם דאָזיקן שילד. קודם־כל בין איך דאָך עפּעס דאָ דער איינציקער מעקסיקאַנער און אחוץ דעם, זיך איך אויף אין מיין זכרון מיינע געזעלשאַפטלעכע באַגאַזש־אַקטיוויטעטן פאַר דער אַרבעט פון דער פּיאָנערן־פרויען אָר־גאַניזאַציע אין מעקסיקע. דער עיקר — אַזוי ווי איך בין אין דעם מאָמענט דער איינציקער מעקסיקאַנישער פאָרשטייער, באַשטים איך טאַקע ביי זיך, אַז איך בין דער פּאַסיקסטער פאַר דעם, בפרט ווען אַלע אַנדערע זענען מיט מיר מסכים.

וואַרטענדיק ביז מען וועט מיר רופן צו פאָרן קיין רחובות דריי

איך זיך דערוויל אָרום אין דעם ווייבערישן מיניסטעריום. אָסור אויב עס איז פאַראַן זיך צו פאַרשעמען דאָ לגבי די מענער מוסדות.

אַרומדרייענדיק זיך אָט אַ דאָ, איז מיר געקומען אויפן געדאַנק:

די דיסקוסיע וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער כנסת, ביי דער זי־צונג וואָס איך האָב בייגעוווינט מיט אַ פּאָר טעג צוריק: וואָס עס זענען די רעכטן וואָס די פרויען דאַרפן קריגן אין דער מדינת־ישראל.

מיר איז איינגעפאַלן אַ „געניאַלער" געדאַנק: אָנשטאָט דיסקו־סיעס וואָלט איך בעסער גענומען די אַלע דעפּוטאַטן אונטערן אָרעם און זיי אַריינגעפירט דאָ אין דער מלכות־נשים און זיי אָנגעוויזן אויף די אַלע רעכטן וועלכע, די פרויען האָבן נישט געוואַרט, אַז זיי זאָלן באַקומען, נאָר זיי האָבן זיך אַליין זיי גענומען, דורך זייער אַרבעט אין יעדן צווייג פון דער ארץ־ישראל ווירטשאַפט; דורך זייער אַק־טיוויטעט אין דער געוועזענער „הגנה" און אין דער איצטיקער „צבא הגנה לישראל" דורך זייער אָנטייל אין פאַרשידענע געזעל־שאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, ווי אויפן דערציערישן געביט, אין דער אַרבעט פון אויפנעמען די נייע עולים, אין דאָרף און אין דער שטאָט, אויפן פעלד און אין דער פאַבריק א. א. וו. צו דעם אַלעם — צו די אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע פליכטן און לאַסטן וואָס די פרויען טראָגן צוגלייך מיט די מענער אויף יעדן געביט פון בנין הארץ — דאַרף מען נישט פאַרגעסן די עקסטרע — הוספה וואָס ליגט אויף זייער פליכט: די אייגענע פאַמיליע־פאַרזאָרגונג. און דער עיקר — די גרוי־סע קונסט וואָס אַ ישראלדיקע פרוי דאַרף אַרויסווייזן, עטלעכע מאָל אין טאָג צו קענען צונויפשטעלן מאָלצייטן, פון די גאַנץ ווייניק און אָרעמע שפייז וואָס מען באַקומט און אַזוי דאָס צוגרייטן, אַז מען זאָל עס קענען נעמען אין מויל אַריין. דאָס אַלץ קומט דער פרוי אָן דורך אַ סך טראַכטעניש און האָרעוואַניע.

אַז איך האָב זיך אַריינגעטראַכט אין דעם דאָזיקן גאַנצן קאָמ־פּלעקס פון די אַלע פּראָבלעמען מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך די פרוי אין ארץ־ישראל. איז מיר געוואָרן אומפאַרשטענדלעך, אייגנטלעך, פאַר וועלכע פרויען ווי'ל די כנסת באַשטימען רעכטן? פאַר די ישראל־דיקע פרויען זענען אַזעלכע באַשטימונגען לגמרי אַן איבעריקע זאַך, ווייל אַלע רעכטן וואָס אַ מענטש קען באַקומען פון דער מדינה האָבן די פרויען זיך אַליין שוין לאַנג זיי גענומען, דורך זייער אָנגעשטרענג־טער אַרבעט און פליכטן. מיינען אפשר די רעליגיעזע פאַרשטייער,

אַז מען קען היינט איינפירן געזעצן ווי אין די צייטן פון בית־המקדש, אָדער מיינען זיי גאָר דורך די געשאַפענע געזעצן אַוועקצונעמען די רעכטן וועלכע די ישראלדיקע פרויען האָבן זיך ביז איצט דערוואָרבן? אויב דאָס זאָל זיין דער ציל, וואָלט זיי — מיין איך — געווען אַ סך לייכטער אויפצובויען דעם גאַנצן נגב איידער אַזאַ זאַך צו דערגרייכן.

⁂

דאָס אויטאָבוסל, אין וועלכן מיר פאָרן קיין רחובות, איז אַ צאַצקעלע.

עס איז דאָ פּלאַץ אין דעם פאַר אַכט פּאַסאַזשירן. דאָס איז אַ מתנה פון דער פיאָנעדן־פרויען אָרגאַניזאַציע אין די פאַרייניקטע־שטאַטן, צו דער מועצת־הפועלות — ספּעציעל פאַר עקסקורסיעס.

אונדזער באַגלייטערן איז אַ ביז גאָר סימפּאַטישע חברה. זי פאַרמאָגט אַ יחוס, וואָס קיינער פון אונדזערע גרעסטע מנהיגים פאַרמאָגן נישט. אַ יחוס וואָס איז באמת מקנא צו זיין — זי איז שוין דער פערטער דור, געבוירענע אין ארץ־ישראל. אַ צאַברע שבצאַברעס און דאָך שטעכט זי נישט, פאַרקערט, זי איז ליבלעך, אָנגענעם און חבריש. חברה רבקה יפה רעדט אַ זאַפטיקן יידיש, אַ פּערפעקטן ענגליש, העברעיש — נו, דאָס איז דאָך איר נאַטירלעכע שפּראַך.

אויב דאָס מזל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל פון דער ליבער רבקהן ווערן געשפּילקעוועט, איז עס דורכאויס מיין שולד.

מיר האָט זיך פאַרגלוסט אויסצודריקן, אַז דער שילד וואָס מען גייט איצט אויפהענגען אויף דער קינדער־היים, איז צוגעגרייט געוואָרן נאָר ווייל איך האָב וועגן דעם דערמאָנט דער חברה אידעלסאָן, און צוליב דעם וואָס עס איז ביז היינט נישט געווען קיין שום אויפשריפט פון וועמען די הייזער זענען געבויט געוואָרן, דעריבער האָט קיינער אין רחובות נישט געוווסט אָנצווייזן מיר דעם פּלאַץ.

דער חברה רבקה יפה האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן, זי האָט מיר געהאַלטן אין איין אַריינזאָגן פאַר מיין אומצוטרוי. איך זאָל זאָגן, אַז כ׳האָב זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן פון איר כסדרדיקן שטעכן, וואָלט עס געווען ווייט פון אמת. ווייל פון אַזאַ חנעוודיקער סימפּאַטישער פרוי איז גאָרנישט אַזוי שלעכט געשפּילקעוועט צו ווערן.

אין דעם זעלביקן אויטאָבוסל פאָרן מיט אונדז מיט חברות פון קאַנאַדאַ, פון לאָס־אַנדזשעלעס פון אַרגענטינע און די חברה פייגעלע

בערקנבליט, וועלכע איז שוין געוואָרן אַ שטיקל מעקסיקאַנערן דורך איר לענגערן באַזוך אַ מאָל ביי אונדז.

איך בין פאַרנומען מיטן האַלטן דעם שיינעם שילד וועלכן איך דאָב באַשלאָסן צו דערפירן און אויפהענגען אַ גאַנצן און נישט ברענגען אים אַהין אַ צובראָכענעם.

דאָס איצטיקע פאָרן קיין רחובות איז שוין געווען מלא־חן. חברה רבקה יפה, וועלכע פירט אָן מיט דער עקסקורסיע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן פלאַץ, וואָס האָט געשפּילט אַ ראָל אין דער באַפרייאונגס־מלחמה און ביי יעדן ברידער־קבר וואָס געפינט זיך אויפן וועג. כאָטש מיר איז שוין אויסגעקומען עטלעכע מאָל דורכצופאָרן אָט די פלעצער, דאָך איז פאַר מיר איצט געווען אינטערעסאַנט אירע ראַנד־באַמערקונגען אַרום יעדער געשעעניש מיט וועלכער זי איז געווען גוט באַקענט.

עס האָט מיר איבערראַשט די ברייט פאַרצווייגטע קולטור־דערציערישע אַרבעטן, וואָס די מועצת־הפּועלות טוט דאָ אויף.

אין דער בערך קורצער שטרעקע, פון תל־אביב ביז רחובות, האָבן מיר באַזוכט די קינדער היים אין „עקיר" — אַן אַלט אַראַביש דאָרף, אַרום וועלכן עס שטייען מחנות־עולים, דאָרט האָט די מועצות־הפּועלות אַוועקגעשטעלט און האַלט זיי אויס די קינדער־אַנשטאַלטן. די קינדער דאָ ריידן צווישן זיך: רוסיש, רומעניש, בולגאַריש און אַנדערע שפּראַכן, אַ גרויסע טייל פון זיי זענען פון תימן. די העברעישע שפּראַך ווערט דער פאַרבינדונגס־עלעמענט פאַר די אַלע קינדער, זיך צו פאַרשטענדיקן איינער מיטן צווייטן.

פון דעם פּלאַץ זענען מיר אַריינגעפאָרן קיין „בית־דגן" אָדער ווי די אַראַבער פלעגן דאָס רופן „בעט־דאַזשין". אָט דער פּלאַץ האָט געשפּילט אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל אין דער באַפרייאונגס-מלחמה. אַ סך טייערע בחורים זענען דאָ געפאַלן פאַרטיידיקנדיק די פּאָזיציע. פון דעם פּלאַץ האָבן טאַקע די שונאים געמוזט אַנטלויפן, אָבער די אַלע אונדזערע קעמפער האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייערע יונגע לעבנס. אויך דאָ האָט די מועצת־הפּועלות אַוועקגעשטעלט אַ קינדער־היים און אַ שול פאַר די קינדער פון די נייע עולים.

מיר פאָרן אַריין קיין יבנה.

דאָ ווילט זיך מיר שוין נישט לויפן. אין דעם אַלטן צעבראָכענעם, ליימיקן דאָרף, דאָרט ווו די הייזלעך שטייען געבויגן און שפּאַרן זייע־

רע שטרויענע דעכער צום ליימיקן באָדן, קריך איך אַרום צווישן די הייזלעך וועלכע האַלטן זיך נאָר אויף רוח־הקודש.

האָט דאָך דער פּלאַץ געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אינם גאַנצן גאַנג פון אונדזער געשיכטע. איך טראַכט ביי זיך אין דעם מאָמענט: ווער ווייסט, אפשר ווען נישט דער כוח פון דעם פּלאַץ וואָלטן מיר נישט פאַרמאָגט קיין ווידערשטאַנד־קראַפט אַריבערצוטראָגן די צוויי טויזנט געפּייניקטע גלות־יאָרן. קען זיין, אַז דעם גאַנצן בליאַסק פון דער איצטיקער אויפגעלעבטער מדינת־ישראל האָבן מיר צו פאַר־דאַנקען אָט דעם חרובדיקן דאָרף „יבנה".

בעת נאָכן חורבן פון בית־שני, ווען יידישקייט האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין און פאַרגעסן צו ווערן, איז אויפגעשטאַנען יענער ליכ־טיקער שטערן ביי יידן, רבן יוחנן בן זכאי, וועלכער האָט זיך אַרויס־געכאַפּט פון דעם באַלאַגערטן ירושלים דורך דעם וואָס ער האָט זיך געלאָזט אַרויספירן אין אַן ארון פון טויטע, און האָט אָנגעהויבן ווי אַ לייכט־טורעם פאַרשפּרייטן אויף דער וועלט די תורה, פון אָט אַ דעם דאָרף „יבנה".

ער האָט דאָ געשאַפן ישיבות, אויך די סנהדרין.

פון אַזאַ פּלאַץ לויפט זיך נישט, אַזאַ פּלאַץ שמידט צו דעם באַזוכער, און צווינגט אים אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם כח וואָס האָט צעמענטירט יידישן אויסדויער... די קינדער־היים און די שול דאָ, זענען אַ המשך פון יענער גאָלדענער קייט, וועלכע רבן יוחנן בן זכאי האָט נישט פאַרלאָזט נאָר געהאָלפן ווייטער שמידן.

מערסטנס פון די קינדער אויף דעם פּלאַץ זענען פון בולגאַריען, עס זענען אויך פאַראַן אַ סך קינדער פון איראַק. אין די שולן לערנען אויך אַ סך קינדער וואָס מען האָט געבראַכט פון אייראָפּע, קיילעכדי־קע יתומים, וועמענס עלטערן זענען אומגעקומען אין די „גאַז־קאַ־מערן" און מדינת־ישראל איז געבליבן זייער איינציקע „טאַטע־מאַמע".

*

מיר קומען אָן קיין רחובות.

פון דער צענטראַלער גאַס דרייען מיר זיך אַריין אויף רחוב יעקב, ביז מיר קומען צו צום גרויסן פּאַרק, אין וועלכן עס וווינט דער שריפטשטעלער משה סמיליאַנסקי. ביים עק פון דעם פּאַרק, אויף רחוב יעקב, דרייט מען זיך אַריין אין אַ קליין געסעלע, אַ שטילס,

אַ רויקס וואָס איז איינגעטונקען אין געדיכטע, מיט בלעטער פאַר־צווייגטע ביימער.

פון איין זייט פאַרנעמט דאָס אויג די שיינע צעוואָקסענע ביי־מער, גרינסן און בלומען פון דעם סמיליאַנסקי־פּאַרק און פון דער צווייטער זייט — די שיינע רחבותדיקע דריי הייזער וואָס זענען אויפ־געבויט געוואָרן דורך דער „פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע" אין מעקסיקע.

פאַרן אויסערלעכן אויסזען פון די הייזער וואָלט איך דעם אינזשיניער נישט צוגעטיילט קיין שום אויסצייכענונג, דערפאַר אָבער האָט מיר ביז גאָר איבערראַשט די באַקוועמלעכקייט פון די הייזער פון אינעווייניק. דער ברייטער קאָרידאָר פירט אַריין אין פאָלגנדע צימערן:

איין צימער פון זיבן אויף פיר און אַ האַלבן מעטער. דער צווייטער: זעקס אויף פיר און אַ האַלב מעטער. דער דריטער: פינף אויף פיר און אַ האַלבן מעטער.

אויסער די צימערן זענען דאָ: קיך, באַד־צימערן, וואַנט־שאַ־פעס, פאַרשידענע קלענערע צימערן און טעראַסעס.

אַלע דריי הייזער זענען די זעלביקע.

אין ערשטן הויז האָב איך געטראָפן מיידלעך, וועלכע לערנען זיך נייען און שטריקן. דאָס איז — „בית ספר מקצועי לתפירה לנע־רות", אַ פאַך שולע פאַר מיידלעך צו לערנען נייען. אין דער דאָזיקער שול ווערן אַריינגענומען מיידלעך נאָר אַזעלכע, וועלכע האָבן שוין דורכגעמאַכט אַכט יאָר שול. דאָ ווערט געלערנט שניידעריי פון אַן הע־כערער קאַטעגאָריע. די למודים פון פאַך קומען פאַר פון אַכט אין דערפרי ביז איינס דרייסיק נ. מ.

אין די נאָך מיטאָג שעהן זעצן פאָר די שילערינס זייערע ווייטע־רע אַלגעמיינע בילדונג. נאָך צוויי יאָר לערנען אין דער שול קומט דאָס דריטע — דאָס לעצטע יאָר ווען זיי גיבן אָפּ זייערע עקזאַמענס, אויסאַרבעטנדיק גאָר פיינע זאַכן, דערביי פאַרדינען זיי שוין גאַנץ פיין פון די אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען.

דאָס צווייטע הויז איז אַ קינדער־גאָרטן, דאָ לערנען פּופּציק קינדער.

אין די שעהן פון אונדזער באַזוך זענען שוין נישט געווען אַלע קינדערלעך. די פאַרוואַלטערן און די לערערינס האָבן אונדז איינגע־

לאַדן צו פאַרנעמען פּלעצער אויף די קליינע קינדער־בענקעלאַך ביי נידעריקע קינדער־טישלעך. דאָ האָט מען אונדז סערווירט אַ „לאַנטש", פּונקט ווי עס ווערט סערווירט פאַר די קינדערלעך.

דאָס דריטע הויז, וואָס איז לויטן פאַרנעם פּונקט ווי די צוויי פריערדיקע הייזער, שטייט אינגאַנצן ליידיק, לויטן פּלאַן וועט אין דעם הויז איינגעאָרדנט ווערן אַ קלוב פאַר מיידלעך.

אַלס שותף אויפצוהענגען דעם גלעזערנעם שילד אויף די הייזער, אין נאָמען פון די „פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע" אין מעקסיקע, לאַדן איך איין די חברה פייגעלע בערקנבליט.

עס איז פאַר קיינעם נישט קיין סוד מיין שטענדיקע באַוווּנדע־רונג פאַר דער אַרבעט פון דער „פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע", אָבער דאָ, שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט אָט אַ דעם שיינעם מאָנו־מענט, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעשטעלט אין נאָמען פון דער יידישער פרוי אין מעקסיקע, בין איך צעשמאָלצן געוואָרן פון נחת.

פון מיין גאַנצן האַרצן האָב איך, פון דעם דאָזיקן פּלאַץ, אין אַ פריידיקער שטימונג, איבערגעשיקט אַ חברישן אַפּלאָדז צו אונדזערע חברות פון דער „פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע" אין מעקסיקע.

## צו קבלת - שבת אין מאה שערים.

שבת־קודשדיקייט האָט זיך אָנגעהויבן פונאַנדערלייגן שטיקער־ווייז. וואָכעדיקע גרויקייט האָט זיך לאַנגזאַם אָפּגערוקט אין אַ זייט און געמאַכט פּלאַץ פאַר שבתדיקער מנוחה. די זון וואָס האָט מיט איר תמוזדיקן גלי געבראָטן די ירושלימדיקע גאַסן אַ גאַנצן טאָג, האָט דאָ אין די ענג פאַרשטעלטע מאה־שערים געסלעך איבערגעלאָזט אַ פאַרשטיקטע, דושנע לופט.

ווייבער לויפן פון זייערע נאָרוואַס פאַרמאַכטע קרעמלעך, עס קלינגען די בינטלען שליסלען אין זייערע הענט און זיי ווערן פאַרשלונגען אין די אַלט־פרענקישע הייזער. דאָ און דאָרט זענען נאָך קרעמלעך אָפן. אָט זיצט אין אַזאַ קרעמל אַ בוכאַרער ייד איינגעוויקלט אין אַ פילקאָלירנדיקן כאַלאַט, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטן אויסגעהאַפטענעם פאַסיק. ער שפּיצט זיינע אויגן צו יעדן פאַרבייגייער, אפשר, אפשר פאַרט אַ קונה!

איז ער דאָך פאַרבליבן מיט אַזאַ קראַם סחורה: אַ בלעך מיט שוואַרצע קערעלאַך; אַ טעלער גרינע פעפערלעך, וועלכע הויבן אָן איינשרומפּן זייערע גופים; אַ שיסל מיט געזאָטענעם אַרבעס, וואָס שוויצט און דערנענטערט זיך צום ריח פון טוכלעקייט. די דערביי קרעמער וועלכע זענען מער אָדער ווייניקער פאַרזאָרגט מיט דער זעלבער סחורה, פאַרגינען אים נישט דעם טאָמערדיקן פדיון, האַלטן זיי דערפאַר אויך אָפן זייערע קרעמלעך ביזן לעצטן רוף פאַר שבת.

⁂

יידן, יונגעלייטלעך, בחורים און יינגעלעך שמייען דורך די גאַסן, זיי שאָקלען שטאַרק מיט די קעפּ, די לאַנגע פאות וואַרפן זיך הין און צוריק, זיי טרייסלען פון זיך אָפּ די פאַרבליבענע מקוה וואַסער. באַלד ווערן די אַלע איינגעשלינגען אין זייערע היימען.

גאַסן און געסלעך ווערן צוביסלעך אָפּגעשטאָרבן. מען זעט נישט קיינעם.

פון די היימען טראָגן זיך געשרייען, געפּילדער, אַ געוויין פון אַ קינד וואָס לאָזט זיך נישט שטאַרק רייסן פון דער מאַמעס קעמל, און

עס הערן זיך צופרידענע און אומצופרידענע קינדער טומלערייען.

מיר גייען פון גאַס צו געסל זאַלבעפערט: מר שניידער פון בראַ־זיל, יוועליר פון „יוואָ" פון ניו־יאָרק, יוסף טכאָרניצקי — דער אי־בעראַל גוט באַקאַנטער ירושלימער תושב און איך.

אויף די גאַסן הויבן זיך אָן צו באַווייזן פּיצינקעלעך יידעלעך. צווייי לאַנגע פּאותלעך, וואָס שטייען כמעט אויף דער ערד, טראָגן אויף זיך אַ חנעוודיקן פיר יאָריקן בחור, זיין לאַנג זיידן קאַפּאָטקע־לע איז ברייט צעכראַשטשעט עס שיינט פון דעם אַפיר, אַ פריש אויסגעוואַשן טלית־קטנדל.

זיין קאָפּ איז צוגעדעקט מיט אַ יאַרמולקעלע אויף וועלכן עס זעען אויסגעהאַפטן פאַרשידענע צאַצקעלעך. באַלד פאַרמערן זיי זיך, די דאָזיקע קונדסים. אַלע ריידן צווישן זיך אַ געשמאַק, זאַפטיקן גוטן יידיש.

עס נעמט מיר נישט לאַנג, חברה ווערט מיט מיר גוט־ברידער. און שוין נעמען זיי דערציילן מיר מעשיות: איינער אַזאַ צוציק וויזט מיר אָן אויף אַ יינגעלע און זאָגט צו מיר: „זעסטו יענעם, ער איז אַ גרויסהאַלטער, ער גייט אין דער כתה גימל מיינט ער, אַז ער איז שוין אַ גאַנצער רב. אין דער אמתן איז ער נאָר קליין געוויקסיק, אָבער ער האָט שוין געצוג יאָרן, ער ווערט שוין באַלד זעקס יאָר אַלט". איך בין באַלד צוגעגאַנגען צו דעם „גרויסהאַלטער" און אים אַריינ־געררוקט אַ ברייטן שלום־עליכם. מעשה שטאָט-בעל־הבית האָט ער מיר געלאַסן געענטפערט: „עליכם־שלום! זענט איר אַן אַמעריקאַנער? וואָס הערט מען עפּעס מיט תורה ביי אייך אין אַמעריקע, ווי איך האָב געהערט האַלט ביי אייך מיט לערנען גאַרנישט אַזוי וואַזשנע".

אַז איך האָב דערפילט די שווערע אַטאַקע וואָס דער „גרויסהאַל־טער" פאַרנעמט זיך אויף מיר, האָב איך אים מיטאַמאָל אַ פרעג גע־טאָן: זאָג מיר נאָר בחורל גייסטו דאָ אין אַ שולע?

— דאָ ביי אונדז גייט מען נישט אין קיין שקאָלעס. דאָ גייט מען אין חדר און דערנאָך לערנט מען אין דער ישיבה.

צערעדנדיק זיך מיט אים בין איך באמת געבליבן געפּלעוועט צו־הערן מיט וואָס פאַר אַ פרייקייט דאָס בחורל שווימט אַרום אין גאַנצן חומש „בראשית", לערנט שוין אויך „שמות" און קען שוין אויך גע־וויסע פירושים פון רש"י.

⁂

אַ לאַנגדויערנדיקער פּיף האָט אַריינגעשריגן דעם שבת־אָנקום. דער פּיף האָט זיך געצויגן און געצויגן, אַזש איך האָב זיך דערשראָקן, אַז ער זאָל חס ושלום נישט אַריינפּייפּן אַ שטיק אין שבת אַריין...

אַ ים מיט בערד האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן: קאַלטענעוואַטע בערד, וואָס קיינער בעלי־ביתעוועט נישט איבער זיי; סמני־נערותדיקע בערדלעך וואָס די יונגעלייטלעך צופּן און רייסן, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער וואַקסן; אויסגעקעמטע, גאַוותדיקע לאַנגע בערד וואָס גלעקלען זיך פון ביידע זייטן מיט פּאות ביז צום גאַרטל און סתם אַזוי זיך בערד.

שטריימלעך, שטריימלעך און שטריימלעך האָבן אָנגעהויבן פאַרפּלייצן די גאַסן: יינגעלעך, בחורמלעך, יונעגלייטלעך, יידן און זקנים אַלע זענען באַשטריימלט, זיי לויפן אין זייערע בתי־מדרשים, קלויזן, מקובלים־שטיבלעך. אויפן וועג שטעלן זיך אָפּ ריידלעך, זיי כאַפּן אַ שמועס, זיי ריידן צווישן זיך פּאָליטיק און לייענען די גרויסע אויפרופן, וואָס זענען דאָ פונאַנדערגעקלעפּט אויף שריט און טריט. די אויפרופן אַפּילירן צו די יידן, נישט צו גיין שטימען פאַר דער כנסת, ווייל שטימען צו די כנסת־וואַלן מיינט אַפּיקורסות, מיינט אויפהערן צו גלויבן אין ביאת־המשיח.

מיר שפּאַצירן אין דעם פּלאָנטער פון די פּיל קלויזן,בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך און שולן.

די בוכאַרער שול איז שיין אויסגעפּאַרבט באַגילדט און איז אינגאַנצן אויסגעשפּרייט מיט טעפּיכער. די ווענט לײדיק, דער באַלעמער איז מיט אַ קופּאָל, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מעטשעט. די יידן דאָרט זענען אָנגעטאָן אין לאַנגע געפאַרבטע כאַלאַטן, רוסישע באַרקענע קאָלפּאַקעס אויף זייערע קעפּ, מערסטנס פון גרוי קאַליר. בכלל — פאַרהאַלט אַזאַ שול אונדזערס אַ מענטש גאָר ווינציק. מיר גייען ווייטער ביז מיר קומען אָן אין דער תימנער שול: דער אָרום, די בענק, דער מיטלדיקער באַלעמער — ראַקיטיש, אָרעם, פאַרטרוקנט, פּונקט ווי די מתפּללים.

אַזוי גייען מיר פון גאַס צו געסל. טרעפּ געדרייטע פירן, ווי אין אַ לאַבירינט אין די שמאָלע געסעלעך. אויף שריט און טריט איז דאָ אָנגעפּיקעוועט מיט קלויזן, שטיבלעך און מנינם. פון טייל רייסן זיך אַרויס קולות, געשרייען פאַראומערטע וואָס מישן זיך אין דעם חלל

צענויף מיט די פריילעכע ניגונים וואָס קומען פון אַנדערע חסידים־שטיבלעך.

אָט קומען מיר אָן אין דער שול פון די נטורי־קרתא. אַ גרויסער צימער, די ווענט אַרום זענען באַלאָדן מיט שווערע ספרים־שאַפעס, די אויסגעריבענע צעקרישלטע רוקנס פון די ספרים זאָגן עדות, אַז זיי שטייען דאָ נישט לשם דעקאָראַציע. זיצן דאָ איינגעפּרעסט איינער און צווייטן יינגעלעך און עלטערער יידן זיי גלאָצן מיט די אויגן, דביקהן זיך, און שוויס רינט אַפּיר פון זייערע שטריימלעך. מיר דאַכט זיך, אַז פולווער שטורמט פון זייערע אויגן. ביי דער מזרח־וואַנט זיצן ביי די שטענדערס גרייז־גרויע בכבודיקע יידן. מען ווייזט מיר אָן אויף דעם וואָס זיצט דער דריטער פון לינקס, אַז דאָס איז דער אָנפירער פון דער חברה — עמרם בלוי. אַ ייד מיט אַ געל־גרוילעך קאַלטענעוואַטע באָרד, מיט גרויסע ברעמען דורך וועלכע עס קוקן אַרויס אַ פּאָר בייזע פאַרווילדעוועטע אויגן. אַ שרעק כאַפּט מיך אַרום ווען זיינע בליקן באַגעגענען זיך מיט מיינע.

אויף דער וואַנט דאָ אין דעם קלויז, זענען אויפגעקלעפּט די תקנות פון דער חברה: אין אַ טייל פון די תקנות לייען איך: יעדער חבר איז זיך מתחיב נישט צו לערנען מיט זיינע קינדער קיין פרעמדע שפּראַכן אויך נישט קיין עברית. ווייבער און טעכטער פון יעדן חבר פון דער חברה טאָרן נישט טראָגן קיין דינע קליידער אויך נישט אַזעלכע קליידער וועלכע האָבן אַ פאַרב פון לייב־קאָליר. זיי דאַרפן טראָגן נאָר לאַנגע קליידער מיט לאַנגע אַרבל. די זאָקן אויף זייערע פיס דאַרפן זיין דיקע און טונקעלע. די אַלע תקנות זענען איין לאַנגע קייט פון אסורים.

*

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען נאָך עטלעכע חסידים־שטיבלעך, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דעם שטיבל פון דעם רבין ר׳ אהרן.

אין פּאָליש דאָ איז איינגאַנצן פינצטער, בלויז עטלעכע ליכטשיינען קומען אַרויס פון די גרויסע פאַרצייטיקע בליך־לאָמפּן וואָס ברענען אין צווייטן חדר. זיי רייסן זיך אַריין אַהער דורך אַ קליין פענצטערל וואָס ליגט אַרט ביים סופיט. שטייען דאָ אין דעם פּאָליש עטלעכע יידן מיט קינדערלעך ביי דער זייט, אָפּגעזונדערטע פון צבור און קנוילן זיך אין תפילות אויף זייער אייגענעם שטייגער.

אין דעם גרויסן חדר שטייען געפּרעסט איינער אין אַנדערן צוויי

צענטליק מנינים יידן. זיי זענען איינגעהילט אין די טלתים ביז איבער זייערע קעפּ. דער חזן זאָגט אַ תפילה בלחש, יידן שעפּטשען שטיל מיט זייערע ליפּן.

נישט לאַנג דויערט עס ביז עס הויבט זיך אויף אַ געשריי, אַ גוואַלט, מיט יללות און געוויינען. מען וואַרפט זיך, מען שרייט, מען קלאַפּט מיט די קעפּ, ווער — אין די טישן, ווער — אין די ווענט. מען בויגט זיך מיט די קעפּ צו דער ערד. עס כאַפּט אַרום אַ שרעק צו זען ווי צוויי הונדערט געבויגענע יידן, איינגעוויקלט אין טליתים, ליאַר־מען און וויינען, שרייען, רייסן אַרויס שטיקער צער פון די טיפענישן, די שרעק רייסט מיך מיט.

אָט דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך געפינען זיך ערגעץ ווו אין אַן אָפּ־גרונט, פון וואַנען מען רייסט אַרויס שטיקער יידישע ליידן און מען שיקט זיי אין די הימלען אַריין, אַז זיי זאָלן בעטן רחמים.

איך שטעל זיך פאָר, אַז אַזוי האָבן באַדאַרפט אויסזען די לעצטע תפילות וועלכע אונדזערע אייגענע האָבן מיט ברוגז אויסגעשריגן צום ריבונו של עולם איידער זייערע נשמות זענען אויסגעהויכט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.

עס גליווערן אין מיר די בלוטן און עס רייסט מיך מיט. איך קען עס מער נישט איבערטראָגן. איך רוק זיך אַלץ נענטער און נענ־טער צום אַרויסגאַנג.

פּלוצלינג ווערט דאָס ווײ־געשריי אַלץ שטילער און שטילער ביז די שטילקייט הויבט זיך אָן איינוועבן אין מתוקותדיקער נגינה: שיינע חסידישע נגונים צעוויגן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ביז זיי דערגרייכן צו ווילדן עקסטאַז פון זינגען, טאַנצן און שפּרינגען. אָט, אָט און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז אַלץ אַרום וועט צעשפּרינגען ווערן. אַזוי חזרן זיך איבער די סצענעס אַ סך מאָל, עס קומט פאָר אַ געראַנגלעניש פון וויטיק און צער מיט חדוה און שמחה.

דער רבי ר׳אהרן איז מיט עטלעכע יאָר צוריק נפטר געוואָרן, חסידים דערציילן זיך אָן אַ סך מופתים פון אים. ער איז נתגלה גע־וואָרן דורכן בעלזער רבין, וועלכער האָט אויף אים גוזר געווען צו ווערן אַ רבי. אַליין האָט דער רבי ר׳אהרן געשטאַמט פון אונגאַרן און דורך דער צייט וואָס ער איז געווען רבי האָט ער זיך דערוואָרבן זייער אַ סך חסידים. היינט פאַרנעמט זיין פּלאַץ דער איידעם זיינער, וועלכער פּראַוועט אַלץ לויטן נוסח פון דעם שווער.

ווען אומעטיקע, פאַרגעלטע ליכט־פּאַסן זענען אַרונטערגעפאַלן פון די פּאַרצייטיקע בליך־לאָמפּן און געוואָרפן אַ פאַרכמאַרעטע שיין אויף די מתפללים, האָב איך ביי איינעם אַ חסיד געפרעגט די קשיא: פאַרוואָס ברענען עס די נאַפט־לאָמפּן דאָ, בעת איך זע דאָ אַן עלעקטרישע אינסטאַלאַציע און עלעקטרישע לעמפּלעך? דערויף האָט מיר דער חסיד געענטפערט:

„אַזוי ווי אין דער עלעקטרישער סטאַנציע אַרבעטן בלויז יידן דעריבער באַנוצן מיר זיך נישט אום שבת מיט קיין עלעקטרישער קראַפט.

⁂

לאַנגזאַם האָבן מיר זיך אַרויסגעדרייט פון די שמאָלע געסלעך. פאַר די אויגן קומען פאַר פאַרשטיינערטע שטיקער תנך מיטן גלאַנץ פון די אבות, נביאים און מלכים געמישט מיט די יורשים פון היינט, וואָס זעצן פאַר דאָס געזאַנג פון קינות און מזמורים.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דורך די גרויסע אונגאַרישע, וואַרשעווער און אַנדערע פיל משפחה באַווינטע הייזער, וואָס מען האָט דאָ אַ מאָל געבויט פאַר די חלוקה־יידן. זיי האָבן אָפּגעהיט און אויפגעהאַלטן זייער אופן יידישקייט.

פון די הייזער שיינט אַרויס מיט שבת־מלכהדיקייט, די געבענטשטע שבת־ליכט פינקלען גדלותדיק אַרויס פון זייערע שיינע לייכטער. ליגט דאָ איבעראַל דער פרייטיק צו נאַכטס אַ צעשטראַלטער און צעשמייכלטער און מיר גייען אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק דערפון, גאַס נאָך גאַס ביז עט, עט ווייט פון מאה שערים. מיר קומען צו צום אויטאָמאָביל וואָס וואַרט דאָ אויף אונדז.

דער אויטאָמאָביל איז געבליבן שטיין אין אַזאַ ווייטן מרחק צוליב אַן „עין־הרע״ פון די חסידישע אויגן.

# קיין אילת, צום ברעג פון ים־סוף.

— פונקט אין די הייסטע חדשים פון יאָר פאַרווילט זיך אייך פאָרן קיין אילת. צו ווייסט איר, אַז דער וועג פון צפון זייט פון דעם מדבר ביז צום דרום קיין אילת איז איבער דריי הונדערט און פופ־ציק קילאָמעטער? וואָלטן כאָטש געפלויגן עראָפּלאַנען ווי ביז איצט, איז אָבער דער עראָפּלאַן־פאַרקער פאַר ציוויל פּאַסאַזשירן אָפּגע־שטעלט. צו ווייסט איר, אַז מען מוז פאָרן אין לאַסט־אויטאָס צוליב דעם, ווייל דער וועג פון באר־שבע קיין אילת, ס'הייסט אַ קיימא־לן פון צוויי הונדערט און זיבעציק קילאָמעטער איז אַ נישט געפלאַסטערטער און פיל טיילן פון דעם וועג זענען ממש געפערלעך?

אַזוי האָבן מיר מיינע אַלע פריינט און באַקאַנטע כסדר אָפּגע־רעדט פון מאַכן די נסיעה. און מאָדנע, וואָס מער מען האָט פאַר מיר געשילדערט די שוועריקייטן פון אָט אַ דער רייזע אַלץ מער האָט זי מיר געלאָקט. אין תוך גענומען, בין איך געווען זייער צופרידן פאַר־וואָס עס זענען נישטאָ קיין עראָפּלאַנען קיין אילת. מיר האָט זיך נישט געוואָלט פאַרפליען די געלעגנהייט פון באָאָבאַכטן אַלץ וואָס גע־פונט זיך אויפן וועג, אין נגב.

⁂

מיר פאָרן קיין אילת. דער קליינער לאַסט־אויטאָ איז איבערגע־דעקט מיט אַ ברעזענטענעם דאַך. וואָס האַלט זיך אויף אייזערנע שטאַנגען און ניסים. פינף בענקלעך, וואָס זענען אויסגעבעט געוואָרן מיט אַ סך יאָרן צוריק זענען צוגעשריפט צום פאָל און האָבן פלאַץ פאַר צען פּאַסאַזשירן. דער לאַסט־אויטאָ פאָרט עס איינמאָל אין דער וואָך קיין אילת. (די איין און איינציקע קאָמוניקאַציע) אַזוי ווי די גאַנצע געגנט פון באר־שבע ביז אילת איז מיליטערישער געביט, דעריבער דאַרף יעדער פון די פּאַסאַזשירן אויספילן אַן אַנקעטע און זי אַריינגעבן, מיט אַ פּאָר טעג פאַר דער רייזע, צו דער געזעלשאַפט „יתור" (טוריסטן־ביוראָ) און זי פאַרזאָרגט שוין מיט די נייטיקע דערלויבענישן.

די פּאַסאַזשירן אויפן אויטאָ זענען:

אַ שוועדישער מאָלער — אַן עלטערער לעבעדיקער חברה־מאַן וואָס איז פול מיט חלוצישן ברען, מיט זיין נישט־יידישער פרוי, וועמען מען קען פאַרגעבן איר גויאישקייט צוליב איר בלאָנדן רייץ און חנעוודיקע צאַרטקייט; צוויי יונגינקע ישראל־מיידלעך, וועלכע האָבן גאָרוואָס פאַרענדיקט זייער שול־יאָר און אַלס אויסצייחנונג, פאַר, זייער גוטער שול־אַרבעט, האָבן זיי באַקומען דורך דער שול אַ פרייע רייזע קיין אילת... זיי, די צאַברעלאַך, זענען אַ געמיש פון ערנסטער פאַרטיפונג מיט ווילדער דרייסטקייט, פון העפלעכער געמיטלעכקייט ביז חיצפּהדיקער האַלטונג. בכלל איז שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי עס האָבן זיך געקענט צונויפפאַסן, אין אָט אַ די צוועלף יעריקע העלדן, אַזויפיל קאָנטראַסטן; צוויי אַמעריקאַנער טוריסטקעס, וועלכע זענען שוין אויסגעפאָרן אַ וועלט, און ווי עס ווייזט מיר אויס, וועט זיי אַפילו די יידישע מדינה נישט העלפן, צו קריגן עפּעס אַ שטיקל חתן — ביידע האָבן ביי זיך אָפּגעמאַכט, זיך צו בייטן מיט די פּלעצער. איינמאָל זאָל איינע זיצן ביי דער זייט פון שאָפער און אַ צווייט מאָל די צווייטע.

אָבער דער ברענענדיקער בחור, צבי, וואָס איז דער שאָפער און מורה־דרך — אַ יאָט מיט ביינער, גיט זיי צו פאַרשטיין, אין אַ פּערפעקטן ענגליש, אַז ער קען אויף זיך נישט נעמען די אַחריות, צו זיצן ביי דער זייט פון אַזעלכע אַטראַקטיווע מיידלעך, ער קען חס ושלום פאַרפאָרן ווער ווייסט וווהין. ער באַשטייט דערויף, אַז דער עלטערער מאַן וואָס פאָרט מיט אונדז זאָל זיצן ביי זיין זייט. די מיידלעך האָט דאָס נישט איבעריק געשמעקט, זיי זענען אָבער געבליבן צופרידן פון דעם בלויזן קאָמפּלימענט, אַז זיי זענען נאָך פעיק אַזאַ בחור אַרויסצופירן פון גלייכגעוויכט; נאָך אַן אַמעריקאַנער טוריסטקע פאָרט מיט אונדז, אַן עלטערע פרוי, וואָס איז איבערפולט מיט אומצופרידנקייט. אָט, האָט זי שוין אויספּרובירט אַלע זיץ־פּלעצער און ביי יעדן נייעם פּלאַץ דאַכט זיך איר אויס, אַז דער פריערדיקער איז געוועזן אַ סך בעסער. זי טיילט אויף רעכטס און לינקס, אָט גיט זי צוקערקעס, אָט שאָקאָלאַד און באַלד — אַמעריקאַנער פּאַפּיראָסן. יעדערער טוט איר אַ טובה און נעמט ביי איר עפּעס.

אָנגעטאָן און אויסגעשמירט איז זי, ווי זי וואָלט געגאַנגען צו אַ מאָדע־אויסשטעלונג אויף דער פינפטער עוועניו.

אַריה, איז אַ בחור אַ קבוצניק, שוין צען יאָר אין לאַנד, אַ פּעס־

טער חברה־מאַן מיט יעקישע פּינקטלעכקייט, גע‎וועזן אין דער ישׂ־ראל־אַרמיי, באַקומען אויסצייכענונגען. יעדעס ווינקעלע אויפן וועג פון דער רייזע איז ביי אים געבונדן מיט אינטערעס. ער אַליין גריבלט זיך אין געאָלאָגיע. אַ שטיין, אַ זעמדעלע, אַ געוויקס — אַלץ איז פאַר אים אַ קרן.

ביי דער זייט פון זיין ערנסטער האַלטונג איז ביי אים פאַראַן אַ קבוצישע איבערגעגעבנקייט. ער איז גרייט צו יעדן מאָמענט, און ביי יעדער געלעגנהייט, אויף אַ הברישן אופן אָנטיילצונעמען.

⁂

אָט דער מנין פאַרמשפּחהעט זיך אויף דער רייזע קיין אילת. זעקס אין דערפרי פאַרלאָזן מיר תל־אביב.

די רייזע ביז גדרה בין איך שוין עטלעכע מאָל דורכגעפאָרן.

מיר קומען אָן אין צפון טייל פון נגב, וווּ צווישן ריזיקע שטחים פון אוראַלטער אויסגעטרוקנטקייט באַווייזן זיך קבוצים און קבוצות. וועלכע האָבן אין דער וויסטעניש אַרויפגעבראַכט לעבן. דאָ און דאָרט לייכטן אַרויס גערטנער, גרינען פעלדער און פון ביידע זייטן שאָסיי באַגריסן דיך קליינינקע צאַרטע יונגינקעביימעלעך, וועלכע לאַדן דיך איין צו מאַכן דאָ נאָכאַמאָל אַ שפּאַציר אין אַ צוויי יאָר אַרום און דו וועסט זען ווי אָט די העלדישע אָקאַליפּטוס־ביימער וועלן באַשאָ־טענען דעם שאָסיי, און זיי וועלן באַגריסן יעדן דורכפאָרער מיט זייער קילער דערפרישונג.

נאָך דריי שעה פאָרן קומען מיר אָן קיין באר־שבע. די שטאָט ליגט אַ צוגענעצטע און טובלט זיך אין שמוציקייט. אינמיטן שטאָט שטייט אַ מעטשעט מיט אַ הויכן טורעם, דורך וועלכן מען שרעקט די לעבעדיקע מיט עכאָדיקע מאָנאָטאָנע תפילות. דאָ און דאָרט זענען צעוואָרפן קליינע הייזעלעך, אין וועלכע די אַראַבער לעבן מער אין ד׳רערד ווי אויף דער ערד. אַרום און אַרום דער שטאָט גייט אויף אַ ניי לעבן: גרויסע געביידעס מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען און מענטשלעכע באַקוועמלעכקייטן, זיי זאָגן אָן דערוואַכונג פון אָט אַ דער לעטאַרגישקייט, אין וועלכע די שטאָט איז געשלאָפן פון ששת ימי בראשית אָן.

מיט דער צייט וועלן אויך די אַראַבער דאָ אַרויפקוקן צו דער ציוויליזאַציע פון אַ העכערן לעבנס־שטאַנד און אויך זיי וועלן גע־ניסן פון אַ מענטשלעך לעבן ווי אַלע בירגער פון מדינת־ישראל.

⁂

נאָך אַ קורצן אָפּרו אין באר־שבע גיט אונדז דער חבר צבי אַן איבערבליק איבער דער שטאָט און אומגעגנט, ער דערקלערט אונדז, אַז מיר פאָרן איצט אַריין צום דרום פון נגב. ער ברענגט אַרויס צוויי אָנגעלאָדענע ביקסן מיט פאַסקעס אָנגעפּילט מיט קוילן.

איין ביקס גיט ער אַריהן, וועלכער איז אַ גרויסער בקי אין הלכות ביקסעריי, אָט נעמט ער זי אין זיינע הענט אַריין, ער נעמט אַרויס און רוקט ווידער אַריין דעם מאַגאַזין וואָס איז אָנגעפּילט מיט קוילן, און פאַרחברט זיך מיט דער ביקס ווי מיט אַן אַלטער באַקאַנטער.

די צווייטע ביקס מיטן קוילן פּאַסיק איז ער מיר מכבד, וואָס מ׳טוט מיט אַזאַ חברה־מאַן זאָל איך אַזוי וויסן פון מיין באָבעס קראַנקהייט. פרעג איך ביי אים: „מיין טייערער צבי, צוואָס דאַרף מען עס אײנגאַנצן האָבן די ביקסן?״. אַז מיין אַמעריקאַנער יידענע האָט דערזען די ביקסן און דערהערט מיין שאלה, איז זי געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט, זי פרעגט זיך גלייך; ווי אַזוי פאָרט מען פון באר־שבע צוריק קיין תל־אביב? צבי באַרואיקט איר און זאָגט, אַז די ביקסן זענען נישט מער ווי גלאַט אַזוי, ווי להבדיל שיר־המעלותן איבערן בעט פון אַ קימפּעטראָן. מיין אַמעריקאַנערן וויל אָבער נישט הערן און וויסן פון די אַלע תירוצים, זי איז נאָך קיינמאָל נישט געהרגעט געוואָרן, זאָגט זי, און זי וויל אויך איצט נישט ריזיקירן מיטן לעבן.

קוים מיט צרות איז געלונגען איינצורעדן איר, אַז דער גאַנצער ענין איז חס ושלום נישט פאַרבונדן מיט קיין שום געפאַר, עס איז בלויז אַזאַ פאָרמאַליטעט און אַ רעגירונגס־פאַראָרדענונג. צבי האָט איר גאַראַנטירט דאָס לעבן, פונדעסטוועגן, טוישט זי עטלעכע מאָל די פּלעצער, ביז זי פאַרנעמט אַ מיטלסדיקן פּלאַץ, ווו אַרום און אַרום זאָלן זיצן מענטשן, און זי פאָרט מיט אונדז.

איך בעט זיך ביי צבין איין קלייניקייט: מילא, טראָגן אַ ביקס איז נישט געפערלעך, עס איז אַפילו שיין צו פאָטאָגראַפירן זיך מיט איר, אָבער פאַרוואָס נעמסטו נישט די ביקס? ענטפערט ער מיר, טאַקע גאָרנישט, אָבער ווי עס מאַכט זיך מוז איך זיצן ביים ריידל פון דעם אויטאָ.

און ער גיט מיר צו פאַרשטיין, ווי מען דאַרף רעספּעקטירן אַ

ביקס, אַזוי, אַז יעדעס מאָל ווען איך גיי אַרונטער פון דעם אויטאָ מוז איך שטענדיק מיטנעמען די ביקס מיט זיך. איך בעט זיך ביי אים בלויז איין קלייניקייט: ער זאָל מיר נאָר ווייזן דעם שלאָס, און ווי אַזוי מען האַלט די ביקס פאַרשלאָסן, אַז איך האָב שוין געזען ווי אַזוי מען וואַרפט אַריבער דאָס צינגל, אַז די ביקס זאָל זיין גוט פאַרשלאָסן בין איך געוואָרן „אָלרייט".

מיינע צוויי צאַברעלעך שפּרינגען אַרום מיר ווי די האָזעלעך, זיי, די צוועלף יעריקע מיידלעך, ציטערן שוין גאָרנישט פאַר אַ ביקס און דוקא איצט פאַרווילט זיך זיי איינצוקנעלן מיט מיר אַ פּרשה פון הלכות שיסעריי איך בעט זיך ביי זיי רחמים: קומענדיק צוריק קיין תל־אביב בין איך גרייט צו נעמען ביי אייך לעקציעס וויפל איר וועט נאָר ווען, נאָר דאָ לאָזט מיך האַלטן מיין האַנט אויפן שלאָס פון דער ביקס.

⁂

מיר פאָרן אַרויס פון באר־שבע אויפן שאָסיי ליגט איבערגע־וואָרפן אַ שלאַבאַן, אַ סאָלדאַט רעווידירט די דערלויבענישן, דער־נאָך עפנט ער אויף צוריק דעם שלאַבאַן און מיר פאָרן צום דרום פון נגב.

דער וועג פון באר־שבע קיין אילת איז צוויי הונדערט און זי־בעציק קילאָמעטער. דער שאָסיי איז נישט געפלאַסטערט דעריבער שפּרינגען שטיינדלעך און קלאַפּן אין דעם אויטאָ פון אַלע זייטן, זיי שרייען, ליאַרמען און ווידערן אָפּ אַן עכאָ פון די טיפע טיפענישן פון די ריזיקע בערג־שפּאַלטן. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך בין פאַרפאָרן אין אַ מיליאָן יאָרן פאַרגאַנגענהייט. דער אויטאָ רייסט זיך, קרעכצענדיק, דורך בערג און טאָלן. ווי אַ מיראַזש זעען זיי אויס די בערג. אָט דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך זע פון ווייטנס אַ גאַנצע שטאָט מיט פּרעכטיקע אויסגעחלומטע פּאַלאַצן, וואָס זענען געשניצט און געפורעמט דורך דער וועלט־קינסטלערן די נאַטור. איך זע פּרעכ־טיקע קופּאָלן און טעראַסן וואָס שיינען און צויבערן מיט זייערע פיל פאַרביקע קאָלירן, אַזוי פאָרן מיר און פאָרן, ביז מיר קומען אָן צו דער מעברה „תל־ירוחם".

ריזיקע מאַשינען רייסן שטיקער געדערים פון די בערג, האַקן פון זיי אַרויס קאַלך, מאַטעריאַל פאַר צעמענט, קוואַרץ, מאַטעריאַל פאַר מאַכן גלאָז און אויך אַזאַ זאַמד — פאַר אַ געוויסן סאָרט ציגל,

וואָס קען אויסהאַלטן דריי טויזנט גראַד היץ. דאָ געפינט זיך אויך אַזאַ זאַמד פאַר מאַכן פאָרצעלאַן, ידישער מענטש הויבט אָן עקס-פּלואַטירן דער נאַטור.

מיר פאָרן ווייטער און פאַר אונדז אַנטפּלעקן זיך שטחים, פון צענטליקער און צענטליקער קילאָמעטער, פלאַך־לאַנד מיטן אויג נישט צו דערבליקן. וויסט און פוסט ליגן אויסגעלייגט אַט די ריזיקע שטחים, אויסגעטרוקנטע, פאַרחלשטע און אויסגעברענטע אין משך פון מי־ליאָנען יאָרן דורך דער שטענדיק — ברענענדיקער זון.

נידעריקע ווילדע געוויקסן זענען דאָ צעוואָרפן איבערן גאַנצן שטח. ביז — אַזוי פאָרענדיק — קומט אונדז אַנטקעגן אַ גרינער פלעק, אַן אָאַזיס אין דער וויסטעניש, — „תל־ראַכמאַל". דאָ זענען געפונען געוואָרן פונקטן פון וואַסער און אַ קליינע וואַסער־ברונים מיט גע־זאַלצענע וואַסער, וועלכע די אַראַבישע נאָמאַדן פלעגן נוצן אָנצו־טרונקען זייערע קעמלען.

אַרום און אַרום דעם ברונים האָט די נאַטור אָנגעוואָרפן ראַ־כיטישע ביימלעך און כאַאָטישע פלאַנצונגען.



בכלל האָט מיך דער גאַנצער וועג אין נגב אָנגענומען איבער־ראַשט. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט דעם נגב — אַ מדבר, בערג מיט זאַמד וואָס רייסן זיך צו די הימלען און זענען פון צייט צו צייט מסוגל, דורך די שטורמישע מדבר־ווינטן, זיך איבערצוטראָגן פון איין פלאַץ אויפן צווייטן. אָך און ווי איז, אַז מען טרעפט אָן אין דער מדבר אַזאַ גאַסט ווי אַ שטורם־ווינט. דאָ גאָר, וואָס ווייטער מיר קומען אין דרום, אַלץ מער ווייזט זיך פלאַך־לאַנד, וואָס קוקט צו דיר מיט אויסגעטרוקנטע אויגן און בעט זיך רחמים: — קום צו מיר, ברענג אַריין אין מיינע פאַרחלשטע געדערים אַ ביסל וואַ־סער און חלוצישן שוויס, וועסטו זען מיט וואָס פאַר אַ ברכה איך וועל דיר באַשענקען!

אונדזער אויטאָ רייסט ווייטער אין דער וויסטעניש, ביי יעדן שפּרונג וואָס דער אויטאָ מאַכט און גיט זיך אַ הויב אין דער לופטן, שרייט אויך ליאַרמט די אַמעריקאַנער יידענע: אַט גייט זי שוין שטאַר־בן, זי וויל נישט ווייטער פאָרן. זי שרייט: „איך האָב שוין גענוג מיטן נגב, איך וויל נישט מער זען, לאָזט מיך לעבן און פירט מיך צוריק!"

צבי דער שאָפער שטעלט זיך אָפּ, דרייט אויף דעם קראַן פון

זיין וואַסער קעסל, וואָס געפינט זיך ביי דער זייט פון אויטאָ, ער גיט איר צו טרונקען אַ פּאָר גלעזלעך וואַסער און ווישט איר אַרום מיט אַ פייכט טיכל דעם שטויב פון פּנים.

אַז די סצענעס האָבן זיך אייניקע מאָל איבערגעחזרט איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן די קשיא: פאַרוואָס האָט משה רבינו געפירט אויף דעם וועג די יידן קיין ארץ־ישראל גאַנצע פערציק יאָר? איז דער תירוץ: ווי עס ווייזט אויס האָט ער מיט זיך געפירט אַ סך אַמע־ריקאַנער טוריסטקעס, ביז ער האָט זיך געספּראַוועט מיט זייערע אַלע היסטעריקעס און פרעטענזיעס און אַלע ווײלע האָט ער זיך געמוזט צוליב זיי אָפּשטעלן, דערפאַר האָט עס ביי אים גענומען אַזאַ לאַנ־גע צייט.

⁂

מיר פאָרן, הוידען זיך און פאָרן, ביז מיר קומען אָן צו „מעלה־עקברים".

דאָ איז אַ פלאַץ וווּ דער וועג דרייט זיך ווי אַ שרויף אַרונטער פון די הויכקייטן איבער טויזנט מעטער טיף. דאָ שטייט אַ שיינער מאָנומענט וואָס די ישראל־רעגירונג האָט אַוועקגעשטעלט, לכבוד די מיליטער־אינזשינערן וואָס האָבן אויף אַזאַ וואונדערבאַרן אופן גע־בויט דעם וועג.

איידער מען האָט געמאַכט דעם וועג, פלעגן פאָרקומען אָפטערע אומגליקס־פאַלן, ווייל דער וועג איז געווען ווייך־זאַמדיק און שמאָל, עס איז נאָר געווען פלאַץ פאַר איין אויטאָ דורכצופאָרן. פלעגן פון ביידע זייטן שטייען מיליטער מיט טעלעפאָנישע אַפּאַראַטן און מען האָט זיך צווויסן געגעבן צו עס געפינט זיך אויפן וועג אַ פאָרנדי־קער אויטאָ, ווייל קיין פלאַץ פאַר צוויי דורכצופאָרן איז נישט געווען. איצט אויף דעם נייעם וועג: איז פאַראַן גענוג פלאַץ פאַר דריי אוי־טאָס דורכצופאָרן אין דער זעלבער צייט.

דער וועג איז געבויט געוואָרן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פופציק.

די אַרבעט האָט געדויערט אַכט חדשים. אין דער אַרבעט האָבן זיך באַטייליקט פינף טויזנט יידישע פיאָנערן.

וואָס טיפער אין נגב ליגט אַלץ מער אויסגעלייגט פלאַך־לאַנד.
די ברייט פון דעם שטח ווו מיר פאָרן, איז פערצן קילאָמעטער.
פון ביידע זייטן, אָן איבעררייס, קייטלען זיך ריזיקע בערג וועל־

כע בלישטשען מיט זייערע צויבער־קאָלירן און מיט זייער מאַר־מאָרדיקן רייץ, זיי בעטן זיך, לאָקן נאָך יידישע אַרבעטס-הענט, אַז זיי זאָלן צוזאַמען מיט דער מאָדערנער טעכניק קומען אַהער און זיי באַפרייען פון דעם פלאַץ. זיי זענען גרייט צו געבן פרנסה פאַר צענט־ליקער טויזנטער יידישע משפחות.

מיר פאָרן פאַרביי אַ רונדן באַרג מיט אַ גרויסן פלאַך איבער אים. ווי די לעגענדע דערציילט, איז אויף דעם באַרג געשטאַנען אהרן הכהן און געפירט מלחמה מיט די אדומים.

שעהן און שעהן פאָרן מיר אַזוי און דאָס אויג ווערט נישט אָנ־געזעטיקט פון דער שיינקייט. מיר פאָרן פאַרביי די בערג: הרי אדום, הרי מואב, דאָ דאַכט זיך מיר, אַז אָט זע איך דעם פאַרצייטיקן בלק מלך מואב, וועלכער האָט זיך פאַרנומען צו פאַרטיליקן די יידן, ער האָט דאַן אַפילו אויסגענוצט אַזאַ ווונדערבאַרן קריגס־מיטל ווי: בלע־מען דעם כשוף־מאַכער וועמען ער האָט געשיקט צו פאַרשעלטן די יידן און געווירקט האָט עס אַזוי, אַז פון די קללות זענען גאָר געוואָרן ברכות.

איך דמיון זע איך דאָ פאַר מיינע אויגן די יידן ווי זיי וואַנ־דערן אין דער דאָזיקער געגנט, זיי באַזעצן זיך אין שיטים און דאָ הויבט זיך אָן די גרויסע אַסימילאַציע, יידישע בחורים האָבן חתונה מיט טעכטער פון מואב, זיי הויבן אָן איבערנעמען זייערע מנהגים און רעליגיע.

אויך איינער פון די עלטסטע, מנשיאי בית אב השמעוני, איז מק־ריב צום אָפּגאָט בעל פעור, און צו זיין נישט יידישער פרוי און בוקט זיך צו איר גאָט. איך דערזע אין דער וויסטעניש די גרויסע מגפה וואָס האָט דאַן אויסגעבראָכן, ווי פיר און צוואָנציק טויזנט יידישע נפשות זענען געפאַלן ווי די פליגן. און מיר דאַכט זיך איצט, אַז די ביקס וואָס איך האַלט דאָ אין מיין האַנט איז אַ ירושה פון יענער ביקס מיט וועלכער דער געטרייער ייד פנחס בן אליעזר בן אהרן הכהן האָט דערשאָסן דעם פאַררעטערישן נשיא צוזאַמען מיט זיין נישט־יידישער פרוי און דורך דעם האָט ער געראַטעוועט די יידן פון דער מגפה...

איבערגעריסן מיינע געדאַנקען פון דער וויטער פאַרגאַנגענהייט, האָט מיך דאָס אָפּשטעלן זיך פון דעם אויטאָ. מיר זענען אָנגעקומען אין „עין־חוסוב" — אַ מאָדערנער מיליטערישער קעמפּ מיט אַ גוטע

קאַנטינע, וואָס דערקוויקט יעדן דורכפאָרער מיט אַ גוט גלעזל קאַלט ביר, און אַ גוטן מאָלצייט. באַזונדער ווערט דאָ ליכטיק אין די אויגן פון דעם אַרום: דאָ גרינען שיינע פּאַרפלאַנצע ביימער, דער ברונים שטראָמט מיט מים־חיימדיקער פרישקייט. עס ווערט ליכטיק אויף דער נשמה, און דער מאָגן — ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן.

⁂

ביז אילת האָבן מיר נאָך אַ מהלך פון הונדערט און פופציק קי־לאָמעטער. דאָס איז ביי היינט צו טאָג דער איינציקער וועג וואָס יידן האָבן קיין אילת. אַ מאָל, אין די צייטן פון ענגלאַנדס ממשלה האָט מען קיין אילת געקענט צוקומען דורך דריי וועגן: איינער דורך עבר־הירדן, דער צווייטער דורך „עודזשא על חאפיר" — דורך דער עגיפּטישער טייל פון נגב און דער דריטער, דער שווערסטער איז דער וועג אויף וועלכן מיר פאָרן איצט.

מיר פאָרן און פאָרן. אָט זעען מיר פון דערווייטנס וואַנדערנדיקע קעמלען, מסתמה זענען זיי פאַרקראָכן און קענען נישט געפונען דעם וועג אויף צוריק. פון צייט צו צייט טרעפן מיר אָן אויף פונקטן, פון וואַנען עס וואַכט אַ געניט יידיש־מיליטערישע אויג.

אָט דרייט זיך אַ שטויב אין דער לופטן מיט אַ ריזיקער שנעל־קייט.

אַ גרופּע יינגע הירשעלעך לויפט פאַרביי. מיינע צוויי שכינות־דיקע צאַברעלעך האָבן שטאַרק חשק צוגעבן אַ שאָס אויף אַ היר־שעלע, אויך ביי מיר גנבעט זיך אַריין אַ געדאַנק: אפשר, טאַקע, פאַר־וואָס נישט? לאָמיך ווערן איינער וואָס האָט געקעמפט מיט הירשן אין דער מדבר און האָט טאַקע איינעם אָנגעכאַפּט פאַר די הערנער. אַז דער פאַרטראַכטער אריה האָט דערהערט דאָס וואָרט שיסן, האָט ער געגעבן אַ פקודה — „חברים, אסור בהחלט!

אַ קויל אין מדינת־ישראל איז אַ ביז גאָר וויכטיקער ענין, אַ קויל קען אַ מאָל ראַטעווען אַ יידיש לעבן, דעריבער מוז מען היטן אַ יידישע קויל".

אין תוך גענומען, בין איך געווען זייער צופרידן פון זיין באַפעל: ס'הייסט, אַז איך האָב געקענט אַרויסווייזן גבורה אין מיין קאַמף מיט די הירשן, נאָר, אַז מען טאָר נישט איז דאָך נישט שייך!... פאַר מיינע צאַברעלאַך און אַמעריקאַנער טוריסטקעס בין איך סיי ווי סיי געבליבן אַ העלד.

אָט קומען מיר אָן צו אַ פונקט, צוויי און פערציק קילאָמעטער פון אילת. אַ גרויסע דיסל־מאַשין פּאָמפּעט אַרויס וואַסער פון אַ ברו־נים וואָס מען האָט דאָ נישט לאַנג פאַרענדיקט גראָבן. דעם ברונים האָט מען געבויערט הונדערט און צען מעטער טיף. איצט שטראָמט פון דאָרט, דורך אַ דיקער רער, דריי הונדערט קוביק־מעטער וואַסער אַ שעה.

אַרום דעם ברונים זענען אויפגעשטעלט געוואָרן פאַרשידענע עקספּערימענטאַלע פּונקטן. אָט זעט מען קליינע, געבעכדיקע טאָמאַטן און פיל אַנדערע גרינסן וואָס שפּראָצן אַרויס פון דער ערד. איינער פון די חלוצים־אַרבעטער דאָ, דערקלערט מיר: ווען מען זעצט אַרונ־טער די סאַליטרע פון דעם באָדן, דורך אויסוואַשן אים, צו פערציק סענטימעטער די טיף קען מען פון דעם באָדן אַרויסבאַקומען אַלע געוויקסן.

וואָס נענטער מיר קומען צו אילת טרעפן מיר אָן אויף פאַר־שידענע עקספּערימענטאַלע סטאַנציעס. עס איז כדאי אונטערצושטריי־כן דעם פאַקט:

אַז גראָד אין די ווייטע, וויסטע, הייסע געגנטן האָבן זיך מאָבי־ליזירט פּרייוויליק, דווקא די ותיקים, ס׳הייסט אַלטע חלוצים, וועל־כע האָבן שוין אַ מעמד אין ארץ־ישראל, זיי האָבן פאַרלאָזט זייערע איינגעפונדעוועטע היימען, זיי זענען אַוועק אין דער מדבר און זענען איצט מקריב פרייוויליק אַ פּאָר יאָר פון זייער לעבן, פאַר דער אויפ־לעבונג פון דעם נגב.

צוועלף קילאָמעטער פאַר אילת באַמערקט מען אייזערנע וואַסער־רערן איינגעשלאָסן אין בעטאָן וואָס פירן פרישע וואַסער קיין אילת.

די רערן קומען פון אַכצן קילאָמעטער פון דער צפון זייט פון אילת — פון דעם קוואַל „ביר־הינדיס״ דאָס מיינט אין אראַביש — די פינצטערע ברונים, דער יידישער קאָמיטעט פאַר באַשטימען נע־מען צו די פונקטן פון נגב האָט געגעבן דעם קוואַל דעם סימבאָלישן נאָמען: „באר־אורה״ — די ליכטיקע ברונים.

די ענגלענדער איידער זיי האָבן פאַרלאָזט ארץ־ישראל האָבן פאַרשאָטן די דאָזיקע ברונים. דער יידישער מיליטאַרישער אינזשע־נירן־קאָרפּוס האָט ווידער אַנדעקט די ברונים און ביי היינט צו טאָג ליפערט זי גענוג וואַסער קיין אילת.

אין די ערשטע צייטן ווען צבא הגנה לישראל האָט פאַרנומען

אילת, פלעגט מען דאָרט טרינקען בלויז ים־וואַסער. עס איז איינגע־אָרדנט געוואָרן געוויסע דיסטיליר־מאַשינען וואָס האָבן אַרויסגע־צויגן דעם זאַלץ פון דער וואַסער, אָבער נאָך אַלעמען האָט די וואַ־סער געהאַט אַלע חלשות טעמים און געבליבן אַ ביסל געזאַלצן אויך.

היינט צו טאָג האָט אילת גענוג וואַסער, פון דער ליכטיקער ברונים.

⁂

זיבן פאַרנאַכט גיט אַ בלישטש פאַר אונדזערע אויגן דער שפּי־גלדיקער שפּיץ פון ים־סוף. אַ רייצנדיקע בלויקייט שימערירט פאַר די אויגן. איך זוך אין מיין געדאַנק אַ סאָסיאַציע צו דער בלויער שיינקייט און איך דערמאָן זיך, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך אין ירושלים באַזוכט אַן אויסשטעלונג פון אַלע שאַפונגען פון מאַרק שאַגאַל. עטלעכע בילדער אויף דער אויסשטעלונג, כאָטש איך האָב נאָנט ווינציק זיי פאַרשטאַנען, האָבן דאָך נישט אָפּגעלאָזט אויף אַ רגע מיינע בליקן. עס האָבן מיך געצויגן זייערע רייצנדע בלויע קאָלירן.

איך האָב זיך נישט געקענט פאַרשטעלן פונוואַנען האָט מאַרק שאַגאַל אַרויסגענומען אַזאַ טיפע, בלויע שיינקייט.

איצט האָבן מיר די בלויקייטן פון דעם שיינעם ים־סוף, ביים זון־אונטערגאַנג, צונויפגעפירט מיט יענע הערלעכע פאַרבן.

⁂

איך באַד זיך אין דעם ים־סוף. דורך דעם ים האָט משה רבינו אַרויסגעראַטעוועט די יידן פון זייער עבודת פרך, פון אַ שקלאַפן־מאַסע האָט ער אַנגעהויבן פאַרמירן אַ יידיש פאָלק.

פון צווייטן ברעג פון דעם ים־שפּיץ, וואָס איז אינגאַנצן דריי קילאָמעטער פון דאַנען זעען זיך שאַרף די הייזלעך, אין וועלכע עס זיצן, ווי געטרייע הינט, די ענגלענדער און וואַרפן זייערע נישט פאַר־גינערישע בליקן אויף דער יידישער זייט פון ים־סוף.

יעדעס מאָל ווען איך דערפיל דאָ די פרישקייט פון די קילע ים־כוואַליעס אויף מיין גוף, אַ פרישקייט וואָס דערקוויקט אין די שטאַרקע טרוקענע היצן אין דער געגנט, דערזע איך אויך די ריזיקע מעגלעכקייטן וואָס דער פלאַץ עפנט פאַרן יידישן פאָלק, מעגלעכקייטן פאַר אַ פרייען פאַרקער מיט אינדיע, אויסטראַליע און אַפריקע. אַ

וועג וואָס וועט דערמעגלעכן אַ פרייען האַנדל און שיפס פאַרקער מיט די דאָזיקע לענדער.

מען וועט מער נישט דאַרפן אָנקומען צו די אַזוי קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס דער ביז איצטיקער סועץ־קאַנאַל שאַפט פאַר דער פאַרקער־מעגלעכקייטן.

⁂

עס ווערט דאָ דערציילט אַ זייער אינטערעסאַנטער עפּיזאָד:

אויף דער ערשטער שיף פון דעם ישראל־פלאָט וואָס איז צום ערשטן מאָל געקומען צום ישראלדיקן דרום פּאָרט — אילת, איז מיטגע־קומען דער טרוימער און וויזיאָנער פון דעם ים־סוף פּאָרט — דוד בן־גוריון.

אָנגעקומען אין דעם פּאָרט ווו עס האָט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע געפלאַטערט די ווייס־בלויע פאָן, האָט דער קריגס־מי־ניסטער בן־גוריון צוגערופן צו זיך דעם שיפס־קאַפּיטאַן און אים געפרעגט:

— זאָג מיר שיפס־קאַפּיטאַן, וויפל מאָל ווערט דערמאָנט אין תנך „אילת"? די פּלוצלינדיקע פראַגע האָט אַביסל צעטומלט דעם קאַפּיטאַן. וואָס האָט פון דעם קריגס־מיניסטער נישט דערוואַרט אין דעם איצטיקן מאָמענט אַזאַ פראַגע.

דער פּרעמיער־מיניסטער דוד בן־גוריון האָט פאַר אים געענטפערט: — זאָגן דיר:

— „זעקס מאָל. זי ווערט דערמאָנט בעת די וואַנדערונגען פון די יידן אין דער מדבר. דערנאָך דערציילט דער תנך וועגן אַ שיף וואָס שלמה המלך האָט געמאַכט אין „עציון־גבר" און געפירט קיין אילת; דערנאָך ווערט דערמאָנט ווי אילת איז פאַרלוירן געגאַנגען אין די צייטן פון מלכות ישראל ביז זי ווערט ווידער דערמאָנט ווי דער מלך עזריה דער זון פון אמציהו דעם זעכצנטן „האָט געבויט אילת און אומגעקערט דאָס צוריק צו יהודה". אָבער אין די צייטן פון אחז בן יותם דער קעניג פון יהודה, האָבן די אדומים דורך זייער קעניג רצין, פאַרטריבן די יידן פון אילת און מער האָבן זיך שוין ביז היינטיקן טאָג די יידן נישט אומגעקערט קיין אילת. און דוד בן־גוריון האָט צוגעגעבן:

— דו שיפס־קאַפּיטאַן געדענק, אַז דיין אויפגאַבע איז אַכטונג צו געבן און אָפּצוהיטן, אַז אַזעלכע געשעענישן פון אָפּנעמען צוריק

ביי אונדז אילת זאָלן זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן!".

⁂

איך שפּאַציר דאָ אַרום און קריך אויף די ריזיקע פעלזן־בערג אין און אַרום אילת. כאָטש די היץ דאָ אין דער געגנט, איז אַ גרוי־סע, האָט זי די מעלה, וואָס זי איז אַ טרוקענע, מען שוויצט נישט און עס איז איר לייכט צו פאַרטראָגן. איך בין אויך צוגעקומען צו איינעם פון די בערג, אין דער געגנט, ווו עס האָט געוווינט דער באַרימטער ענגלישער געאָלאָג מיסטער וויליאַמס. פופצן יאָר האָט ער געפאָרשט די געגנט

אָט שטיי איך ביי דעם באַרג און איך האַק אַרויס שטיקער מיקאַ, דאָס איז אַזאַ איזאָלאַציע־מאַטעריאַל וואָס מען לייגט אַריין אין די פרעס־אייזנס און אין אַנדערע עלעקטרישע איינריכטונגען.

דאָ געפינט זיך אויך באַריום, קאָולין, און פאַרשידענע גלאָז־זאַמדן.

עס איז אויך אַנטדעקט געוואָרן אין דער געגנט קופּער־שוועבל און אייזן־שטיינער וואָס געפינען זיך דאָ אין די בערג.

די געאָלאָגישע און מינעראַלאָגישע פאָרשער אין דער געגנט זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז אַבסאָלוט נישט איבערגעטריבן דער פסוק אין חומש „דברים" וואָס זאָגט: „ארץ אשר אבניה ברזל ומהרריה תחצוב נחושת", אַ לאַנד וואָס אירע שטיי־נער זענען אייזן און פון אירע בערג האַקט מען קופּער.

בכלל זענען די געגנטן אין נגב רייך אין פאַרשידענע אוצרות, וואָס די נאַטור האָט אין זיך באַהאַלטן אין משך פון פיל טויזנטער יאָרן.

ווער עס וויל אַריינבליקן אין אָט אַ דעם וועלט־ווינקל מיט אַ קוק פון אַ פּאָר צענטליק יאָר שפּעטער, דערזעט די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס דאָ וועט געגעבן ווערן פאַר מיליאָנען יידן אין דער צוקונפט.

שוין היינט זענען פאַראַן געאָלאָגישע סמנים פון נאַפט און אַנ־דערע מינעראַלן וועלכע מען קען נאָך היינט נישט עקספּלואַטירן צו־ליב פאַרשידענע טעמים... אָבער געזוג שטאָפן ווערן שוין ביי היינ־טיקן טאָג אַרויסגענומען פון נגב און זייער צאָל האַלט זיך און איינ־אַנטוויקלען.

ווען איך האָב דאָ שפּאַצירט די פּאָר טעג, האָב איך זיך אַליין געפרעגט:

— ווו זענען עס יענע ייִדישע קאַפּיטאַליסטן, וואָס ווייַנען אויף זייער מזל, אַז מען לאָזט זיי נישט אינוועסטירן קאַפּיטאַל אין ארץ־ישראל?

עס דערמאָנט מיר אין אַ פאַקט: מיט אַ וואָך צוריק בין איך געווען אין צפת. דאָרט בין איך אַרויף אויף דעם הר־כנען. אָט דעם פּוסטן באַרג האָט אַ פרוי מיטן נאָמען שרה לעווין (זי איז געקומען פון יאָהאַנעסבורג, דרום אַפריקע) אָפּגעקויפט ביי די אַראַבער, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און דרייסיק, פאַר דער סומע פון טויזנט פונט.

איך שטעל זיך פאָר, אַז אויך דאַן האָט נישט איין „חכם" געשמייכלט אין די פויסטן פון איר נאַרישקייט. דער באַרג האָט מער פון הונדערט דונאַם באָדן. דאַן ווען זי האָט אים געקויפט איז ער געווען פּוסט.

היינט איז אויף דעם באַרג — אַ גן־עדן ווינקל, פּרעכטיקע וועלדער און גערטנער. די לופט דאָרט איז אַ צאַרטע, אַ פרישע ווי אין די בעסטע קור־פּלעצער אין איירָאָפּע. פאַרשידענע הייזער שטייען אויף דעם באַרג.

אויך די פרוי לעווין וווינט דאָרט. היינט פאַרקויפט זי יעדן דונאַם באָדן פאַר דריי טויזנט פונט.

אויך דאָ אין אילת, וועט עס ווען האָבן די וויזיע פון אַ פאָר צענטליק יאָר שפּעטער, שטייט אים פאַר ריזיקע מעגלעכקייטן.

⁂

איך וויל ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן מיין טייערן דאַנק דעם מיליטערישן קאָמענדאַנט פון דער געגנט, אַ ספרדישער ייד אַ בחור — אַ ברען, אַלע האָב אים ליב און רופן אים יאַנקעלע. ביי וועמען איך האָב נושאי־חן געווען און געוווּנען זיין צוטרוי. ער האָט מיך איינגעלאַדן אין זיין דזשיפּ צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער די מיליטערישע קעמפּן.

עס איז צו באַוווּנדערן די מיליטערישע אחריות, וואָס יעדער פון די בחורים פילט דאָ אויס. אויך דאָס צוזאַמענלעבן פון די אַלע סאָלדאַטן, מענטשן מיט פאַרשידענע מענטאַליטעטן און כאַראַקטערן, וועלכע קומען פון פאַרשידענע עטנישע גרופּירונגען, דאָך פילט זיך שטאַרק, דער געמיינזאַמער אחריות פאַר דער גרויסער געשעעניש וואָס הייסט „מדינת־ישראל".

ניין, דאָס איז נישט דער טיפּ פון סתם סאָלדאַטשינע. עס איז צו באַוווּנדערן דאָס חברישע לעבן פון העכערן ראַנג מיליטער־מאַן מיטן פּראָסטן סאָלדאַט, בעת זיי זענען נישט אין זייערע פונקציעס, און די פּערפעקטע דיסציפּלין, אין דעם מאָמענט ווען מען איז אין דינסט.

לויט דעם דאָזיקן מענטשן־מאַטעריאַל און לויט אַלע צוגעגרייטע פאַרטיידיקונגס מעגלעכקייטן וואָס זענען דאָ אוועקגעשטעלט, מעג יעדער ייד זיכער זיין, אַז די בחורים אונדזערע זענען פולשטענדיק פעאיק און גרייט אָפּצוהיטן און פאַרטיידיקן יעדן שפּאַן, און יעדעס ווינקעלע פון דער יידישער מדינה.

⁂

אין איין אָוונט זענען מיר אַוועק צו דער קינאָ־פאָרשטעלונג, אין דעם גרויסן אַמפיטעאַטער.

פון צעמענטענע בלאָקן אין אַ פאַרמאַכטן טאָל איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער אַמפיטעאַטער. אין אַ האַלבן רונד קעגנאיבער — אַ שיין געמויערטער בינע.

אַרום און אַרום זענען פאַרפלאַנצט קליינע ביימעלעך, וואָס וועלן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אויך ביי־טאָג באַשאָטענען די באַזוכער אין דעם אַמפיטעאַטער. גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן — זענען פונאַנדערגעשטעלט איבעראַל.

דאָ אונטערן פרייען הימל האָבן מיר געמיטלעך פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה.

בכלל ווער איך אַ גרויסער אַפּיקורס אין קאַלענדאַר. לויט דער צייט פון בלויז דריי יאָר מדינה, איז אוממעגלעך צו באַגרייפן ווי אַזוי דאָס אַלצדינג האָט זיך געקענט אָרגאַניזירן.

יידישער מוט און יידישע ענערגיע איז נישט צו שאַצן מיט פּשוטע ציפערן און קאַלענדאַר־בלעטלעך.

## ביי אַ צוזאַמענקום פון מחותנים...

דער פרימאָרגן אויף שדירות-חן אין תל־אביב האָט אַ שמייכל־דיקער באַגעגנט די ערשטע שפּאַצירער. קינדערשע וועגעלעך, פון וואַנען פּוכקע הענטלעך האָבן זיך געריבן די נאַרוואָס אויפגעוואַכטע אויגעלעך, האָבן זיך געשפּיגלט אונטער די צאַרטע זון־שטראַלן.

מאַמעס יונגיקע, וועלכע שטופּן די וועגעלעך, לאַכן און שטיפן ווי עס וואָלטן אין זיי ליאַלקעס געלעגן.

רעדלעך גרעסערע און קלענערע פון קינדערלעך, פון פּיצינקע־לעך ביז קליינע שטיפערלעך, טאַנצן דאָ און זינגען. אין יעדן פון די רעדלעך שטייט אַזאַ נפשל וואָס מאַכט אַן ערנסטן אָנשטעל, שרייט, גיט באַפעלן און מאַכט נאָך אַליין. פּונקט ווי די גננת (פּרעבעליסטן) האָט דאָס געמאַכט פאַר די וואַקאַציעס, בעת מען האָט יעדן פרימאָרגן באַדאַרפט גיין אין קינדער־גאָרטן.

קינדערישער געלעכטער און געזאַנג מישן זיך צוזאַמען מיטן רויש פון די ביימער־בלעטער, וועלכע בלישטשען פון פרישער גריב־קייט און זיי שפּילן זיך מיט די פרימאָרגנדיקע זון־שטראַלן. אַט לאָזן זיי דורך די שטראַלן און אַט פאַרשטעלן זיי איר שיין.

טויזנטער, צענער טויזנטער פויגעלעך, וואָס האָבן זיך נאַרוואָס באַפרייט פון די אָנגעפּיקעוועטע נעסטן אויף די ביימער, שרייען, פּייפן און פּישטשען. עס דאַכט זיך, אַז זיי זינגען מיט צום טאַקט פון די קינדערשע לידעלעך.

בייטן אָנגעפּיקעוועט מיט פילפאַרביקע בלימעלעך, שמייכלען רייצנדיק צו יעדן פאַרבייגייער. קינדערלעך און בלימעלעך באַחנען זיך איינס דאָס אַנדערע. קינדער רעספּעקטירן דאָ אַט אַ דעם בלו־מען־רייך און קיינער וואַגט נישט אַרויסצורייסן אָדער צו טרעטן זייער צויבערקייט.

שטייט אַ ייִנגעלע האַלט אַ העמער אין איין הענטל און אין צווייטן האַלט ער אַ רידל. ער פילט אָן זיין העמער מיט גאָלדיקן זאַמד און פאַרקויפט דאָס צו די אַנדערע קינדערלעך, וואָס גיבן אים אַ פּאַפּירעלע פון וועלכן ער רייסט אָפּ אַ קופּאָן און שרייט דערביי:

— „טפּש! ווייסטו דען נישט, אַז זאַמד גיט מען די וואָך אויפן קופּאָן א. און נישט אויפן קופּאָן ד. קינדער צעלאַכן זיך.

⁂

אויפן צווייטן שטאָק פון אַ הויכער געביידע, אין דער זעלבי־קער אַלייע, וואַרט מען דאָרט אויף מיר. צוליב דעם שיינעם פרימאָרגן שפּאַציר דאָ, האָט פאַרשפּעטיקט מיט צוואַנציק מינוט מיין אָנקומען.

אַ רחבותדיקע היים, גרויסע שיינע צימערן, עלעגאַנט אויסמע־בלירט. אין דעם גרויסן זאַל פון דעם הויז זיצן דאָרט די בעלי־בתים. ביי זייער זייט זיצט אַן עלעגאַנטע, מיטליעריקע פרוי, ווע־מען מען שטעלט פאַר מיר פאָר — אונדזער מחותנתטע, און נאָך צוויי מענטשן — זייערע באַקענטע.

די פּיאַנאָ שטייט אַ צעעפנטע, די נאָטן אויפגעמישט, ווי מען וואָלט נאַרוואָס פאַרענדיקט שפּילן אויף איר.

אויף דער פּיאַנאָ שטייט איינגעראַמט אין אַ גילדן רעמל אַ בילד פון אַ רייצנדיק שיין מיידל מיט געלאָקטע האָר, וואָס באַקרוינען איר גרויסן שיינעם שטערן און ליכטיק־רונדע גרויסע אויגן.

אויף דער וואַנט איבער דער פּיאַנאָ הענגט אַ בילד פון אַ טונקל־הויטיקן פעסטן בחור מיט אַ שאַרפן בליק און פאַרשפּיצטער נאָז, אַן אויסזען פון אַ מענטש מיט כאַראַקטער, אויף וועמען מען קען זיך פאַרלאָזן.

אין עס־צימער אויפן טיש איז שוין געשטאַנען סערווירט אַ פיי־נער פרישטיק. עס האָט געשמעקט דער ריח פון דער קאַפע און פון קוכנס און שטרודל. מען האָט געטרונקען און צוגעביסן, פון צייט צו צייט האָט מען גענומען אַ כוסה און זיך געווינטשן „מזל־טוב מחותנת־טע” או זי האָט אומעטיקלעך געענטפערט: „מזל־טוב מחותנים”.

וויפל דער מחותן האָט זיך נישט באַמיט אַריינצוברענגען שטי־מונג אין דער מסיבה, דורך אַ גלייכווערטל, דורך אַ לייכטער הומאָ־ריסטישער באַמערקונג האָט זיך עס דאָך נישט אריינגעפּאַסט. די שטי־מונג איז געבליבן אַן אָנגעצויגענע און מיסטעריעזע.

ביי מיר האָט זיך אינגאַנצן אָפּגענומען דאָס לשון. איך האָב זיך נישט געקענט אָריענטירן וואָס קומט דאָ פאָר. אויב עס איז אַ שמחה, טאָ פאַרוואָס איז עס געמישט מיט אַ שטימונג פון אַזויפיל אומעט? איך האָב באַשלאָסן נישט אַרויסצוריידן קיין וואָרט, נאָר קוקן, הערן, שווייגן און וואַרטן.

אַ האַלבע שעה נאָכן פרישטיק האָבן מיר זיך אַלע געלאָזט אויף אַ שפּאַציר.

⁂

תל־אביבער גאַסן טרייבן און יאָגן מיט גרויסשטאָטישן אימפּעט. אויטאָס און אויטאָבוסן לויפן און יאָגן, נאָר אַ דאַנק די סעמאַ־פאָרן קען מען פון צייט צו צייט דורכגיין די גאַסן אָן געפאַר. אויף די גאַסן רייטן, אויף ווייסע פערד, העלדישע טראַפיק־פּאָליציאַנטן, וואָס גיבן אַכטונג אויף דער באַוועגונג. די ברייטע טראָטואַרן זענען אָנ־געפּראָפּט מיט מענטשן. עס קאָכט זיך, עס טומלט זיך. מען רעדט נישט נאָר מען שרייט. מען גייט נישט נאָר מען לויפט.

מיר זאַלבע זעקס גייען געלאַסן, אונדז גייט נישט אָן דער גאַנ־צער טאַראַראַם. זאָל די וועלט לויפן. מיר גייען זיך מחותנדיק, לאַנגזאַם.

אַזוי גייען מיר גאַס נאָך גאַס. ביז מיר קומען אָן אויף רחוב הערצל.

צוקומענדיק צו דער געביידע אין וועלכער עס געפינט זיך די „הערצל־גימנאַזיע״, בלייבן מיר דאָרט שטיין. דער מחותן נעמט מיר אונטער דער האַנט. איך דערפיל ווי איך וואָלט געווען אין דעם מאָ־מענט אַ מעדיום, דורך וועמען ער דאַרף אויסדריקן זיינע געדאַנקען און שטימונגען.

אַ ווייל גייט פאַרביי אין שווייגן, דערנאָך הויבט ער אָן מיר דערציילן פאַלגנדיקע געשיכטע (אַלע אונדזערע מיטשפּאַצירער שטע־לן אָן מויל און אויערן. פונקט ווי זיי וואָלטן דאָס טאַקע געהערט צום ערשטן מאָל).

— „זעט איר דאָ די הערצל־גאַס, אויף אָט אַ דער גאַס איז, אין די לעצטע יאָרן פון דער ענגלישער ממשלה, יעדן טאָג געפאַלן יידי־שע פאַרבייגייער.

פון דאָרט — פון „אבו־כביר״ פלעגן די אַראַבער צילן זייערע ביקסן צו די יידישע פאַרבייגייער און אָפפייערן אויף זיי מיט קוילן. האָט זיך ווער פון דער גאַס אַריינגעדרייט אויף די גאַסן — „אחד־העם״ „מ. ל. לילענבלום״ „יהודה־הלוי״ אָדער אויף רחוב לעווינס־קי״ איז ער געווען אין געפאַר געטראָפן צו ווערן פון די קוילן, וואָס פלעגן אָנקומען פו דעם יפוער טורעם „חסן־בק״ און פון דער דריי־טער זייט פלעגן די קוילן קומען פון דעם אַראַבישן פונקט „מאַנשיאַ״.

די ענגלענדער זענען זיך געזעסן רויק, האָבן דאָס אַלץ צוגעקוקט און הנאה געהאַט פון די יידישע קרבנות וואָס זענען געפאַלן טאָג־טעגלעך.

אַט אַ דער שרעקלעכער מצב האָט זיך אַזוי געצויגן חדשים און חדשים. דאָס לעבן דאָ אין תל־אביב איז געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ שרעקלעכער און אומזיכערער.

בעת עס איז דורך דער „אָנו״ באַשטימט געוואָרן אַ סטאַטוס פאַר אַ יידישער מלוכה איז די לאַגע געוואָרן נאָך געפערלעכער. די אַראַבישע מאַשן־ביקסן פלעגן אויסשיסן טאָג־טעגלעך טויזנטער קוילן אויף תל-אביב. די איינוווינער האָבן זיך געפינען ווי אין אַ געפאַנגענשאַפט, פון אַלע זייטן איז מען געווען אַרומגערינגלט מיט אַראַבישע שונאים, כאָטש גיי וואַרף זיך אַריין אין ים אַריין.

***

דעם צווייטן טאָג פסח, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכט און פערציק, האָט זיך צעבושעוועט אַ שטורם אויף די תל־אביבער גאַסן. אונדזערע בחורים און מיידלעך, מיט שטאָלענע העלמס אויף די קעפ און באַוואָפנטע מיט ביקסן און האַנט־גראַנאַטן, האָבן אָפּגעשלאָסן אַ סך תל־אביבער גאַסן פאַר פריוואַטן פאַרקער. זיי די אַצלניקעס האָבן פאַרכאַפּט אַ סך פריוואַטע אויטאָמאָבילן און האָבן אָנגעהויבן אַטאַקירן יפו. די אַראַבער, וואָס זענען געווען אין אַ סך גרעסערע מחנות, האָבן געענטפערט מיט אַ שטאַרקן פייער.

דאָך האָבן די יידישע קעמפער באַוויזן זיך צו דרוקן פאַרויס און די אַראַבער האָבן, אונטערן שטאַרקן יידישן דרוק, זיך געמוזט צוריקציען פון זייערע פּאָזיציעס. די ענגלענדער, אַז זיי האָבן דערזען דעם שטאַרקן יידישן אָנגריף און די ערשטע אַראַבישע מפּלות, האָבן זיי גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו די יידן, באַלד אָפּצושטעלן די שלאַכטן, ווען נישט, האָבן זיי געסטראַשעט, וועלן זיי אָנהויבן תיכף צו באָמבאַרדירן אויף תל־אביב. די לאַגע איז געוואָרן זייער ערנסט.

אין אָנבליק פון דער דראָענדיקער געפאַר איז געקומען צו אַ פאַרשטענדעניש צווישן „אצל״ און דער „הגנה״ און צוזאַמען האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצושטעלן די שלאַכטן אויף זעקס שעה.

אין דער צייט פון די זעקס שעה האָבן די יידן געמינעוועט און אויפגעריסן די גאַנצע אַראַבישע געגנט פון „מאַנשיאַ״.

די צעשאָטענע הייזער און די גאַנצע בערג מיט הויפנס חורבן

האָבן דערווייל פאַרשטעלט פאַר די ענגלענדער דעם וועג פאַר וועל־כע ס'איז באַוועגונג און דאָס האָט אַריינגעבראַכט צעטומלונג אין זייע־רע פּלענער.

באַלד האָבן די „הגנה" צוזאַמען מיט דעם „אצל" אָנגעהויבן אַ שטאַרקן אָנגריף אויף יפו דורך פאַרשידענע זייטן. די גוט אָרגאַני־זירטע, און דיסציפּלינירטע מיליטערישע כוחות פון דער „הגנה" האָבן געשאַפן די מעגלעכקייטן צו עפענען אַ שטאַרקע אַטאַקע אויף די אַראַבישע פּאָזיציעס און אין אַ קורצער צייט האָבן זיי פאַרטריבן די אַראַבער פון יפו".



— „אין יענער שלאַכט איז געפאַלן דער טייערער ליכטיקער יגאַל, מיין טאָכטערס חתן. אויך דפנה, מיין טאָכטער, איז געווען אַ מיטקעמפערן אין די דאָזיקע שלאַכטן צוזאַמען מיט איר יגאַלן. ווען זי האָט דערזען איר יגאַלן אַ געפאַלענעם איז זי נישט אָפּגעטראָטן פון איר פּאָזיציע, נאָר האָט ווייטער געקעמפט. שפּעטער — האָט זי אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו אויף דעם תל־אביבער בית־עולם.

פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך מיין דפנה אַריינגעוואָרפן אין די קאַמ־פן מיט לייב און לעבן, ווי זי וואָלט וועלן דערפילן די שליחות פאַרביידן, און זי איז שטענדיק געגאַנגען אויף די געפערלעכסטע פּלעצער.

בעת די שלאַכטן אין „יהודיה" האָט זי דאָרטן פאַרנומען דעם פּאָסטן אויפן סאַמען שפּיץ פון דעם אַראַבישן טורעם. פון דעם העכסטן פּונקט — פון טורעם האָט זי געפייערט מיט קוילן פון איר מאַשין־ביקס.

בעת דער דאָזיקער שלאַכט האָט די יידישע אַרמיי זיך געמוזט פאַר אַ ווייל צוריקציען, צוליבן שטאַרקן אַראַבישן דרוק. מיין דפנה וואָס האָט שוין נישט באַוויזן אַרונטערצוכאַפּן זיך פון דעם טורעם, כדי אָפּצוטרעטן צוזאַמען מיטן יידישן מיליטער און בכדי נישט אַריינ־צופאַלן ווי אַ געפאַנגענע צום שונא האָט זי זיך אַרונטערגעוואָרפן פון דעם הויכן טורעם און זי איז אויפן פּלאַץ געהרגעט געוואָרן. די אַראַבער האָבן פאַרנומען איר טויטן קערפּער און עד־היום ווייסט קיי־נער נישט ווו איר קבר געפינט זיך".



אַזוי זענען מיר אַלע אַרומגעגאַנגען פון פּלאַץ צו פּלאַץ און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן אָרט ווו די שלאַכטן זענען

פאַרגעקומען. מיט אַ רויק געלאַסענעם טאָן, פון אַ מענטש וואָס האָט מקריב געווען דאָס טייערסטע אין זיין לעבן פאַר אַ גרויסן אידעאַל, האָט דפנהס פאָטער דערציילט יעדע איינצלהייט פון זיין געפאַלענער איינציקער טאָכטער און פון איר חתן יגאַל, דער איינציקער זון פון דער מחותנתטע.

לאַנגזאַם, אין שוייגן, זענען מיר צוריקגעגאַנגען, ביז מיר זענען אָנגעקומען אויפן בית-עולם, צום קבר פון דעם קדוש יגאַל.

די ערשטע פאָר מינוט זענען אַלע געשטאַנען אַרום קבר פאַרגליווערטע. קיינער האָט זיך נישט באַוויגן און קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, מען האָט בלויז געבליקט אויף דער מצבה, אויף וועלכער עס איז אויסגעקריצט דער טאָג, דער חודש, דאָס יאָר און ביי וועלכער שלאַכט דער קדוש יגאַל איז געפאַלן.

מיטאַמאָל איז יגאַלס מוטער אַריינגעפאַלן אין אַ ספּאַזמישן געוויין און אַ צעבראָכענע איז זי אַרויפגעפאַלן אויפן קבר. באַלד איז אויך די מאַמע פון דפנהן — ביי וועמען עס האָט זיך אין איר דמיון איינגעקריצט, אַז אויך איר דפנה רוט דאָ אין איר אייביקייט צוזאַמען מיט איר חתן, — אַרויפגעפאַלן אויפן קבר און זיך שטאַרק צעוויינט.

דפנהס פאָטער האָט, שטיקענדיק דעם ווייטיק אין זיך, בלויז אויסגעשעפטשעט די ווערטער: „נפלו כגבורים בעד עמנו וארצנו”.

אַזוי קומען זיך די מחותנים צוזאַמען צוויי מאָל אין יאָר צו פראַווען דעם אָנדענק פון זייערע קינדער:

דעם צווייטן טאָג פסח, אין טאָג ווען די קינדער זענען געפאַלן, און היינט, אין דעם טאָג ווען דפנה מיט יגאַלן זענען, מיט פיר יאָר צוריק, ביי אַ גרויסער פאַמיליע-שמחה, פאַרקנסט געוואָרן.

## צום קבוץ

נאָך יעדע פּאָר טעג אין תל־אביב מוז איך זיך אַרויסכאַפּן צום קערענדיקן ארץ־ישראל לעבן, צו אַ קבוצה, אַ קבוץ אָדער אַ מושב. מעגן זיי זיין פון מפא״י, מפ״ם אָדער גאָר אַ געמיש פוןביידע. עס זענען מיר אויך ליב די קבוצים פון הפועל המזרחי, דאָרט ווו תורה ועבודה גייען האַנט ביי האַנט.

די וואַרעמע באַציונג וואָס האָט געהערשט אַ מאָל אין אַלע קבוצות צו געסט, איז אין די לעצטע יאָרן אַ שפּאָר ביסל אָפּגעקילט געוואָרן.

די פאַרשידנאַרטיקע מענטשן־מאַסע וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן אַריינגעשטראָמט אין דער מדינה האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ נישט ווייניק פּאַראַזיטישן עלעמענט, וואָס איז גרייט צו נעמען פון וואַנען עס זאָל זיך נאָר נישט לאָזן, און דער חשק פאַר אַרבעט האָט זיך נאָך נישט ביי אים באַוויזן. אַ סך פון די ניי אָנגעקומענע וואַנדערן אַרום פון פּלאַץ צו פּלאַץ און נישט איינמאָל האָבן זיי מיסגעברויכט די גאַסט־פריינטלעכקייט פון די קבוצים. צוליב אָט אַ די „טרעמפּ״ געסט האָבן פיל קבוצים אָנגעהויבן קוקן קרום אויף סתם געסט וואַנדערער. נישט איינמאָל דערפילט די קאָנסעקווענצן איינער, וואָס איז באמת אַ גאַסט. דעריבער איז גוט אַריינצופאָרן אין אַ קבוץ מיט אַ באַקענטן אָדער צו אַ באַקענטן.

לויטן באַגריף פון מענטשן, פאַר וועמען דאָס קאָלעקטיווע קבוצים־לעבן איז אומבאַקאַנט, קומט אויס, אַז אַלע קבוצים זענען איינס און דאָס זעלביקע: אַ קבוץ איז אַ קבוץ, אַלע זענען צוגעשניטן און

אויסגעפאַרמירט לויט אַ באַשטימטן שניט און שטייגער, איז עס אָבער אין דער אמתן ווייט פון דעם.

יעדער קבוץ האָט זיך זיין ספּעציפישן חן און רייץ, אַמאָל איז עס געוועגדט אין דער עקזיסטענץ־צייט פון דעם קבוץ, אַמאָל איז עס אָפּהענגיק אין דער געאָגראַפישער און פיזישער לאַגע פון דעם פּלאַץ, און דער עיקר שפּילט דאָ אַ גרויסע ראָל דער מענטשן־מאַטעריאַל פון וועמען דער קבוץ איז צוזאַמענגעשטעלט און פון די וועלכע זע־נען געשטאַנען ביי זיין פאַרמירונג און האָבן איבערגעלאָזט זייער חותם דאָרט עד היום.

בעת מיין איצטיקן באַזוך אין ארץ־ישראל איז מיר שוין אויסגעקומען צו זיין אין פאַרשידענע קבוצים, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן: אין אַ קבוצה וואָס איז נאָרוואָס אַרויף אויף באַדן, אין אַ קבוץ וואָס פייערט אַ חנוכת־הבית פון אַ רפת (אַ שטאָל פאַר בהימות) פון אַ לול (הינער-שטייג), צו ביים פאַרענדיקן בויען נייע בנינים. אַזוי פון די יינגסטע ביז די עלטסטע קבוצים. יעדער איינדרוק איז אַ באַזונדער און אינטערעסאַנט קאַפּיטל. דאָ וויל איך בלויז איבערגעבן מיינע איינדרוקן פון אַ רייזע צום קבוץ „גבת".

⁂

בדרך כלל איז גוט אַריינצופאָרן אין אַ קבוץ צו אַ באַקענטן מענטש, אָדער דורך אַ רעקאָמענדאַציע פון וועמען צו וועמען, דאַן עפענען זיך פאַר דיר אַלע מעגלעכקייטן זיך צו באַקענען מיט אַלע [illegible] וואָס נעמט דיך אַרום.

איינמאָל האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַריינצופאָרן אין אַ קבוץ, אַזוי זיך, נישט מיר, נישט דיר, ס'קאַצל קומט — איך בין דאָ, נו, האָט עס טאַקע אַזאַ פּנים געהאַט. אמת, אַז דו קענסט זיך צו יעדער צייט אַוועקזעצן צוזאַמען מיט אַלע אין עס־צימער און מען וועט דיר בכבוד סערווירן, פּונקט ווי יעדן קבוץ־חבר, און קיינער פרעגט נישט ווער דו ביזט. דו קענסט אַרומשפּאַצירן דאָרט אין יעדן ווינקל און קיינער וועט דיר נישט שטערן, אָבער עס האָט נישט קיין טעם. עס זעט אויס ווי אַ נישט געבעטענער גאַסט אויף אַ חתונה. עס דערמאָנט זיך מיר פאָלגנדיקער עפּיזאָד:

איינמאָל אויף אַ שמחה צו וועלכער עס זענען געווען איינגעלאַדן עטלאַכע הונדערט פּערזאָן, האָט זיך אַרומגעדרייט אַ יינגערמאַן אַ

נישט דרייסטער, ער האָט געוואָרפן מיט די בליקן דאָ און דאָרט און זיך נישט געקענט געפונען קיין אָרט. אַן עלטערער ייד האָט זיך צו אים דערנענטערט און אים געפרעגט:

— איר זענט דאָך מסתמא דאָ אַ פאַרבעטענער, טאָ פאַרוואָס זעצט איר זיך נישט?

— אָה, האָט געשטאַמלט דער יונגערמאַן, אַוודאי בין איך דאָ אַ גאַסט פון חתנס צד. דער חתן איז צוזאַמען מיט מיר געגאַנגען אין שול.

— אויב אַזוי טאָ זאָלט איר מיר מוחל זיין — זאָגט דער ייד — דאָ איז גאָר אַ שמחה וואָס מיין אייניקל ווערט בר־מצוה...

⁂

דאָס מאָל צום קבוץ „גבת" בין איך געפאָרן צו אַ חבר און איך בין געזוען גוט רעקאָמענדירט. אויפן וועג פון תל־אביב קיין חיפה פאָרט מיט מיר אַן אַלטער באַקאַנטער. איך בין צופרידן פון דער קאָמפּאַניע, בפרט נאָך ווען דער באַקאַנטער פאַרזיכערט מיר, אַז ער האָט עפּעס אַזאַ מין פּראָטעקציע וואָס עס גיט אים די רעכט נישט צו דאַרפן שטיין אין דער ריי וואַרטענדיק אויפן אויטאָבוס (דאָס מיינט דאָ אין ישראל זייער אַ סך). אַז מיר קומען אָן צו דער צענטראַלער אויטאָבוס־סטאַנציע, שטייט שוין אַ תור פון אַ צוויי הונדערט מענטשן; רוק איך מיר אַריין די צוויי דיקע פינגער ביי די ברוסט־קאַסטנס, בלאָז זיך ווי אַ מחותן פון חתנס צד, און איך גיב אַ פרעג מיין פריינט:

— נו, זאָלן מיר זיך אפשר שטעלן אין דער ריי? ווערט ער אַ ביסל אַנגעברוגזט און זאָגט: „ס'טייטש איך האָב דאָך אייך עפּעס געזאָגט, וואָס מיינט איר, אַז מיר די ארץ־ישראלדיקע זענען אַמעריקאַנער בלאָפערס?". ער גייט פאַרויס, און איך נאָך אים, ער גיט זיך אַ שטעל אַוועק פון פאָרנט, פאַר דער ריי, צוזאַמען מיט די סאָלדאַטן, וועלכע וואַרטן נישט אין תור. פון עולם קומט אַ ויצעקו: „חבר, בתור! אדוני, בבקשה לעמוד בתור!. איך פאַרשעם זיך פאַר מיין גרויסער פּראָטעקציע און ער — מעשה בעל־הבית — גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צום עולם, ווי איינער זאָגט: „חברה, איר ווייסט נישט מיט וועמען איר האָט דאָ צו טאָן". לויט זיין מאַך מיט דער האַנט דערקענען אַלע, אַז דאָ האָט מען צו טאָן מיט עפּעס אַ שישקע און עס ווערט שטיל.

מיר וואַרטן און וואַרטן, דער תור ווערט אַלץ גרעסער. באַלד

קומט אָן אַן אויטאָבוס. די סאָלדאַטן גייען אַריין. מיין יחסן גייט זיך ברייטלעך און איך גיי נאָך אים, אַז מיר קומען צו צום שאָפער, ווייזט מיין העלד עפּעס אַ פּאַפּירל און מיט גרויס דרך־ארץ גיט דער שאָפער אַ געשריי:

„אדוני, בבקשה לעמוד בתור!".

מיין באַקאַנטער ווערט שטאַרק אין כעס, רוקט זיך אַוועק אין אַ זייט, און מיר דערציילט ער מיט צאַרן, אַז דער שאָפער איז אַ גראָבער יונג וואָס פאַרשטייט אַפילו נישט קיין עברית, ווען ער זאָל נאָר וועלן וואָלט ער דעם שאָפער אָנגעריבן אַ מאָרדע, אַז ער וואָלט אים געהאַט צו געדענקען, אָבער עס פּאַסט אים נישט צו האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע גראָבע יונגען.

דער עיקר, מיר האָבן אַזוי דורכגעלאָזט עטלעכע אויטאָבוסן און קיין שאָפער האָט נישט געקענט איבערלייענען די „גרויסע רעקאָ־מענדאַציע" וואָס מיין פריינט האָט געהאַט. די וועלכע זענען געשטאַ־נען ביים סוף פון דער ריי, בעת מיר זענען אָנגעקומען, זענען שוין פון לאַנג אָפּגעפאָרן.

אַז מען לעבט דערלעבט מען. סוף כל סוף האָט דער וואָס לעבט איבּיק זיך מרחם געווען אויף מיין פריינטס צער, עס איז אָנגעקומען אַן אויטאָבוס, וועמענס שאָפער איז געווען זיינס אַ באַקאַנטער און ער האָט אונדז אַריינגעלאָזט די ערשטע. דאַנקען גאָט — מיר פאָרן.

***

דער וועג פון תל־אביב קיין חיפה, איבער הונדערט קילאָמעטער, איז אַ פרעכטיקער. דער שאָסיי איז גוט אויסגעפּלאַסטערט, ברייט, רחבותדיק. אַרום אין אַרום גרינט און בליט. די ווייך־גערטנער פאַר־שמעקן דעם גאַנצן אַרום, אומעטום קומט דיר אַנטקעגן ערד־ברכה, קבוצים, מושבים, שטעט, שטעטלעך און דערפער.

די זון מיט איר פייערדיקן צעלאָזענעם קופער, טונקט זיך אַלץ טיפער און טיפער אין ים און שלעפּט מיט זיך מיט די טאָגיקע גליאונג פון דער ברענענדיקער היץ. דער בין השמשות אויף די ישראלדיקע פעלדער און גערטנער רייצט מיט טויזנטער חנען, פאַרכשופט דאָס גע־מיט און פאַרוויגט אין אַ זיסן טרוים.

אַ רונדע פול־אויסגעטראָגענע לבנה שפּיגלט אונדז אַנטקעגן מיט פאַרחלומטער געמיטלעכקייט און באַלייכט דעם וועג.

אַריינגעשניטן אין דער טיפקייט פון דער נאַכט באַווייזן זיך

פון דערוויטנס הונדערטער פייערן מיט זייערע שטורקאַצנדיקע ליכט, וועלכע זענען אויסגעשטעלט אין אַ גאַר גרויסן קרייז. דער טאָל דער־נענטערט זיך צו אונדז.

הימלישע, קינדערישע געזאַנגען דערטראָגן זיך צו אונדז אַלץ נענטער און נענטער. נאָנט צו עתלית ליגט שוין דער אַרום אינגאַנצן אַ געפּאַנגענער פון קינדערישער שמחה און גלעלכטער.

איך בעט ביים שאָפער זיך אָפּצושטעלן פאַר אַ וויילע, איך כאַפּ מיין קליינעם וואַליז און לויף גלייך צו דעם פלאַץ, ווו פערצן הונ־דערט קינדערלעך פון פאַרשידענע קבוצים פון הפועל־המזרחי האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט אין אַ כנוס.

היינט ביינאַכט האָבן זיי די דערעפענונג פון זייער זומער־מחנה. קיין עין־הרע — פערצן הונדערט קינדערלעך, אין עלטער פון אַכט ביז פערצן יאָר, זענען אויסגעשטעלט אין אַ קרייז אַרום אַ גרויסן טאָל וואָס איז אַרומגערינגלט מיט בערג. אַרום און אַרום זענען אויס־געשטעלט בלעך־פּושקעס, ווו עס טונקען זיך אין נאַפט שמאַטקעס, וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין שטאַרקאַצן. אָט אַ די צאַנקענדיקע פייערן מישן זיך צוזאַמען מיט די געזאַנגען פון דעם קינדער־כאָר וואָס זינגט איצט קאַפּיטלעך תהילים. צווישן איין געזאַנג און צווייטן הערן זיך פאַרשידענע רעדעס און דורך הילכערס ווערט דערטראָגן יעדעס וואָרט צו אַלעמען.

אינמיטן פון אָט אַ דער מחנה, איז אויפגעשטעלט אַ גרויסער טורעם, איבער וועלכן עס פלאַטערט די יידישע פאָן, און פון סאַמען שפּיץ טורעם אונטער דער פאָן, רעדן אַרונטער יוגענטלעכע צו זייע־רע חברים.

פון דעם טורעם ווערן אויך געגעבן די סקויטישע באַפעלן. מיט טאַקט פון געניטער אָרגאַניזירטער פּינקטלעכקייט ווערט יעדער באַ־פעל אויסגעפירט.

באַלד קומט אַ פּקודה: הקשבו! להתפלל מעריב!.

פאַרמירט לויט דער זעלביקער וווקס שטעלן זיך די קינדער אויס אין רייען, גלייך ווי די סאָסנעס: צו דאַוונען מעריב.

פון סאַמען טורעם־שפּיץ דערהערט זיך אַ קלינגענדיק שטימע־לע, אַן אַלטל וואָס טרעלט אַרויס די ווערטער „והוא רחום יכפר עון ולא ישחית", גלייך צעזינגט ער זיך מיט אַ וויכהאַרציקער צאַרט־

קייט „ברכו את יי המבורך” און באַלד כאַפּן אַלע קינדערלעך אונטער: „ברוך יי המבורך לעולם ועד”.

קיינמאָל אין מיין לעבן האָב איך נאָך נישט געזען ווי תפילות זאָלן פליען, אַלץ העכער און העכער, אין די הימלען אַריין. דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל ממש געזען ווי די לבנה און די שטערן כאַפּן אויף די הערלעכע קינדערשע געבעטן און די ברכות וואָס זיי שיקן צו די הימלען.

אַז דער מעריב האָט זיך געענדיקט, האָט זיך חברה קונדסים צעשטורעמט.

דאָס צוזעענדיק האָט מיין האַרץ זיך געקוויקט און פון פריידיקער צעברויזטקייט האָבן זיך גענעצט מיינע אויגן, צוקוקענדיק ווי יש־ראל קינדער מיט זייער מאַמע־ערד און יידיש באַלויכטענעד הימל מישן זיך צענויף און ווערן איינס.

איינער אַ בחורל האָט דערזען מיך, אַ פרעמדן מיט אַ וואַליז־קעלע אין דער האַנט, איז ער גלייך צו מיר צוגעגאַנגען און מיך אַריינגעפירט אין „בית־האוכל”, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון קלעצער אַריבערגעצויגן מיט זעק, ווו ס'זענען געווען אויסגעשעלט, פּראָוויזיאָנעלע טישן און לאַנגע בענק. ער האָט מיך פאַרבעטן צום טיש און מיר געהייסן נעמען וויפל פּאַרציעס איך וויל נאָר. אויף יעדן טעלער איז געלעגן: אַ רויטע טאָמאַטע, אַ גרויס שטיק געלער קעז, אַן אוגערקע, און אַ שפּאָר שטיקל שאָקאָלאַד. ברויט איז געלעגן אויפן טיש אָן אַ חשבון ס'איז אויך געשטאַנען אַ גרויסע קרוג מיט מילך — טרונק וויפל דיין האַרץ גלוסט. מיט אייך פּאַרציע בין איך באמת זאַט געוואָרן.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט הברה געזונגען, געהוליעט און געטאַנצט.

פון ברעטער האָבן זיי צונויפגעקלאַפּט אַ בינע און דאָס „טעאַ־טער־פּובליקום” האָט זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד.

פאַרגעשטעלטע סצענעס און בילדער, נישט וועניק סאַרקאַסטי־שע, האָבן געהאַלטן דעם עולם געשפּאַנט. איין בילדל, וואָס איז דרך אגב אַ שיינער וויץ, איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן:

— די סצענע קומט פאָר אין אַ משוגעים־הויז.

שפּעט אין דער נאַכט צעשרייט זיך איינער פון די פּאַציענטן, אַז ער מוז גלייך זיך זען מיטן אויפזעער פון שפּיטאָל. באין ברירה,

אַז מען קען אים נישט איינשטילן, קומט צולויפן דער אויפזעער און ער פרעגט אים:

— צו וואָס דאַרפסטו מיך אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?

— איך מוז גלייך אָנשרייבן אַ בריוו, דערפאַר וויל איך, אַז דו זאָלסט מיר ברענגען פּאַפּיר, טינט און פעדער.

— צו וועמען אַ שטייגער מוזטו דאָס שרייבן גלייך אויפן מאָמענט?

— וואָס הייסט, צו וועמען? צו מיר וויל איך שרייבן, פאַר־שטייסט, צו מיר אַליין וויל איך אָנשרייבן אַ בריוו.

— וואָס אַ שטייגער ווילסטו שרייבן אין דעם בריוו צו דיר?

— אידיאָט איינער! אַז איך וועל היינט אָנשרייבן צו מיר אַ בריוו, וועל איך אים ערשט דערהאַלטן מאָרגן, טאָ פונוואַנען קען איך איצט וויסן וואָס עס וועט זיין געשריבן אין דעם בריוו וואָס איך וועל מאָרגן דערהאַלטן?

אַזוי האָבן זיך די קינדער פאַרווײַלט, געלאַכט און פאַרבראַכט.

פּלוצלינג, אינמיטן די פריידיקע שטימונגען, האָט זיך אַריינגעג־ריסן אַן אַליאַרם. אַ געפאַר־סיגנאַל האָט זיך צעשריגן. פון דעם סאַ־מען שפּיץ פון דעם מורעם איז געקומען אַ באַפעל — הקשב! די קינ־דערשע פּאָליציי־וואַך זאָל זיך גלייך שטעלן צו דער שמירה! מען מוז זיין גרייט פאַר אַ קאַמף מיטן שונא צו יעדער מינוט! מיר טאָרן נישט אָפּלאָזן פאַר אַ סעקונדע פון אויג די געפאַר וואָס קען צו יעדן מאָמענט אָנקומען.

נישט זיין רחמנותדיק צו די איבערפאַלער. די געפאַנגענע זאָל מען גלייך אַריינפירן אין דעם בײַדל נומער פופצן, ווו עס שטייט שוין אַ שטאַרקע וואַך און זי וועט פאַרהיטן די געפאַנגענע פון אַנט־לויפן".

די אַלע באַפעלן טראָגן אין זיך ערנסטקייט. די אַלע וועכטער, וואָס זענען אָנגעגירט מיט שטעקנס און אַזעלכע ענלעכע „כלי־זין", נעמען די זאַך ביז גאָר ערנסט. ביי זיי מיינט עס צו פאַרלירן דעם פּרעסטיזש פון דער „בני־עקיבא". דאָס מיינט אויך — דערנאָך נישט צו קענען עפענען די אויגן פאַר אַנדערע גרופּירונגען.

די קינדערשע זאָרג, די ערנסטע מינעס פון די וועלכע האָבן אויסגענומען די אַלע באַפעלן האָבן מיר בעת מעשה צעטומלט, איך בין צו צו איינעם פון די מפקדים און אים געפרעגט: מיין טייערער,

וואָס דאַרף פאָרקומען היינט ביינאַכט דאָ אויף דעם פּלאַץ? האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין די ערנסטקייט פון דער סיטואַציע:

— „אַזעלכע מחנות ווי איר זעט דאָ היינט, זענען זיך איצט צו־זאַמענגעקומען אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, פון אַנדערע יוגנט אָרגאַניזאַציעס: פון מפא״י, פון מפ״ם און אַנדערע, יעדע מחנה שיקט אַרויס אירע קעמפער אויף אויטאָס און דזשיפּס, אָנגעלאָדענע מיט שטעקנס, אַז זיי זאָלן אין דער נאַכט איבערפאַלן די צווייטע מחנות. זיי די איבערפאַלער שפּירן שוין אויס דעם שוואַכסטן פּונקט פון דער מחנה, און שפּעט ביינאַכט רייסן זיי זיך דורך אים אַריין אין דער מחנה, זיי כאַפּן זיך אַרויף אויפן טורעם און פאַרכאַפּן פון דאָרט די פאָן.

די ביי וועמען מען כאַפּט אַרויס די פאָן פון דער מחנה איז עס פאַר זיי אַ חרפּה נישט אויסצוהאַלטן. טאָ שטייט מען דעריבער, מיט אַ מויט-ערנסטקייט אויף דער וואַך, און מען היט דעם כבוד פון דער „בני־עקיבא״.

⁂

אין אַ לייוונטן בײדל, אויף אַ ראַגאַזשע, האָב איך ערשט באמת דערפילט די ווייכקייט פון מאַמע־ערד אונטער מיינע פּלייצעס.

דאָ האָב איך ווידער דערפילט דעם טעם פון מיינע אַמאָליקע „חלוצישע־יאָרן״.

אַ דאַנק אייך, טייערע חברימלעך, פאַר דער וואַרעמער קאָלדרע, וואָס איינער פון אייך האָט מקריב געווען פון זיין באַקוועמלעכקייט, לכבוד דעם מעקסיקאַנעם גאַסט און מיך איינגעהילט אין אַ זיסן דרימל.

פאַרטאָג, בעת חברה האָט געמאַכט פאַרשידענע גימנאַסטישע איבונגען, האָב איך געכאַפּט מיין וואַליז און מיט אַ ברכה צו אַלעמען, האָב איך פאַרלאָזט דעם פּלאַץ.

⁂

אייגנטלעך איז דאָך דער ציל פון מיין איצטיקער רייזע דער קבוץ „גבת״, טאָ לאָמיר אין דעם מאָמענט דורכלאָזן איינדרוקן אי־בער מיין ליבלינגס שטאָט חיפה, דורך וועלכער איך פאָר בלויז דורך איצט צום צווייטן מאָל ביי מיין איצטיקן באַזוך אין ישראל.

מיר פאָרן אַריין אין דעם עמק־יזרעאל.

אויף דעם וועג ווו פוסטקייט און טרוקעניש פלעגט אַמאָל אָנ־וואַרפן אַ שרעק, אויף דעם וועג ווו איך האָב אַמאָל געריסן שטיינער פון די נאַקעטע בערג, זיי צוקלאַפּט מיט אַ האַמער אויף קליינע שטי־קעלעך און מיט זיי געפלאַסטערט דעם ערשטן שאָסיי דאָרט. ווי איצט שטייט מיר פאַר די אויגן ווי שורות יונגע חברה זענען געווען אויס־געזעצט אויף קופּעס שטיינער, די קעפּ איבערגעדעקט מיט קוישלעך, זעק אָדער סתם שמאַטעס און זיך געבראָטן און געטרוקנט אונטער די פייער־לאַוועדיקע זון־שטראַלן.

אַזוי האָבן מיר, אין היץ און אין שוויס, צעקלאַפּט שטיין נאָך שטיין.

איך דערמאָן זיך, ווי יעדעס מאָל ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם שווערן האַמער, פלעגט זיך מיר קורטשען די האַנט פון מידקייט און איך פלעג ביי זיך טראַכטן: צו איז דען מעגלעך אויף אַזאַ אויס־געברענטער טויטקייט אַרויפצופירן כאָטש אַ שטיקל לעבן

היינט איז דער עמק־יזרעאל אַ גן־עדן ווינקל: עס בליט, עס גרינט, ווו נאָר דאָס אויג פאַלט שפּרייטן זיך וועלדער, גערטנער און פעלדער.

שטייט נאָך איצט פאַר מיר די רעטעניש: ווי אַזוי האָבן עס יענע זיידענע ייִנגערמאַנטשיקעס און „צעפּיעשטשעטע" פריילנס גע־קענט פאַרוואַנדלען אַזאַ וויסטעניש אין אָט אַ דעם גן־עדן ווינקל?

דעם עמק־יזרעאל זענען אַלע מקנא. אַ קבוץ אין עמק־יזרעאל מיינט, פראָסט און פשוט גרויס רייכקייט. אַזוי פאָרן מיר פאַרביי קבוץ נאָך קבוץ, אַלץ איז דאָ אַזוי באַפּרוכפּערט, ווי עס וואָלט דאָס אַלץ געירשנט געווען פון דורות. אַזוי קומען מיר אָן צום קבוץ „גבת".

דער אַריינגאַנג, דורכן ברייטן טויער און דורך די צעצווייגטע ביימער אַלייען, זעט אויס ווי אין דער אַלטער היים אַן אַריינפאָר צו אַ גרויסן גוט־באַזיצער.

גבת איז אַ גאַנץ שטעטל, אַכט הונדערט מענטשן זענען דאָ פאַ־ראַן, דריי דורות געפינען זיך דאָ צוזאַמען און האָבן דאָ זייער לעבן פאַרוואָרצלט אין משך פון די פינף און צוואַנציק יאָר זינט דער עק־זיסטענץ פון דעם קבוץ.

דער קאָלעקטיוו דאָ האָט אין זיין רשות צען טויזנט דונאַם באָדן, מיט שיינע געמויערטע הייזער, ווו יעדעס פאָרל האָט פאַר זיך אַ גרויסן לופטיקן צימער מיט אַ גרויסער טעראַסע, אַלץ ליגט דאָ איינ־

געטונקען אין ביימער, בלומען און גראָז. דער גרויסער קאָלעקטי־יוער עס־זאַל איז שיין געבויט און איז איינגעאָרדנט מיט אַלע מאָ־דערנע איינריכטונגען. טישלעך און שטולן זענען אויסגעשטעלט ווי אין אַן ערשט־קלאַסיקן רעסטאָראַן. די גרויסע קיך איז אויסגעשטאַט מיט אַלע מאָדערנע עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס און קיך מכשירים. עס בלישטשעט פון יעדן ווינקעלע. עסן אין דעם קבוץ איז פאַראַן מכל טוב.

אין אַ סך צימערן פון די חברים זענען אויך פאַראַן פיינע ראַדיאָס.

די ראַדיאָס צו די חברים ווערן פאַרטיילט לויט פאָלגנדן סדר: יעדן חודש קויפט אײַן דער קבוץ איין ראַדיאָ און גיט אים לויטן ס"ר, צו דעם וואָס געפינט זיך לענגער אין קבוץ.

מעבל, ביכער און שאַפעס מיט קליידונג געפינט זיך אין יעדן חברס צימער.

אין אַ שיין גרויס באַקוועם הויז געפינט זיך די „מרפאה", דאָס הייל־הויז, וואָס ווערט באַדינט דורך דער קופת־חולים פון דער הסתדרות.

עס איז דאָ אויך פאַראַן אַ פּאָסט־אָפיס, אַ רעגריסטרירטער פון דער ממשלה.

אַ הערלעך שיין קאַפּיטל, זענען די אַלע איינריכטונגען פאַר די קינדער. די היימען, צימערן, קיכן, עס־צימער, פאַרוויילונג און ספּאָרט פּלעצער, ביבליאָטעק און לייען־זאַל, זענען פאַרשידנפאַרמיק צוגע־פּאַסט צום עלטער פון די קינדער.

אין דעם גרויסן שווים־טאַנק קנייטשן זיך די פרישע וועלן פון דעם וואַסער וואָס האַלט אין איין אַריינשטראָמען און אָפּלויפן.

פון פינף ביז זיבן פאַרנאַכט פאַרברענגען און שפּילן זיך די קינ־דער צוזאַמען מיט זייערע עלטערן.

דער קבוץ „גבת" איז געגרינדעט געוואָרן, אין מעריב טייל פון עמק־יזרעאל, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט זעקס און צוואַנציק, דורך דער קבוצת־פינסק, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און צוואַנציק.

ביי דער זייט פון דעם קבוץ געפינט זיך אַ ריזיק שיינער, געע־דיכטער סאָסנע־וואַלד וואָס איז געפלאַנצט געוואָרן צום אָנדענק פון די קדושי־פינסק, וועלכע זענען בעת דער כאַפּרייזונג פון פוילן, נאָך

דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערמאָרדעט געוואָרן, דורך די פּאָליאַ־קן בעת די יידן זענען געווען אין אַ ציוניסטישן צוזאַמענקום.

אַן עלעגאַנטע, שיינע געביידע איז דער „בית עם", וואָס פאַרמאָגט אַ גרויסן טעאַטער־זאַל מיט איבער זעקס הונדערט זיץ־פּלעצער און איז גאָר פיין אויסמעבלירט, ער איז אויסגעבויט געוואָרן אַלס גע־שאַנק פון דעם פּוטערוואָרג־פאַריין אין ניו־יאָרק. דאָ אין דער גע־ביידע קומען פאָר אַלע גרויסע קולטור־אונטערנעמונגען פון דעם קבוץ.

דער „בית־עם" רופט זיך אויפן נאָמען פון הערשל פּינסקער ז. ל. ער איז געווען איינער פון די ערשטע חלוצים אין ליטע און איז געווען אַ חבר פון דעם קבוץ „גבת".

אין דעם קבוץ געפינען זיך אויך: אַ שיינע נייעריי און שניידע־ריי; אַ מאָדערנע, טעכנישע שוסטעריי; אַ סטאָלאַר־וואַרשטאַט מיט אַלע מאָדערנע איינגעריכטעטע מאַשינען. די הויפּט אינדוסטרי אין דעם קבוץ איז — די גרויסע אייזן פאַבריק. דאָ ווערן אויסגעאַרבעט פאַרשידענע אַגריקולטור־מאַשינען, וועלכע זענען גוט באַקענט אויף דעם ארץ־ישראלדיקן מאַרק.

⁂

אין דעם קבוץ „גבת" געפינען זיך איבער פערציק עלטערע מענטשן, וועמען זייערע קינדער האָבן אַריבערגעבראַכט פון אייראָפּע. פאַר די יידן, איז דאָ פאַראַן אַ ספּעציעלער עס־זאַל און אַ באַזונדערע קיך, מיט אַלע איינריכטונגען, ווו עס ווערט אָפּגעהיט כשרות, און אויך — אַ שול צום דאַווענען.

איך האָב געמאַכט אַ שפּאַציר מיטן האַרציקן, ליבן שיינעם זקן ר' מענדל קראַמאַרזש, ער איז געווען אַ מאָל רב אין אַ שטעטל אין פּוילן.

מיר זענען געגאַנגען שפּאַצירן איבער די כרמים, איבער די פעל־דער, און אין דעם שיינעם סאָסנע־וואַלד. די ווייסע באָרד, דער ברייטער טלית־קטן און די לומדישע אויגן אַלץ בלישטשעט אַרויס פון אָט דעם יידן.

עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן די תורה און חכמה פון דעם יידס מויל. וואָס איז אַרויס ווי פון אַ קלאָרן קוואַל.

אין זיין שמועס מיט מיר האָט ער זיך שטאַרק פאַרקלאָגט אויפן קבוץ.

ער האָט מיר געזאָגט

— „עס טוט מיר ווי צוצוקוקן ווי די חברה דאָ זענען מחלל שבת, מען רויכערט פּאַפּיראָסן בפרסיה, מען קאָכט דאָס עסן אום שבת, פאַרשידענע פאַרוויילונגען מאַכט מען אום שבת. טאָ פרעג איך איך: אַזעלכע טייערע קינדער, פאַרוואָס זאָלן זיי מחלל שבת זיין?

— אין חומש בחקתי — זאָגט מיר דער אַלטער — שטייט בפי־רוש „אויב וועסט אָפּהיטן און אויספירן מיינע געזעצן וועל איך דיר געבן רעגן אין צייט, די פעלדער אוןביימער וועלן בליען און געבן פרוכט" טאָ אין פלוג איז דאָך אַ קשיה, אַז מען איז מחלל ג'פאַרלאַנג דאַרפן דאָך די פעלדער נישט געבן קיין ברכה. טאָ פאַרוואָסזשע האָט דער הויבערשטער דאָ געבענטשט די ערד מיט אַזאַ שפע? איר זעט דאָך ווי קיין עין־הרע עס בליט דאָ, עס גרינט און עס וואַקסט אַלץ. מוז איך עס אָבער דערקלערן דערמיט, וואָס די מצווה פון כבוד אב ואם ווערט דאָ אָפּגעהיט מיט אַזאַ ליבשאַפט וואָס עס איז ממש נישט מעגלעך זיך פאַרצושטעלן. שטייט דאָך אין חומש דברים אין דער פרשה ואתחנן" כבד את אביך ואת אמך למען ייטב לך על האדמה אשר ה' אלהך נתן לך" און דאָס איז דער זכות וואָס גאָט ברוך הוא שענקט אַזויפיל ברכה. נישט נאָר די קינדער פון די עלטערן, נאָר יע־דער איינער פון דעם קבוץ טראָגט אַנטקעגן אַ דרך־ארץ צו די על־טערע מענטשן, מען טראָגט זיי ממש אויף די הענט". און ער האָט פאַרענדיקט:

— איי, איי זענען דאָס ווילע קינדער! טאָמער איז חס־ושלום באַשערט עפּעס שלעכטס עמיצן פון די טייערע קבוצניקעס — זאָל עס בעסער מיר געשען.

⁂

אַ באַזונדער רייך און שיין קאַפּיטל, איז די באַציונג אין די קבו־צים צו די ניי אָנגעקומענע עולים.

אין משך פון די לעצטע דריי יאָר האָט דער קבוץ „גבת" צו זיך אַריינגענומען פיר הונדערט און אַכציק נייע עולים. מען האָט זיך געטיילט מיט זיי מיט אַלע רעכטן און מעגלעכקייטן פון וועלכע עס געניסן די אַלטע תושבים פון דעם קבוץ.

די קבוצים אין אַלגעמיין זענען די ערשטע צו אַבסאָרבירן ביי זיך, אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך, די ניי אָנגעקומענע, זיי צו געבן אַ חברישע היים און אַ לעבן באַזאָרגט מיט אַלע הצטרכותן.

ביי זייער אָנקומען ווערן די נייע עולים אַריינגענומען אויף אַ פּראָבע, אויף אַ משך פון איין יאָר צייט, צו זען, צי קענען זיי זיך אַריינפּאַסן אין דעם לעבן פון קבוץ. אויב יאָ, בלייבן זיי, מיט אַלע רעכטן און פליכטן, גלייכע מיטגלידער ווי אַלע אַנדערע חברים פון קבוץ. קיין געדונגענע אַרבעטער וויל דער קבוץ נישט אַריינגעמען, ווייל ער וויל בלייבן ביי זיין הייליקן פּרינציפּ, פון נישט פּראָפיטירן פון יענעמס אַרבעט.

⁂

אַ פרייד האָט מיך אַרומגענומען צוקוקענדיק זיך צו די צוויי הונדערט נייע קינדער־עולים וועלכע מען האָט אַ הער געבראַכט פון פאַרשידענע לענדער. ווי אַזוי מען האָט זיי דאָ איינגעאָרדנט אין דעם קבוץ „גבת". קינדער וואָס זענען געבליבן אָן עלטערן, פאַריתומט פון מוטערלעכער צערטלעכע וואַרעמקייט און פון פאָטערלעכער פאַרזאָרגונג.

דאָ האָבן זיי דערפילט אַ נייע וואַרעמע היים, וו זיי קענען ווידער ברויזן מיט זייער קינדערשן געלעכטער און פרייד.

ווען איך האָב זיך צונויפגערעדט מיט פאַרשידענע מענטשן פון די ניי אָנגעקומענע וואָס האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין דעם קבוץ לעבן און האָבן שוין אין זיך איינגעזאַפּט אַ ביסל פון דער צופרידנקייט וואָס דער קבוץ האָט צוגעטיילט צו אָט די עלנטע מענטשן, האָט זיך מיר געוואָלט אויסשרייען צו די פּוסט און פּאַסטניקעס, די וואָס דרייען זיך אַרום איבער די בולוואַרן אין תל־אביב, די וואָס מאַכן דאָרט גרויסע פאַרמעגנס פון פאַרשידענע שפּעקולאַציעס און ווינט־געשעפטן, די וואָס צעבלאָזן דעם שוואַרצן מאַרק און שרייען דערביי: „גוואַלט כאַפּט דעם גנב"!. צו זיי האָט זיך מיר געוואָלט אויסשרייען:

— וויפל האָט איר אַריינגענומען אין אייערע באַקוועמע היימען פאַריתומטע קינדער?! מיט וואָס האָט איר געהאָלפן די ניי אָנגעקומענע?! ווו איז אייער יידיש און מענטשלעך האַרץ?!.

אויב די ישראל רעגירונג טוט דאָס יאָ, אויב דער ישראלדיקער אַרבעטער שטעלט אונטער זיין פּלייצע און טראָגט אויף זיך דעם יאָך פון די אַלע שווערע פּראָבלעמען, ווי וואָגט איר צו קומען, איר בירגערלעכער „מאַכט־זוכער", און וואַרפן כסדר שמוץ אויף דעם גרויסן ווערק וואָס ווערט דאָ געשאַפן!. איר שפּילט כסדר אויף די

צערייצטע נערוון פון פאָלק, אויף דעם וואָס עס פעלט אין דער מדי־נה, אויף דעם וואָס מען קען נישט באַקומען, און איר פאַרנעפּלט בכוונה דאָס גרויסע און פּרעכטיקע וואָס ווערט דאָ, מיט אַזויפיל אָנשטרענגונג געשאַפן.

⁂

חבר יעקב גוריון איז אינגאַנצן בלויז נשמה. קינד און קייט האָבן אים ליב, אַז ער דערהערט אַ קינד וויינען דאַכט זיך מיר, אַז ער ווייגט מיט.

יעדע עוולה באַקומט אַ תיקון ווען חבר יעקב גוריון, דער מזכיר פון קיבוץ, דערוויסט זיך וועגן איר. עס פעלט אים בכלל דאָס געפיל פון פּערזענלעכן עגאָאיזם.

די פּאָר שעה וואָס איך בין מיט אים אַרומגעגאַנגען איבערן קבוץ, איבער יעדן ווינקעלע; אין די שטאַלן מיט די קיין עין־הרע־דיקע פּעטע קי (די שטאַלן זענען דאָ איינגעאָרדנט מיט די לעצטע טעכנישע איינריכטונגען, אַלאַ קאַליפאָרניע), איבער די הינער־שטייגן וואָס זענען ווייט נישט אונטערשטעליק פון די וואָס איך האָב געזען אין ניו־דזשוירסי — האָב איך באַמערקט זיין צוגעבונדנקייט צו יעדן בעל־חי, צו יעדער געביידע, צו יעדן שטיקל פּלאַץ, בוים און גרעזעלע.

יעקב איז געווען דער ערשטער אַרויפצוגיין אויף דעם פּלאַץ, ווען דאָ האָט נאָך געהערשט צעברענטע טרוקנקייט. ער רעדט איצט וועגן יעדן אָביעקט ווי איבער אַן אייגן ציטערנדיק קינד.

אַז איך האָב זיך אָנגעוואָרעמט אויף אַ ווייל אין דער נשמה־ברייטקייט פון אָט דעם ליבן חבר, יעקב גוריון, און פון די אַלע אַנ־דערע ווי ער, האָט זיך אין מיר צעמענטירט אַ פעסטע זיכערקייט, אַז נישט דורך „ווינט־מילן", נישט דורך די תל־אביבער שטעקל־דרייער און די „חכמים" וואָס גרויסן זיך מיט דעם, אַז זיי ציען זייערע פּרנסות און פאַרמעגנס פון דער לופט, וועט זיך בויען מדינת ישראל. נאָר כל זמן די צענטליקער טויזנטער יעקבס וואָס שטייען אויף זייע־רע אַרבעטס־פּאָסטנס (און זיי שטייען פעסט און זיכער, מיטן זעל־ביקן חלוצישן ברען, פּונקט ווי די מיט דרייסיק יאָר צוריק) נאָר זיי זענען עס די גאַראַנטיע, אַז אַ גרויס עם־ישראל וועט זיך אויף אייביק פאַרבינדן מיט אַ שטאַרקער מדינת־ישראל.

## מיט אדוו. וו. לאָמבאַרדאָ טאָלעדאַנאָ אין ישראל

דורך דער פרעסע אין ישראל האָב איך זיך דערוויסט, אַז אַד־וואָקאַט וויסענטע לאָמבאַרדאָ טאָלעדאַנאָ, דער פרעזידענט פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער אַרבעטער־פעדעראַציע, געפינט זיך אין ארץ־ישראל. איך האָב שטאַרק חשק געהאַט זיך צו טרעפן מיט אים דאָ אין מדינת־ישראל.

קענענדיק לאָמבאַרדאָ טאָלעדאַנען, זיין טעמפּעראַמענט און זיינע פעאיקייטן אויפצופאַסן אַזעלכע געשעענישן וואָס שאַפן זיך דאָ פאַר אונדזערע אויגן האָב איך געוואָלט כאַפּן מיט אים אַ שמועס איידער ער פאָרט אָפּ צוריק.

איך האָב געהאַט אַ גרונט צו דענקען, אַז דערנאָך ווען לאָמבאַר־דאָ וועט שוין זיין אין אויסלאַנד און ער וועט זיך טרעפן מיט פאַר־שידענע יידיש ליבקע עלעמענטן דאָרט קען זיין, אַז געוויסע מיינונ־גען און איינדרוקן וועט ער שוין נישט אַרויסזאָגן אַזוי פריי ווי איך קען דאָס הערן פון אים דאָ אין לאַנד...

בעת איך האָב באַמערקט אין די צייטונגען, אַז טאָלעדאַנאָ איז אין ארץ־ישראל בין איך געווען אין גליל־העליון האָב איך צוליב אים געקורצט מיין איצטיקן באַזוך אין גליל און בין צוריקגעפאָרן קיין תל־אביב.

אין דער רעדאַקציע פון „דבר" האָט מיר חבר דן פינעס איבער־פאָרמירט, אַז היינט איז דער לעצטער טאָג פון לאָמבאַרדאָס זיין אין ארץ־ישראל.

אויב איך וויל זיך באַגעגענען מיט אים האָב איך גיצט די איינ־ציקע געלעגנהייט: אָט באַלד קומט פאָר אַ פרעסע קאָנפערענץ, און אַזוי ווי אַ מיטאַרבעטער פון „דבר" גייט שוין אַהין קען איך מיט אים מיטגיין.

דורך דער „אגודת העתונאים" איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער צוזאַמענקום, ביי אַ גלעזל טיי און צובייסנס. עס זענען געווען פאַר־טרעטן פאָרשטייער פון אַלע צייטונגען. ווי אַ לאַנדסמאַן און באַקאַנ־טער פון מעקסיקע האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט, איידער דער צו־

זאַמענקום האָט זיך אָנגעהויבן צו כאַפּן מיט לאַמבאַרדאַן אַ לענגערן שמועס איבער זיינע איינדרוקן פון ארץ־ישראל.

מיר זענען אויף אַ ווייל אַריינגעגאַנגען אין אַ זייטיקן צימער און מיט פרייד האָב איך זיך צוגעהערט צו טאָלעדאַנאָס באַגייסטע־רונג איבער דעם וואָס ער האָט אַלץ געזען דאָ אין ארץ־ישראל. זיין התפעלות איז געווען אין לשער.

בעת אונדזער געשפּרעך האָב איך ביי זיך געטראַכט: הלוואי וואָלטן אַ סך פון אונדזערע ציוניסטן אַזוי גרינטלעך אויפגעפּאַסט דעם גאַנצן כמות און איכות פון דעם וואָס מדינת־ישראל שטעלט מיט זיך פאָר היינט צו טאָג. זיינע איינדרוקן האָבן זיך פיל מאָל אַריבערגעגאָסן איבער דעם אויפשטייג פון זיין באַגייסטערונג. אַט זאָגט ער:

— „איך באַדויער וואָס געוויסע אינטערנאַציאָנאַלע התחיבותן פאָדערן פון מיר היינט אָפּצופאָרן פון ארץ־ישראל. פון מיין גאַנצן האַרצן ווינטש איך זיך הלוואי וואָלט איך געקענט בלייבן דאָ אַ לענ־גערע צייט, איך פאַרזיכער אייך, אַז דאָס איז דערווייל בלויז מיין ערשטער וויזיט דאָ אין לאַנד, אין משך פון דער וואָך וואָס איך בין דאָ געווען האָב איך געאַרבעט איבער זעכצן שעה אַ טאָג. איך האָב אַריינגעדרונגען אין אַלע טיפע פּראָבלעמען פון דעם דאָזיקן לאַנד. איך האָב באַזוכט פיל קבוצות און קבוצים. די דערשיינונגען וועלכע איך האָב דאָ אָנגעטראָפן זענען אַן אוניקום איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר אַ דאַנק די פּיאָנערישקייט און קרבנות־גרייטקייט פון דעם היגן מענטשן־מאַטעריאַל, פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אַגרי־קולטור, וועט מיט דער צייט זיך שאַפן גאָר גרויסע מעגלעכקייטן פאַר אַ מאָדערנער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, וועמענס שפּראָצן עס זעען זיך שוין אַן ביי היינט צו טאָג גאַנץ דייטלעך. איך בויג מיין קאָפּ פאַר דעם גרויסן וווּנדער פון דער דאָזיקער זעלטענער דער־שיינונג: עס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן דאָ אין לאַנד, יידן פון אַלע טיילן פון דער וועלט אָנהויבענדיק פון די סאַמע נידעריק אָפּגעשטאַנענע עלעמענטאַר ציוויליזירטע יידן פון מזרח ביז צו מענטשן מיטן העכסטן קולטורעלן ניוואָ פון אייראָפּע, און אַלע ווערן דאָ צו־נויפגעשמאָלצן אין איין גרויסן כוח פאַרן אויפבוי פון מדינת־ישראל.

איך האָב זיך גוט צוגעקוקט מיט וואָס פאַר אַ ברידערלעכער באַציונג די אַלע עולים ווערן דאָ אויפגענומען אָנהויבנדיק פון די

ביידלעך, פונוואַנען זיי ווערן שפּעטער אַריבערגעפירט אין די מעברות. ביז זייער פולער פאַרזאָרגונג צו אַ מענטשלעכן עקזיסטענץ.

איך פריינט קאָראָנאַ איז באַקאַנט, אַז איך בין פון תמיד אָן אַ פריינט אין מיין צוגאַנג צו יידישע פּראָבלעמען. איך האָב דאָס באַוויזן סיי דורך די מאַסן־פּראָטעסטן וואָס מיר די אַרבעטער־באַוועגונג, האָט איבעראַל איינגעאָרדנט אין פּראָטעסט צו די ווילדע בעסטיאַלישע היטלער־מעשים, אויך שפּעטער דורך אונדזער שטיצע און מיטהילף בעת דער עטאַבלירונג פון דער מדינת־ישראל.

איך קאָן אייך בלויז זאָגן, אַז איך האַלט עס פאַר מיין פּריווילעגיע מיין איצטיקן באַזוך אין מדינת־ישראל. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל אָנטרעפן דאָ אַזאַ מוסטערהאַפטע אָרדנונג, אַזאַ לעבנסלוסט און אַזאַ ענערגיע פון מענטשן, ווי איך זע דאָ ביי דער בויאונג פון דער יידישער מדינה.

דער באַפרייאונגס־פּראָצעס פון אַלע אַנדערע פעלקער איז דאָך געווען לגמרי אַן אַנדערער: דאָס פאָלק איז געזעסן אויף דער אייגענער ערד און האָט זיך בלויז געדאַרפט אָרגאַניזירן כדי זיך צו באַפרייען פון אַ פרעמדער מאַכט, בעת דאָ דאַרף איצט געשאַפן און צונויפגעשמאָלצן ווערן איין פאָלק פון פאַרשידענע גרופּעס און קולטורן. דאָס איז דאָך אַ דערשיינונג צום ערשטן מאָל אין דער מענטשלעכער געשיכטע און איך בלייב דערשטוינט צוצוקוקן ווי דאָס אַלץ ווערט אַזוי סיסטעמאַטיש גוט אָרגאַניזירט און אויסגעפירט. עס איז אַ דראַמאַטישער ספּעקטאַקל וואָס רירט מיך ביז טיף אין מיין נשמה.

פון תל־אביב ביז באר־שבע האָב איך זיי געזען אָט די פאַרשידענע טיפּן, וואָס קומען פון צוואַנציק דורות פאַרשידענע ציוויליזאַציעס.

מיין באַזוך אין ארץ־ישראל מיינט פאַר מיר אַ גליקלעכע געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַזעלכע פּראָצעסן.

עס זענען נאָך פאַרבליבן פאַר מיר זייער אַ סך פּראָבלעמען דאָ צו שטודירן, איך זע אויך פאַר די פיל שוועריקייטן וואָס שטייען נאָך פאַר מדינת־ישראל, אָבער איך האָב דאָס געפיל, אַז דער ענערגישער עלעמענט, וועמען איך האָב דאָ געזען ביי דעם בוי פון דער מדינה, וועט אויך די שוועריקייטן איבערקומען.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אין אַ מער רויקערער צייט, אין דער וועלט־סיטואַציע, וואָלט דאָס בויען פון דער מדינה אָנגע־

קומען אַ סך לייכטער, אָבער מיר מוזן שטענדיק געדענקען און אין זינען האָבן דעם פאַקט, אַז מען קען נישט אויסטיילן ישראל פון די אַלגעמיינע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען וואָס די וועלט לעבט איצט איבער. איינס וואָס עס מוז קלאָר ווערן פאַר יעדן איינעם, אַז דער דערפאָלג פון מדינת־ישראל איז ענג פאַרבונדן מיט שלום. טאָמער, די שעה זאָל נישט זיין, וועט די וועלט אַריינגעשלעפּט ווערן אין אַ דריטער וועלט־מלחמה איז מדינת־ישראל אין אַ סך אַ גרעסערער געפאַר ווי וועלכעס עס איז אַנדער לאַנד אין דער וועלט.

ווען איך וועל אַ היימקומען קיין מעקסיקע וועל איך אין מיינע באַריכטן דורך דער פּרעסע און אין עפנטלעכע אויפטריטן, איבער־געבן מיינע רירנדיקע איינדרוקן פון דער גרויסער היסטאָרישער גע־שעעניש וואָס הייסט — מדינת־ישראל... מיין מיינונג איז, אַז אַ סך לענדער און פעלקער וועלן קענען עפּעס לערנען פון דעם גרויסן ווערק וואָס ווערט דאָ געשאַפן.

איר פּריינט קאַראַנאַ, גיט איבער, דורך אייערע קאָראָספּאָנ־דענצן אין אייער פּרעסע, מיין ברידערלעכן גרוס צו די יידן וואָס וווינען אין מעקסיקע און זאָגט זיי, אַז איך שיק זיי אַ וואַרעמען גרוס פון דעם גרויסן וווּנדער וואָס ווערט געשאַפן דאָ אין מדינת־ישראל".

⁂

ביי דער פּרעסע קאָנפערענץ האָט וויסענטע לאָמבאַרדאָ טאָלע־דאַנאָ איבערגעגעבן אַ זעלטענעם אַנאַליז איבער זיין שפּאַציר אין פאַר־שידענע טיילן פון דער מדינה.

אין מיין באַגריסונג, אויף דער דאָזיקער זשורנאַליסטן־קאָנפע־רענץ, צו טאָלעדאַנאָן האָב איך אויסגעדריקט מיין דאַנק פאַר זיין באַמיאונג אויפצופּאַסן אַזוי גוט די לאַגע אין ארץ־ישראל. דערביי האָב איך אונטערשטראָכן די יידן־פריינטשאַפט, וואָס לאָמבאַרדאָ טאָלעדאַנאָ האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אַרויסגעוויזן צו יידישע פּראָבלעמען.

איינער אַ זשורנאַליסט האָט זיך צעלאַכט און געוואָרפן אַ סאַר־קאַסטישע באַמערקונג:

— אַ קלאָג צו אונדז, אַז מען פרייט זיך ווען אַ ייד זאָגט אַ גוטן וואָרט וועגן אונדזער אַרבעט אין מדינת־ישראל.

עס איז מיר אָנגעקומען שווערלעך אים איבערצוצייגן, אַז לאָמ־באַרדאָ טאָלעדאַנאָ איז נישט קיין ייד.

# אַ גרוס צו אַ מאַמען פון יענער וועלט.

דער אויטאָבוס האָט זיך געריסן אַלץ העכער און העכער, ער האָט געסאָפּעט און שווער געאָטעמט, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון אַן אַסטמאַ־קראַנקהייט.

וואָס שווערער עס איז פאַר אים געוואָרן צו קריכן באַרג אַרויף, אַלץ מער האָט פרישע דערקוויקונג זיך אַריינגעריסן דורך די אָפענע פענצטער.

דער טאָג אין חיפה האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ הייסער, אָן אַ טראָפּן רחמנות אויף די מענטשן, וועלכע האָבן שוין באַלד אין פרימאָרגן געזוכט אַ שאָטן־ווינקל וווּ זיך צו באַשיצן פון דער גליענדיקער זון.

עס איז גוט, עס ווערט מחיהדיק אויף דער נשמה, הייבנדיק דורכצופאָרן די אַמאָליקע דייטשע קאָלאָניע, וועלכע ציט זיך פון דער שטאָט אונטן ביז עט עט אַרויף צום הדר־הכרמל. פון די הייזער וואָס זענען געווען איינגעטונקען אין גרינס, פלעגט אַרויסבלישטשען זויבערקייט, אָבער צוזאַמען מיט דעם פלעגן אַרויסשטאַרצן בייזע בליקן און שנאה צו יעדן יידישן פאַרבייגייער. היינט האָבן זיך די ביימער און בלומען שטאַרקער צעבליט און פאַרצווייגט און דער חלל איז אָנגעפילט מיט פריידיקן יידיש קינדערשן געלעכטער, די גאַנצע לופט איז אַ ריין־זאַפטיק יידישע. נישטאָ מער קיין זכר פון יענעם דייטשן סם.

מיר קומען אָן אויף דעם הדר־הכרמל.

איך לויף אַרונטער פון דעם אויטאָבוס איך וויל נישט פאָרן ווייטער, כאָטש פאַרנומען האָב איך זיך איצט צו פאָרן אויפן הר־הכרמל, אָבער גיי און לויף פאַרביי אַ פּלאַץ אויף וועלכן דו האָסט געוווינט אַ פּאָר יאָר צייט, בעת דאָ איז נאָך אַלץ געווען פּוסט און וויסט.

נישט ווייט פון טעכניקום האָבן מיר דאַמאָלסט עטלעכע חברה אויפגעשטעלט פאַר זיך באַראַקן. אַרום און אַרום איז געווען תהו ובהו. עס האָט לאַנג געדויערט ביז מיר האָבן זיך געקענט צוגעוווי־

בען צו דעם פּוסטן פּלאַץ און צו די געווייִנען וואָס האָבן זיך געהערט פון די שאַקאַלן יעדע נאַכט. דער איינציקער שכן אונדזערער איז געווען אַבו־פּאַרעס.

ער האָט געהאַט אַ שטיבל וואָס איז געווען צונויפגעפּאַטשקעט פון ליים, בלאָטע און שטרוי. איז עס געווען — אַ העלפּט אין דער טיף פון דער ערד און די צווייטע העלפּט האָט אַרויסגעשטעקט אין דרויסן. אַ רונדע לעכל, קעגנאיבער דער טיר, איז געווען במקום אַ פענצטער. די טיר וואָס איז געווען צונויפגעבונדן פון צווייגן געפלאָכטן מיט שטריקלעך, האָט זיך געוויגט אויף צווי שטיקער דיקע פעלן אָנשטאָט זאַוויעצעס, וואָס זענען געווען צוגעקלאַפּט צו דער וואַנט.

די גרויס פון דעם צימער איז געווען דריי מעטער אויף דריי. איז איין העלפט געווען טיפער פון דער צווייטער. אויף דער העכערער העלפט האָט זיך געהאָדעוועט דאָס אייזל אין דער חברתא פון עטלעכע הינער וואָס זענען געזעסן אויף אייער. אויף דער נידעריקער העלפט איז געשטאַנען אַ הייוועלע פון וועלכן עס האָט שטענדיק געזעצט אַ שוואַרצער רויך, און אַ האַנט-מילעכל אויף וועלכן די אַבו־פּאַרעסכע פלעגט מאָלן די ווייצענע קערנער אויף צו באַקן פּיטעס. אין איין ווינקל אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע ביי דער רעכטער זייט פון דעם מילעכל איז געלעגן אַ האַלב צעפוילטע ראָגאָזשע, אויף וועלכער עס פלעגן שלאָפן דאָס פּאָר פאַלק און די אומגעלומפּערטע צעוואָקסענע טאָכטער.

איך דערמאָן זיך דעם טאָג ווען אבו־פּארעס האָט, צוליב דער פאַרגרעסערונג פון זיין משפחה, זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דעם דאָזיקן „פּאַלאַץ".

געווען איז עס אַזוי: איינער האָט אָפּגעקויפט ביי אבו־פּאַרעסן זיין טאָכטער, ער האָט פאַר איר באַצאָלט: אַ גרויסע שוואַרצע קו, אַן אייזל מיט אַ זויג־אייזעלע ביי דער זייט. מסתמא האָט ער נאָך געצאָלט מיט עטלעכע פּיאַסטער אין מזומנים אויך. נו, אַז די משפחה האָט זיך ביי אבו־פּאַרעסן פאַרגרעסערט מיט אַזוי פיל באַשעפענישן, האָט ער זיך געקליבן צו אַ מער רחבותדיקן פּלאַץ...

אונדזער באַראַק איז געשטאַנען פונקט קעגנאיבער אַבו־פּאַרעסעס „פּאַלאַץ" אין איין שיינעם פאַרטאָג האָט זיך געהערט אַ געדודער: מען האָט געשריגן, אַ מענטש האָט געוויינט מיט אַ קול ווי דאָס

רעוועץ פון אַן אָקס, עס האָט געפּליוכקעט עמערס וואַסער — דאָס האָט אַזוי געוויינט אַבו־פּאַרעסעס מויד.

מיר די, צוואַנציק־יעריקע יאַטן, וואָס האָבן דאַן געוווינט צוזאַ־מען, האָבן דורכן פּאַרהאַנגל פון פענצטער אַרויסגעקוקט אין דרויסן און אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. האָבן מיר צוגעזען אָט די סצענע: עס איז געווען דער טאָג ווען מען האָט די מויד בעדאַרפן איבערגעבן צום חתן, האָט מען איר אין דעם פּאַרטאָג אײנגעאַנצן אַ נאַקעטע צוגעבונדן צו אַ בוים, אַרום איר זענען גע־שטאַנען דריי פרויען, איינע האָט איינגעריבן די מויד מיט זייף, די אַנ־דערע האָט געגאָסן אויף איר העמערס וואַסער און די דריטע האָט געריבן פון איר די בלאָטע מיט אַ וויעכיטש פון שטרוי.

צעצונדענע האָבן מיר חברה געשפּיזט אונדזערע בליקן און זיך צוגעקוקט, ווי פון יענער מויד, וואָס איז שטענדיק געווען איין שטיק פאַרטרוקענטע בלאָטע, הויבט זיך אָן אויסשיילן געזונטע ווייב־לעכקייט.

צו דער אַרבעט האָבן מיר אין דעם טאָג שטאַרק פאַרשפּעטיקט... דערפאַר ווען מיר זענען אין אָוונט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט האָבן מיר שוין געטראָפן אבו־פּאַרעסעס „מאַיאָנטיק" אײנגעאַנצן אויס־געליידיקט. אָט די סצענע פון אַ מאָל קומט מיר איצט אויפן געדאַנק ווען איך שפּאַציר דאָ אויף די פּרעכטיקע גרויסשטאָטישע גאַסן אויף דעם זעלביקן „הדר־הכרמל".

גאַס איין גאַס אויס איינע איבער דער אַנדערער, אויף אַלע גאַסן פון ביידע זייטן שטייען פּרעכטיקע שיינע פיל שטאָקיקע געביידעס.

די הערצל־גאַס איז ברייט, רחבותדיק. פון ביידע זייטן — גרוי־סע, עלעגאַנטע געשעפטן מיט מאָדערנע גרויסע אויסשטעל־פענצ־טער, די סחורות זענען דאָ אויסגעשטעלט מיט עלעגאַנץ און געשמאַק — אַלאַ פּאַריז.

די באַוועגונג אויף די גאַסן איז ווי אין איינער פון די גרויסע וועלט־שטעט, באַזונדערס שמייכלט צו מיר די ריינקייט דאָ אויף אַלע גאַסן.

אַזוי שפּאַצירנדיק, קלעטערנדיק פון איין גאַס אויף דער צוויי־טער, דערהער איך אַ געשריי: קאַראַנאַ! קאַראַנאַ! איך קוק זיך אַרום, און דערזע אַ באַקאַנטן ייד, מר. מאַרקוזע, וואָס האָט געוווינט אַ סך יאָרן אין מעקסיקע. ער האָט דאָ אַ געשעפטל צוזאַמען מיט זיין שוועסטער. ווי דער ייד האָט מיך דערזען האָט ער זיך שטאַרק צע־

ווינט, ביז ער האָט זיך באַרויקט, האָב איך געמיינט, אַז ער וויל פאַר מיר זיך אויסקלאָגן אויף זיין ביטערער דאָליע דאָ. אַרויסגע־וויזן האָט זיך, אַז זיין געוויין איז גאָר געווען פון באַדויערן, פאַר־וואָס ער איז אַזוי שפּעט געקומען קיין ארץ־ישראל. וואָלט ער גע־ווען — זאָגט ער — גלייך פון דערהיים אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל אַנשטאָט קיין מעקסיקע, וואָלט ער פאַרשפּאָרט צו צעפּטרן זיין גאַנצע פאַמיליע אין מעקסיקע און אַלע וואָלטן איצט געווען גליקלעך.

איך כאַפּ זיך אַרויף אויף אַן אויטאָבוס אַרויפצופאָרן אויפן הר־הכרמל, פאָרענדיק קוק איך אַרונטער אויף דער שטאָט חיפה.

דער ים, וואָס שפּיגלט זיך איצט אונטער דער שטאַרקער זון, ווערט אַלץ שענער. פּרעכטיק זעט אויס אָט די גאַנצע פּאַנאָראַמע, וואָס עס שאַפט דער ריזיקער פאַרנעם פון דער שטאָט מיט די אַלע פאַרשטעטלעך וועלכע רינגלען זי אַרום. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען ביז צום סאַמען שפּיץ פון „הר־הכרמל" — צום כרמל־מרכזי.

איך שפּאַציר אַרום אויפן הר־הכרמל. פאַר מיינע אויגן שפּרייט זיך אַן אומבאַגרענעצטע רחבות. נישטאָ קיין כח איינצוזאַפּן אין זיך אַזויפיל שיינקייט. די פרישע צאַרטע לופט רייסט זיך אין מיר אַריין דורך דער נאָז און דורכן מויל. בלעטער רוישן, פויגל זינגען און איך בלאָנדזשע אַרום — ווילענדיק.

אייגענטלעך וואָס איז מיר דען דער נפקא מינה ווו איך גיי ווען יעדער ווינקל, יעדער טריט, יעדער שאָרך פונוואַנען ער זאָל נאָר נישט קומען איז מיר אַזוי נאָענט, אַזוי אייגן און אַזוי ליב.

איך האָב באַשלאָסן: אַז די גאַס וואָס איך זוך, איז עס, עס וועט, וועט... אַזוי גיי איך פון גאַס צו גאַס פון אַלייע צו אַלייע. אַן אויס־געוואַשענע צאַרטע, וועלכע פרישע לופט נעמט מיך דורך. פאַר מיינע אויגן שימערירן די פאַרשידענע הערלעכע פאַרבן פון די ביימער־בליטן. פון אַלע זייטן נעמען מיך אַרום וועלדער און בלומען. אונ־טער די פיס טרעשטשען די שישקעס, וואָס זענען נאָרוואָס ארונטער־געפאַלן פון די גדלותדיקע סאָסנע־ביימער.

געדאַנקען לויפן, פליען כאַאָטיש, הפקרדיק. עס בינדט זיך נישט איין געדאַנק מיטן צווייטן. איך גיב אַ טראַכט, אפשר בין איך שיכור? איך דערמאָן זיך, כ'האָב טאַקע היינט צופיל געטרונקען, קען דאָך אָבער אַפילו ארץ־ישראלדיקע סאָדע־וואַסער אויך נישט פאַר־שיכורן...

⁂

אַ יונג טרילענדיק געלעכטער קומט מיר אָן אַנטקעגן, עס קלינגט ווי מיט גלעקלעך, אַ געלעכטער וואָס רייסט מיט. ווען די ליכטיקע אויגן פון די צוויי שול־מיידלעך באַגעגענען זיך מיט מיינע בליקן, בין איך שוין אָן אַנגעשטעקטער פון זייער געלעכטער.

אַ ברייטהאַרציקער „בוקר־טוב" בינדט מיר צו זייער באַ־גריסונג.

איך גיב זיי אַ פרעג:

ווו געפינט זיך דאָ די גאַס שושנת־הכרמל?

זיי צעלאַכן זיך נאָך שטאַרקער און זיי זאָגן:

— אה מיין הער! איר גייט דאָך אין אַ גאַנץ פאַרקערטער ריכ־טונג, נאָך אַ סך גאַסן אויף צוריק וועט איר געפונען די גאַס וואָס איר זוכט.

— אַ דאַנק אייך, טייערינקע פאַר דער אָנווייזונג, און איך גיי זיך ווייטער אויפן זעלביקן וועג. ווען כ'בין אָפּגעגאַנגען אַביסל ווייַ־טער, באַמערק איך ווי די קינדער לויפן מיר נאָך, איצט ריידן זיי שוין צו מיר אויף יידיש:

— „די גאַס וואָס איר זוכט איז פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג און איר גייט אַלץ ווייטער אַוועק פון איר".

איך דאַנק זיי פאַר זייער פריינטלעכקייט און איך גיי זיך ווייטער אויפן זעלביקן וועג.

פון דערווייטנס באַמערק איך ווי די צאַפּרעלעך לאַכן אין די פויסטן, איינע ווייזט צו דער צווייטער מיטן פינגער וואָס זי דרייט אַרום מח ביים שטערן, ווי איינער זאָגט „עפּעס אַ צעדרייטער!".

⁂

איך גיי פאַרביי אַ פּלאַץ, ווו עס רייסן זיך אַרויף פּירעקיקע אויסגעטעסעטע, געבייכלטע שטיינער, אַלץ העכער און העכער. אַ מויערער שרייט אַרונטער פון דער הויך צום שטיין דערלאַנגער, ער רעדט צו אים אין אַ העברעישער שפּראַך, וואָס איז קילאָמעטערדיק ווייט פון צו זיין לשון קודש. אויפן מאָמענט שאָקירט מיך דער גבול־פה, עס ווערט אָבער גוט אויפן האַרצן ווען ה׳ טראַכסט זיך אַריין אין ד'עם כוח פון דעם לעבעדיקן העברעיש, וואָס פאַר אַזאַ געמיין זידל־וואָרט דאַרפסטו נישט אָנקומען נאָך אַ גמילת־חסד צו אַ פרעמדער שפּראַך.

ביים בערגל זיפזיף (זאַמד) וואָס ליגט דאָ אַרום דער געביידע, שפּילן זיך דריי קליינע יינגעלעך. זייערע ווייסע בלוזקעלעך טונקלען זיך מיט יעדער מינוט אַלץ מער און מער דורך די פיל בוי־מאַטע־ריאַלן, אַרום וועלכע זיי פּאָרען זיך. די דריי, בערך זעקס־יאָריקע, העלדן שמועסן צווישן זיך און מאַכן דערביי מיט די הענט. איך כאַפּ אויף זייער געשפּרעך:

— יעקב, ווו האָסטו גענומען אַזאַ גרויסן שטיק געלן קעז?

— די מאַמע האָט עס מיר געגעבן.

— ווו האָט עס דיין מאַמע גענומען?

— זי האָט עס נישט אָפּגעריסן פון בוים, זי האָט עס געקויפט און שוין.

און ווו האָט זי געקויפט דעם קעז?

— אין אַן אַפּטייק, איצט ווייסטו שוין?

— ניין, איך מיין וויפל נקודות דאַרף מען האָבן פאַר אַזאַ גרויסן שטיק געלן קעז?

אינמיטן דעם שמועס, האָט אַריינגעשניטן דאָס דריטע יאַטעלע מיט זיין שטימעלע און אויסגעשריגן:

— חמור! זעסטו דען נישט, אַז אַלע זיינע שאלות זענען נאָר דערפאַר, ווייל ער וויל, אַז דו זאָלסט אים געבן אַ שטיקל קעז.

דאָס יינגעלע האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט, ער האָט גענומען דאָס שטיק קעז און עס צעטיילט אויף דריי חלקים און חברה איז ווידער געוואָרן גוט־ברודער.

איך גיי אין דער ריכטונג צו „שושנת־הכרמל". דער נומער פון הויז קומט מיר אַנטקעגן. אַ ברייטע טעראַסע, פרילינגדיקע קאָלירטע וועראַנדע־מעבל שפּיגלט זיך אין דער פילפאַרביקייט פון דיביימער, גראָזן און בלומען. איך בלייב שטיין אַ ווייל פאַר דעם הויז. די טיר וואָס פירט אַריין אינעווייניק איז ברייט צעעפנט.

איך הער דעם קלאַנג פון דער ברייטהאַרציקער רוסישער שפּראַך, וועלכע דערטראָגט זיך צו מיר פון אַ שיינער פרויען שטימע.

איך גיב אַ דריק ביים טיר־גלעקל. פון צווייטן צימער קומען מיר אַנטקעגן צוויי פרויען: איינע — אַ מיטליעריקע, מיט אַ פּאָר ליכטיקע גרויסע אויגן וואָס כוואַלעווען מיט חן. אַ פּנים — כאָטש גיי און צוקוש זיך גלייך מיט דעם. בכלל ווער איך ספקדיק אין מיין באַשטימען: צו איז זי אַ פרוי פון איבער פערציק, אָדער גאָר פון עט־לעכע און צוואַנציק?

די צווייטע פרוי איז אַן עלטערע, אַ שלאַנקע מיט אַ קלאַסיש־אַריסטאָקראַטיש געזיכט, אין וועלכן עס האָט זיך איינגעקריצט שרעק־לעכע איבערלעבענישן. אין יעדן קנייטש אויף איר פּנים האָבן אי־בערמענטשלעכע ליידן איבערגעלאָזט אַ טיפן חותם.

— זענט איר פרוי ק... גיב איך אַ פרעג ביי דער עלטערער פרוי?

— יאָ איך בין עס, מיט וואָס קען איך אייך דינען?

— איך קום פון מעקסיקע און כ׳ברענג אייך אַ גרוס פון אייער שרהן.

מיינע הענט האָבן נאָך באַוויזן איר אַנצוכאַפּן, כ׳האָב קוים איר צוגעשלעפּט צו אַ שטול. עס האָט לאַנג געדויערט ביז זי איז געקומען צו זיך. אַז איר פאַרשטייפקייט האָט זיך צוביסלעך אָנגעהויבן נאָכ־צולאָזן, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמישן געוויין...

די טאָכטער האָט איר געגלעט, געלאַשטשעט, אויף כּוח איר גע־געבן אַ קאַלטן טרונק און אַזוי האָט זי זיך לאַנגזאַם גענומען באַרויקן. דאַן האָט זי אָנגעהויבן ריידן שטיל צו זיך אַליין:

— „מיין שרה! ווען זי וואָלט מיך דאַן געפאָלגט, ווער ווייסט צו זי וואָלט שוין היינט געווען צווישן די לעבעדיקע? איך האָב זיך ביי איר געבעטן רחמים, אַנטלויף נישט, פאַרלאָז אונדז נישט, וואָס עס וועט זיין מיט אונדז אַלעמען וועט אויך מיט דיר געשען. זי איז אָבער געווען קליגער פאַר מיר און זי האָט זיך ביי מיר געבעטן: „מאַמע קום, לויף מיט אונדז מיט" אָבער אַ מאַמע לויפט נישט אַוועק ווען עס בלייבט איבער אַ מאַן מיט נאָך קינדער".

איך בין געזעסן שטיל, ווי פאַראַליזירט. די ווייטיקדיקע דער־אינערונגען פון דער פרוי האָבן דורכגעבליצט דורך מיר ווי מיט אַן עלעקטרישן שטראָם און זיי האָבן מיך אָנגעפילט מיט צער.

די יונגע פרוי האָט געשטעלט כּיבוד צום טיש: קאַלטע פלעש־לעך מיט ביר און גזוז.

די אַלטע פרוי, ביי וועמען די בריליאַנטענע טראָפּנס פון די אויגן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן קייקלען אַלץ זעלטענער, האָט זיך לאַנגזאַם באַרויקט, זי איז געבליבן פאַר אַ ווייל שטיל און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. זי האָט אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף אַ קנויל שטריק־וואָל וואָס איז געלעגן אויפן טיש, האָט געצויגן דעם פאָדעם פון דעם קנויל און אים באַלד צוריק פאַרוויקלט, ווי זי וואָלט וועלן דורך דעם פאָדעם אויספלאָנטערן דעראינערונגען פון איר טרויעריקער פאַר־

גאַנגענהייט. אַזוי האָט זי זיך לאַנגזאַם באַרויקט און האָט מיר אָנגע-הויבן דערציילן פאָלגנדיקע געשיכטע:

— מיר שטאַמען פון ווילנע, פון דורות לאַנג זענען מיר געווען איינגעפונדרעוועט אין דער דאָזיקער שטאָט. מיין מאַן האָט געפירט גאָר גרויסע געשעפטן, געהאַט אייגענע הייזער און אַ גאָר גרויס פאַר־מעגן. אונדזערע קינדער האָבן געלערנט אין שולן, גימנאַזיעס און אייגע — אין אַן אוניווערזיטעט אין אויסלאַנד.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און צוואַנציק האָט אונדזער פאַמיליע דורכגעמאַכט גאָר אַ שווערע איבערלעבעניש, איצט באַ־גרייף איך ווי נאַריש מיר זענען דאַן געווען, אָבער צו יענער צייט, האָט עס געמיינט פאַר אונדז אַן אומגעהירע גרויסע טראַגעדיע אין אונדזער משפחה.

איר זעט אָט די טאָכטער, זי איז דאָך איצט אויך קיין עין־הרע שיין ווי גאָלד, דאַן איז זי געווען אַן אויסגעטאָקטע ליאַלקע און גוט איז זי געווען ווי אַ מלאך. זי האָט נאַרוואָס געהאַט פאַרענדיקט די גימנאַזיע.

מיר האָבן פאַר איר צוגעגרייט די נויטיקע אויסשטאַטונג, אויף צו פאָרן אין דעם אוניווערזיטעט, דאָרט ווו עס האָט זיך געפינען איר עלטערע שוועסטער.

אַ חודש שפּעטער נאָך איר אָפּפאָרן, האָבן מיר באַקומען פון איר אַ בריוו גאָר פון פּאַלעסטינע. זי האָט צו אונדז געשריבן, אַז זי איז אַריין אין אַ קבוצה אַרבעטן און זי פילט זיך גליקלעך.

וואָס עס איז דאַן פאַרגעקומען ביי אונדז אין הויז קען איך אייך דאָס נישט איבערגעבן אין ווערטער. אין שטוב איז געוואָרן אַ שטענ־דיקער תשעה־באָב. מיין מאַן האָט עס נישט געקענט איבערטראָגן און ער איז דאַן פאַר אַ לענגערע צייט קראַנק געוואָרן. וויפל ער האָט אין בריוו זיך ביי איר געבעטן, געחלשט, געפּאָדערט, אַז זי׳ זאָל צו־ריק אַ היימקומען, עס האָט אָבער קיין זאַך נישט געהאָלפן.

מיין מאַן איז געווען פון די אַלטע ציוניסטן, פון שטענדיק אָן איז ער געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אָבער די שרעקלעכע איבערלעבענישן פון דער טאָכטער וואָס איז אַוועק אין פּאַלעסטינע, האָט אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער האָט צוליב דעם אָנגעהויבן זיך צו דערווייטערן פון ציוניזם ביז — ער איז אַפילו געוואָרן אַ קעגנער פון פּאַלעסטינע.

נאָכמער פאַרביטערט איז ער געוואָרן ווען ער איז צוריקגעקו־מען פון פּאַלעסטינע. ער האָט געמיינט, אַז זייענדיק דאָרט, וועט ער קענען אויף איר ווירקן, אַז זי זאָל צוריק אַ היימקומען. ער איז דאָרט אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן, האָט געמאַכט פאַרשידענע אָנשטרענגונגען און ער איז צוריקגעקומען נאָך מער פאַרביטערט.

זיין גרוס וואָס ער האָט פון דאָרט מיטגעבראַכט האָט אונדז אַלעמען אויפגעשוידערט. איין קליינינקייט — אונדזער טאַניעלע, וואָס האָט זיך דערצויגן ווי אַ פּרינצעסן, קיינמאָל נישט געטאָן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, דאַרף דאָרט זיצן אין אַ קיך און שיילן קאַרטאָפל, וואַשן פרעמדע וועש און שלאָפן אין אַ לייוונטן ביידל. זיין גרוס האָט אונדז אַלעמען געשניטן ביים האַרץ.

מיין מאַן האָט ביי זיך אָפּגעשטימט, אַז ער מעקט טאַניען אויף אייביק אויס פון דער משפּחה. עס האָט זיך אָבער נאָר אַזוי גערעדט, דאָס הויז האָט זיך טאַקע צוליב דער געשעעניש אָנגעפילט מיט אומעט און צער, עס האָט אָבער ווי אַ זון־שטראַל אַריינגעשניטן צו אונדז יעדעס מאָל ווען דער פּאָטשט־טרעגער פלעגט ברענגען אַ בריוו פון טאַניען.

איינמאָל האָבן מיר איר געשיקט אַ טשעק אויף אַ גרעסערע סומע, האָט זי אים גלייך צוריקגעשיקט. זי האָט אונדז געדאַנקט און צוגע־שריבן: אַז עס פעלט איר קיין זאַך נישט און זי איז גליקלעך און צופרידן.

אַזוי זענען פאַרבייגעלאָפן יאָרן נאָך יאָרן. אַלע האָבן מיר שוין שלום געמאַכט מיט דעם פאַקט, נאָר ער איינער מיין מאַן, האָט נישט געקענט מוחל זיין דעם צער וואָס אונדזער טעכטערל האָט אים פאַר־שאַפט. אַפילו צו איר חתונה האָט ער נישט געוואָלט פאָרן.

⁂

ווי אַ דינער פון הימל זענען אויף אונדז אָנגעפאַלן די שרעק־לעכע היטלער־יאָרן. אומגליק, פּיין און נויט האָבן זיך געריסן צו אונדז דורך טיר און טויער. יעדע מינוט האָט אַכזריות און טויט גע־שוועבט פאַר די אויגן.

מיין שרהלע איז דאַן אַנטלאָפן מיט די רוסן און מיר האָבן פאַר־לוירן יעדן קאָנטאַקט מיט איר. מיר האָבן אַפילו נישט געוווּסט צי זי געפינט זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט איין און פערציק האָבן די דייטשע

מערדער אויפגעשטעלט די ערשטע געטאָ אין ווילנע. מיר זענען גע־
ווען די ערשטע אַריינגעפירט צו ווערן אין דער געטאָ.

די מער חשובע בעלי־בתים האָט מען יעדן טאָג אַרויסגעפירט
פאַר פייניקונגען און עקזעקוציעס. מען האָט זיי מערדערלעך גע־
שלאָגן זיי געהייסן קריכן אויף די הענט און בילן ווי די הינט. די
בלוטיקע דייטשע מערדער האָבן כסדר געפּאַדערט פון די יידן, אַז זיי
זאָלן אָנווייזן ווו זיי האָבן באַהאַלטן זייער געלד.

איין טאָג האָט מען מיין מאַן אַרויסגעפירט אויפן הויף פון דער
לוקישקער געפענגעניש. דאָרט האָט געשפּילט דער טייוול־אָרקעס־
טער. צעריסענע שטיקער פון ספר־תורות האָבן זיך געוואַלגערט אויף
דער ערד און די מערדער האָבן פון מיין מאַן פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל
שפייען און טאַנצן אויף די הייליקייטן. מיין מאַן האָט זיך נישט גע־
רירט פון דעם אָרט. מיט אייזערנע שטעקנס האָבן זיי אים פאַרפּיי־
ניקט צום טויט, ווען זיין בלוט האָט געפלעקט איבער די צעריסענע
שטיקער ספרי־תורות האָבן זיי אונדז געצוווּנגען די אַלע מערדער־
לעכקייטן צוצוזען.

מיינע צוויי טעכטער האָבן געשריגן מיט אַזעלכע ווילדע קולות,
אַז אַלע האָבן געמיינט, אַז זיי זענען אַרונטער פון זינען. איך בין דאַן
אַוועקגעפאַלן אין אָנמאַכט — אַ פאַרחלשטע. וואָס עס איז ווייטער גע־
שען געדענק איך קיין זאַך נישט מער. איך האָב אַ באַוווּסטלאָזע זיך
געוואַלגערט פון איין שפּיטאָל אין צווייטן. שפּעטער האָב איך זיך
דערוויסט, אַז מיין עלטסטע טאָכטער איז אַנטלאָפן פון דער געטאָ,
דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן די פייניקונגען. עס האָט זיך
נישט געזען קיין שום אויסוועג, אַפילו דער טויט האָט מיר נישט גע־
וואָלט אויסלייזן.

⁂

בעת די רוסן האָבן באַפרייט פּוילן, איז אין איין שיינעם טאָג
אָנגעקומען צו מיר אין שפּיטאָל מיין טאָכטער, די וועלכע האָט זיך
אַרויסגעכאַפּט פון דער געטאָ. זי האָט די גאַנצע צייט מיטגעאַרבעט
מיט די פאַרטיזאַנער אין די וועלדער. איך האָב זיך נישט געקענט
שטעלן אויף מיינע פיס. איך בין געווען אינגאַנצן פּאַראַליזירט. אַ
לאַנגע צייט איז מיין טאָכטער נישט אָפּגעטרעטן פון מיין בעט.

ווען איך בין אַ ביסל געקומען צו מיינע כוחות און האָב
זיך קוים געקענט שטעלן אויף מיינע פיס האָבן מיר אָנגעהויבן אַרומ־

צופאָרן פון שטאָט צו שטאָט אויפצוזוכן מיין יינגסטע טאָכטער.

מיר האָבן געזוכט און געזוכט, ביז מיר האָבן איר געפינען אין אַ שפיטאָל, אין דער שטאָט בידגאָשטש (אַ מאָל האָט עס געהייסן בראָמבערג), זי איז דאָרט געלעגן אַ צעבראָכענע, זי האָט דורכגעמאַכט עטלעכע אָפּעראַציעס און איז אַזוי פאַרבליבן מיט אַ צעבראָכענעם אויסגעדרייטן פוס".

אינמיטן די רייד איז אַריינגעקומען צו אונדז די ארץ־ישראל־דיקע טאָכטער און זיך געבעטן, אַז מ׳זאָל מער נישט ריידן וועגן די אַלע איבערלעבענישן, ווייל דאָס מיידל קומט אָן און עס איז זייער נישט געווינטשן צו ריידן וועגן די אַלע זאַכן אין איר קעגנוואַרט, עס ווירקט אויף איר שרעקלעך.

אין הויז איז אַריינגעקומען אַ מיידל אין די צוואַנציקער. אַ שלאַנקע, מיט אַ מאַיעסטעטישן אויסזען און מיט אַ שיין צאַרט איידל פּנים. פון די שיינע בלויע אויגן אירע האָט געברויזט מיט פּחד. אַפילו די פּאָר יאָר וואָס זי וווינט שוין דאָ אין ארץ־ישראל ביי דער שוועסטער, האָבן נישט געקענט פון איר אָפּווישן די אַמאָליקע שרעקלעכע גיהנום־איבערלעבענישן.

איך האָב געזוכט אַריינצוברענגען אַ געמיטלעכע שטימונג און כ׳האָב גאָרנישט אָנגעדייט אויף דעם, אַז די מוטער האָט מיר נאָר־וואָס איבערגעגעבן עטלעכע טרויעריקע קאַפּיטלעך פון אירע ליידן.

דאָס מיידל האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם גרוס וואָס איך האָב איבערגעגעבן פון דער שוועסטער אין מעקסיקע און זי האָט אויף זיך אַרויפגעצוווּנגען אַ שמייכל.

טאַניע די בעל־הביתטע פון הויז, וואָס איז פול מיט מוט און לעבן, חכמעט זיך און פילט אָן דאָס הויז מיט געמיטלעכקייט.

באַלד פאַרנעמט זי זיך מיר, צו באַווייזן איר רחבותדיקער היים: די פּרעכטיקע גרויסע צימערן, דעם סאַלאָן און די טעראַסן. אַלץ איז זייער עלעגאַנט אויסמעבלירט און דעקאָרירט מיט אַן ערשט קלאַסיקן געשמאַק.

עס קומט אַריינצולויפן אַ יינגעלע מיט אַ קאָפּ בלאָנדע לאָקן און ליכטיקע בלויע אויגן, ער רוקט מיר גלייך אַריין אַ הענטעלע מיט אַ ידידישן „שלום דוד?." באַלד לויפט ער צו צו דער באָבען, כאַפּט איר אַרום און קושט איר, ער רעדט מיט איר אַ זאַפטיקן ליטווישן יידיש.

דורך מיינע אויגן שיק איך ברכות צו יעדן ווינקעלע אין דעם

פּרעכטיקן הויז וואָס האָט געגעבן אַזאַ וואַרעמע היים צו דער אומ־גליקלעכער אַלטער מוטער און צו דעם יונגן ליידנדיקן מיידל.

מען פירט מיך אַריין באַוויזן די שיינע מאָדערנע קיך מיט דעם פּרעכטיקן „פרידזשידער", וואָס איז אָנגעפילט קיין עין־הרעדיק און וועלכער האָט פאַרשטאָפּטע אויערן צום גאַנצן „צנע" רויש וואָס זשומעט אין דרויסן. דאָס אַלצדינג פילט אָן מיין האַרץ מיט פרייד.

ווען איך האַלט שוין ביים געזעגענען זיך, כאַפּ איך אַ שמועס מיט דער אַלטעטשקער און איך גיב איר אַ פרעג:

— וואָס הערט מען עפּעס מיטן „פרידזשידער" וואָס אייער שרה האָט צו אייך געשיקט פון מעקסיקע?

נעמט זי מיר אונטער דער האַנט און פירט מיר אַרונטער אין קעלער. מיט מאַמעדיקע ציטערדיקייט ווייזט זי מיר אָן אויף דעם שיינעם צירונג, וואָס פריידיקט איר צעבראָכן האַרץ און זי זאָגט צו מיר:

— איך באַהאַלט עס... איר פאַרשטייט, קיין עין־הרע אַ מיידל... אפשר, אפשר וועט גאָט העלפן בקרוב מיט עפּעס אַ לייטישן זיווג — אין ארץ־ישראל איז עס דאָך אַ גאַר וואַזשנע מתנה, איי רבונו של עולם, ווי דערלעבט מען שוין דאָס שטיקעלע נחת!

אַז מיר גייען צוריק אַרויף פון קעלער פרעגט מיר די אַל־טעטשקע:

— נו, טאַקע, זאָגט מיר, פאַרוואָס זיצן זיי דאָרט, כ'מיין שרהלע מיטן מאַן און קינד צווישן די גוים? ווען דאָ איז קיין עין־הרע אַזוי ליכטיק, אַזוי שיין. אָט זעט איר דאָך די טאָכטער, זאָל איר קיין בייז אויג נישט געשען, זעט איר דאָך ווי איר לעבט זיך, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן.

אויף מיר און מיין מיידל לאָזן זיי דאָך קיין שפּרינקעלע נישט פאַלן.

עס פעלט דאָך אונדז נישט ממש פון קיין פויגל־מילך. מיין צווייטע טאָכטער, די וועלכע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון געטאָ און איז געווען דאָרט אַ פּאַרטיזאַנקע, וווינט אויך דאָ אין ארץ־ישראל. זי איז דאַנקען גאָט איינגעאָרדנט און עס פעלט איר גאָרנישט. טאָ צו־וואָס דאַרף מען זיצן דאָרט צווישן רוצחישע גוים? אדרבה, זאָגט דאָרט מיין שרהלען און איר מאַן, אַז וואָס שנעלער זיי וועלן קומען קיין ארץ־ישראל וועט פאַר זיי זיין אַ סך בעסער. זיי וועלן זיך איינ־

אָרדענען און עס וועט זיי חס־ושלום גאָרנישט פעלן. און לעבן אין
אַ יידיש לאַנד מיינט גאָרנישט?".

איך האָב זיך געזעגנט מיט די ליבע מענטשן. מיך האָט אַרויס־
באַגלייט פון הויז דאָס שיינע צאַרטע מיידל. מיר האָבן שפּאַצירט
אויפן שושנת־הכרמל טריט ביי טריט. זי האָט מיט באַגייסטערונג
און מיט שטאָלץ מיר אָנגעוויזן אויף דער גאַנצער שיינקייט וואָס
צויבערט דאָ אַרום. זי האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף יעדן
אייגנאַרטיקן סטיל פון די הייזער און אויף די גערטנדלעך וואָס זע־
נען אַזוי שיין צעבליט אַרום די הייזער.

מיר האָבן צווישן זיך געפירט דעם געשפּרעך אויף העברעיש.

אין דעם מאָמענט אָבער ווען איך בין איבערגעגאַנגען צו דער־
ציילן איר וועגן איר שוועסטער, שוואָגער און קינד פון מעקסיקע
האָט זי מיך געבעטן, אַז וועגן דעם זאָל איך צו איר ריידן אויף יידיש,
ווייל דורך יידיש פילט זי זיך נענטער צו זיי דאָרט...

איך האָב דערפילט די אָנגעשטרענגטקייט פון מיידל ביים גיין
צוליב איר אויסגעדרייטן פוס, האָב איך זיך אַנטשולדיקט מיטן אויס־
רייד, אַז איך מוז וואָס שנעלער אַרונטערפאָרן אין שטאָט אַריין. זי
האָט מיר באַגלייט ביז צום אויטאָבוס. איך האָב זיך מיט איר גע־
זעגנט און בין אַריין אינעווייניק.

ביי דער נאָענטסטער סטאַנציע בין איך ווידער אַרונטער פון
אויטאָבוס. איך בין געגאַנגען און געגאַנגען אויף דעם שיינעם כרמל־
באַרג און די גאַנצע איבערלעבעניש אין די לעצטע צוויי שעה האָט
מיר גערוישט אין די אויערן.

דאָס רוישן פון די ביימער־בלעטער, דאָס פּייפן און טרעלן פון
די פייגל אין וואַלד און דער צאַרטער ים־ווינט וואָס האָט געגלעט
און געלאַשטשעט, אַלץ אינאיינעם האָט אין מיינע אויערן געקלינגען
ווי דאָס געזאַנג פון אַן האַרמאָנישן כאָר. איך האָב ממש געהערט
אויסזינגען די פשוטע, אויפריכטיקע, האַרציקע, מאַמעדיקע ווערטער:
און לעבן אין אַ יידיש לאַנד מיינט גאָרנישט?!

# אַריינגעפּירט אַ „קאָנטראַבאַנדל" קיין ארץ־ישראל

צווישן די פּאָר צענטליק גרוסן, וואָס פריינט האָבן מיר מיט־געגעבן קיין מדינת־ישראל, האָט זיך צווישן זיי אויך אַריינגע־כאַפּט איין „קאָנטראַבאַנדל".

נאָך גוט וואָס אַלץ איז דורך בשלום, וואָרן ווי וואָלט געווען ווען פאַרקערט? ווערט ווייסט ווי אַזוי איך וואָלט אַרויסגעקראָכן פון דעם אומגליק.

וויפל שאַרפזין און חכמה ליגט אין אונדזער פאָלקס־ווערטל:

„אַז מען האָט קינדער אין די וויגן, זאָל מען לאָזן לייטן צופרידן".

פון שטענדיק אָן האָב איך ליב זאַכן גלייכע, קאָרעקטע, איך האָב פיינט געדריידלעך. דעריבער, ווען אייניקע פון מיינע באַקענטע האָבן מיר געוואָלט מיטגעבן — ווער אַ פּאָר מזומענע דאָלאַרן, ווער אַ פּאָר שטיקלעך גאָלד, האָב איך זיי געבעטן, זאָלן זיי זיך זוכן פאַר דעם אַנדערע פּאַסאַזשירן וואָס פאָרן קיין ארץ־ישראל. צו האָב איך דען זוכה געווען צו דערלעבן אַ יידישע מלוכה, כדי איך זאָל דאָרט ווערן אַ שמוגלער?!

אַז עס איז באַשערט אַ שטיקל פאַרדרייעניש קומט עס דיר גלייך אין שטוב אַריין. אמת טאַקע, אַז די קאָנטראַבאַנד־סחורה וואָס איך האָב דאָ געפּירט מעג מען לויטן געזעץ אַרויספירן פון מעק־סיקע און פריי אַריינפירן קיין ישראל, אָבער „ענינים" וואָס מוזן געהאַלטן ווערן בסוד סודות זענען שוין אַן און פאַר זיך אַ שטיק „קאָנטראַבאַנד".

די מעשה איז אַזעלכע:

מיט אַ צייט צוריק, בעת איך האָב נאָרוואָס אָנגעהויבן פּלאַ־נעווען מיין רייזע קיין ארץ־ישראל, האָט איינער, מיינער אַ נאָענטער פריינט, אַ בעלהביתישער ייד, וואָס דאַרף שוין בקרוב פירן אַ טאָכטער צו דער חופּה, זיך דערמאָנט אין זיינע „חטאת נערים". ערגעץ ווו אין אַ קאָרב פון זיין נשמה האָט אים געטאָטשעט. געדרוקט אַ פעלער, וואָס ער איז באַגאַנגען מיט אַ דרייסיק יאָר צו־

ריק אין זיין ליטװיש שטעטל. װער װײסט, אפשר האָט חרטה אים גע־פּלאָגט, פאַרװאָס ער האָט דאַן געלאָזט אונטערדריקן זיינע געפילן צוליבן װוילזיין פון אַנדערע?

פאַר זיינע אויגן האָט שטענדיק געשװעבט יענע בלאָנדע, צאַר־טע, בלױאױגיקע, שלאַנקע מיידעלע, װעלכע פלעגט זיך רויטלען אין קליינשטעטלדיקער צניעות און כשופן מיט איר אומשולד־חן.

עטלעכע מאָל האָט מיין פריינט מיט מיר אָנגעהויבן צו פאַר־פירן אַ שמועס װעגן דעם דאָזיקן ענין און שטענדיק האָט זיך עפּעס אַ מכשול אַריינגעשניטן, װי אַ שטן, אינמיטן פון אונדזער שמועס.

אַ פּאָר טעג איידער איך האָב פאַרלאָזט מעקסיקע אויף מיין רייזע קיין ארץ־ישראל, האָט ער מיר פאַרבעטן אין אַ קאַפע, ביי אַ װינקל־טישל, דאָרט װו די װענט זענען באַפּרייט פון זייטיקע אויערן, האָבן זיך זיינע זכרונות צעגאָסן אין אַ נאָגענדיקער בענקשאַפט. אָנ־געהויבן האָט ער אַ שטייגער, װי מען זוכט אַ פאַרװאָרפן בלעטל צװיי־שן אַ באַרג שמות װאָס ליגט ערגעץ װו אָװעקגעלייגט שוין פון צענט־ליקער יאָרן. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דער קנויל האָט זיך אָנגעהויבן אויפפלאָנטערן מיט אַ צאַפּעלדיקער פרישקייט. די מעשה האָט אַנגעהויבן װייען מיט אַזאַ אָטעם, װי די גאַנצע גע־שעעניש זאָל האָבן פאָרגעקומען אָט ערשט מיט אַ חודש צוריק.

ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פאָלגענדע געשיכטע:

„איך שטאַם פון אַ שטעטל אין דער ליטע מיטן נאָמען מאַריאַנ־פּאָל. ביי אונדזערס אַ שכן, אַ האַראָפּאַשנעם ייד אַ שניידער, איז גע־װען אַ מיידעלע מיטן נאָמען ביילקע. מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען אין דער שולע, װי קינדער פלעגן מיר זיך שפּילן צוזאַמען און שטענ־דיק רייסן זיך פאַר די נעז, אַזוי האָבן די יאָרן אונדז גערוקט פון קלאַס צו קלאַס, מער װי מיט לעקציעס פלעגן מיר זיין פאַרנומען מיט שטענדיקן ברוגז װערן און מיט איבערבעטעניש. מיט דער צייט האָב איך זיך פאַרליבט אין ביילקען איבער די אויערן, אין איר אָפּ־װעזנהייט האָט אַליץ פאַר מיר אויסגעזען פּוסט און זינלאָז.

ביי אונדז אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן טומלען. מיט גוטע רייד און מיט האַרבע װערטער האָט מען געזוכט מיך צו דערװייטערן פון איר.

מיינע עלטערן איז נישט אָנגעשטאַנען דער יחוס: איין קלייני־

קיט — ר׳איטשקע רויזנבלום זאָל זיך משדך זיין מיט בעבקע דעם לאָטוטניקן.

מיינע שוועסטער האָבן געשפּילט די ראָל פון אַ בלאָז־זאַק אין אַ קוזשניע.

זיי פלעגן צעבלאָזן דאָס פייער און אין הויז איז געוואָרן לעבעדיק...

עד היום ווייס איך נישט פונוואַנען מיינע שוועסטער האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך קלייב זיך צו אַנטלויפן מיטביילקען פון שטעטל.

איך האָב זיך געפילט ווי אין אַ קלעם: פון איין זייט מיין ליבע צו ביילקען און פון דער צווייטער — די ליידן פון טאַטע־מאַמע וואָס זייער צער האָט טאָג און נאַכט געפּרעסט אויף מיין געמיט.

מיין פאָטער האָט געפירט גרויסע געשעפטן מיט דייטשלאַנד און ער פלעגט אָפט פאָרן אַהין. איינמאָל האָט ער מיר שטאַרק צוגערעדט, אַז איך זאָל מיט אים מיטפאָרן קיין בערלין. אויפן וועג און אין דער גאַנצער צייט פון אונדזער זיין אין דייטשלאַנד האָט מיין פאָטער נישט אויפגעהערט צו ווירקן אויף מיר, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, זיין צער האָט געבראָכן מיין זעלבסטשטענדיקייט.

אין בערלין האָט ער פאַר מיר צוגעגרייט אַלע נויטיקע דאָקומענטן.

מיך אויסגעקליידט, געגעבן מיר גענוג געלט און ער האָט ביי מיר גענומען תקיעת־כף, אַז דריי יאָר צייט זאָל איך זיך נישט דורכשרייבן מיט ביילקען.

ווען איך בין אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר בין איך אָנגעקומען קיין מעקסיקע. אין משך פון אַלע די יאָרן האָט מיך געפּייניקט מיין געוויסן — פאַרוואָס איך האָב איר אַפילו נישט געשריבן קיין איינציק וואָרט ווו איך בין אָהינגעקומען.

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז ביילקע איז אין דעם זעלבן יאָר אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. איצט האָב איך אַ בקשה צו דיר: אַז דו זאָלסט איר אויפזוכן פאַר יעדן פּרייז אין וועלכער שטאָט זי וווינט ווייס איך נישט, איר פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט מער.

אַז דו וועסט איר אויפזוכן און געפינען, וועסטו איר גלייך דערקענען, אַ שלאַנקע, אַ בלאָנדע, שטענדיק מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל איוף איר פּנים און אַ פּאָר גרויסע בלויע ליכטיקע אויגן וואָס כשופן

מיט זייערע בליקן. אָבער געדענק — דער גאַנצער ענין מוז בלייבן שטרענג בסוד. נישט מיין ווייב אָדער ווער פון מיין משפחה טאָרן זיך נישט דערוויסן פון דעם וואָס איך האָב מיט דיר דאָ גערעדט, אַפילו צו מיין פאַמיליע אין ארץ־ישראל זאָלסטו אויך וועגן דעם ענין קיין וואָרט נישט דערציילן.

אָט דאָס שטיקל „קאָנטראַבאַנד" סחורה האָב איך מיט זיך מיטגעפירט קיין ארץ־ישראל.

⁂

— אַבי איך האָב געמיינט, אַז עס איז בלויז אַ וויץ, וואָס מ'דערציילט, אַז אַ גרינער איז געגאַנגען זוכן אַ משהן אין ברוקלין. אָט זוכט איר אויך אַביילקען אין ארץ־ישראל.

— טאָ זייט מיר מוחל, איר זענט אַ ליטווישער, און מאַריאַנפּאָל איז אַ קאַפּעטשקע קלענער פון ברוקלין, טאָ האָב איך געמיינט — אפשר?.

דער ליטוואַק האָט מיר געגעבן די זעלביקע עצה ווי די אַלע פריערדיקע ליטוואַקעס ביי וועמען איך האָב זיך כסדר נאָכגעפרעגט אויף ביילקען:

— רייסט אַרויס דעם נאָמען פון אייער נאָטיץ־ביכל און פּטור אַן עסק.

ווען איך האָב אויסגעפינען, אַז דער גאַנצער ענין איז נישט אַזוי לייכט און די מעשה ווערט אַ ביסל לעכערלעך דאַצו, האָב איך באַשלאָסן:

אַז דווקא, פאַר יעדער מי און אָנשטרענגונג, מוז איך אויפזוכן אָט אַ די ביילקען.

⁂

אין דער געביידע פון דער יידישער אַגענץ אין ירושלים, אין די סאַמע טיפענישן פון קעלער, געפינט זיך אַ ביוראָ פאַר אויפזוכן און פאַרבונדן קרובים איבער דער וועלט.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און פערציק, נאָכן גרויסן היטלער-מבול, בעת צעשראָקענע און פאַרפייניקטע יידן האָבן פון זייערע באַהעלטענישן אַרויסגעשטעקט די קעפּ אויף דער פרייער לופט, איז זייער ערשטער באַגער געווען: ווי אַזוי מען זאָל אויסגעפינען אייגענע צווישן די לעבנגעבליבענע.

צו יענער צייט האָט ארץ־ישראל אַרויסגעשיקט שליחים — ווי

די טויבן פון נחס תיבה נאָכן מבול — צו די אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, צו יעדן ווינקעלע ווו יידישע שרעק איז נאָך געווען אין פולן ציטער.

די ארץ־ישראל שלוחים זענען געווען די אָנזאָגער און טרייסטער, אַז לא אלמן ישראל!. ארץ־ישראל האָט די אַלע ליידנדיקע און פאַרפייניקטע יידן אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט און צו זיי געזאָגט: אַז זי איז גרייט מיט אַלע אירע מעגלעכקייטן צו העלפן די יידן אין זייער פאַרצווייפלונג ווו זיי זאָלן זיך נאָר נישט געפינען.

צו יענער צייט אין ביי דער יידישער אַגענץ אין ירושלים, געעפנט געוואָרן אַ ספּעציעלע אַדרעסן־ביוראָ אויפצוזוכן און צו פאַרבינדן קרובים.

היינט צו טאָג געפינען זיך אין דער ביוראָ אַדרעסן פון איבער צוויי מיליאָן יידן, פון דריי און צוואָנציק לענדער, קרוב צו זעכציק טויזנט מענטשן זענען שוין דורך דער ביוראָ געשטעלט געוואָרן אין קאָנטאַקט מיט זייערע געזוכטע קרובים. צו דער דיספּאָזיציע פון דער ביוראָ שטייען:

די פּרעסע, די ראַדיאָ „קול־ישראל" אין ארץ־ישראל און אַ סך אויסלענדישע יידישע צייטונגען. דער אָנפירער פון דער דאָזיקער ביוראָ איז — אַ חלוצעדיק־טייערער, נשמהדיקער יונגערמאַן, אַ ליטווישער ייד, אַגב אַ שיינער שרייבער, מיט נאָמען ישראַלקע זימאַן. אין דער אָ ביוראָ קען מען באַקומען אַ שלל מיט מאַטעריאַלן פאַר די פאָרשער פון דער דאָזיקער חורבן־עפּאָכע.

חבר ישראל זימאַן האָט זיך שוין באַצויגן צו מיין געזוכטער ביילקען מיט פאַכמענישער קענטשאַפט. ער האָט אַרויסגענומען אַ רעגיסטער פון אַלע מאַריאַנפּאָלער וואָס געפינען זיך אין ארץ־ישראל, אָבער — ווייל דער פאַמיליע־נאָמען פון דער ביילקען איז מיר געווען אומבאַקענט, האָט ער איר נישט געקענט אויפזוכן, ער האָט מיר אָבער געגעבן דעם אַדרעס פון דעם פאָרשטייער פון די מאַריאַנפּאָלער יידן אין ארץ־ישראל — אולי ירחם.

⁂

שוין צום ווייפלטסטן מאָל בין איך געווען אויף דער גאַס „שלום־עליכם" ביי ה' כנעני און אים קיינמאָל נישט געקענט טרעפן.

אין איין שיינעם טאָג בין איך אַהין אַוועק פאַר זיבן אין דערפרי, איך האָב ביי זיך געטראַכט: נו, פאַרפאַלן וועל איך אים אויפ־

וועקן פון שלאָף. איך האָב שוין דעם ה׳ כנעני געטראָפן אַרבעטנדיק ביים אויססאָרטירן פאַרשידענע גענוצטע מלבושים. אויף מיין פראַגע, צי איז דאָס זיין באַשעפטיקונג, האָט ער מיר געענטפערט:

— ניין אַזייגער אינדערפרי גיי איך אַוועק צו מיין געוויינטלעכער באַשעפטיקונג. די אַרבעט פון אויססאָרטירן די זאַכן און זיי פאַרפּאַקן, מאַך איך אין אָוונט ווען איך קום צוריק פון דער אַרבעט, און גאַנץ פרי איידער איך גיי אַוועק צו דער אַרבעט.

אויף מיין פראַגע, צי איז דאָס זיינס אַ זייטיקע פרנסה, האָט ער מיר דערציילט דאָס פאָלגענדע:

— עס קומען צו אונדז אָן פון אַמעריקע פון אונדזערע לאַנדסלייט פאַרשידענע קאַסטנס מיט קליידער צו פאַרטיילן זיי צווישן די אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע, טאָ סאָרטירן מיר זיי אויס: די בעסערע, די נייערע שיקן מיר אַוועק אין די געצעלטן־מחנות פאַר די נייאָנגעקומענע אין ארץ־ישראל. און די ערגערע ווערן אויספאַרריכט, געבראַכט אין אָרדנונג און מיר שיקן זיי איבער אין סאָוועטןפאַרבאַנד.

אויף מיין פראַגע צי איז די שיקונג צום ערשטן מאָל? האָט ה׳ כנעני אַרויסגענומען אַ שפּאָר ביסל פראַכט־טאַלאָנען און מיר באַוויזן, וויפל אַזעלכע טראַנספּאָרטן עס זענען שוין אַוועקגעשיקט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

וועגן מיין געזוכטן אַדרעס פון דער מאַריאַנפּאָלער ביילקען, האָט ער געטראַכט און געקלערט, געזוכט זיך צו דערמאָנען וועלכע מיידל איז עס געקומען מיט קנאַפּע דרייסיק יאָר צוריק פון מאַריאַנפּאָל קיין ארץ־ישראל מיטן נאָמען ביילקע? (ער אַליין איז שוין פון די גאָר אַלטע תושבים אין ארץ־ישראל) ביז ער האָט זיך ענדלעך דערמאָנט ווער דאָס איז. איר היינטיקן נאָמען ווייסט ער נישט, ער קען אָבער אירס אַ שוואָגער וואָס האָט אַ גאַראַזש אין צפת און זיין נאָמען איז אדומי.

⁂

איך פאָר קיין צפת.

איך בין אָנגעקומען קיין צפת אָן אָפּגעבראָטענער פון דער שטאַרקער חאמסין־היץ, וואָס האָט דעם גאַנצן וועג געפּרעגלט ווי אויף אַ בראָט־פּאַן, ווען איך בין אָנגעקומען אין דער שטאָט האָט אַ

קיל ווינטל געלאַשטשעט און געגלעט אַזוי מחיהדיק, אַז איך האָב גע־וואָלט דער גאַנצער שטאָט אַרומנעמען און קישן.

צפת שטייט אַכט הונדערט און צוואַנציק מעטער איבער דעם ים־פלאַך.

די שטאָט מאַכט נישט דעם איינדרוק ווי מען וואָלט איר גע־בויט, נאָר ווי אַלץ וואָלט אַרונטערגעפאַלן פון הימל, דערפאַר איז אַלץ דאָרט אַזוי כאַאָטיש: אַ גאַס געפלאָכטן אין אַ געסל, באַרג אַראָפּ און באַרג אַרויף. אַ קליין כאַטקעלע וואָס שטייט ביי אַ גרויס הויז און שפּאַרט עס אונטער — ווי אַ קוליע אַ הינקענדיקן. אַרום דער שטאָט ליגן כאַאָטיש צעוואָרפן שאַרפקאַנטיקע בערג, אַנגעוואָרפן אין אַן אומאָרדענונג איינער איבערן אַנדערן, עס ווייזט זיך מיר אויס ווי די בערג וואָלטן אַמאָל דאָ געפירט מלחמה איינער מיטן צווייטן און זיי האָבן זיך באַוואָרפן מיט שטיינער און פעלזן, און דעריבער איז אַזאַ כאַאָט־שקייט אַרום זיי.

קריך איך אַזוי איבער גאַס און געסל, אַרויף און אַראָפּ, און אַלץ קומט מיר פאָר אַזוי מיסטעריעז. און ס'איז נישט קיין וווּנדער — איז דאָך דאָ דאָס וויגעלע פון קבלה, גמטריות און סתרי־תורה אַלץ איז דאָ איינגעטונקען אין אַזויפיל שירה און נאַטור־געמעלן, און אפשר טאַקע דערפאַר זאָגן פיל, אַז די שטאָט הייסט צפת, ווייל די אותיות פון „צפת" זענען די ראשי־תבות פון ציור — מאַלעריי, פּיוט — פּאָעזיע און תורה.

אַזוי גייענדיק, אין דער צאַרטער, ווייכער, פרישער לופט אין צפת, בין איך צוגעקומען צום גאַראַזש פון דעם ה'אדומי. יאָ דאָ איז עס! ער האָט מיר באַלד אָנגעוויזן וווּ זיין שוועגערן געפינט זיך, אינגאַנצן אַכט גאַסן פון דאַנען.

די געדרייטע און פאַרדרייטע געסלעך וואַרפן אָן אַן אימה: טאָ־מער וועסטו נישט געפינען דעם צוריקוועג פון דעם אַלטן טייל אין צפת.

אויף די שטיינערנע טרעפּ וואָס פירן אַרונטער פון איין געסע־לע אין צווייטן, דאַכט זיך מיר אויס, אַז ביים אַרונטערגיין וועט דאָס שטיינערנע טרעפּל באַכפּאַלן נאָך מיר; אַזוי גייענדיק בין איך צוגע־קומען צו אַ גרויסן, שווערן, געשניצטן, אַלטן הילצערנעם טויער. איך האָב אָנגעקלאַפּט און עס איז אַרויסגעקומען אַ דיקע, קיין עין־הרע־דיקע, מיטליעריקע פרוי.

איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב פאַר איר אַ גרוס, איך ווייס נישט צו עס איז אַ משפּחה, אַ קרוב אָדער סתם אַ גוטער פריינט. זי האָט מיר פאַרבעטן אין הויז אַריין און מיר געבעטן זיצן. אין דעם מאָמענט ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז דער גרוס קומט פון מעקסיקע האָט זי אָנגעשטעלט אויף מיר מויל און אויערן און איר נייגעריקייט איז געוואַקסן.

ווי איך האָב נאָר אַרויסגעזאָגט דעם נאָמען „זאַלמענקע רויזנבלום" פון מאַריאַנפּאָל איז איר פּנים רויט געוואָרן ווי אַן אָנגעגליטער אייזן, געגומען פלאַמען ווי אַן אָנגעצינדענע שמאַטע געטונקען אין בענזין.

די בלוטן זענען איר פאַרלאָפן אין יעדן ווינקעלע פון איר פּנים. איך האָב באַמערקט ווי די פרוי גייט, מיט אַ היסטערישן אימפּעט, אַרויס פון גלייכגעוויכט. מיטאַמאָל האָט זי אָנגעהויבן שרייען ווילד: גורית! גורית! דאָ איז ער! זאַלמענקע איז געקומען אָנקוקן זיין קרבן! זי האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן זעץ אַוועק אויף אַ שטול, איבער ביידע זייטן האָבן זיך איבערגעגאָסן די אַלע איבעריקע טיילן, וואָס שטול האָט מער נישט געקענט קיין פּלאַץ פאַר זיי געפינען. דעם קאָפּ הייט זי, אַ האַלב פאַרחלשטע איבערגעוואָרפן איבערן שטולווענטל.

פאַר מיינע אויגן איז געבליבן זיצן אַן אומגעלומפּערטע וואַקסענע מומיע, וואָס אָט, אָט און זי הויבט אָן צעגיין דורך דער ברענענדיקער היץ, איך בין געבליבן אַן אומבאַהאָלפּענער.

פון צווייטן צימער איז אַריינגעלאָפן אַ שלאַנק, צאַרט, בלוי־אויגיק מיידל מיט אַ צופרידענעם שמייכל אויף איר פּנים, זי האָט דערלאַנגט דער ״מַמען אַ גלאָז קאַלטע וואַסער. זי איז גלייך צוגעלאָפן צו מיר, מיך אַרומגענומען און אָפּגעפייערט אין מיר אַ שרפהדיקן קוש:

— „אַך ווי איך האָב אייך געוואָלט קענען — האָט זי אויסגעשריגן — זינט איך האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין האָט נאָך מיין מאַמע נישט אויפגעהערט צו ריידן פון אייך. יאָ, אַזוי טאַקע האָב איך אייך זיך פאָרגעשטעלט!".

נאָך אַ ביסל וואָלט איך שוין אַליין ביי זיך באַשטימט, אַז איך בין עס טאַקע דער זאַלמענקע.

די פרוי האָט זיך צעשריגן: „חמורה!" דאָס איז ער דאָך נישט.

„דער מאַן האָט בלויז געבראַכט אַ גרוס פון זאַלמענקען. דער מאַן קומט פון מעקסיקע". דאָס מיידל איז נישט געבליבן געפּלעווט, זי האָט צו מיר געזאָגט:

— „איך האָב אַזאַ חשק צו ריידן מיט אייך וועגן זאַלמענקען!"

און זי איז צוריק אַריין אין דעם צווייטן צימער.

די פרוי, נאָך אינגאַנצן אַ צעברויזטע, אָבער שוין מער נישט אַזוי צעשרויפטע, האָט אָנגעהויבן ביי מיר אויספאָרשן:

—„ זאָגט מיר דעם אמת, איך בין זיכער, אַז ער געפינט זיך דאָ צוזאַמען מיט אייך, ער שטייט זיכער דאָ ערגעץ באַהאַלטן נישט ווייט פון דעם הויז. אָה, ער דאַרף זיך פאַר מיר נישט באַווייזן! ביין! זאָל דער מערדער נישט וואָגן מיין שוועל אַריבערצוטרעטן! איך וועל אים אָפּגיסן מיטן אַ זודיקן טאָפּ וואַסער! אה, אה, עס פּייניקט אים!

וואָלט ער כאָטש געזאָגט אַ גוטן טאָג איידער ער איז אַנטלאָפן, וואָלט ער כאָטש דורך דער צייט איינמאָל אָנגעשריבן אַ וואָרט. אַ מענטש באַגייט אַ פעלער, זוכט ער דאָס צו פאַרריכטן, זאָל עס זיין דורך ליגנס. אָבער נישט אינגאַנצן פאַרשווייגן!.

אַך ווי איך האָב זיך אָנגעליטן און לייד נאָך עד־היום!

„יאָ, זאָגט מיר נאָר, פונוואַנען האָט ער געוווסט מיין אַדרעס?"

— ער האָט אים טאַקע נישט געוווסט, איך האָב אים מיט שווע־ריקייט דאָ אויסגעפינען.

— זאָגט מיר דעם אמת, געפינט זיך זאַלמענקע טאַקע דאָ נישט ווייט פון דעם הויז? אַך ווי איך וואָלט אים געוואָלט זען! אַנטשול־דיקט וואָס איך האָב צו אייך אַזוי גערעדט, פאַרשטייט מיך, איך בין געווען אויפגערעגט. איר מעגט אים פאַרזיכערן, אַז עס וועט אים גאָרנישט געשען אויב ער וועט אַריינקומען, איך וועל אים אויפנע־מען ווי אַ גוטן גאַסט, ווי דעם ליבסטן און נאָנטסטן מענטש וועמען איך האָב אויף דער גאַנצער וועלט! פאַרשטייט מיך, נאָך אַזויפיל יאָרן און דער גרוס איז געקומען אַזוי פּלוצלינג. גלויבט מיר עס איז נאָך נישט אַוועק קיין איין טאָג, אַז איך זאָל אים נישט דערמאָנען. איי־דער איך האָב חתונה געהאַט מיט מיין מאַן האָב איך אים דערקלערט, אַז איך האָב מיט אים חתונה ווייל מען דאַרף חתונה האָבן, אָבער מיין האַרץ, מיין נשמה איז אויף אייביק פאַרבונדן מיט זאַלמענקען. מיין מאַן ווייסט וועגן דעם. איך האָב אים אַלץ דערציילט. מיט מיינע קינ־

דער רעד איך אָפּט וועגן זאַלמענקען, זיי ווייסן פון אַלץ. אַך ווי איך האָב אים געוואָלט זען!.

„זאָגט מיר טאַקע, אַזויפיל מענטשן קומען אַלס טוריסטן קיין ארץ־ישראל, און לויט ווי איר גיט מיר איבער איז ער דאָך גאַנץ פאַרמעגלעך, טאָ פאַרוואָס זאָל זאַלמענקע נישט קומען אַ קוק געבן אויף אונדזער שיינער מדינת־ישראל?״.

דאָס מיידל האָט אַריינגעבראַכט כיבוד.

מיר האָט שוין די גאַנצע היסטערישע ליבע-סצענע אַנגעהויבן קריכן פון האַלדז און איך האָב געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון אָט אַ דער אַנשיקעניש. דעריבער האָב איך זיך אָנגע־כאַפּט, ווי אין אַן אבן־טוב, אין דעם פאָרשלאָג פון דער מיידל, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שיינער שטאָט צפת.

שפּאַצירענדיק מיט אָט אַ דער שיינער, שלאַנקער, צאַרטער בלוי־אויגיקער סימפּאַטישער מיידל האָט זי פאַר מיר דערציילט וועגן אַלע ליבע־סצענעס פון איר מאַמען מיט זאַלמענקען און זי האָט אויסגע־דריקט איר שטאַרקן פאַרלאַנג אַ מאָל זיך צו טרעפן מיט אים.

ווען איך בין אַזוי געגאַנגען מיט אָט דער חנעוודיקער מיידל האָב איך ביי זיך געטראַכט: אייגנטלעך איז יעדער סאָרט „קאָנטראַ־באַנד״ אין תוך גענומען פאַרט „קאָנטראַבאַנד״... וואָרן אייגנטלעך וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען אַ שטייגער, אָנשטאָט מיט ליבע, איז דאָס מיידל איבערגעפילט מיט האַס און שנאה צו זאַלמענקען, און אויפן פלאַץ פון דעם הייסן, פייערדיקן טעותדיקן קוש, איז זי מיר מכבד מיט אַ טאָפּ זודיקע וואַסער אויפן פּרצוף?

איך האָב זיך פאַרגעשטעלט ווען מיין פריינט זאַלמענקע וואָלט טאַקע דאָ געווען, וואָלט ער אין אָט דער מיידל געווען דערקענט זיין אַמאָליקע צאַרטע, שלאַנקע, בלאָנדע און בלוי־אויגיקע ביילקע — אָנשטאָט דער ברייט-צעגאָסענער, באַברילטער יידענע, וועמען עס וואָלט אַ סך בעסער געפּאַסט צו זיצן איבער אַ פייער־טאָפּ און לייענען אַ תחינה, איידער אָפּצושפּילן היסטערישע ליבע־סצענעס.

## אינם טומל פון דעם וואַל־קאַמף צו דער צווייטער כנסת.

איין און צוואַנציק פאַרשידענע פאַרטייען און גרופּירונגען האָבן אַריינגעטראָגן וואַל־ליסטעס מיט זייערע קאַנדידאַטן צו דער כנסת.

צוליב פאַרשידענע סיבות האָט מען פון זיי פינף געפּסלט, זענען נאָך אַלץ געבליבן זעכצן וואַל־ליסטעס (גוים וואָלטן זיך מיט דעם געקענט אײַנטיילן פאַר פינף מדינות) איז עס גאַרנישט קיין וואונדער וואָס די לופט איז איבערפולט מיט קאַמף און אויפגעבלאָזענער שנאה.

עס טומלט זיך אויף שריט און טריט. הילכערס געפירט אויף אויטאָמאָבילן, קאַמיאָנען און לאַסט־אויטאָס שרייען, גוואַלטעווען, רוישן־פאַרטויבט צו ווערן. די פּלויטן, די ספּעציעלע מודעה־קיאָסקן זענען פאַרשמירט און פאַרקלעפּט מיט פאַרשידענע הבטחות, וואָס פאַרזיכערן דעם ווייִלער אַ גן־עדן התחתון אין ישראל, אַז אַ כפּרה צען אַמעריקעס פאַר דעם וואָס זיי וועלן באַווייזן צו געבן איין טאָג נאָך די וואַלן, אויב מען וועט נאָר שטימען פאַר זייערע קאַנדידאַטן.

פון חירות ביז די קאָמוניסטן, פון מפ"ם ביז די אגודהניקעס אין מיט זיי די אַלגעמיינע ציוניסטן — אַלע זאָגן צו גליקן און יעדע־אויף זיין שטייגער פּיילט זיינע קוילן אויף דער מפא"י.

איך לייען אויפמערקזאָם די אַלע אויפרופן. איך גיי צו פאַר־שידענע פאַרטיי־מיטינגען און איך בלייב דערשטוינט, ווי האָט זיך געקענט אַריינכאַפּן צו מענטשן אַזויפיל דעמאַגאָגיע, אַזויפיל פראַזן און לאָזונגען, וועלכע די רעדנער אַליין ווייסן גוט, אַז זיי האָבן נישט קיין שום ממשות. מען פּילט אין זייערע ווערטער, אַז זיי אַליין גלויבן נישט אין דעם וואָס זיי פּריידיקן.

אָט למשל: די אַלגעמיינע ציוניסטן לאָזן יעדן טאָג אַרויס אַ נייעם אויפרוף, וואָס טראָגט דעם „סימפּאַטישן" נאָמען: — „צדקיהו אומר" (אַ טאָג־בוך פון אַ ווייִלער).

„מאַנטיק: מיין פאָטער האָט מיר געשיקט אַ טשעק פאַר צוויי

דאָלאַר, האָב איך אָפּגעעסן אַ גוטן מיטאָג און אים געשריבן, אַז ער זאָל שיקן נאָך".

„דינסטיק: דער פּאָטשט־טרעגער איז קראַנק געוואָרן, האָב איך דערפאַר היינט גאָרנישט געגעסן".

„מיטוואָך: כ'האָב געטראָפן אַ רעגירונגס־באַאַמטן, האָט ער מיר געזאָגט אַז ער גייט איצט מאַכן גימנאַסטישע איבונגען, כדי אַרונטערצונעמען פון זיך אַ ביסל פעטס (אין די לעצטע צוויי יאָר איז ער שרעקלעך פעט געוואָרן). ער האָט מיר געזאָגט, אַז דער געבאָט פון דער שעה איז: צו לעבן אויף „צנע", האָב איך אים געענטפערט, אַז עס איז נישט נויטיק קיין פּראָפּאַגאַנדע, עס וועט זיין גענוג, אַז ער זאָל אַרונטער פון דער מאַכט און איבער נאַכט וועט זיין גענוג פון אַלעם גוטן אין לאַנד".

„דאָנערשטיק: דער פעטער פון אַמעריקע האָט געשריבן, אַז ער איז קראַנק. האָב איך אים געענטפערט: זיי געזונט און שיק דאָלאַרן".

„פרייטיק: מיין פעטער איז געשטאָרבן. איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ פּרוי וואָס האָט דערהאַלטן אַ פּעקל פון אַמעריקע און פון דעם געקאָכט אַ געשמאַקע זופּ. דערביי האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די פרוי האָט אויפגעגעסן מיין מומען".

„שוין פיר טעג ווי איך האָב נישט געגעסן, נישטאָ קיין דאָלאַרן, צום טייוול! ווער זאָגט עס, אַז מיר דאַרפן די אַמעריקאַנער נדבות?!"

אָט דאָס זענען די פּערלדיקע פּראָפּאַגאַנדע פון איין בלעטל, וואָס איך האָב דאָ ווערטלעך איבערגעזעצט. לייענענדיק דאָס האָב איך ביי זיך געטראַכט: אויב איר אַלגעמיינע ציוניסטן חוזקט אַזוי אָפּ פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרן טאָ צו וועלכע שוואַרץ יאָר שיקט איר אַזויפיל שליחים קיין אַמעריקע זאַמלען געלט?

אָדער די פּערלדיקע לאָזונגען אין די אַנדערע „צדקיהו אומר'ס".

„בן־גוריון! ווייסטו, אַז דו ביזט נישט מער קיין ראש הממשלה, טאָ פאַרוואָס פאָרסטו אַרום אין די קיבוצים מיט אַן אויטאָ אויפן חשבון פון דער רעגירונג?".

„בן־גוריון! דו און דיינע חברים וואַשן זיך מיט זייף, טאָ פאַרוואָס האָט די ישראל באַפעלקערונג נישט גענוג זייף אַרומצוואַשן זיך?".

⁂

חירות — ליאַרמט און שרייט מיט קולות וברקים, זי זוכט צו פאַרטומלען מיט זכות אָבותדיקן יחוס. פון די אַלע געשרייען אירע ווידערט אָפּ בלויז אַ כריפּענדיקע הייזעריקע שטימע, וואָס שטויסט זיך אָן אין אַ טויבער וואַנט, אפשר וועט מען אַמאָל קענען אויסנוצן די אַלע פראַזן אַלס מאַטעריאַל פאַר געשיכטע, אָבער אין דער באַ־ציונג פון עולם צו חירות פילט זיך, אַז דאָס איז שוין אַן אָפּגע־שפּילטע מאַרקע.

מזרחי און די אַגודהניקעס ווילן סתם אײַנריידן דעם עולם, אַז מען קען נישט אַנדערזש דינען דעם רבונו של עולם נאָר דורך מי־ניסטאָרן פּאָרטפעלן.



מפּ"ם, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון אַ באמת פּיינעם, טייערן טיפּ חלוצישן עלעמענט, וואָס איז צו יעדער מינוט גרייט זיך מק־ריב צו זיין פאַר יעדן שפּאַן אין ארץ־ישראל. צו זייער אָרגאַניזאַציע, אינטעליגענץ און דיסציפּלין מוז מען שטענדיק אַרויפקוקן מיט דרך־ארץ. זייערע קיבוצים זענען אַ מוסטער פון אידעאַליסטישן חלוציזם. אַן אינטעליגענץ אין זייער פירערשאַפט פאַרמאָגן זיי, מיט וועלכער עס וואָלטן זיך געקענט פאַרטיילן אַ צענטליק אַנדערע פּאַרטייען. ווערט אָבער די מפּ"ם פאַרשלעפּט, דורך געוויסע פּאָליטיק־טרייבער, צו הוראַ־געשרייען פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד, און דאָס פאַרטרייבט פיל פון זייערע סימפּאַטיקער.

דער צוזאַמענשטעל פון מפּ"ם איז פון דריי פּאַרטייען: פון „השומר הצעיר", פון „אחדות־העבודה" און פון די לינקע פּועלי־ציון.

לויט ווי מיר איז אויסגעקומען זיך צוזאַמענריידן מיט פאַר־שטייער פון געוויסע גרופּעס, וואָס זענען אַ טייל פון דער מפּ"ם, האָב איך געקראָגן דעם אײַנדרוק, אַז זייער פאַראייניקונג איז נישט קיין צעמענטירטע, נאָר אַ צוזאַמענגעקלעפּטע מיט אַזאַ מין קליי וואָס קען דורך יעדן נישט גינסטיקן קלימאַט זיך פונאַנדערפאַלן.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש: מיר איז אויסגעקומען צו ריידן מיט אייניקע פון זיי וואָס זענען געקומען אין די לעצטע יאָרן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

זיי האָבן נישט אָפּגעלייקנט די ידיעות וועגן חורבן וואָס דאָס רויטע רוסלאַנד האָט געשאַפן אינם יידישן לעבן דאָרט, דורך פאַר־ניכטן אַלץ וואָס איז יידיש, צוזאַמען מיט די יידישע שאַפער דאָרט

און זיי פאַרשטייען גאַנץ גוט פונקט ווי יעדער בר־דעת, וואָס ארץ־ישראל קען דערוואַרטן, ווען רויט־רוסלאַנד זאָל דאָ אַריינשטעלן איר סאָלדאַטסקן שטיוול, אָבער פאַר דער עפנטלעכקייט איז קיינער פון זיי נישט גרייט אַרויסצוקומען מיט אָט אָ די פאַקטן, בפרט פאַר די וואַלן, קנייפּט מען זיך אין די באַקן, כדי צושטיין ביי די פאַרבן, און מען שרייט צוזאַמען: „פּלישתים עליך! אַמעריקע וויל פאַרכאַפּן מדי־נת־ישראל".

ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין גבעת־ברענער, ווו אַ גרויסער טייל זענען מפ"מניקעס.. איינער פון זייערע פירער האָט מיט מיר פאַרפירט אַ שמועס. זיינע טענות זענען געווען: „פאַרוואָס האָט ישראל זיך פאַרקויפט צו אַמעריקע. מוחל די אַמעריקאַנער טובות, מיר דאַרפן נישט זייער הילף". האָב איך אים גענומען אונטער דער האַנט און געמאַכט מיט אים אַ שפּאַ־ציר איבערן קיבוץ. ווייז איך אים — זעסטו אָט די מאַשינען, זעסטו אָט די טראַקטאָרס, זעסטו אָט די אייזערנע וואַסער־רערן און אַלע די אַנדערע מאַטעריאַלן — אַלץ קומט פון אַמעריקע. קענסטו מיר אפשר אָנווייזן אויף זאַכן דאָ אין דעם קיבוץ וואָס זענען געקומען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד?. ווייטער זאָג איך צו אים: „מיין ליבער חבר, איך גלויב אין דיין אינטעלעגענץ און דו ווייסט דאָס פונקט ווי איך, אַז איבעררייסן מיט אַמעריקע און מיטן גאַנצן מעריב די פריינטלעכע באַ־ציונגען מיינט, זיך איזאָלירן פון אַלע יידישע מאַסן וואָס לעבן אין די אַמעריקאַנער לענדער. צו קענסטו זיך פאָרשטעלן, אַז ארץ־ישראל וואָלט געקענט עקזיסטירן זעקס חדשים אָן דער מיטהילף און מיט־ווירקונג פון די אַלע יידן וועלכע געפינען זיך אין די לענדער?.

„האָט דען ארץ־ישראל וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט די יידי־שע מאַסן אונטערן אייזערנעם פאָרהאַנג?" וואָלט ער שוין אפשר מס־כים געווען צו געווויסע אויספירן מיינע. איז ער אָבער אַ גוט דיס־ציפּלינירטער מפ"מניק און ער וועט זיך נישט אונטערגעבן. אָט די אַלע שטימען פון אַזעלכע חברים זענען זיכער פאַר מפ"ם, אָבער די שטימען פון די וואָס זענען געווען סימפּאַטיקער פון מפ"ם וועלן צוליבן קדושה־שפּרונגען פאַר סאָוועט־רוסלאַנד פאַרלוירן גיין פאַר מפ"ם.

די קאָמוניסטן, אָדער ווי זיי רופן זיך אין ארץ־ישראל „מאַקיס" זענען פּשיטא כמשמעו אַ מכה אויפן קערפּער פון דער מדינה, אַ דעס־

טרוקטיווער עלעמענט, וואָס העלפט מיט גאַרנישט און שאַפט גאָר־נישט פאַרן אויפבוי פון לאַנד. אָט די פּאַרטיי שפּילט נאָר יענע ראָל — וואָס „אַ קאַץ קען אויך קאַליע מאַכן" בפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונטערטראָגן רכילותן פון ישראל צום סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אין דעם לעבן פונם ריזיקן אויפבוי־ווערק פון דער מדינה, שפּילן די „מאַקיס" נישט די מינדעסטע ראָל, זיי האָבן נישט קיין איינפלוס אויף דער ידישער גאַס, וועלן דאָך אַנדערע פרעגן „אויב מיין אָפּשאַצונג איז אַ ריכטיקע טאָ פונוואַנען האָבן זיי געהאַט אין דער ערשטער כנסת פיר דעפּוטאַטן?" איז דער תירוץ אַ פּשוטער:

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז מיר אויסגעקומען בייצוזיין די וואַלן צום שטאָט ראָט אין עכו. די מפא"י וואָס איז די שטאַרקסטע און איינפלוסרייכסטע פּאַרטיי אין לאַנד האָט באַקומען דרייצן הונדערט פערציק שטימען און די קאָמוניסטן האָבן דאָרט באַקומען זעקס הונ־דערט און פופציק שטימען, אַז מען זאָל שאַצן די כוחות לויטן זיג פון דעם פּלאַץ וועלן געוויסע פערזאָנען אָנווייזן: „ס'טייטש איר זעט דאָך דעם גרויסן איינפלוס פון די קאָמוניסטן;." צעגלידערט מען אָבער די פאַקטן און מען נעמט אין אַכט, אַז אין עכו וווינען מערט־טנטייל אַראַבער און אַזוי ווי די מערסטע אַראַבער זענען אַ שונא־ישראל עלעמענט און ער ווייסט, אַז מיטן שטימען פאַר די קאָמוניסטן מיינט עס אַריינברענגען אין ישראל אַ „פרעמדע מאַכט" (אין דעם ידישן טייל פון עכו האָבן טאַקע די קאָמוניסטן געצויגן פינף און דרייסיק שטימען) דעריבער שטרעקן די אַראַבער אויס זייערע הענט צו דער שונא־ישראל אָרגאַניזאַציע — די „מאַקיס".

מיר איז אויסגעקומען זיך צוצוקוקן צו דער וואַל־פּראָפּאַגאַנדע אין נצרת (אַ הונדערט פּראָצענטיקע אַראַבישע שטאָט) דער אַראַ־בישער וועג-ווייזער האָט פאַר מיר איבערגעזעצט די קאָמוניסטישע פּלאַקאַטן אויף העברעיש, אין וועלכע עס ווערט אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכקייט פון די ציוניסטן וואָס האָבן פאַרכאַפּט אַן אַראַביש לאַנד און זוכן צו פאַרוואַנדלען די אַראַבישע מאַסן אין אייביקע שקלאַפן פאַרן ציוניזם. מיט נאָך בלבולים און זידלערייען אויפן חשבון פון דער ידישער מדינה.

אַז מען נעמט אין אַכט, אַז אין דער מדינה זענען פאַראַן איבער אכציק טויזנט אַראַבישע וואַל־באַרעכטיקטע, ביי וועמען מען שפּילט אויף זייערע נערוון וועגן זייערע אומגליקלעכע ברידער וואָס די ציו־ניסטן האָבן פאַרטריבן פון זייער היים־לאַנד און נאָך אַזעלכע העץ־

מאַטעריאַלן, איז זיך לייכט פאַרצושטעלן, אַז מען קען אַרויסבאַקומען שטימען פאַר די קאָמוניסטן, נישט נאָר פון די אַראַבישע פאָלקס־מאַסן, נאָר אַפילו פון די נעכטיקע עפענדיס און פאָגראָמטשיקעס.

⁂

אויף אַלע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אינטערעסירט מיר מער די אויסדרוקן און די רעאַקציע פון די פאַרזאַמלטע ווי די שיינע פראַזן פון די רעדנער.

נישט איינמאָל טראַכט איך ביי זיך: וואָלטן דאָ געווען די ווייַלער צענויפגעשטעלט פון דעם מאַטעריאַל וואָס מען רופט — „עולם איז א גולם״, וואָלט דאָן מפא״י נישט געקענט קריגן קיין צאָל שטימען אַפילו פאַר פינף דעפּוטאַטן. איין קלייניקייט, אַלע זאָגן צו גליקן פון הרים וגבעות, אַז אַ פּאָר טעג נאָך די וואַלן וועט מען פאַרוואַנדלען די אַלע אור־אַלטע חורבות אין בליענדיקע גן־עדנס, אַז ארץ־ישראל וועט נישט נאָר קענען זיך אַליין באַשפּייזן, נאָר זי וועט נאָך קענען אויסהאַלטן א האַלבע וועלט. אין דער זעלביקער צייט שילדערן די רעדנער פון מפּא״י די לאַגע, ווי זי איז אָנגעלאָדן מיט אַזויפיל שוועריקייטן, זיי אַנטבלויזן די אַלע שווערע פּראָבלעמען אין זייער פולער נאַקעטקייט און זיי זאָגן פאָר, נאָך פאַר אַ גאַנץ ווייטער צייט, גרויסע שוועריקייטן.

איך האָב געהערט בן־גוריונען זאָגן פון דער בינע: „מיר ווייסן, אַז אַלץ פעלט ביי אונדז, דאָס איז נישטאָ, די צווייטע זאַך איז נישט בנמצא, דאָס דריטע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ ווינציקער.

אויב מיר מוזן זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אייַנשרומפּן אין די מינימאַלסטע נויט־באַדערפעגישן, איז עס נישט דערפאַר ווייל מיר ווילן דאָס נישט געבן, נאָר ווייל מיר האָבן נישט, מיר זענען אָרעם. אויב מיר ווילן אויך ווייטער קענען אָנהאַלטן אַפילו דעם איצטיקן לעבנס־ניוואָ וועלן מיר זיין גליקלעך. הלוואי זאָל נישט זיין ערגער.

מיר האָבן אָוועקגענומען צוויי טויזנט לערער פון זייערע פּאָסטנס אין די שולן און זיי געשיקט אין מיליטער. מיר ווייסן וואָס פאַר אַ פאַרלוסט דאָס איז פאַר אונדזער שול־וועזן, איך באַדויער דעם פאַקט, אָבער איך מוז פעסטשטעלן, אַז מען מוז זיי האָבן אין דער אַרמיי״.

אָט אַזעלכע פּשוטע און אויפריכטיקע ווערטער קען מען הערן

פון אַלע אַנדערע רעדנער פון מפא״י. זיי גיבן איבער דעם אמת אין זיין פולער נאַקעטקייט. מען דעקט אויף די קאָרטן אַזוי ווי זיי זענען.

אַ סך מאָל דערפילט מען אין די רייד פון די מפא״י פירער, אַז זיי קענען זיך נישט באַוועגן אַזוי פריי מיט ווערטער ווי די פון אַנדערע פאַרטייען, ווייל זיי שטייען ביי דער מאַכט און זיי מוזן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן וואָרט וואָס זיי זאָגן.

גאָלדע מייערסאָן האָט איצט אַרויסגעגעבן אַ פּלאַן, צו בויען נייע אַכט און פערציק טויזנט שיכונים (וווינונגען פאַר אַרבעטער) ווייסן אַלע, אַז דאָס זענען נישט קיין סתם דבורים. וואָרן דאָס איז שוין אַ באַקענטע זאַך אין מדינת־ישראל, אַז וואָס מפא״י נעמט זיך אונטער ווערט עס מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט אויסגעפירט. מאַכן אַנדערע פאַרטייען חוזק פון דעם פּלאַן. אָבער דער אַרבעטער און פאָלקס־מענטש האָבן צוטרוי צו די רייד פון די מפא״י־מנהיגים.

ווי מיין שטייגער, פלעג איך אַרויסגייענדיק פון די פאַרשידענע פאַרטיי־מיטינגען כאַפּן אַ שמועס מיט מענטשן און איך האָב באַ־מערקט ווי די אַלע הבטחות און דעמאַגאָגישע פראַזן פון געוויסע רעדנער האָבן ביי די מענטשן אַרויסגערופן נאָר חוזק. האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם באַקענטן יידישן מעשהלע:

עס ווערט דערציילט, אַז איינער אַ ייד, אַ קבצן אין זיבן פאָלעס האָט באַדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער. ער האָט שוין אַנגעווענדט אַלע מיטלען און צו קיין מזומענע פאַר קערבלעך איז עס אַלץ נישט געקומען.

האָט ער געקויפט אַ לאָטעריי־צעטל און ער איז מיט דעם אַריין אין בית־המדרש, ער איז צוגעגאַנגען צום אָרון־קודש און זיך אַוועק־געשטעלט בעטן: „רבונו של עולם העלף מיר אין מיין שווערער לאַגע, און איך זאָג דיר צו, אַז דו וועסט מיר העלפן און איך וועל געווינען דאָס גרויסע געווינס וועל איך פאַרריכטן דעם דאַך פון בית־המדרש, איך וועל קויפן נייע טישן און בענק און מאַכן אַ נייע פאַדלאָגע״.

אַריבער דער טאָג פון ציונג און דער ייד האָט נעבאַך פאַרשפּילט.

איז דאָך אָבער אַ ייד אַן עקשן, האָט ער געקויפט אַ צווייט לאָטעריי־צעטל און ער איז מיט דעם אַריין אין אַ קירכע. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני פאַרן אַלטאַר און ער האָט אָנגע־הויבן בעטן; אויב ער וועט געווינען אויף דעם לאָטעריי־צעטל זאָגט ער צו: אַז ער וועט ביים אַריינגאַנג צו דער קירכע מאַכן אַ שיינעם

מעשענעם טויער, מאַכן נייע מאַנטעלעך פאַר די הייליקע בילדער, און אַ פּערטל פון דער געווינענער סומע וועט ער צעטיילן צווישן די גלחים. דעם מאָל האָט טאַקע דער ייד געווינען דאָס גרויסע געווינס. אַ פריילעכער איז דער ייד אַוועק אין בית־המדרש אַריין, ער איז צוגעגאַנגען צום אָרון־קודש און געזאָגט:

„איצט זע איך וואָס פאַר אַ גרויסן און קלוגן גאָט מיר יידן האָבן, ער, אונדזער גאָט האָט באַלד געוווסט, אַז איך בלאָף אים מיט מיינע אַלע הבטחות, אָבער זייער גאָט, דער טפש, האָט טאַקע געמיינט, אַז אַלץ וואָס איך זאָג אים צו מיין איך אויף אַן אמת"...

## פון תל־אביב ביז מטולה אין אַ היימישער חברותא.

שוין אַריבער צוויי חדשים ווו איך זאַפּ אין זיך אַריין ארץ־יש־ראלדיקע אַטמאָספערע. עס זענען דאָ מאָמענטן וואָס מיר דאַכט זיך, אַז איך בין גאָר קיינמאָל נישט געהאַט אַוועקגעפאָרן פון ארץ־ישראל, נאָר דאָ, צוזאַמען מיט אַלע די וואָס שאַפן און בויען, האָב איך אויך אַריינגעפלאָכטן מיינע פאָר צענטליק יאָר. עס איז אַ פאַקט: ארץ־יש־ראל מאַכט פילן אַזוי נאָענט, אַזוי אייגנס, אַזוי היימיש אין דו פילסט, אַז אַלע דערגרייכונגען און אַפילו די שוועריקייטן ווערן אַ טייל פון דיין אייגענעם איך. דאָך כאַפּן זיך אַריין מאָמענטן ווען עס גיט אַ צי צו דער ווייך־היים וואָס האָט דיר אין משך פון זעקס און צוואַנציק יאָר גאַסטפריינטלעך אַנגעוואַרמט, בפרט ווען דאָרט געפינט זיך דיין געליבטסטע און נאָענטסטע חברה אין לעבן, משפחה־מיטגלידער פריינט און חברים.

האָט זיך מיטאַמאָל, אין מיין איבער צוויי חדשימדיקער תושב־דיקייט אין ישראל, אַריינגעריסן אַ שטיק אָנגעגעמער היימישער חוץ־לאָרץ. עס איז אַריינגעפלויגן אַ גאַנצער „באַנטש" אייגענע חברה: קלמן לאַנדוי מיטן ווייב, פישל פלאַשנער, טוביה פושקאַר מיטן ווייב און שמואל לאַנדוי. מיט אַזאַ קאָמפּאַניע קאָן מען שוין מאַכן אַן איי־גענעם מנין. זענען מיינע ארץ־ישראלדיקע חברים שטאַרק נישט צו־פרידן, אויב ביז איצט בין איך שטענדיק געווען פאַרנומען מיטן אַרומלויפן און אַרומפאָרן און כ'האָב זיי געגעבן ווינציק געלעגענהייט מיט מיר זיך צוזאַמענקומען, האָט זיך מיין פרייע צייט איצט נאָך מער באַגרענעצט — אַ שטיק היימיש מעקסיקע איז אַריין קיין מדי־נת־ישראל.

⁂

דורך דער טוריסטן ביוראָ „יתור", וועלכע אָרדנט איין רייזעס צו פאַרשידענע פונקטן פון לאַנד, האָבן מיר באַשטעלט אַ ספּעציעלן אויטאָמאָביל פאָר אונדז זיבן, אויף אַ רייזע פון דריי מעת־לעת. וויל דער אויטאָ און שאָפער זענען געווען נאָר צו אונדזער דיספּאָזיציע האָט דאָס אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו מאַכן די רייזע קיין מטו־

לה, איבער די אינטערעסאַנטסטע פּונקטן פון לאַנד.

מיר האָבן צווישן זיך אָפּגעשטימט, אַז פּונקט אַכט אַ זייגער אין דערפרי זאָלן מיר אַרויספאָרן, אָבער איידער די צוויי דאַמען האָבן פאַרענדיקט זיך צו פּוצן און שמירן איז צעטרענצלט געוואָרן נאָך אַ שעה.

דער שאָפער — אַ צאַברע, אַן אייגענער יאָט, וואָס רעדט אַ געזונטן יידיש און נאָך אַ האַלב טוץ שפּראַכן דאַצו, ווערט גלייך איינער פון דער משפּחה. אהרן האָט געדינט אין דער יידישער באַפרייאונגס־אַרמיי, ער קען יעדעס ווינקעלע אין לאַנד און איז באַקענט מיט די אַלע שלאַכטן וואָס זענען אומעטום פאָרגעקומען. מיר פאָרן און עס ווערט פריילעך אויפן הארצן. מיינע „גרינע" מעקסיקאַנער קענען נישט אָוועקרייסן די אויגן פון דער שיינער לאַנדשאַפט און פון די פּרעכטיק־געפּלאַסטערטע שאָסייען, אַזוי כסדר צעצינדט זיך זייער התפּעלות פון איין דערשיינונג צו דער צווייטער.

אָט קומען אונדז אַנטקעגן גאַנצע רייען מיט ריזיקע געביידעס וואָס מען בויט דאָ פאַר נייע שיכונים, און באַלד נישט ווייט זענען פאַראַן גרויסע מחנות פון נייע עולים, טייל — נאָך אין ביידלעך און אַ גרויסער טייל — שוין אין באַראַקן, פאַרביי אונדז גרינען און בליען פעלדער, סעדער און גערטנער. אַזוי פאָרן מיר אַריין ביז „הערצליה".

פּושקאַר גייט דאָ באַזוכן זיינע פינף מיגרשים, וועלכע ער האָט געקויפט מיט פיר יאָר צוריק אויף דעם פּלאַץ. די אויגן פון שאָפער צעפלאַמען זיך ווען ער דערהערט, אַז אַ ייד האָט דאָ אין הערצליה פינף מיגרשים, ער שלאָגט אים פאָר צו באַצאָלן צען מאָל אַזויפיל וויפל די מיגרשים האָבן אים דאַן געקאָסט. די געגנט דאָ איז זיך שטאַרק צעוואָקסן. דאָ שטייט דער וווּנדערבאַרער לוקסוס האָטעל „שרון" וואָס איז דער שענסטער אין גאַנצן לאַנד. פון דעם האָטעל, וואָס שטייט געטונקען אין ביימער און בלומען, פירט אַרויס אַן אַלייע צו אַ גאָלדיק זאַמדיקע „פּלאַזשע", וואָס ווערט געלאַשטשעט דורך רויקע ים־כוואַליעס.

ווייל דאָ האָט זיך אַלץ אַזוי שיין אַנטוויקלט זענען די פּרייזן פון באָדן אַרויפגעשרויפט געוואָרן ביז אין די הימלען אַריין. מיט פיר יאָר צוריק האָט דאָ אַ געקאָסט זעקס הונדערט פונט אַ דונאַם (בערך טויזנט מעטער). היינט צו טאָג קאָסט שוין דאָ אַ דונאַם באָדן צוואַנציק טויזנט פונט.

⁂

מיר קומען אָן קיין נתניה, אַ שטאָט מיט אַ רחבותדיקן מאָדער־נעם פּאַרנעם: ברייטע אַספּאַלטירטע גאַסן און בולוואַרן זעענען באַביי־מערט פוןביידע זייטן, מויערן — הויכע, שיינע פּינקלען מיט זייער פרישקייט און פּרעכטיקע רעסטאָראַנען און קאַפעען שוימען זיך אַרי־בער פון זייער גדר, אַרויס אויף די ברייטע טראָטואַרן, מיט פּינקל־דיקע, מעטאַלענע טישלעך און בענקלעך.

זיצן זיך מענטשן דאָ געמיטלעך אין שאָטן, אונטער דער שוץ פון ברייט צעעפנטע קאָלירפולע שירמס, ווער עס דערקוויקט זיך מיט אַ גלידה, מיט אַ קאַלטן טרונק, אָדער סתם מען נעמט עפּעס אין מויל אַריין. אַלץ פינקלט דאָ מיט דאַטשע־געמיטלעכקייט. אין אָט דער באַרויקטער שטילקייט רייסט זיך אַריין דאָס געזאַנג פון אַרבעט: מען קלאַפּט, מען בויערט, מען זעגט א. אז. וו. אַזוי וואַקסן דאָ אויף נייע הייזער אין דער ברייט און אין דער הויך.

נתניה חלומט צו ווערן דער „האָליוווד" פון ארץ ישראל דערי־בער איז דער פּאַרנעם פון בויען די שטאָט אַ ווייט זעענדיקער.

נתניה שטייט אויף אַ באַרג. דורך ברייטע שטיינערנע טרעפּ, וואָס שאָטענען זיך אונטער אַ געפלעכט פון געדיכט פאַרצווייגטע בוימער־בלעטער און בלומען, לאָזט מען זיך אַרונטער צו דער „פּלאַ־זשע", אויף וועמענס גאָלדענע זאַמדן עס שפּילן זיך איצטער טויזנ־טער קינדער, וואָס זענען געקומען דאָ פאַרברענגען זייערע וואַקאַ־ציעס.

אונדזער אויטאָ שניידט דורך נייע וועגן, ער לויפט פאַרביי פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן, ביז מיר קומען אָן אין אַן אַלטן מושב פון תימנים. דאָ געפינען זיך אַזעלכע וואָס זענען שוין באַזעצט אויפן באָדן פון אַ סך יאָרן צוריק, האָבן זיי טאַקע שיינע ווירטשאַפטן אין לייטישע הייזער. נאָענט צו זייער מושב איז פאַראַן אַ גרויסע מחנה פון ניי אָנגעקומענע פון תימן, זיי אַרבעטן ביים שאָסיי און ביי פאַר־שידענע אונטערנעמונגען. כאַפּ איך אַ שמועס מיט אַן עלטערן מאַן וואָס איז שוין באַלד אַ יאָר אין ארץ־ישראל. יעדן ענטפער באַגלייט ער מיט אַ „ברוך השם". זיין אַסקעטיש פּנים זעט אויס ווי עס וואָלט שטענדיק געווען פאַרנומען מיט אַ תפילה. פון זיינע אויגן פינקלט אַרויס אַ פּייערל וואָס איז ווי פאַרנעפּלט מיט אַן אומעט. אַז איך פרעג אים, ווי גייט עס אים אין ארץ־ישראל, ענטפערט ער מיר: „ברוך השם טוב ולא טוב". פרעג איך אים פאַרוואָס איז לא טוב. דערציילט ער מיר פון זיין אומגליק וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן

דאָ אין ישראל. ער אַליין איז אַ מאַן שוין קרוב צו זעכציק יאָר, אַ ווייב האָט ער וואָס איז שוין אויך באַלד פופציק יאָר אַלט. איידער ער האָט פאַרלאָזט תימן האָט ער דאָרט פאַרקויפט אַלע זיינע זאַכן און פאַר אַ ביסל געלט האָט ער זיך איינגעהאַנדלט אַ ניי ווייב — אַ מיידל פון זיבעצן יאָר. ער איז מיר מסביר דערמיט „די פאַר־שטייסט, מען קומט אין אַ ניי לאַנד, מען דאַרף אָנהויבן אַרבעטן אויף ס'ניי, זענען יונגע כוחות נישט קיין אַלטע". און ער גיט צו: „זי איז געווען אַן אמתע כשרה יידישע טאָכטער. „פרעג איך וואָס הייסט זי איז געווען? לעבט זי חס ושלום נישט מער? ענטפערט ער מיר„ לא טוב, נאָך ערגער, נאָכן אָפּזיין מיט מיר צוויי חדשים איז זי אַנטלאָפן מיט אַ יינגן הלוץ און קיינער ווייסט נישט ווו זי איז אַהינגעקומען. איך האָב זיך שוין געווענדט צו דער רעגירונג, צום ראַבינאַט אויז לא טוב".

אַז איך האָב זיך געזעגנט מיטן נעבאַכדיקן אויסגעטרוקנטן, האַלב פאַרחלשטן יידעלע האָט נאָך פאַר אַ שטיק וועג געקלונגען אין מיינע אויערן דער שווערער זיפץ פון דעם תימנער „טוב ולא טוב" — עס ווענדט זיך פאַר וועמען...

⁂

מיר פאָרן פאַרביי אַראַבישע דערפער, אין זייער רשות געפינען זיך ריזיקע פעלדער, פאַרפלאַנצטע מיט פאַרשידענע גרינסן און פרוכטן, מערסטנס זענען די פעלדער באַדעקט מיט ברייטע און גרוי־סע „ווירדזשינאַ" טאַבאַק־בלעטער. אַזוי ציען זיך זייערע פעלדער ביז צום קבוץ „מגידו". מיט דעם נאָמען איז פאַראייביקט געוואָרן דער גענעראַל אַלענבי, וועלכער האָט געהאַט דעם טיטל „לאָרד אָף מגידו". מיר שניידן דורך מיט אונדזער אויטאָ דעם עמק יזראעל, עס ווילט זיך נישט גלויבן, אַז סך הכל מיט דרייסיק יאָר צוריק איז דער עמק געווען פוסט און פול מיט מאַלאַריע בלאָטעס, די מאָסקי־טאָס פלעגן יעדן דורכפאָרער מכבד זיין מיט אַ קוש. פון וועלכן ער האָט געהאַט געענוג צו קדחתן חדשים לאַנג. היינט בליט דער גאַנצער עמק ווי איין שטיק גאָרטן. די פעלדער זענען באַאַרבעטע, די וועל־דער זענען באַגרינטע און אַזוי אויך די סעדער און גערטנער. אַזוי פאָרן מיר פאַרביי קיבוצים, דערפער, מושבים און עס פריידיקט דאָס האַרץ צוצוקוקן ווי יידן אין יאַרמולקעס שטייען פאַרטיפט ביי זייער פעלד־אַרבעט ווי אַ מאָל ביי אַ שווערער סוגיה אין בית־המדרש. דאָס זע־נען מושבים פון „הפועל המזרחי".

אַזוי קומען מיר אָן קיין „עין חרוד".

„עין חרוד" איז געווען די ערשטע גרויסע קבוצה וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט איין און צוואַנציק. געדענק איך זייער גוט די דיסקוסיעס וואָס זענען דאַן אָנגעגאַנגען. אַ סך פון די, וואָס באַוווּנדערן היינט די דערגרייכונגען פון עין־חרוד, האָבן דאַן אויפגעוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז די פאָרעם פון קאָמונע־לעבן קען מען אפשר עקספּערימענטירן אין קליינע גרופּעס, אָבער ביי הונדערטער מענטשן אין איין פּלאַץ מוז דער עקספּערימענט האָבן אַ דורכפאַל, אָבער די מענטשן פון „גדוד העבודה" וואָס האָבן גע־גלויבט אין דעם קאָלעקטיוון כוח האָבן זיך פאַר דעם נישט דער־שראָקן. היינט איז עין־חרוד שטאַרק אַנטוויקלט. דער שטח וואָס דער קבוץ פאַרנעמט האָט צוויי און צוואַנציק טויזנט דונאַם. אַ געמישטע ווירטשאַפט, פון תבואה, גרינסן, בהמות, פיש־סאַזשעלקעס, פאַר־שידענע פאַבריקאַציעס, אַ גרויסע מעכאַנישע סטאָלעריי, און אַ גרוי־סע דרוקעריי. דאָ געפינט זיך אויך דער הויפּט סעקרעטאַריאַט פון „קיבוץ־המאוחד" און דער סעמינאַר זייערער. אין דעם קיבוץ לעבן בערך צוועלף הונדערט מענטשן.

מיר. ווי טוריסטן, שטעלן זיך אָפּ אין דעם האָטעל און רעסטאָ־ראַן וואָס געפינט זיך אין דעם קיבוץ, וועלכער איז באַקאַנט אונ־טערן נאָמען „הפונדק בעין־הרוד". דאָ אין דעם שיינעם רעסטאָראַן עסן מיר מיטאָג. דעם אמת געזאָגט, האָט מיר דאָ שטאַרק נישט גע־שמעקט דאָס טוריסטעווען זיך. איך האָב ליב אַריינצופאָרן אין אַ קי־בוץ ווי אַ קיבוצניק, אָנגעטאָן ווי זיי, שאַפן זיך פריינט און חברים און ווערן ווי איינער פון זיי. אָבער, אַז מיר קומען אַהער ווי געברא־טענע טוריסטן, אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, און די בריי־ליאַנטן אויף די פינגער שרייען, טומלען און גוואַלטעווען, זיצט מען אין דעם האָטעל און מען קוקט אַרונטער אויף די וואָס מוזן נעבאַך שטייען אונטער אַזאַ ברענענדיקער היץ און אַרבעטן. מיר איז גע־וואָרן האַרט דאָס ווייכע געזעס אין אָט אַ דעם „פונדק", בין איך אַרונטער צו די אַרבעטנדיקע חברים. אָט בין איך געשטאַנען ביי אַ בנין וואָס ווערט איצט געבויט, יעדער ציגל, וואָס האָט זיך אַוועקגע־לייגט, איז באַגלייט געוואָרן מיט דיסקוסיעס צווישן מפא"י און מפ"ם. די דיסקוסיעס זענען געפירט געוואָרן מיט אַזאַ פאַרביטערונג, נישט ווי צווישן חברים, נאָר ווי צווישן צוויי פיינטלעכע לאַגערן.

איך בין געגאַנגען צו פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער דאָ און

דאָרטן אין דעם קיבוץ און איבעראַל האָב איך אָנגעטראָפן אָט די זעלביקע דערשיינונג.

אין אַ שמועס מיט מײַנעם אַן אַלטן חבר האָט ער זיך פאַר מיר פאַרקלאָגט, אַז דאָס פײַער, די צעשפּליטערונג פון חברים, וואָס האָבן אין משך פון צענטליקער יאָרן געלעבט אַזוי ברידערלעך, איז דער־גאַנגען אַזוי ווײַט, אַז חבר מיט חבר רעדט נישט. עס זענען דאָ פאַ־מיליעס וואָס דאָס ווײַב היט זיך מיט אַ וואָרט אין קעגנוואָרט פון איר מאַן, און פאַרקערט. דער קאַמף און די פאַרביטערונג איז אויך אַריבער צו די קינדער. ווען איך בין צוריק אַרויף צום „פונדק" עסן מיטאָג האָב איך אין זיך אײַנגעזאַפּט אָט אַ די טראַגעדיע פון דעם אויסדרוק „אַנדרלמוסיה באה לעולם".

עס האָט מיך געפּײַניקט אָט די קאָנטראַסטן: פון איין זײַט האָבן אָט אַ די טײַערע חברה באַוויזן צו שאַפן פון אַ תוהו ובוהו אַזאַ גן־עדנדיקע רחבות ווו אַלץ בליט, שײַנט און וואַקסט. זיי האָבן אויך באַוויזן זייער קרבנות־גרייטקייט בעת די אַלע פּלעצער זענען געווען אין געפאַר פאַרניכטעט צו ווערן דורכן אַראַבישן שונא, און זיי האָבן באמת באַוויזן וווּנדער, וואָס שטייגט אַריבער אַלע אונדזערע השגות וועגן נסים, אין דער צײַט ווען דער שונא איז געווען הונדערט מאָל שטאַרקער. פון דער צווייטער זײַט — די שרעק וואָס דער עיקר, דער פונדאַמענט, דאָס חברישע צוזאַמענלעבן, וואָס דאָס איז דאָך אייגנט־לעך דער תוך און דער סוד פון אַלע דערגרייכונגען — דאָס האַלט זיך ביים אײַנברעכן.

נאָכן עסן זענען מיר פאַרבײַגעפאָרן תל־יוסף. מיר זענען אַרײַנ־געגאַנגען אין דעם פּרעכטיקן „בית שטורמאַן". דאָס איז אַ קולטור־הויז אויפן נאָמען פון איינעם פון די עלטסטע חברים וואָס האָט דאָ פאַרלוירן זײַן לעבן. דאָס הויז פאַרמאָגט אַ וווּנדערבאַרן מאָדערן־אײַנ־געאָרדנטן מוזעאום, אַ גרויסע, רײַכע ביבליאָטעק, אַרכעאָלאָגישע, באָטאַנישע און אַנדערע וויסנשאַפטלעכע אויסשטעלונגען און עקס־פּערימענטאַלע סטאַנציעס וואָס ווערן באַגלייט דורך דיאַגראַמען און בילדער. אַלץ איז דאָ אײַנגעאָרדנט נישט ווי אין אַ דאָרף, נאָר ווי אין איינעם פון די גרויסשטעטישע מוזעאומס. אויפן דאַך פון דעם מו־זעאום געפינען זיך טעלעסקאָפּן און גרויסע לאָרנעטעס דורך וועלכע מיר האָבן באַאָבאַכטעט די געגנט פון זייער ווײַטע שטחים.

ביים אַרויסגאַנג אין דעם מוזעאום בליט און רײַסט זיך צו די הויכן אַ יונגער צעדערבוים וואָס איז אַרומגענומען מיט אַ גלעזער־

נעם אוהל — דאָס איז אַ מאָנומענט נאָכן זון פון שטורמאַנען. משה בן חיים שטורמאַן וועלכער איז געפאַלן אין די שלאַכטן ביי גלבוע.

נאָענט צו עין־חרוד געפינט זיך די באַרימטע אָזערע „מי־סחנה" עס איז דאָ אַ מאמר — „ווער עס האָט נישט געזען „מי־סחנה", האָט נאָך אין זיין לעבן קיין לעבעדיקע וואַסער נישט געזען". בשעת מיר האָבן געכאַפּט אַ שווים אין אָט אַ דער ברילי־אַנטענער קלאָרקייט. ווו פון דעם גרונט האָבן אַרויפגעבלישטשעט אַ בונטע פאַרבנרייכקייט וואָס האָט זיך געשלום־עליכמט מיט די גאָלדענע זון־שטראַלן. דאַן זענען מיר געוואָרן עדות פון דער ריכטיקייט פון דעם דאָזיקן מאמר.

די שטיינערנע דורכגאַנגען איבער דער אָזערע, וואָס געפינען זיך דאָ, זענען געמאַכט געוואָרן דורך די רוימער בעת זיי האָבן גע־הערשט אין ארץ־ישראל.

אין קיבוץ תל־יוסף זענען מיר נישט אַריינגעגאַנגען. מיינע מיט־פאָרער האָבן נישט געוואָלט פאַרלירן קיין צייט. נאָר, אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין בית־אַלפאַ און אויך דאָ האָט מען געוואָלט פאַר־בייפאָרן, האָב איך שוין נישט מער אויסגעהאַלטן און כ'האָב שטאַרק פּראָטעסטירט, חברה האָט נישט מסכים געווען, נאָר באין ברירה האָט מען מיר נאָכגעגעבן.

געדענק איך דאָך ווען בית־אַלפאַ איז געבוירן געוואָרן. עס איז געווען אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און צוואַנציק.

דער ערשטער קיבוץ פון השומר־הצעיר אין ארץ־ישראל. איך געדענק נאָך דעם שפּאָט וואָס מען האָט דאַן געמאַכט פון יענע צע־פּיעשטשעטע גאַליציאַנער אינטעליגענץ, וועלכע פלעגן אַרויסגיין און צוריקקומען פון דער אַרבעט מיט מיליטערישן מאַרשרוט פון „אחת שתים" און מיט אַ ביכל אונטערן אָרעם. דער קיבוץ געפינט זיך אין מזרח זייט פון דעם עמק און פאַרנעמט אַ שטח פון צען טויזנט דונאָם באָדן. אַמאָל זענען דאָ געווען גרויסע מאַלאַריע זומפּן, היינט איז ער איינער פון די שענסטע אַנטוויקלטע און גרעסטע קיבוצים אין לאַנד.

דער סעקרעטאַר פון קיבוץ חבר לוי סלאָוויטש האָט מיך באַ־געגנט חבריש און באַוויליקט צו מאַכן מיט מיר אַ שפּאַציר איבערן קיבוץ.

דער משק דאָ איז זיך שטאַרק צעוואָקסן: אין די שטאַלן שטייען צוויי הונדערט און דרייסיק קי. עס זענען דאָ פאַראַן גרויסע, מאָדערנע הינער־שטייגן מיט טויזנטער ראַסע־עופות. דאָ עקזיסטירן גרויסע

וואָרשטאָטן מיט אַלע מאָדערנע טעכנישע אײַנאָרדענונגען און עס ווערט איצט געבויט אַ וווּנדערבאַרע געבײַדע, וואָס האַלט זיך בײַם אַרויסענדיקן, דאָ וועט זײַן דער „בית־תרבות" — ממש אַ שײנע טעאַטער געבײַדע. עס זענען דאָ אויך פאַראַן שײנע בנינים פאַר קינדער־שולן. די קינדער לערנען דאָ אין די שולן צוועלף יאָר צײַט, ס'הײסט ביזן עלטער פון אַכצן יאָר. דאָ אין דעם קיבוץ באַמערקט זיך אַ האַרמאָניע אין דער אַרבעט. עס דערקענט זיך אין יעדן צווײַג פון דערווירטשאַפט, אַז אַלץ קלאַפּט דאָ צו טאַקט. אפשר זענען גערעכט געווען יענע ווײַטזעער, וואָס האָבן אין יאָר טויזנט נײַן הונדערט זיבן און דרײַסיק געמאַכט די כירורגישע אָפּעראַציע איבער די אידעאָלאָגישע צוויסטיקייטן, וואָס האָבן דאַן געהערשט אין דעם קיבוץ און זײ האָבן דאַן באַשלאָסן צו מאַכן דעם אויסטויש פון הברים מיט רמת־יוחנן. די השומר־הצעירניקעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין רמת־יוחנן זענען אַריבער קײַן בית־אַלפאַ און די מפא"יניקעס פון בית־אַלפאַ זענען אַריבער קײַן רמת־יוחנן. דער עיקר איז — אין דעם קיבוץ בליט און אַלץ לעבט. בית־אַלפאַ באַשטײט פון זעקס הונדערט מענטשן.

ווען איך בין צוריקגעקומען צום אויטאָ האָבן מײַנע מעקסיקאַנער חברים מיר פאָרגעוואָרפן פאַר מײַן זוימען זיך לענגער ווי די באַשטימטע צײַט איז געווען. דער באַזוך אין דעם קיבוץ בית־אַלפאַ איז כדאַי געווען דעם קרבן.

מיר פאָרן און פאָרן ביז מיר קומען אָן אין עמק הירדן. מיר פאָרן פאַרבײַ דעם קיבוץ „גשר־חדש". דער קיבוץ „גשר־ישן" ליגט אַ צעשמעטערטער דורך די שלאַכטן מיט די אַראַבער. אויך די קבוצה „נוה־אור" ליגט אויף דער אַראַבישער זײַט אַ צעחורבעטע. מיר גײען אַרונטער פון דעם אויטאָ און מאַכן אַ שפּאַציר בײַ די דראָט־פאַרצוימונגען, ווו עס איז איצט די גרענעץ מיט עבר הירדן. דאָ ליגן די באַן־בריקן און דער שאָסײ אויפגעריסענע. די ייִדן האָבן זײ אויפגעריסן און דורך דעם האָבן זײ פאַרהאַלטן דעם פאָרויסמאַרש פון שונא.

דאָ שטײט אויך די גרויסע ענגלישע פּאָליצײ־סטאַנציע, אַ צעלעכערטע פון אַלע זײַטן. בעת דער באַפרײַונגס מלחמה האָבן די ענגלענדער איבערגעגעבן די דאָזיקע געבײַדע אין רשות פון די אַראַבער, פון דאָרטן האָבן די אַראַבער געשיקט פאַרניכטונג צו די ייִדישע פונקטן.

היינט געפינט זיך די פּאָליציי־סטאַנציע אויף דער יידישער זייט.

זי שטייט אָבער אַ צעלעכערטע און זי פּוסטעוועט.

נישט ווייט פון דאַנען זעען מיר די גרויסע רוטענבערג־עלעקטרישע סטאַנציע, וועלכע פלעגט דורך די דאַמבעס טרייבן דאָס וואַסער פון דעם ירדן און האָט געגעבן פאַר דער גאַנצער געגנט גענוג עלעקטרישע קראַפט. היינט ליגט די עלעקטרישע־סטאַנציע אַ צעשמעטערטע אויף דער אַראַבישע זייט. די מאַשינען וואַלגערן זיך אַרום צעבראָכענע. די בעסערע טיילן האָבן די אַראַבער צעשלעפּט.

מיר פאָרן פאַרביי „תל אַלקאַסאַר" וואָס ליגט אויף דער גרענעץ צווישן עבר־הירדן און סיריע, און מיר קומען אָן צו דעם צעשטראַלטן און בליענדיקן דגניה א. וואָס ליגט אַ געטובלטע אין הויכע פּאַלמען און געדיכטע אַלייען.

ביים אַריינגאַנג דאָ שטייט אַ גרויסער פראַנצויזישער טאַנק מיט זיין אָפּגענעם פּיסק צום קיבוץ, ער איז שוין געווען גרייט אויפצופרעסן און אָפּצווווישן אָט דאָס צויבער־ווינקל וואָס הייסט דגניה.

די קעמפּענדע כוחות זענען געווען נישט צו פאַרגלייכן. פון איין זייט די גוט אָרגאַניזירטע חילות פון דעם אַראַבישן לעגיאָן וועלכער איז אָנגעפירט געווען דורך געשולטע ענגלישע אָפיצירן, מיט מאָדערנע טאַנקען און אַרמאַטן, ביי דער זייט פון לעגיאָן האָבן מיטגעקעמפט די סירישע אַרמייען מיט זייערע עראָפּלאַנען און מאָדערנע געווערן, בעת דער יידישער צד האָט קענגן די אַלע משחיתים זיך באַדאַרפט אַנטקגן שטעלן בלויז מיט העלדישער גבורה, חכמה און בטחון.

ווען די סירער האָבן געעפנט אַן אַטאַקע מיט גרויסע טאַנקען, זענען אונדזערע בחורים אַרויף אויף די העכסטע ביימער און האָבן איבערגעצײלט יעכצן שטיק פון די אָנקומענדע טאַנקען. דער ערשטער גרויסער טאַנק האָט שוין באַוויזן אַריינצוקומען אין טויער פון אַריינגאַנג צו דגניה. קינדער און שוואַכע פרויען זענען עוואַקואירט געוואָרן פון דעם קיבוץ, אַ טייל האָט מען אויסבעהאַלטן אין די בונקערס,

ווען דער טאַנק האָט שוין מיט זיין פייערדיקן פּיסק זיך אַריינגעריסן אינם קיבוץ האָבן דעמאָלסט חברה געוואָרפן אויף אים זייער דינאַמיט־פלעשער. פון די גאַז־ריחות איז די אַראַבער געוואָרן שווער צו אָטעמען אינעווייניק אין דעם טאַנק, האָבן זיי פאַר אַ וויל אויפ־

געהויבן דאָס דעקל פון דעם טאַנק און אַרויסגעשטעקט די קעפּ צו כאַפּן אַ ביסל אָטעם, האָבן זיי באַקומען פון אונדזער חברה עטלעכע רעוואָלווער קוילן.

גלייך האָט מען אַרויסגעשלעפּט די פּגרים פון דעם טאַנק און חברה האָט מיט דעם זעלביקן טאַנק אָנגעהויבן אַטאַקירן די אַנדערע אָנקומענדיקע טאַנקען פון שונא. אַז די אַראַבער האָבן דערזען די שטאַרקע אַטאַקע וואָס קומט זיי אַנטקעגן מצד די יידן און עטלעכע טאַנקען זייערע זענען שטאַרק באַשעדיקט געוואָרן, האָבן זיי איבער־געלאָזט זייערע טויטע און פאַרוווּנדעטע און זענען אַנטלאָפן ווי דער פעפער וואַקסט.

שטייט איצט דער ריזיקער פראַנצויזישער טאַנק וואָס איז באַ־זיגט געוואָרן דורך יידישע רעוואָלווערן. ער שטייט פאַרגליווערט און אומשעדלעך ווי אַן עדות פון יידישער גבורה. שטיי איך אַזוי ביי דעם צעבראָשטשעטן פּיסק פון דעם מחבל וואָס זעט אויס אַזוי פאַכמאַטנע און גולמדיק אָן אַ ביסל פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכער פּראַצע און איך פרעג זיך ביי אים.

— צו וועלכע שוואַרץ יאָר ביזטו געקומען אַהער אַזש פון פראַנק־רייך צו די הענט פון די סיריער כדי צו צעשטערן און פאַרניכטן אָט אַ דאָס שיינע צויבער־ווינקל, וואָס מענטשן האָבן דאָ געשאַפן פון זומפּן, וויסטעניש און טויזנט יעריקער פוסטקייט?

טראָץ די אַלע איבערלעבענישן און שאָדנס, די צעשטערטע און חרוב געוואָרענע הייזער דורך דעם שונאס באָמבאַרדירונגען, שטייט ווידער דגניה און בליט. די שיינע אַלייען, דער רייכער „בית־בערל"־קולטור צענטער און די שיינע וווינונגען פון די חברים טובלען זיך אין גרינס, בלומען און געמיטלעכקייט.

מיר זענען אַריינגעקומען אין דגניה פרייטיק נאָך מיטאָג. דער קבלת־שבת האָט אַרויסגעשטאַרצט פון יעדן ווינקעלע אין קיבוץ. די שאָטנס פון די געדיכטע פאַרצווייגטע ביימער האָבן געגלעט די טיפע גראָזן, אויף וועלכע עס זענען געלעגן חברים און אויסגערוט זייער מידקייט פון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט.

הילכט דאָ יידיש קינדערשער געזאַנג און פרייד אינם געמיש פון דער פויגל־שירה וואָס טרילט און פייפט אַראָפּ פון די באַנעסטעטע ביימער און אַלץ צוזאַמען זיכערט זיך, אַ קיום אונטערן שוץ פון דער יידישער מלוכה.



אַרויספאָרנדיק פון דעם קיבוץ איז אונדז אַנטקעגן געקומען דער פּרעכטיקער ים כנרת, אין ווינקל ווו דער ים טרעפט זיך אָן מיטן ירדן. דער ים כנרת האָט איין און צוואַנציק קילאָמעטער די לענג און ניין קילאָמעטער די ברייט. פאַרוואָס מען רופט אים ים" ווייס איך נישט, און צוריקגערעדט וואָס אַרט עס מיר, זאָל אים דער נאָמען ווייל באַקומען.

ווען דער ים כנרת הויבט אָן אַריינגעמען אין זיך די זון פאַר איר נאַכטיקן רו און באַדעקט איר אינגאַנצן מיט אַלע זיינע וועלן, דאַן קומען מיר אָן קיין טבריה.

ביים מערבדיקן טייל פון גליל ליגט ווי אַ צעדריבלטע פון אַלט־קייט, די שטאָט טבריה. אַמאָל פלעגן צום ים כנרת קומען פיל קריסטן, ווייל דאָ איז דער פּלאַץ ווו יוחנן המטביל האָט געטובלט קריסטוסן.

איצט איז דער ים פול מיט יידישע יונגוואַרג.

די רוימער האָבן געבויט די שטאָט טבריה און איר אַ נאָמען געגעבן נאָך איינעם פון די רוימישע אימפּעראַטאָרן.

לויט די גמרא, איז טבריה געווען אַמאָל אַרומגערינגלט מיט אַ וואַנט פּונקט ווי ירושלים. דער טויער פון דער וואַנט איז אָנגערופן געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן נאָמען „פילי של טבריה" די גמרא זאָגט, אַז די תנאים און אמוראים פלעגן אַרומשפּאַצירן אויף דער וואַנט.

מיט טבריה איז אויך פאַרבונדן דער ערשטער פּרווו ווידער צו מאַכן ארץ ישראל פאַר אַ יידיש היימלאַנד. דאָס איז געווען אין זעכ־צנטן יאָרהונדערט, דורך דון יוסף הנשיא. דון יוסף איז געווען זייער באַליבט ביי דעם סולטאַן. אַלס אָנאַרקענונג פאַר זיין טריישאַפט האָט דער סולטאַן געשאָנקען די שטאָט טבריה צו דון יוסף.

פון טבריה האָט דון יוסף געוואָלט מאַכן אַ מקום מקלט און אַ הויפּט שטאָט פאַר יידן. אָבער די יידן האָבן זיך נישט אָפּגערופן אויף דון יוסף'ס רוף און זיי האָבן נישט געוואָלט קומען באַזעצן זיך.

ערשט אין יאָר טויזנט זיבן הונדערט זיבן און זיבעציק איז אַהער געקומען דער רבי פון שיפּאָטאָווקע און דער רבי פון קאַליסק און עס האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אַ חסידישער ישוב.

אין יאָר טויזנט זיבן הונדערט זעקס און אַכציק בעת עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע מגפה אין צפת זענען אַ סך צפתער יידן גע־קומען זיך באַזעצן אין טבריה. אין יאָר טויזנט זיבן הונדערט ניין און ניינציק איז אַהער אָנגעקומען ר' נחמן בראַצלאַווער מיט אַ טייל פון זיינע חסידים.

⁂

טבריה האָט ווייניק געליטן פון דער באַפרייאונגס מלחמה, הגם די שטאָט איז נאָך דער זעלבסטשטענדיקייט־דעקלעראַציע געווען איזאָלירט פון מדינת ישראל. די סיריער האָבן קאָנטראָלירט דעם צפונדיקן וועג און דער אַראַבישער לעגיאָן האָט בלאָקירט דעם וועג צו די קאָלאָניעס פון ירדן־טאָל צו דרום. אַראַבישע סאָלדאַטן האָבן געשטערט די קאָמוניקאַציע מיטן מערבדיקן טייל. אָבער נאָך אַ שלאַכט וועלכער האָט געדויערט עטלעכע טעג, האָבן די יידישע סאָל־דאַטן באַוויזן וווּנדער און טבריה איז דעראָבערט געוואָרן.

מיר פאָרן אַרויף אויפן באַרג צו ניי־טבריה. דאָ אין דער הויך בויט זיך אַ גאַנץ נייע שטאָט מיט פּרעכטיקע בולוואַרן וועלכע ווערן באַשאָטנט פון ביידע זייטן מיט מאַיעסטעטישע פּאַלמען־ביימער. אַרום די אַלע נייע הייזער חנדלען זיך בלומען גערטנדלעך.

אַרום אין אַרום שטאַרצן פון די בערג אַרויס נייע דריי און פיר גאָרענדיקע הייזער.

דאָ אין דער נייער טייל פון דער שטאָט, פאַרפאָרן מיר אין דעם„ גובערמאַן האָטעל”, אַ קליינער אָבער אַ באַקוועמער און מאָ־דערנער האָטעל, מיט ברייטע טעראַסן, דורך וועלכע עס כשופט אַריין דער צויבער פון דעם אַרום.

פרייטיק צו נאַכטס אין טבריה.

דער הימל אַ לויטערער האָט זיך נאָרוואָס באַפרייט פון דער גליענדיקער זון, ער ליגט אויסגעשפּרייט אַ צעשמייכלטער און וויב־רירט צווישן בלוי און העל גרוי. אויך ער, דער הימל, זעט אויס אַן אויסגעוואַשענער און איז באַחנט מיט שבת מלכהדיקייט.

גייען זיך יידן לאַנגזאַם און געמיטלעך צו די שולן און בתי־מדרשים; לויט די קאַפּעלושן, קאַשקעטן און היטלען איז לייכט צו דערקענען די המשכן פון די פרייטיק צו נאַכטסן, וואָס די יידן פלעגן אַמאָל פראַוּוען אין די היימען פון זייערע געבוירן־לענדער.

מר. גובערמאַן, כאָטש ער דערקענט אין אונדז, אַז מיר זענען נישט פון די דאַוּוענער, דאָך דערפילט ער זיין חוב און פאַרבעט אונדז מיטצוגיין מיט אים צו קבלת שבת. ער טראָגט אונדז אַנטקעגן אַ — „שבת שלום” און ער גייט אַליין צום דאַוּוענען.

נאָך דער פרייטיק צו נאַכטסדיקער סעודה האָט אהרן, אונדזער מורה־דרך אונדז אויסגענומען אויף אַ שפּאַציר אין טבריה. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אונדז אינטערעסירט נישט אין דעם איצטיקן מאָ־

מענט קיין אַרכעאָלאָגישע נייגעריקייטן. מיר האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר אין דעם אויטאָמאָביל איבער דער אומגעגנט אין טבריה און צום סוף זענען מיר פאַרפאָרן אין אַ שיינעם פאַרוויילונגס פּלאַץ אונטערן פרייען הימל. דאָ האָט געשפּילט אַ פּרעכטיק־שיינער אָרקעסטער און פאָרלעך האָבן געטאַנצט. אהרן האָט אונדז באַקענט מיט אַ מיידל אסתר. מיר האָבן איר פאַרבעטן צו אונדזער טיש און אַלע אַרום האָבן געשפּיצט זייער אויגן צו אָט אַ דער אסתר. אַ שיין רייצנד, שלאַנק, צאַרט מיידל איז זי אסתר, זי ברויזט מיט חן. בלויז מיט אירע רייצנדיקע בליקן איז זי פעיק אַרונטערצופירן דעם גרעסטן צדיק פון זיינע מחשבות. אויב יענע אסתר פון דער מגילה איז געווען אַזאַ יפת תואר ווי די אסתר פון טבריה, איז עס ממש אַ בלבול אויף אחשורושן, אַז ער איז געווען אַ טיפש.

שבת זענען מיר אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און מיר האָבן גע־מאַכט אַ שפּאַציר. מיר האָבן זיך איינגעזאַפּט די שיינקייט פון דער ניי פאַרצווייגטער טבריה בעת זי שפּיגלט זיך אין דעם נאַרוואָט אויפגעוואַכטן ים כנרת. דערנאָך זענען מיר אַרונטער אין דער אַלטער שטאָט.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם קבר פון ר׳ מאיר בעל הנס און מיר זענען אָנגעקומען צום קבר פון רמב״ם, עס איז אַן איינפאַכער, פּשוטער קבר, געפאַרמירט פון ליים אין אַ האַלבן רונד. עס זעט אויס ווי אַ באַק־אויוון, אויסגעפאַרבט מיט בלימעלעך. עס איז אויף אים בלויז דאָ דער אויפשריפט: ר. משה בן מימון. געבוירן געוואָרן י״ד ניסן תתצ״ה. נפטר געוואָרן תתק״סה.

ווי אַזוי דער רמב״ם איז געקומען צו קבורה דאָ קיין טבריה איז נישט קלאָר, ווייל ווי באַוווסט האָט דער רמב״ם געלעבט און נפטר געוואָרן אין עגיפּטן. דערציילט אָבער אַ לעגענדע דאָס פאָלגנדע: בעת דער רמב״ם איז נפטר געוואָרן האָט ער איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז נאָכן טויט זאָל מען אים אויף אַ קעמל איבערפירן קיין ארץ־ישראל איז ביים ערשטן פּלאַץ, ווי דאָס קעמל וועט זיך אָפּשטעלן און נישט וועלן ווייטער גיין, דאָרט זאָל מען אים מקבר זיין.

אַרויסגייענדיק דורכן אייזערנעם טויער פון דעם הויפל, אין וועלכן עס געפינט זיך דער קבר פון רמב״ם, געפינען זיך אויך די קברים פון ר׳יוחנן בן זכאי און זיינע פינף תלמידים: אליעזר בן הורקנס, יהושע בן חנניה, יוסי הכהן. שמעון בן נתן און אליעזר בן ערוך.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט אונדזער שפּאַציר אַרום דער אַלטער־טימלעכקייט פון טבריה, זענען מיר צוגעגאַנגען צו דעם שיינעם פּלאַץ „לידאָ". דאָס איז אַ פּרעכטיק שיינער פאַרווײַלונגס־פּלאַץ מיט אַ ווונדערבאַרער „פּלאַזשע" ביים ברעג פון כּנרת. פון גאַנץ פרי זע־נען דאָ שוין פאַראַן צענטליקער פאַרליבטע וואָס פאַרברענגען דאָ זייער שבת־דיקער מנוחה, אין דער באַגלייטונג פון שיינער מוזיק, מיט אַ שווים, אַ טענצל און אַ גוטן קאַלטן טרונק.

⁂

מיר זעצן פאָר אונדזער רייזע. מיר פאָרן פאַרביי די מושבים: גבי־שר, מגדל און מושב זאַנגוויל. איידער מיר קומען אָן קיין „ראש־פינה" פאָרן מיר דורך אַ טויער און פלאַץ ווו עס שטייען לאַנגע צע־מענטענע טישן. דאָ האָבן די ענגלענדער געהאַט זייער צאָל־אַמט פאַר די סחורות וואָס די אַראַבער פלעגן אַריינפירן פון די אַראַבישע לענ־דער קיין ארץ־ישראל. פון וויטן זעען מיר דעם ביבלישן מי־מרום, וואָס שטראָמט צום ים כּנרת. מיר שטעלן זיך אָפּ אין דער געגנט פון די חולה־זומפּן, וווּ אויף יענער זייט ווערן איצט דורך יידישע הענט אויסגעטרוקנט די זומפּן, אַרום וועלכע עס האָט זיך פאַרמישט אַן אינטערנאַציאָנאַלער סכסוך.

מיר פאָרן פאַרביי אילת־השחר און מיר קומען אָן קיין „כפר־גלעדי".

אויך דאָ מוז איך נוצן מיין עקשנות קעגן אַ טייל פון מיינע מיטפאָרער, וואָס ווילן דעם גאַנצן טיול פאַרוואַנדלען בלויז אין אַ „מאַווי פּיקטשור אויפנאַמע". מיין אולטימאַטום איז אַ פּשוטער:

אויב איר ווילט נישט אַרונטערגיין אין „כפר־גלעדי" טאָ לאָזט מיך דאָ איבער און איר פאָרט אייך ווייטער געזונטערהייט. פאַר־שטענדלעך, אַז דאָס וועלן זיי נישט טאָן, טאָ כעסט מען זיך אויף פאַרשידענע אופנים און מען בלייבט מיט מיר.

ד'ער קבוץ תל־חי איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן, היינט איז דאָס פאַראייניקט מיט כפר־גלעדי. דאָס ערשטע גייען מיר דאָ צום קבר פון יוסף טרומפּעלדאָר און די אַנדערע חברים וועלכע זענען צוזאַמען מיט אים געפאַלן פאַרטיידיקנדיק דעם פּלאַץ אין אָנפאַל פון בע־דואינער.

אַ גרויסער מאָנומענט פון אַ לייב וואָס זיצט און שרייט אַרויף צו די הימלען געפינט זיך איבערן קבר פון די אַלע געפאַלענע מיטן אויסרוף „בעד עמינו ובעד ארצינו".

ערשט היינט נאָך דער אנטשטייאונג פון דער מדינת־ישראל, איז אונדז פאַרשטענדלעכער דער זין און וויזיע פון יענעם קאַמף, ביי וועלכן די העלדן זענען געפאַלן. וואלטן זיי דורך זייערע לעבנס נישט געוועזן גערעטעוועט אַט אָ די אַלע געגנטן, וואַלטן מיר היינט געהאַט די גרענעץ מיט די סיריער, נישט אין מטולה, נאָר אין ראש־פינה, און פאַר אונדז וואַלט פאַרלוירן געגאַנגען די גרויסע און רייכע געגנט פון דעם גליל העליון.

שטייען מיר אַזוי פאַר דעם ברידער־קבר מיט געבויגענע קעפּ און מיט כבוד און דרך ארץ פאַר יענע העלדישע קעמפער אונדזערע.

ווי איך בין זיך נוהג אין אַלע קיבוצים האָב איך אויך דאָ דאָס ערשטע זיך באַקענט מיטן סעקרעטאַר פון קיבוץ, חבר ראובן יובל. ער האָט פריינטלעך זיך באַמיט צו באַקענען אונדז מיט אַלע דער־גרייכונגען פון דעם קיבוץ.

דער קיבוץ „כפר־גלעדי" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט און זעכצן, דורך דער אַמאָליקער אָרגאַניזאַציע „השומר" און רופט זיך טאַקע אויפן נאָמען פון דעם אָנפירער פון יענער אָר־גאַניזאַציע — ישראל גלעדי. דער קיבוץ אין כפר־גלעדי איז זיך שטאַרק צעוואָקסן. ער באַזיצט אין זיין רשות צען טויזנט דונאַם באָדן. איינע פון די מאָדערנסטע מעכאַנישע וואַרשטאַטן צו פאַרריכטן טראַק־טאָרן און אויטאָמאָבילן און אויך — אַ גרויסע סטאָלעריי־פאַבריק מיט די מאָדערנסטע מאַשינען. אַ קיך און עס־זאַל זענען דאָ פאַראַן אין דעם קיבוץ וואָס וואָלט זיך זייער גוט געקענט אַריינפּאַסן אין אַן ערשט־קלאַסיקן ניו־יאָרקער האָטעל. דאָ איז אויך פאַראַן אַ שיינער קולטור־קלוב, שיינע געביידעס פאַר שולן און קינדער־היימען און עס ווערט דאָ איצט געבויט אַ גרויסע עלעקטרישע סטאַנציע.

דער משק אין דעם קיבוץ איז אַ גרויסער: ער פאַרמאָגט צוויי הונדערט און פופציק קי און אַכט טויזנט עופות. אַלץ איז דאָ איינ־געאָרדנט מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען. דאָ וואַקסן די בעסטע וויינטרויבן פון לאַנד, גוטע עפּל און אַלע סאָרטן פרוכטן און תבואות.

פּונקט ווי אין די אַנדערע קיבוצים באַקלאָגן זיך דאָ שטאַרק די חברים, אַז עס פעלן אַרבעטס־הענט. פונדעסטוועגן — טראָץ דעם גרויסן מאַנגל אין אַרבעטס־כוחות האָבן פינף קיבוצים פון דער געגנט מאָביליזירט צווישן זיך חברים וועלכע זענען אַוועק אין נגב, ביי דער געגנט פון באר־שבע, כדי דאָרט צו באַאַרבעטן צוואָנציק טויזנט דו־

נאָם באַדן, דעם באַדן וועלן זיי צוגרייטן אַלס ישובים פאַר די נייע עולים.

אַלע קיבוצים זענען גרייט אויפצונעמען נייע מענטשן, זאָלן זיי נאָר קומען אַרבעטן. דאָ אין כפר־גלעדי האָב איך שוין באַגעגנט אַזעלכע וואָס אַרבעטן פאַר שכירות, די נויט אין אַרבעטס־קראַפט האָט געבראָכן זייער פרינציפּ, — נישט צו באַנוצן זיך מיט געדונגענער אַרבעט.

יעדעס מאָל ווען איך בין אין אַ קיבוץ, דערפיל איך דעם פאַרדראָס אויף די נייע עולים, וואָס גייען אַרום אין די שטעט פאַרביטערטע מיט פאַרשידענע פּרעטענזיעס און אויך מיט דער טענה: פאַרוואָס אין דער שטאָט פעלט פון אַלץ, בעת אין די קיבוצים איז יעדע זאַך דאָ לרוב. אָבער די זעלביקע אומצופרידענע ווילן אויף קיין פאַל נישט גיין אין די קיבוצים, וועלכע זענען גרייט זיי אויפצונעמען מיט אַלע רעכטן און פליכטן פון דעם קיבוץ.

דאָ אין כפר־גלעדי איז אויך פאַראַן אַ גרויסער „בית־הבראה", אַ סאַנאַטאָריום, ווו יעדער איינער קען דאָ קומען אויף געוויסע וואַקאַציעס (לויט אַ באַשטימטן פּרייז) אויך פאַרמאָגט כפר־גלעדי אַ גרויסע פיש־אָזערע ווו עס ווערן געהאָדעוועט שיינע קאַרפּן.

אין דעם דאָזיקן קיבוץ לעבן אכט הונדערט מענטשן.

אַזוי שפּאַצירנדיק אַרום דער גרויסער ווירטשאַפט האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ „זעמליאַק", איינער וואָס האָט מיט יאָרן צוריק געוווינט אַ לענגערע צייט אין מעקסיקע. היינט איז ער, זיין ווייב, זייער זון און טאָכטער געזונטע יידישע קיבוצניקעס.

אַז אלחנן גאָטליב האָט דערקענט די מעקסיקאַנער אורחים האָט ער אונדז שוין נישט אָפּגעלאָזט, ער איז צוגעשטאַנען צו אונדז, אַז מיר מוזן זיין זיינע געסט צו מיטאָג. אין דעם פּרעכטיקן עס־זאַל, צווישן די הונדערטער עסערס, האָבן זיך די מעקסיקאַנער אורחים ביז גאָר פיין אונטערגעלייגט דאָס האַרץ און באמת הנאָה געהאַט פון דעם געשמאַקן מיטאָג. חבר אלחנן גאָטליב האָט נאָכן עסן אונדז אַריינגעפירט אין אַ צימער און פאַר אונדז פאַרגעשטעלט זיין אַלטע מוטער.

די מאַמע זיינע וווינט אין אַן אַנדער פּלאַץ אין ארץ־ישראל, נאָר אַזוי ווי זי איז קראַנק האָט ער איר אַריבערגעבראַכט קיין כפר־גלעדי, ווי זי געפינט זיך דאָ אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר און דער קיבוץ האַלט איר אויס מיט אַלעם נויטיקן.

אַ האַרציק וואַרעמען גרוס האָט אלחנן דורך אונדז איבערגע־שיקט צו זיין ברודער באַריס גאַטליב אין מעקסיקע און מיט דער ברכה, אַז מיר זאָלן נאָך אַלע קומען וווינען אין ארץ־ישראל, האָט ער זיך מיט אונדז געזעגנט.

**

אַ שטעטעלע גרויס ווי אַ גענעץ ליגט מטולה איינגעדרימלט דאָ ביי דער גרענעץ. מיר פאָרן מיטן אויטאָ צו ביז צום פּלויטל וואָס איז אויסגעלייגט פון שטיינער, אויף איין מעטער די הויך. אָט דאָס איז די גרענעץ צווישן מדינת־ישראל און לבנון. דער דאָזיקער גרע־נעץ־פּונקט ווערט פון קיינעם נישט באַוואַכט.

בכלל זענען די לבנונער די, וואָס וואָלטן צו יעדער מינוט גרייט געווען צו מאַכן שלום מיט די יידן, ווען נישט דער דרוק פון דער אַראַבישע ליגע. לבנון האָט אַן אַרמיי פון ווייניקער ווי זעקס טויזנט סאָלדאַטן.

מיר שפּאַצירן איבער מטולה, דאָס איז דער איינציקער פּלאַץ אין גאַנץ ארץ־ישראל וואָס איך דערקען אַזוי גוט. אַזוי האָט מטולה אויסגעזען מיט זעקס און צוואַנציק יאָר צוריק און אַזוי איז זי פאַר־בליבן צום היינטיקן טאָג. קיין זאַך האָט זיך דאָ נישט געענדערט.

נו, אַז די גרענעץ פון מדינת־ישראל האָט זיך געזעגנט מוזן מיר אויסדרייען דעם דישל פון אונדזער אויטאָ און פאָרן צוריק. פאָרן מיר טאַקע איצט דורך נייע וועגן אין דער ריכטונג קיין צפת. אויפן וועג פאָרן מיר פאַרביי אַ פּלאַץ וווּ עס געפינט זיך דער האָ־טעל „שולמית" אין וועלכן עס זענען שוין פאַרגעקומען אייניקע צו־זאַמענקונפטן מיט די סיריער וועגן שלום־פאַרהאַנדלונגען.

דער אויטאָ רייסט זיך אַלץ העכער און העכער ביז מיר קומען אָן קיין צפת. אין דעם טייל פון דער נייער צפת לאָזן מיר שטיין אונדזער אויטאָמאָביל און מיר פאַרנעמען זיך אויף אַ שפּאַציר איבער די לאַבירינטן פון דער אַלטער שטאָט.

עס איז שבת נאָך מיטאָג. ליגט די שטאָט אַ פאַרגליווערטע, אויסגעהויכט פון יעדן לעבנס אָטעם. פון צייט צו צייט שאַרט זיך פאַרביי אַ שאָטן פון אַ מענטש וואָס איז אַרומגעוויקלט מיט אַ כאַלאַט און גאַרטל און ער שוועבט אין דער לופטן. לאָזן מיר זיך דורך געדרייטע, צעבויגענע געסלעך, וועלכע נידערן אַראָפּ דורך שטיינער־נע טרעפּ, אַלץ טיפער און טיפער. די הייזער פון ביידע זייטן שטייען צעדרייטע, חרובדיקע און זעען אויס ווי אַ קאָנצענטראַציע פון איב־

וואַלידן, שאַרן זיך דאָ פאַרביי יידן מיט ברייטע פלידערן און כאַ־לאַטן פון כל המינים קאָלירן, זיי קוקן אויף אונדז ווי מיר וואָלטן אַרונטערגעפאַלן פון מאַרס. די מענטשן קומען מיר פאָר ווי זיי וואָלטן געוועזן פרייוויליקע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך אַליין אַריינגעזעצט אין אַ טויזנט יעריקער תפיסה.

מיר לאָזן זיך גיין איבער די אַלטע שולן און בתי־מדרשים. דאָס ערשטע קומען מיר אָן אין דער שול פון דעם אר״י הקדוש. דאָרטן זיצן יידן, אונדזערע אשכנזישע יידן ,און לערנען אַ בלאַט גמרא. דער וואָס זאָגט דעם שיעור פאַרטייטשט די גמרא אויף העב־רעיש און דוקא מיט דער ספרדישער הברה, פונקט ווי מיר פלעגן אַמאָל דאָס פאַרטייטשן אויף יידיש. דאָ אין דער שול שטייט אָן אַל־טע אויסגעשניצטע גרויסע שטול, די „כסא של אליהו״, אויף וועל־כער עס זעצט זיך נאָר דער סנדיק בשעת אַ ברית־מילה.

דערנאָך קומען מיר אָן אין דעם „בית־מדרש יוסף קאַרו״ אַלע ווענט ביז דער סטעליע זענען אָנגעפילט מיט ספרים וואָס שטייען מיט צעקרישלטע רוקנס און פאַרגעלטע בלעטער. זיי זאָגן עדות אי־בער דער גריבלעניש און מח־אָנשטרענגונג פון אַ סך דורות.

אין דער ספרדישער שול „ר׳שמעון בר יוחאי״ זיצן, תשעה באָבדיק, אויסגעטרונקענטע גופים, האַלב פאַרחלשטע מענטשן וואָס זענען איינגעהילט אין ווייסע און אין פאַסן־קאָלירנדיקע כאַלאַטן, פון זייערע סקעלעטן־פנימער שטאַרצן אַרויס שרעקענדיקע, פאַר־אומערטע אויגן וועלכע זענען פאַרטיפט אין קבלה סודות און גמטרי־ותן. דאָס זענען די קבלהיסטן וואָס קומען זיך דאָ צוזאַמען אין יעדער נאַכט נאָך חצות און שבת נאָך מיטאָג.

דורך די שמאָלע שטיינערנע טרעפּ, וואָס שאָקלען זיך ווי צע־פוילטע ציין, בידערן מיר אַרונטער נאָך טיפער ביז מיר קומען אָן אין דער שול פון „רבי יוסף בנאי״ זיין קבר געפינט זיך דאָ אין דער שול. יידן אָנגעטאָן פונקט ווי די אַראַבער מיט די פאַרדרייטע אַבאַ־יעס אויף די קעפּ, זיצן דאָ צענויפגעפרעסט, און זעען אויס ווי אַן איינגעפלאָנטערטער קנויל, אויף דער ערד און מען דערציילט זיך מעשיות.

אויף אונדזער פאַרוווּנדערונג, ווי עס קומט אַ קבר אין אַ מקום קדוש. איז פאַר אונדז איינער מסביר, אַז דער רבי איז געוועזן אַזוי הייליק, אַז נישט נאָר ווי אַ מת איז ער מטמאַ דעם פּלאַץ, נאָר פאַר־קערט, די גאַנצע שול איז אין זיין זכות איבערפולט מיט קדושה.

מיט צרות און מאַטערניש איז אונדז אָנגעקומען דאָס צוריק אַרויפדראַפּן זיך, דורך די צעדרייטע און צעבראָכענע טרעפּ, פון אַט אַ די טוכלע, שמוציקע, געשטאַנקיקע געסלעך, וואָס דערמאָנען אין צעפוילטקייט און אין מתים־ריחות.

אַרויספאָרענדיק פון צפת פאָרן מיר פאַרביי פלעצער ווו צווישן זייערע קאַרבן ליגן צעלעכערטע, צעשמעטערטע הייזער וואָס קוקן מיט זייערע אויסגעלאָשענע אויגן און וואַרפן אָן מלחמה־שרעק אויף יעדן פאַרבייפאָרער. אונדזער אויטאָ רייסט זיך אויף די פּרעכטיק־געפּלאַסטערטע שאָסייען. פון ביידע זייטן קומען אונדז אַנטקעגן אַראַבישע דערפער מיט רייך־פאַרזייטע פעלדער. אַראַבישע ייינגעלעך לויפן אונדז נאָך און בעטן זיך ביי אונדז אויף העברעיש, אַז מיר זאָלן ביי זיי קויפן די זאַפטיקע רויטע אַרבוזן, זיי זענען זיך מחיה מיט אונדזערע פּרוטות און מיר — מיט דער זיסער זאַפטיקייט פון די אַרבוזן.

⁂

די זון האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן אַפּרוקן אין אַ זייט. דער הימל האָט זיך וואָס אַ מאָל אַלץ שטאַרקער געגרויט, ביז מיר האָבן זיך אַריינגעפּלאָנטערט צווישן קירכן־גלאָקן־טומל און אַראַבישער צעגע־נעצטקייט. ליגט דאָ צווישן בערג און שרעק־ווינקעלעך פונאַנדערגע־לייגט די הונדערט פּראָצענטיקע אַראַבישע שטאָט נצרת, וועלכע גלי־ווערט מיט אַראַבישער פלעגמאַטישקייט און קריסטלעכער קדושה.

עס באַגעגענען אונדז הונדערטער אַראַבער, וואָס זיצן ווי די מומיעס, אומבאַוועגלעך, אויף די פּריזבעס פאַר זייערע הייזער, זייערע בליקן זענען ווי אָנגעגליטע שפּיזן. פּחד רוקט זיך אָבער אָפּ אין אַ זייט, ווען באַלד קומען אונדז אַנטקעגן אונדזערע העלדישע יאַטן און יאַטעכעס, אויסגעפּוצט אין זייערע פינקלדיקע מונדירן פון דער „צבא הגנה לישראל". זיי זענען די בעסטע סגולה אָפּצושפּרעכן אַ „גוט אויג".

דאָ זענען מיר פאַרפאָרן אין דעם יידישן טוריסטן האָטעל „הג־לילה". לויט ווי דער מורה־דרך אונדזערער האָט אונדז פאַרזיכערט איז דאָס אַ יידישער האָטעל, אָבער אָפּשאַצענדיק לויט דער ריינקייט, באַקוועמלעכקייט און פאַרדעמפּטער אַטמאָספערע וואָלט ער זייער גוט געקענט דינען ווי אַ דריט קלאַסיקער אַראַבישער האָטעל.

צו וועטשערע האָט אונדז דער אַראַבישער קוכער געוואָלט מהנה

זיין מיט אַ ספּעציפישן יידישן מאכל — געפילטע פיש, האָט עס גע־האַט אַ טעם — פון צעלאָזענע סמאַלע מאַראַנירט אין זויערן.

אהרן האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז ביינאַכט איז בעסער נישט צו דרייען זיך אַליין אין די גאַסן, פונדעסטוועגן האָט זיך מיר געוואָלט כאַפּן אַ בליק אויף דער שטאָט ביינאַכט, בין איך געגאַנגען אויף דער הויפּט־גאַס, איך בין אַריינגעגאַנגען אין פאַרשידענע קרעמלעך, האָב איך באַמערקט, אַז פרוכטן און געוויסע שפּייזן באַקומט מען דאָ מער צו קויפן ווי אין די יידישע שטעט, אויך זענען די פּרייזן דאָ ביליקער, האָב איך אָנגעהויבן אַריינטראַכטן אין דער סיבה און איך בין געקומען צו דער מסקנה: אַז די אַראַבער האָבן, דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, פאַרבינדונגען דורך די בערג און טאָלן מיט אַנדערע אַראַבישע לענדער און פון דאָרט שמוגלען זיי אַריין געוויסע פּראָדוקטן. אַז איך בין אויסגעגאַנגען די גאַנצע צענטראַלע גאַס און פאַר מיינע אויגן זענען אַנטקעגן געקומען אַ נעץ פון פינצטערע, מיט שרעק אָנגעפילטע, שמאָלע געסעלאַך, וואָס ליגן אָנגעוואָרפן איינע איבער די אַנדערע ווי אויסגעלאָדענע מיסט־וועגענער, האָב איך אין איין אָטעם אָנגעהויבן לויפן צוריקוועגס, ביז איך בין אַ פאַרסאָפּעטער קוים אָנגעקומען אין האָטעל אַריין.

צומאָרגנס גאַנץ פרי זענען מיר אַלע געגאַנגען אויף אַ שפּאַציר איבער נצרת אין דער באַגלייטונג פון אַן אַראַבישן וועג־ווייזער, וואָס האָט גערעדט פריי העברעיש. מיר זענען געגאַנגען צווישן די טונקעלע געסעלעך, וואָס ליגן ווי טונעלן אונטער געביידעס. דאָ ווימלט און גריבלט פון מענטשן. דאָ איז דער מאַרק און פון ביידע זייטן זענען די געשעפטן. די געסלעך זענען פון ביידע זייטן אַ ביסל העכער אויפגעהויבן דורך שטיינער און אינדערמיט איז טיפער ווי אַ פיר קאַנטיקער רינשטאָק. דאָרט גייט פאַרביי דער „טראַפיק" — אייזעלעך אָנגעלאָדענע מיט זעק און פעקלעך און הינטער זיי גייט אַן אַראַבער אָדער אַן אַראַבקע וואָס שטופּט דאָס אייזעלע מיט אַ שטעקן אין הינטן כדי פריי צו מאַכן דעם טראַפיק פאַר די אָנקומענדיקע אייזלען.

די ריחות אין די געסלעך — וואָס קומען פון פאַרדעמפּטע געפּרעגלעכצן, פון געווירצן, פון זיסע הייסע נאַשערייען מיט אַ ושומעריי איבער זיי פון אויסגעפּאַשעטע פליגן, פון אייזעלדיקן אָפּפאַל און פון געזייערטן מענטשן־שווייס — איז נישט איבערצוטראָגן.

מיר האָבן זיך קוים אַרויסגעכאַפּט לעבעדיקע פון אָט אַ דעם

„קאָמערציעלן־צענטער" און מיר זענען אַוועק אַהין, פונוואַנען קריסט־לעכע קדושה ווערט עקספּאָרטירט פאַר דער וועלט.

מיר קומען אָן אין דער סביבה פון די קירכעס, פון איין קירכע אַרויס און אין דער צווייטער אַריין. איך בין אַ קליינער נחת־שעפּער און קדושה־שפּרינגער פון אָט די אַלע „שיינקייטן" און ווײַ־רויך רי־חות. אָבער דאָ נעמט שוין נקמה אין מיר דער טייל פון מיינע מיט־שפּאַצירער, וואָס האָט זיך צוליב מיין קבוצה־פּאַרליבטקייט געמוזט פאַרזוימען.

אונדזער אַראַבישער וועג־ווייזער איז אַ יונגער בחור וואָס רעדט פאַרשידענע שפּראַכן און אויך אַ גוטן העברעיש, ער האַלט און איין וואַרפן קאָמפּלימענטן צו מדינת־ישראל, אָבער פון אונטער דער מאַס־קע פון זיין סאַכאַרין־זיסקייט שטאַרצט אַ צורה — איבערפולט מיט צאָרן. יעדער ווייל גרויסט ער זיך מיט אונדזער משפחה־אָנגעהערי־קייט. ער רימט זיך דערמיט וואָס ער איז אונדזערס אַ קרוין, ער שטאַמט פון פעטער ישמעאל און ער האָט שטענדיק ליב געהאַט יידן.

איי געדענק איך די זעלביקע קוזינס, פון דעם זעלבן פעטער ישמעאל, בעת די אַראַבישע איבערפאַלן, די שווידערלעכע פּאָגראָמען, אין דער צייט ווען מיר האָבן געפּלאָדיעט אין די זומפּן כדי אויס־צוראָטן די טויט געפאַרן פון מאַלאַריע, ווען אין די אַלע קליניקס וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן און אויסגעהאַלטן געוואָרן פון אונדזערע גראָשנס האָט מען געהיילט טויזנטער און טויזנטער אַראַ־בער, פון טראַכאָם־בלינדקייט און אַנדערע כראָנישע קראַנקהייטן, אָן אַ פּיאַסטער געלט. און זיי פלעגן שטענדיק שטייען גרייט מיטן מע־סער הינטער אונדזער רוקן. דאַן ווייזט אויס האָבן זיי נאָך נישט גע־האַט די מעטריקע פון אונדזער שוועסטער־קינדער אָנגעהעריקייט. נאָר היינט, אַ דאַנק די העלדישע טריט פון אונדזער „צבא הגנה לישראל" און דער משטרה ממדינת ישראל, האָבן די אַראַבער אויס־געפונען די משפּחה מעטריקע. טאַ דאַנק איך דיר גאָט דערפאַר.

דאָס פּאָטערל אין דער „סאַן־פראַנציסקאַנער" קירכע האָט אונדז אויפגענומען ביז גאָר פריינטלעך. צי ער האָט אינזינען געהאַט צו ראַטעווען אונדזערע נשמות, אָדער סתם געבענקט נאָך די עטלעכע פּרוטות וואָס מיר וועלן אים איבערלאָזן, ווייס איך נישט. ער האָט אונדז אַרומגעפירט אין יעדן ווינקל פון דער קירכע. ער האָט אונדז אַרונטערגעפירט טיף אין די קעלערס וואָס געפינען זיך אונטער דער קירכע, דאָרט ווו יוסף, יעזוסעס טאַטע, האָט געהאַט זיין סטאָלאַר־

וואַרשטאַט. דאָרט געפינט זיך אויך אַ טיפער ברונים. זיבן און צוואַנ־ציק יאָר האָט יעזוס אויף דעם פּלאַץ געלעבט. מען האָט אונדז אויך אָנגעוויזן דעם פּלאַץ פון דער מקוה וווּ ער האָט זיך געטובלט, דעם צימער אין וועלכן יעזוסעס פאָטער איז געשטאָרבן. איבער דעם אַלע־מען שטייט אַ לוקסוסדיקע קירכע, וואָס ראַטעווען זינדיקע נשמות.

איבערגעזעטיקט זיך מיט תפילות, אין די פאַרשידענע קירכעס, לויט זייערע נסחאות, האָב איך שוין די מוספים געלאָזט צו מײַנע חברים און איך האָב אויף זיי געוואַרט אין דרויסן.

פון דעם ווײַ־רויך, וואָס ווייעט מיט אומקום און בית־עולם ריח, האָט זיך אונדזער אויטאָ איצט געריסן צום לעבעדיקן, אויפ־גייענעדיקן ארץ־ישראל. מיר פאָרן אַרום דער שטאָט חיפה, וווּ פון הויכע קוימענס רייסן זיך פאַבריקס־רויכן אין די הימלען אַריין און זיי זאָגן אָן אַ נײַ אויפגייענדיק לעבן פאַר צענטליקער טויזנטער מענטשן.

מיר פאָרן פאַרבײַ ד׳ער גרויסער טעקסטיל פאַבריק „כפר אתא״. דער ערשטער אויטאָמאָביל־פאַבריק אויפן גאַנצן מיטל מזרח, מיט איר רייצנדיקן פאַרנעם, פון „קייזער־פרייזער״. דער גרויסער זייף און אַנדערע כעמישע פּראָדוקטן־פאַבריק „שמן״, דער ריזיקער צע־מענט־פאַבריק „נשר״, אַ גרויסער פאַבריק פון אייזערנע רערן און פיל אַנדערע פאַבריקן און פאַבריקלעך.

מיר פאַרקערווען זיך אויף אַ וועג וואָס פירט קיין עכו.

מיר קומען אָן אין דער היסטאָרישער שטאָט, דאָרט וווּ נאַפּאָ־לעאָן האָט געקראָגן זײַן גרויסע מפּלה. גייען מיר שפּאַצירן אויף דער דיקער פעסטונג־וואַנט, אויף וועלכער עס געפינט זיך נאָך עד היום עטלעכע האַרמאַטן פון יענער צייט. דער ים קלאַפּט שטאַרק מיט זײַנע כוואַליעס אויף דער דאָזיקער וואַנט. די שטאַרקע שוץ וואָס די פעס־טונג האָט דאַן געמיינט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון ארץ־ישראל איז אויך נישט געמינערט געוואָרן עד־היום.

נו, אַז מען האָט אָפּגעגעבן אַזאַ בררייטן וויזיט קריסטוסן אין נצרת. טאָ ווי קען מען פאַרבײַגיין מאַכאָמעדן אין עכו. דאָ געפינט זיך דער אַראַבישער מעטשעט, וואָס איז דער צווייטער נאָך „מסגד אומר״ וועלכער געפינט זיך הינטער דער כותל־מערבי.

עס איז נאָך דאָ אַ פּלוגתא, צי איז דער מעטשעט נישט גרעסער ווי דער „מסגד אומר״, ווײַל דאָ געפינט זיך די באָרד פון מאַכאָמעדן. איז טאַקע פאַראַן איין חודש אין יאָר ווען מען ווייזט יעדן מאַכ־

מעדאַנער די באָרד. אין דעם טאָג ווען מען גייט זען די באָרד, מוז מען פריער פאַסטן פיר און צוואַנציק שעה.

זענען מיר אַריין אין דעם דאָזיקן מעטשעט. אין דעם גרויסן הויף, אַ שטיק פריער פאַרן אַריינגאַנג האָבן מיר געמוזט אויסטאָן די שיך און אַזוי אין די זאָקן זענען מיר אויף ברעטער אַריין ביז אי־נעווייניק. אין דעם מעטשעט ליגן אויסגעלייגט טייערע טעפּיכער און מיר האָבן געזען אויף אַ הויכע בינע, וואָס שפּאַרט אָן נאָענט צו דער סטעליע, דעם אָרון אין וועלכן עס שטייט דאָס גאָלדענע קעסטעלע, אין וועלכן עס געפינט זיך די באָרד.

שטייענדיק דאָ אינעווייניק, אין דעם טעמפּל פון מאַכאָמעדן, איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אָט די צוויי מחשבות: די ערשטע — ווען וואָלט מען אַריינגעלאָזט אַ ייד אינעווייניק אין דעם טעמפּל ווען נישט די דערשיינונג פון מדינת־ישראל?. און די צווייטע מחשבה: צי אַרויסגייענדיק וועל איך נאָך טרעפן מיינע שיך אויפן זעלביקן פּלאַץ?.

אין דער אַלטער שטאָט עכו געפינען זיך פיר טויזנט פינף הונ־דערט אַראַבער און צוויי טויזנט יידן. ביי דער זייט פון דער אַלטער שטאָט בויט זיך אַ נייע יידישע שטאָט עכו.

⁂

אַ שיינער אַספאַלטירטער שאָסיי, געשאָטנט דורךביימער פון ביידע זייטן, פירט אונדז אַריין אין דעם אויסגעצאַצקעטן שטעטל „נהריה". דאָ אויף די זאַמדן ביים ברעג פון ים האָבן די דייטשע יידן אויספאָרמירט און אויפגעבויט אַ שיינע מאָדערנע שטאָט וואָס זאָגט עדות פון ווי ווייט, אַז אַלץ איז דאָ געמאַכט מיט יעקעשע פּינקטלעכ־קייט און אָרדנונג. דאָ ליגן רחבותדיק פונאַנדערגעלייגט די גאַסן וואָס טונקען זיך אין גרינס און ווייען מיט געמיטלעכקייט. דאָ איז פאַראַן אַ „פּלאַזשע" איז זי פּרעכטיק איינגעאָרדנט, מיט פאַרשידענע פלעצער פאַר גימנאַסטישע איבונגען און פאַרוויילונגען, דאָ אַריינצו־גיין רעכטס, און דאָרט אַרויסצוגיין לינקס — אַלץ מיט אַ סדר. האָבן מיר דאָ אַריינגעכאַפּט די מצוה פון שווימען אין „נהריה" און דער־נאָך זענען מיר אַוועק אין איינעם פון די רעסטאָראַנען עסן מיטאָג. דער זעלבער „צנע" מיטאָג ווי איבעראַל, ער איז אָבער געווען גוט און געשמאַק.

פון „נהריה" לויפט שוין אונדזער אויטאָ טייוולדיק. מיר פאָרן פאַרביי חיפה, שפרייזן דורך דעם הר־הכרמל און מיט אימפעט לויפן מיר ביז תל־אביב.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער דריי מעת־לעתדיקער בליץ־טיול.

## אין אַ געצעלטן-מחנה פאַר נייע עולים.

דער שטן „צנע" וואָס שוועבט אַזוי משחיתדיק פאַר די אויגן פון יעדן ישראל אײַנוווינער און מיט זײַן סוכאָטע־אײַגנשאַפט, מאַכט ער ישראלס פּנים אַלץ בלאַסער און מאָגערער, פאַרלירט אינגאַנצן זײַן שליטה ווען ער דערגרייכט צו די טירן פון די בעסערע טוריס־טן האָטעלן און רעסטאָראַנען. אין די פּלעצער ווו עס שטייען אײַין אויסלענדישע טוריסטן, וואָס לעבן אויף דאָלאַרן, באַקומט מען פון אַלעם גוטן.

אַז מען זיצט אין אַזאַ האָטעל־רעסטאָראַן פאַרגעסט מען גאָר אינגאַנצן, אַז ישראל לעבט איבער אַ שווערן שפּייז־מאַנגל. דאָ באַ־קומט מען פון די בעסטע פישן, פליישן, פרוכטן און פון אַלץ וואָס אַ טוריסט קען זיך נאָר ווינטשן, פּונקט ווי אין וועלכן ס'איז אַנדער לאַנד.

מײַנע חברים וואָס זענען אָנגעקומען פון מעקסיקע צו גאַסט קיין ארץ־ישראל, האָבן זיך באַזעצט אין דעם שיינעם „פּאַרק האָטעל". דער דאָזיקער האָטעל האָט זיך אַ צעשטראַלטער פאַנאַנדערגעלייגט אויף דער רחבותדיקער גאַס „הירקון". בלויז אַ פּאָר טרעפּ פירן אַרונטער צו די לאַשטשענדיקע ים-כוואַליעס וואָס גלעטן צאַרט, דורך מחיהדיקע ווינטעלאַך, די צעהיצטע גופים וואָס זענען אָנגע־ברענט דורך דער תל־אביבער קאַלך־אויוונדיקער זון. די פענצטער פון די האָטעל־צימערן, אין וועלכע מײַנע מעקסיקאַנער חברים ווױ־נען, גייען אַרויס צום ים. איך בין דאָ ביי זיי אַן אָפטער באַזוכער.

איך האָב ליב זיך אַוועקצוזעצן אויפן באַלקאָן, אין איינעם פון די צימערן, און שפּיצן מײַנע בליקן אויפן ים וואָס ליגט אַן אויס־געשפּרייטער און פאַלדעוועט זיך ווי אַ צעעפנטער שטיק בלויער סאַמעט, וואָס ווערט געטריבן פון אַ ווינט.

דאָ שפּיגלען זיך אין די טיפע בלויקייטן די פאַראַנקערטע שיפן, וועלכע היטן די ברעגן פון תל־אביבער פּאָרט, און אויף וועמענס שפּיצן עס פלאַטערן מיט מוטיקן שטאָלץ די ווייס־בלויע פאָנען.

שענער פון אַלץ איז מקבל פּנים צו זײַן פון דעם פּלאַץ אַ זון־

אונטערגאַנג און אַ נאַכט אָנקום, בעת דער סאַמעט־בלוי הויבט זיך אָן צוזאַמענמישן מיט פייערדיקער קופּער־רויטקייט און שטיקער גאָלד־שטראַלן הויבן אָן זינקען אַלץ טיפער און טיפער, ביז זיי ווערן אינגאַנצן דערטרינקען אינעם אָפּגרונט פון ים.



די נאַכט דאָ ביים תל־אביבער ים־ברעג קומט אָן אַ פרייליכע, אַ צעבאַלעוועטע, אַ שטיפערישע, באַהויכט מיט אַ ספּעציפישן יידי־שן חן.

צענטליקער טויזנטער עלעקטרישע באַלייכטונגען וואַרפן זייערע שיינען; זיי רעפלעקטירן אין דעם נאָרוואָס פאַרחלשטן ים און שאַפן דעקאָראַציעס צום רויש און טומל, וואָס קומט, דורך די פאַרשידענע אָרקעסטערס, פון די רעסטאָראַנען, קאַפעען און פאַרשידענע פאַר־ווײַלונגס־פּלעצער.



אַ שפּאַציר דאָ איז גוט אָנצוהויבן דורך דער ראַשיק־באַוועגלעכע אַלענבי גאַס און פון דאָרט זיך אַריינדרייען רעכטס צו דער חוף־ים גאַס.

ביים ווינקל פון אָט די ביידע גאַסן שטייט אַ האַלב רונדע גע־ביידע נישט קיין הויכע, אָבער אַ גאַנץ גרויסע, זי איז אינגאַנצן פינצטער און זי פּוסטעוועט. אין דער דאָזיקער געביידע איז געווען דער ערשטער יידישער צייטווייליקער פּאַרלאַמענט (כנסת). דאָ, אין דעם פּלאַץ, איז דעקלאַרירט געוואָרן פאַר דער גאַנצער וועלט ה׳ אייר תש״ח, פערצנטער מאַי טויזנט נײַן הונדערט אַכט און פערציק, אַז פון דעם טאָג אָן ביז אין דער אייביקייט וועט עקזיסטירן אַ יידישע, פרייע, אומאָפּהענגיקע מדינה, וואָס איר נאָמען וועט זיין מדינת־ישראל.

די ברעג־ים גאַס איז זייער אַ ברייטע, פון ביידע זייטן ליגן אויסגעשפּרייט רחבותדיקע טראָטואַרן. אויף דער זייט טראָטואַר וואָס צום ים צו, איז אויפגעמויערט אַ ברייטער פּלויט אויף וועלכן עס זיצן הונדערטער מענטשן וואָס בליקן און טראַכטן אַריין אין די נאַכ־טיקע ים־חלומות. אויף דעם זעלביקן טראָטואַר אויף דער זייט וואָס צו דער גאַס צו, זענען אויסגעשטעלט באַקוועמע צעמענטענע בענק אויף וועלכע עס רעפלעקטירן די בוימער־בלעטער וואָס שאָטענען זיך דורך די עלעקטרישע באַלייכטונג.

אויף דער געפלאַסטערטער, ברייטער גאַס פאַרן פאַרביי אָפענע אויטאָמאָבילן פון וואַנען בחורים און מיידלעך פאַרהילכן מיט זייערע פריידיקע געלעכטערס און ישראלדיקע לידער, דעם גאַנצן ארום.

אויפן טראָטואַר וואָס געפינט זיך אויף דער צווייטער זייט גאַס, זענען אָנגעפיקעוועט איינער הארט ביים צווייטן: רעסטאָראַנען, קאַ־פעען, קאַבאַרעטן און טאַנץ־פלעצער.

דאָ ליגט פונאַנדערגעלייגט דאָס לעבן אין דרויסן: טויזנטער מענטשן זיצן זיך באַקוועם אויף די שטולן אַרום די טישלעך, ווער עס כאַפּט אַ בייס, ווער עס טרינקט אַ קאַלטן געטראַנק, אַ גלידה (אייז קריס), אָדער אַנדערע נאַשערייען. די אָרקעסטערס פון די אַלע רעסטאָראַנען פאַרטומלען אַ וועלט. עס רייסט זיך אויך פון צייט צו צייט דורך אַ סאָליסטן שטימע וואָס זינגט אויס אַ האַרציקע ישראל־נגינה וועלכע נעמט דיר דורך.

דער אַריינגאַנג פון דער אַלענבי גאַס צו דער חוף־ים גאַס, איז נישט שטאַרק באַלויכטן, אָבער וואָס ווייטער פאַרפלייצט די עלעקטרישע באַלייכטונג אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

גלייך ביים אַריינקום פון דער אַלענבי גאַס געפינען זיך קליינע רעסטאָראַנדלעך פון וועלכע עס רייסן זיך אַרויס ריחות פון שאַרפע אַראַבישע מאכלים. דאָ רויעט מיט אַ זכר פון אַראַבישע שמוציקייט. גאַנצע הויפנס מיט אָנגעוואָרפענע בלעטער, פון די נאַרוואָס אויפ־געעסענע קוקורוזן, וואַלגערן זיך אויף דער ערד און עס זעצט אַ פאַרע פון די הייסע, פייכטע בלעטער. גרויסע רונדע בלעכן שטייען אויף קוילן־אויוועלעך אין וועלכע עס פרעגלען זיך אַראַבישע זיס־קייטן. רוקן מענטשן די פינגער אין די בלעכן, שטופן די הייסע זיס־קייטן אין די מיילער און פילן זיך דערביי אַזוי היימיש, ווי ביי זיך אין דערהיים אויפן מאַרק־פלאַץ אין מאַראָקאָ.

אַ שטיק וועג פאַרפאָלגן די ריחות פון פרעגלעכץ און שאַרפ־קייטן, ביז עס הויבן אָן אָנקומען אַנטקעגן די שיינע רעסטאָראַנען און קאַפעען, וואָס ווייטער גייען אַלץ העכערע קאַטעגאָריעס.

בכלל — זענען אַלע רעסטאָראַנען, האָטעלן און פאַרוויילונגס־פלעצער דאָ, איינגעטיילט לויט קאַטעגאָריעס, אָנהויבענדיק פון סוג א. ביז סוג ו. די פרייזן אין יעדן פלאַץ זענען לויט דער באַקוועמ־לעכקייט און שיינקייט פונ׳ם לאָקאַל, אָרקעסטער, עלעגאַנץ און לוק־סוס. אַלץ איז — לויט די קאַטעגאָריעס — געפרייזט פון דער רע־גירונג.

רייסן זיך קולות פון די פאַרשידענע אָרקעסטערס, סאָליסטן, דועטן און טריאָס. צו די אויערן דערטראָגט זיך אַ געמיש פון אַמע־ריקאַנעם „דזשעס" מיט ווינער קאַפע־מוזיק; שיינע אייראָפּייאישע וואַלצן מיט אַרגענטינער טאַנגאָס און מעקסיקאַנישע ראָמאַנסן; דער־ביי פעלן אויך נישט די רוסישע „וואָלגא־וואָלגא" און „איידאַ אוכ־ניעם" ביז די בייסטע ארץ־ישראל לידער, וועלכע ווערן גאָר אָפט צוגעשמאָלצן מיטן פּאָפּולערסטן סאָלדאַטסקן ישראל־לידל. דאָס דאָ־זיקע לידל רייסט די פיס אין די לופטן פון די הונדערטער טאַנצענ־דיקע פּאָרלעך: „צאינה, צאינה הבנות וראינה; כי חיל במושבה!".

די גאַס אוןביידע זייטן טראָטואַרן זענען אָנגעפּראָפּט מיט שפּאַצירער. אַלע גייען דאָ אָנגעטאָן פיין, עלעגאַנט, געלעכטער און פריילעכקייט שוועבט דאָ אויף אַלעמענס פּנימער.

אַ באַזונדערן חן, אין דער ברעג־ים סימפּאַניע, גיבן צו די העל־דישע סאָלדאַטן און סאָלדאַטקעס. אַ שיינע חברה, פּרעכטיק אָנגע־טאָן. מיט פּאַרריסענע קעפּ טראָגן זיי מיט שטאָלץ דעם כבוד, וואָס זיי איז אָנגעטרויט געוואָרן אָפּצוהיטן די זיכערקייט פון דער מדינה.

גייען זיי זיך פאַרליבטע פּאָרלעך אין מיליטערישע מונדירן. אָדער אַ מיידל אין אַ מיליטערישן מונדיר מיט אַ בחור ציוויל געק־לײדט, זיי זענען פאַרטאָן אין זייערע אויסגעטרוימטע וועלטן און אינמיטן פון העכסטן עקסטאַז, נאַדיר גאָר צו אַלדע רוחות, אַ מילי־טערישע אינספּעקציע.

גייט זיך אַזוי אַ העכער־ראַנגיקער מיליטער־מאַן פעסט געאָרעמט מיט אַ מיידל, זיי זענען פאַרטאָן אין דעם מאָמענט אין סודות וואָס זענען העכער פון דער מיליטערישער סטראַטעגיע. און אינמיטן פון זיינע צעפּלאָמטע מחשבות און רעיונות שאַרט זיך פאַר־ביי אַ יונג, סאָלדאַטקעלע. אַ רירעוודיק מיידל, אויפן אָרעם טראָגט זי אַ באַנד מיטן אויפשריפט מ. צ. וואָס דאָס מיינט — מיליטער־פּאָליציי. אָט דאָס קליינע, צאַרטע מיידל דערלאַנגט אַ קלאַפּ אַ פוס אין אַ פוס . זי סאַלוטירט דערמיט אַרויף צו דעם הויכגעוויקסיקן אָפיציר, ער נעמט באַלד אַרויס פון זיין קעשענע אַ פּאַפּירל און דער־לאַנגט עס איר, זי לייענט עס אויפמערקזאַם דורך. ווידער גיט זי אַ קלאַפּ אַ פוס אין אַ פוס און זי גייט ווייטער.

גיי איך אַזוי ביי דער זייט פון אָט אַ דער מיליטער — פּאָלי — ציאַנטקע, און קוק זיך צו ווי זי רייסט איבער אינמיטן אַזויפיל לי־בע־רעיונות, ביז זי קומט צו צו אַ בחורל, וואָס האָט זיכער, אין די

הימלישע בליקן פון זיין בחורה, פאַרגעסן אין זיין סאָלדאַטסקן שי־נעל. זיין פּאַפּירל האָט נישט נושא חן געווען ביי די אינספּעקטאָר־שע אין די אויגן, פאַרבעט זי אים מיטצוגיין מיט איר. זי פירט אים צו צום מיליטערישן אויטאָ וואָס שטייט דאָ נישט ווייט. אַ פאַרזויער־טער קריכט דאָס בחורל אַריין אין דעם אויטאָ וואָס ווערט באַוואַכט פון אַ מיליטערישער קאָמאַנדע. די אויגן פון דעם געבליבענעם מיידל, וואָס האָט נאַרוואָס אַזוי געמיטלעך אַרומשפּאַצירט מיט דעם אַרעס־טירטן סאָלדאַטעלע, שיקן נאָך בייזע, שנאהדיקע בליקן צו דער סאָל־דאַטקע מיטן מ. צ. אויפן אָרעם. הלוואי זאָל איר נישט געשען דאָס, וואָס די מיידלעשע בייזע בליקן האָבן איר דאַמאָלסט געווינטשן.

אַזוי שפּאַציר איך שעהן לאַנג אַ פאַרטראַכטער. פון איין זייט האַלט איך אָנגעשפּיצט מיינע בליקן צו דער לבנה וואָס שפּיגלט זיך אַ מאַט־פאַרחלומטע אין דעם רחבותדיקן ים און ווידערט אָפּ אַ רייצנ־דיקע בלוי־גרינקייט פון די כוואַליעס. און פון דער צווייטער זייט כאַפּ איך אויף דאָס שטורמישע, פריילעכע, באַחנטע פּולבלוטיקע ידיש־לעבן וואָס ברויזט אַרום מיר. מיטאַמאָל דערפיל איך אויף מיינע פּלייצעס אַ פריינטלעכע האַנט און איך דערזע מיין מעקסיקאַ־נעם פריינט ש. לאַנדוי. ער גיט מיר איבער, אַז אין „פּאַרק — האָ־טעל" איז מען מיך געקומען זוכן, עס ווילן מיר זען די הערן קאָזשוך פון מעקסיקע און זיינס אַ פריינט פון די פאַרייניקטע־שטאַטן. אויב איך וועל קענען זיין צומאָרגנס אינדערפרי אין האָטעל, וועלן זיי קו־מען נאָך מיר. זיי האָבן מיר איבערצוגעבן וועגן אַ ביז גאָר פאַר מיר אינטערעסאַנטן ענין וואָס איז שווידערלעך, אַ גרויל וואָס עס קומט פאָר אין אָט אַ דעם ארץ־ישראל. מיין זשורנאַליסטישע נייגע־ריקייט האָט גלייך אויפן אָרט פאַררוקט אַלע מיינע פּלענער פון מאָרגנדיקן טאָג און איך האָב געגעבן איבערצוגעבן די הערן, אַז פּונקט עלף אינדערפרי וועל איך אויף זיי וואַרטן אין „פּאַרק־האָטעל".

⁂

אַ פּשוטער זיפץ פון אַ מאַן, קען אַמאָל דערגרייכן ביז די טיפס־טע טיפענישן פון מענטשלעכן מיטגעפיל. אָבער, אַז מען טרעפט זיך מיט אַ באַקענטן, בעל הביתישן ייד פון מעקסיקע וועלכער טראָגט דיר אַנטקעגן באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש דאָ: אַ כליפּען מיט אַ געוויין און אַ יללה, וואָס זוכט דורך אַלע מיטלען און זשעסטן אַרויסצורופן ביי דיר מיטגעפיל צו זיינע טרערן, באַקומט זיך פּונקט

אַ פאַרקערטע ווירקונג. בפרט ווען ביי דער זייט פון דעם ה׳קאַזשוך זיצט אַ מאַן וואָס האַלט אין איין קאָמענטירן די טרערן מיט פּאַל־געגדע באַמערקונגען:

— „דאָס הייסט געוויינט? מען דאַרף שטאַרקער וויינען, מען דאַרף קלאָגן נאָך מער ווי אויפן חורבן. אַזאַ שווידערלעכע מערדער־לעכקייט איז דאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער וועלט. אָט די גנבים, ווו טוען זיי אַהין די אַלע מיליאָנען וואָס זיי קלייבן אויף דער גאַנצער וועלט צו ראַטעווען קינדער?. אָבער בעסער זאָלן מיר איצט נישט ריידן קיין וואָרט, זאָל ה׳ קאַראַנא מיט זיינע אייגענע אויגן צוזען דעם בראָך וועט ער שטאַרקער וויינען פאַר אייך".

ה׳ קאַזשוך שטעלט מיר פאָר דעם פריינט זיינעם — מר. עקיס. אַ רומענישער ייד וואָס וווינט אין די פאַרייניקטע־שטאַטן און פירט גרויסע געשעפטן פון פוטערוואַרג. מר. עקיס איז געקומען אַלס טור־ריסט קיין ישראל און ער איז געווען אין דער מחנה פון עולים, וועלכע מיר גרייטן זיך איצט צו פאָרן. ה׳ קאַזשוך קען זיך נאָך אַלץ נישט באַרויקן פון דעם אומגליק וואָס ער האָט דאָרט צוגעזען מיט דריי טעג צוריק. אין דער מחנה געפינט זיך אַ ברודער פון מר. עקיס

*

אין דער צייט פון מיין איצטיקן באַזוך אין מדינת־ישראל האָב איך שוין אַ סך געזען אָט די „מחנות" אין וועלכע עס וווינען די ניי אָנגעקומענע עולים. איך האָב זיי געזען ביי זייער אָרונטער קומען פון די עראָפּלאַנען אין לוד. מענטשן ביי וועמען מענטש האָט זיך כמעט גאָרנישט אַרויסגעזען, איך האָב נאָר געזען אַ ריזיקן פּאַק מטלטלים, איינגעוויקלט אין אַ שמוציקן זאַק איז געגאַנגען — געק־ראָכן. פון אונטער דעם זאַק האָט זיך קוים אַרויסגעזען אַן אויסגע־גרינטע, הויט און ביינערדיק, דערשראָקן, צעטרייסלט, הרובדיק, פּי־צינקעלע יידעלע, ווען נישט זיין צעשויבערט ציגן־בערדל, וואָלט איך אים געקענט אָננעמען פאַר אַ צען יעריקן יינגל. האָט פון זיינע אויגן אַרויסגעשטאַרצט אַ ציטערנדיקער פּחד. ווען ער האָט דערזען אַ סאָלדאַט מיט מעשענע קנעפּלעך. איך האָב אויך געזען, אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער, ווי דער זעלבער פּאַק מיטן יידעלע זענען אַוועקגע־פאַלן אויף דער ערד און געקושט דעם צעמענטירט אויסגעפלאַס־טערטן באָדן. ווען ער האָט געהערט פון דעם סאָלדאַט די ווערטער: „ברוכים הבאים לארצכם".

נאָך דעם גרויסן פּאַק מיטן שפּיינערדיקן יידעלע זענען נאָכגע־

גאַנגען קינדערלעך און קינדערלעך, מיט פאַרגרינטע פנימער ווי ביי קראַנקע עופות, מיט אויסגעדרייטע צעקרימטע פיסעלעך ווי צעבראָ־כענע רייפן, און מיט הענטעלעך ווי פאַרזשאַווערטע גאָפּעלעך. צווישן די מחנה קליינוואַרג האָט זיך מסתמא אויך געפונען דאָס ווייבעלע זיינס, ווען עס איז געווען שווער אונטערצושיידן צווישן די אַלע קינדער.

איך האָב אויך צוגעזען די אויפגעלויכטענע אויגן פון אַזעלכע עולים, בעת מען האָט זיי געוויזן זייערע לייוונטענע ביידלעך מיט די אייזערנע בעטלעך אין זיי. פון זייערע אויגן האָבן אַנגעהויבן בלישט־שען מענטשלעכע פייערלעך בעת מען האָט פאַר זיי געגרייט דעם ערשטן מאָלצייט אין דער אייגענער מדינה. איך האָב אויך געזען צווישן די ניי אָנגעקומענע מענטשן אומצופרידענע, וואָס האָבן גע־שאָלטן די מדינה, די רעגירונג. איך האָב אויך געזען אַזעלכע וועלכע האָבן זיך געווינטשן דעם טויט איידער צו בראָטן זיך אונטער אַזאַ ברענענדיקער זון. נאָר אַזאַ חורבן אויף וועלכן מען דאַרף זיך אָוועק־זעצן וויינען און קלאָגן מער ווי אויפן חורבן בית־המקדש, אַזעלכעס האָב איך נאָך נישט געזען.

⁂

אין דעם אויטאָמאָביל, וואָס הער קאָזשוך האָט געדונגען אויף צו פאָרן אַהין פון וואַנען מען דאַרף אָנטפּלעקן פאַר דער וועלט די „שוידערלעכע מערדערלעכקייטן" פון אַט אַ יענער „עולים־מחנה" — פאָרן מיר זאַלבעזיבן: ה' קאָזשוך און זיין אַמעריקאַנער פריינט מר. עקיס, טוביה פּושקאַר און ווייב, שמואל לאַנדוי, איך און דער ברודער פון דעם רומענישן־אַמעריקאַנער טוריסט, וועלכער וווינט אין יענער „עולים־מחנה וווהין מיר פאָרן. דער פלאַץ הייסט „פּרדס כץ".

אויפן וועג וואָס פירט פון תל־אביב, דורך בית־חולים ביילינסאָן און דורך רמת־גן, ביז בני־ברק און פּתח תקוה, האָט דער מיסטער עקיס באַקומען לשון. כאָטש ער האָלט, אַז מען דאַרף אונדז לאָזן אַליין זען און מיר זאָלן אַרויסזאָגן אונדזער אייגענער מיינונג, פונ־דעסטוועגן האָלט ער אין איין זאָגן:

— „מענטשן לעבן דאָך אין דער מחנה פּונקט ווי ביי היטלערן אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן. טויזנטער קינדער וואַלגערן זיך דאָרט אין דער בלאָטע און די פליגן צופרעסן זייערע גופים, קראַנקע מענטשן פלאַדיען זיך אין די זאַמדן און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיך אומקוקן אויף זיי. נישטאָ קיין דאָקטאָר, קיין מעדיצין, קיין קליניק

און מען גייט ממש אויס פון הונגער אויב איר מיינט, אַז איך דערצייל דאָס אייך ווייל איך געהער צו אַ געוויסער פּאַרטיי, אָדער איך וויל באַקעמפן וועלכע ס׳איז פּאַרטיי, טאָ זאָל איך נישט דערלעבן אַ היים־צוקומען אין מיין אַמעריקע. זאָל איך נישט דערלעבן אָנצוקוקן צו־ריק מיין ווייב און קינדער אויב איך וויים אפילו וואָס עס איז אַזוינס פּאַרטיי. זאָל איך קרענקען אויב איך האָב אפילו געוווסט וואָס עס איז אַזוינס ציוניזם. מיין בעסטער פריינט און חבר מיסטער קאַזשוך קען אייך עדות זאָגן, אַז איך בין מיר אַ מענטש וואָס כ׳האָב קיינ־מאָל נישט געוווסט פון אַזעלכע זאַכן און כ׳מיש זיך נישט אין די אַלע מעשיות. איר זעט אָט די אַלע ריזיקע געביידעס, ממש פּאַלאַצן, וואָס מען האָלט דאָ אין איין בויען? צוואָס פּאַר אַ כאָליערע דאַרף מען דאָס? זאָל מען פּאַר דעם געלט בעסער געבן צו עסן די הונגע־ריקע. זאָל מען בעסער פּאַר דעם געלט אַרויסראַטעווען די קינדער פון דעם גיהנום. גנבים וואָס זיי זענען!.

— מייך ברודער גייט שוין אַרום אַ פּאָר וואָכן אָן אַרבעט. ער האָט געאַרבעט אויף אַ פּלאַץ אַ פּאָר חדשים איצט האָט מען אים אָפּגעזאָגט. דאַרף ער נעבאַך לויפן יעדן טאָג אין דער אַרבעטס־ביו־ראָ, הייסט מען אים קומען יעדעס מאָל אַן אַנדער טאָג"".

איך גיב אַ פרעג דעם מיסטער עקיס.

— האָט אייער ברודער אַ פאַך אין דער האַנט?

— אָה! ווען ער זאָל האָבן אַ פאַך אין דער האַנט וואָלט ער דאָך צו די גנבים נישט בעדאַרפט אָנקומען, ער וואָלט געלעבט און גע־לאַכט און נישט געדאַרפט זייערע טובות.

— טאָ פאַרוואָס טאָקע מר. עקיס זאָלט איר נישט זיין אַזוי גוט און אויסהאַלטן אייער ברודער אַ יאָר צייט, אַז ער זאָל זיך קענען אויסלערנען אַ פאַך און דערנאָך טאָקע לאַכן פון דער וועלט?

— וואָס, איך זאָל אים אויסהאַלטן! וואָס מיינט איר, אַז איך גיי אַרום אין די גאַסן פון אַמעריקע און שאַר דאָרט די דאָלאַרן? איך האָרעווע שווער און ביטער ביז איך מאַך אַ דאָלאַר. איך האָב שוין גענוג געשיקט מיין ברודער, ער האָט מיר שוין גענוג אָפּגעקאָסט. און אויב איך זאָל דאַרפן אויסהאַלטן מיין ברודער אין ארץ־ישראל, טאָ פאַרוואָס קלייבן די גנבים אַזויפיל מיליאָנען ביי אונדז אין אַמעריקע?

— מר. עקיס, אויב איר האַלט, אַז מען קען דאָ נישט קריגן קיין אַרבעט און עס שטייט אייער ברודער פאַר ממש אויסצוגיין פון הונ־

גער. טאָ נעם איך זיך אונטער, אין משך פון דריי טעג, אים צו באַוואָרגן מיט אַ שטענדיקער אַרבעט און פון אים אַרונטערנעמען די דאגות פון שטענדיקן פרנסה זוכן.

— אַדרבה, איך וועל אייך שטענדיק דאַנקבאַר זיין.

— אין די קיבוצים זוכט מען אַרבעטער מיט ליכט, טאָ זאָל ער פאָרן אין אַ קיבוץ. מר. עקיס, אַז ער האָט דאָס דערהערט האָט ער זיך אָנגעצונדן ווי בענזין ביי אַ פייער.

— מיין ברודער זאָל גיין אַרבעטן אין אַ קיבוץ, נישט דערלעבן זאָל ער דאָס. בעסער זאָל ער שטאַרבן פון הונגער אין דער שטאָט איידער ער זאָל דאַרפן ווערן אַ פויער אין אַ דאָרף.

גאַנץ קאַלטבלוטיק האָב איך אים געענטפערט:

— אויב איר ווילט, אַז ער זאָל בעסער שטאַרבן אין שטאָט, טאָ פאַרוואָס זאָל איך האָבן דאַקעגן.

דער געשפרעך האָט פאַרשלונגען דעם וועג. אָט זענען מיר שוין אָנגעקומען אין דער מחנה.

⁂

הונדערטער און הונדערטער אוהלים (לייוונטע געצעלטן) ליגן פאַנאַנדערגעלייגט ווי געשווירן אויפן שיינעם גאָלדיקן ארץ־ישראל באָדן. די זון ברענט דורך אירע אָנגעגליטע שטראַלן. ווי נאָר מיר זענען אַרונטער פון דעם אויטאָ, האָט זיך מר. קאָזשוך שטאַרק צעכ־ליפּעט. דאָס מאָל האָב איך זיך מיט כח איינגעהאַלטן נישט אויסצו־ברעכן אין אַ געלעכטער ווייל ער האָט מיר דערמאָנט אין אַן עפּיזאָד, בעת איך בין געפאָרן אויף דער שיף „קדמה": דער ים האָט זיך צע־ברוגזט. ער האָט אָנגעהויבן פון זיך אַרונטערוואַרפן ריזיקע כוואַליעס, ווי איינער וואָס וויל פון זיינע פּלייצעס זיך באַפרייען פון אַ שווערער משא. די שיף האָט אָנגעהויבן שפּרינגען אַרויף און אַראָפּ, זי האָט זיך געוואָרפן אַ הין און אַ הער, אַמערסטנס האָט אויפגערעגט די פּאַסאַזשירן דער רוף צום עסן. „שוין ווידער עסן" האָבן זיך געביי־זערט די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין חשק עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין.

אויפן דעק האָב איך באַמערקט ווי אַ פרוי ליגט אַ האַלב פאַר־חלשטע אויף אַ ליג־שטול. בין איך אַרונטער אויפצוזוכן איר מאַן, איך האָב אים געטראָפן אַ פאַרשמייעטן, ביי אַ צעוואַרעמטן פּאָקער, אַז איך האָב אים דערציילט ווי יזיין ווייב פילט זיך, האָט ער מיר געענטפערט רויק און געלאַסן:

— „איך קענט נישט מיין ווייב, ווען מיר גייען אַרויס צוזאַמען אין אַ קינאָ, און מיין ווייב דערזעט אויפן עקראַן אַ שיף, וואָס פאָרט אויפן ים, קריגט זי באַלד די ים־קראַנקהייט און הויבט אָן צו ברעכן". מיר שפּאַצירן צווישן די ביידלעך.

קינדער פון פאַרשידענעם עלטער שפּילן זיך האַלב נאַקעטע, לויפן אַרום באָרוועסע אויפן שיינעם גאָלדיקן זאַמד און זיי פּלאָנטערן זיך צווישן די שטריק וואָס האַלטן די ביידלעך צוגעפעסטיקט צום באָדן.

אַ טייל פון די קינדער זענען אָפּגעלאָזן, נאַכלעסיק — כמעט שמוציק, די האָר ביי זיי זענען אויסגעטרוקנט און צעפּאַדלט, ווי פאַר־פוילט שטרוי, עס איז גאָרנישט שווער צו טרעפן, אַז מען האָט זיי שוין לאַנג נישט געוואַשן. אַ טייל קינדער זענען זויבער, ציכטיק, אויסגעוואַשן און אויסגעקעמט. אַלע צוזאַמען שפּילן זיך און פאַר־ברענגען.

איך קוק זיך אַרום דאָ. דאַכט זיך די זעלביקע ביידלעך ווי די אין וועלכע מיר האָבן אַמאָל געוווינט, פון דער זעלביקער לייזונט, די אייגענע שטריק. דער ארץ־ישראל הימל, די זון, די לופט איז היינט אַ סך שענער, זויבערער און זיכערער ווי אַ מאָל. דאָך שוועבט איבער אַלע ביידלעך דאָ אַן אומעט.

אַמאָל האָט פון די דאָזיקע ביידלעך זיך געריסן שמחה און גע־לעכטער. צעפלאַמטע התלהבות פון „מי יבנה הגליל?" — אַנחנו נבנה הגליל!.

פלעגן אַמאָל וווינען צו פיר חברה אין אַ ביידל און נישט אוי־מעטום זענען געווען בעטלעך, פלעגט מען שלאָפן אויף ראָגאָזשעס, און דאָך איז געווען געראַם, עס איז שטענדיק געווען פּלאַץ פאַר נאָך. היינט, דאָ אין די ביידלעך, וווינען אין יעדן ביידל ווינציקער מענטשן, און דאָך פילט זיך דאָ אַזאַ ענגשאַפט און אַ געפּרעסטע, אומגעדול־דיקע שטימונג.

עס קומט מיר אויפן געדאַנק דער באַוווסטער אַנעקדאָט: עס ווערט דערציילט: בעת די ענגלענדער האָבן געהערשט אין ארץ־יש־ראל, האָבן זיי געהאַט אַ געזעץ, אַז אויף יעדן אויטאָבוס טאָר נישט פאָרן מער ווי פערציק פּאַסאַזשירן. האָט איינמאָל אַן ענגלישער פּאָ־ליציי־מאַן געבראַכט אַ יידישן שאָפער פאַרן געריכט און עדות גע־זאָגט, אַז דער שאָפער האָט אויף זיין אויטאָבוס געפירט זעכציק פּאַ־סאַזשירן, דער ענגלישער ריכטער האָט זיך שטאַרק געבייזערט און איז

גרייט געווען צו מאַכן אַ גרויסע געלט־שטראָף דעם שאָפער. האָט זיך דער שאָפער געווענדט צום ריכטער מיט פאָלגענדע ווערטער:

— איך לייקן אַבסאָלוט די אָנקלאָגע, און אויב איר, הער ריכטער ווילט זיך איבערצייגן אין דער פאַלשקייט פון דער באַשולדיקונג, שלאָג איך אייך פאָר, אַז איר זאָלט זיך אַליין איבערצייגן, אַזוי ווי מיין אויטאָבוס שטייט דאָ פאַר דער געביידע פון געריכט, טאָ זאָל מען פון די אָנגעשטעלטע פון געריכט אַריינזעצן מענטשן אין דעם אויטאָבוס, און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז עס איז מעגלעך אַריינצופאַקן זעכציק פּאַסאַזשירן אַקצעפּטיר איך די גרעסטע שטראָף. באין ברירה האָט דער ריכטער מסכים געווען צום פאָרשלאָג.

עס האָבן אָנגעהויבן זיך אַריינשטופּן אין דעם אויטאָבוס איינער נאָך איינעם, אַז עס האָבן זיך אָנגעפּאַקט פערציק פּאַסאַזשירן האָבן שוין אַלע געשריגן גוואַלט, מען קען נישט אויסהאַלטן פון דער שטיקעניש, אַז דער ריכטער האָט דאָס דערזען האָט ער געגעבן אַ שטאַרקן פאָרוואורף דעם ענגלישן פּאָליציי־מאַן און זיך אַנטשולדיקט פאַרן שאָפער און אים פריי געלאָזט.

אַז דאָס געריכט האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער שאָפער אָפּגעוואַרט דעם ריכטער ביים אַרויסגיין פון געריכט און צו אים געזאָגט:

— הער ריכטער, איצט, אַז איר האָט מיר באַפרייט פון דער קלאָגע, וויל איך זיך פאַר אייך מודה זיין: זאָלט איר וויסן, אַז איך האָב טאַקע געפירט זעכציק פּאַסאַזשירן אויף דעם אויטאָבוס. נאָר דער אונטערשיד פון מיינע פּאַסאַזשירן ביז די פּאַסאַזשירן וועלכע איר האָט אַריינגעזעצט אין דעם אויטאָבוס איז דער: מיינע פּאַסאַזשירן האָבן געוואָלט פאָרן, און אייערע פּאַסאַזשירן האָט איר אויף כוח אַריינגעשטופּט אין דעם אויטאָבוס.

⁂

ה' קאָזשוך און דער מיסטער עקיס לאָזן מיר נישט צורו, יעדע ווייל ווייזן זיי מיר אָן אויף אָן אַנדער געשעעניש: „האַ, האַ, ה' קאָראַנאַ וואָס זאָגט איר אויף דעם, איר זעט דאָס קינדעלע מיט אַזאַ פאָרכעלע?".

„זעט איר אין דעםביידל ליגט אַ פּיצל קינד און פליגן שטייען ביי דעם אויפן פּנים?" „אַדרבה קוקט זיך איין אין אָט דער פרוי מיט אַ צוריסענע בלוזקע" „זעט איר דעם מאַן מיט צוריסענע הויזן?"

„נו, וואָס זאָגט איר איצט, דאַרף מען נישט וויינען אויף אַזאַ אומ־

גליק?". דער טרערן־קוואַל ביי ה' קאַזשוך האָט זיך פאַרדאַפּלט און דער מיסטער עקיס האָט אים אונטערגעהאָלפן:

— „דאָס איז נאָך גאָרנישט איר דאַרפט וויינען נאָך שטאַרקער".

אַז זיי האָבן געזען מיין האַרטקייט, אַ מענטש ביי וועמען מען קען אַפילו קיין טרער פאַר אַזאַ אומגליק נישט אַרויסרופן, שרייט שוין אויס דער מיסטער עקיס מיט צאָרן:

— איר מיסטער קאַראַנאַ זענט אויך ווי איך זע, פון יענער פאַר־טיי־חברה, וועלכע עס אַרט נישט קיין אומגליק, טאָ זאָלט איר וויסן, אַז איך בין געווען ביז היינט אַ מענטש וואָס כ'האָב זיך געלאָזט קאָס־טן פאַר פאַלעסטינע. ווי איר זעט מיר אַ לעבעדיקן, כאָטש איך ווייס נישט וואָס עס איז אַזוינס ציוניזם, פונדעסטוועגן, אַז מען איז צוגע־קומען צו מיר אין ניו־יאָרק און מיר פאַרגעלייגט צו קויפן אַ שאָקל, האָב איך אַרויסגענומען אַ האַלבן טאָלער און באַצאָלט. דערנאָך זענען צו מיר געקומען אַנדערע, זאָל איך אַזוי זיין אַ טאַטע צו מיינע קינ־דער ווי איך האָב געקויפט נאָך דריי שאָקלען. אָבער פון היינט און ווייטער, הייסט מיין נאָמען נישט ייד, אויב איך וועל געבן אַ סענט פאַר פאַלעסטינע.

ווען ה' קאַזשוך מיט זיין אַמעריקאַנעם פריינט האָבן געצאַרנט מיט זייערע בליקן אויף מיר פאַר מיין שווייגן האָב איך זיי איינגע־לאַדן אויף אַ שפּאַציר איבער דער מחנה, איך האָב זיי געבעטן זיי זאָלן מיר דערלויבן צו ווייזן זיי דאָס וואָס איך זע, און זיי זאָלן פאַר אַ ווייל שווייגן.

מיר זענען געגאַנגען צווישן די הונדערטערביידלעך. קיין מע־נער האָבן מיר כמעט נישט געזען, ווייל עס איז געווען אינמיטן טאָג און אַלע מענער זענען געווען ביי דער אַרבעט. צווישן די ביידלעך האָבן זיך געשלענגלט אַנדערהאַלבן צאַליקע רערן וועלכע זענען גע־ווען אָפּגעדעקט און פון שטח צו שטח האָט פון זיי אַרויסגעשטאַרצט אַ קליינע רער מיט אַ קראַן, פון וועלכער עס איז געפלאָסן לויטער פריש וואַסער. פרויען האָבן ביי די קראַנען געוואַשן זייער וועש און אַרום געוויסע ביידלעך האָבן פון דער באַנעצטער ערד אַרויסגעשפּראָצט בלויע בלימעלעך.

מערסטנס פון די עולים האָבן דאָ גערעדט אַראַביש. מיט פיל פון זיי האָבן מיר זיך שוין געקענט פאַרשטענדיקן אויף העברעיש. דורך דער קורצער צייט איז פאַר זיי געוואָרן נאָענט דער קלאַנג פון דער העברעישער שפּראַך, אַ דאַנק דער שול וואָס געפינט זיך אין דער

מחנה און נאָכמער צוליבן ביישטייער פון די הונדערטער און טויזנ־טער פרויען און מיידלעך וואָס גיבן אַוועק זייער פרייע צייט אויף העל־פן דערציען די ניי אָנגעקומענע. דערציען אָט די מענטשן מיינט נישט נאָר לערנען מיט זיי די שפּראַך. עס מיינט אויך זיי אָנווייזן ווי אַזוי אויפצוראָמען דאָס ביידל, ווי אַזוי צו עסן מיט אַ גאָפּל־לעפל־מעסער, ווי אַזוי צו ריידן מענטש צו מענטש און דערביי זיך נישט שפּייען אין פּנים אַריין.

אַגבֿ איז כדאי איבערצוגעבן אַ סצענע ביי וועלכער איך האָב בייגעוווינט אין אַ צווייטער עולים־מחנה, אויף אַן אַנדער פּלאַץ:

איינער האָט דעם צווייטן אַריינגעשטאָכן אַ מעסער, וועמען מען האָט גלייך באַדאַרפט אַריינטראָגן אין דעם קליניק פון דער מחנה. די סיבה פון דעם מעסער שטעכן איז געווען פאָלגנדע:

דריי האָבן זיי געוווינט אין דעם זעלבן ביידל. ביינאַכט האָט איינער באַדאַרפט טאָן אַ מענטשלעך געברויך און ווייל די איראַקער פוילקייט האָט ביי אים געררויעט אין די ביינער, איז ער אַנשטאָט צו גיין צום „בית־כסא" וואָס איז ווייטער פון די ביידלעך, צוגעגאַנגען אָרט צום שכנס בעט און דאָרט זיך דערליידיקט. דאָס האָט געבראַכט, אַז יענער זאָל אים אַריינשטעכן אַ מעסער. דאָ אין דער מחנה האָבן מיר געזען פיל פון יענע טיפּן.

⁂

מיר זענען אויך פאַרבייגעגאַנגען פיל ביידלעך אין וועלכע עס וווינען רומענישע יידן. דאָ האָב איך טאַקע אָנגעוויזן מיינע ווייִנער און שטראָפער:

— זעט! די זעלבע ביידלעך. דאָרט רויען פליגן אויף די קינדער, שמוץ איז אַן אומצושיידבאַרער שכן אין ביידל. דאָ אָבער איז ריין און ציכטיק, ווייסע ליילעכער שיינען אַראָפּ פון די בעטן, דאָס טישל איז איבערגעדעקט מיט אַ ווייס טישטוכל. אַפילו די הילצערנע קעסטלעך, וואָס זיי נוצן פאַר שטולן, זענען אויסגעוואַשן און ריין.

אין איין אַזאַ זויבער און ציכטיק ביידל האָבן מיר געטראָפן אַ גרויסע שיסל מיט רוי פליש. די מיטליעריקע פרוי, דערזעענדיק אַזאַ קאָמיסיע פון פרעמדע מענטשן, בפרט ווען איינער זאָגט נאָך יעדע פאַר ווערטער „צאַלרייט!", האָט אַוודאי געמיינט, אַז דאָס זענען אַמע־ריקאַנער וואָס זענען געקומען טיילן דירות, האָט זי זיך פאַרשעמט און צו אונדז געזאָגט:

— איר מיינט, אַז מיר קריגן אָפּט פּלייש, דאָס האָבן מיר אָפּגע־נומען אונדזערע פּאָרציעס פּאַר צוויי וואָכן.

אַז ה׳ קאָזשוך האָט מיר אָנגעוויזן אויף קינדערלעך מיט „פּרעה־דיקע" קעפּלעך, וואָס גלאַנצן פון די געשמירטע מאַשטשן, האָט ער מיר געפרעגט צו מען דאַרף נישט וויינען דערויף. האָב איך אים געענטפערט:

דערויף דאַרפן מיר זיך אַלע פרייען, ווייל די איראַקער פּאַרכע־לעך פון די יידישע קינדערלעך היילט מען מיט מאַשטש פון דער ארץ־ישראלדיקער קופּת־חולים.

דערזעענדיק די קאָמיסיע פון „אַמעריקאַנער פילאַנטראָפּן" האָט זיך צו אונדז צוגעשאַרט אַ מיידל אַ הינקענדיקע. זי קומט פון איראַק, זי איז שוין אין לאַנד אַנדערהאַלבן יאָר, אַ פּיסקל האָט עס אויף שרויפן, זי רעדט העברעיש אַזוי פריי ווי זי וואָלט געבוירן געוואָרן אין ישראל, זי איז אַ קאָכלעפל וואָס מישט אין יעדנס טאָפּ. האָט זי פאַר די צען מינוט אָנדערציילט רכילותן און פּליאָטקעס, וואָס וואָלטן געוגנט פאַר אַ טוץ רכילות־טרייבערנס. און ווייל ה׳ קאָזשוך האָט צום באַדויערן נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט האָט ער געהאָלפן מיט־וויינען אויף דער דאָליע פון דעם אינוואַליד־מיידל.

זי איז געקומען פון איראַק. דאָרט האָט מען איר מערדערלעך געשלאָגן און אויסגעדרייט אַ פוס. גלייך ביים אָנקומען קיין ישראל האָט מען איר אַריינגענומען אין אַ שפּיטאָל, ווו זי איז אָפּגעלעגן אַכט חדשים און איצט מוז זי אַרומגיין נאָך אַ פּאָר חדשים מיטן פוס איינ־געראַמט אין אַ ניקלענעם אַפּאַראַט (ווי מען האָט מיר אינפאָרמירט, קאָסט דער אַפּאַראַט עטלעכע הונדערט פונט). דאָס מיידל איז שוין געווען ביי בן־גוריונען און גערעדט מיט אים פּערזענלעך וועגן איר גורל, זי פאָדערט דוקא, אַז מען זאָל איר געבן אַ שיכון אין שטאָט.

איך האָב גענומען דעם גוטהאַרציקן ווײַנער און דעם שלעכטן, אַמעריקאַנער שעלטער און זיי אָנגעוויזן די גרויסע באַראַקן אין וועל־כע עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן טושן פאַר די איינוווינער פון די ביידלעך. אין איינעם אַ גרויסן בלעכענעם באַראַק זענען פאַראַן דריי קראָמען: איינע אַ שפּייז קראָם אין וועלכער מען פאַרקויפט אַלע פּראָ־דוקטן וואָס מען קען אין אַזאַ קראָם באַקומען אין תל־אביב.

די צווייטע קראָם איז פון פאַרשידענע לימאָנאַדעס, קאַלטע גע־טראַנקען, גלידה (אײַז־קרים) קיכלעך, צוקערקעס און אַנדערע נאַ־שערייען.

אין דער דריטער קראָם פאַרקויפט מען אייז. יעדער פאַמיליע קען באַקומען אַ דריטל בלאָק אייז יעדן טאָג. דער אונטערשיד פון דער קראָם אין דער מחנה ביז צו דער קראָם אין דער שטאָט איז, וואָס אין שטאָט דאַרף מען נאָך די אַלע זאַכן שטייען אין דער ריי און וואַרטן, בעת דאָ באַקומט מען עס גלייך.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די נייע עולים באַקומען אַרבעט ביי רעגירונגס אונטערנעמונגען און די אַלע פּראָדוקטן קויפן זיי פון די פאַרדינסטן פון זייער אַרבעט. פוילט זיך ווער צו אַרבעטן זענען נישטאָ קיין סתם פילאַנטראָפּישע שטיצעס (אויסער צו די וואָס זענען אַרבעטס־אומפעיקע).

דערנאָך זענען מיר אַוועק אין דער ביוראָ פון דעם פאַרוואַלטער פון דער מחנה. ער איז אַ ביז גאָר האַרציק סימפּאַטישער יונגערמאַן, וועמען עס איז דאָ וואָס ווייניק מקנא צו זיין. טויזנטער טענות און פּרעטענזיעס, באַרעכטיקטע און אומבאַרעכטיקטע, פון די עולים לאָזן אים נישט צורו פאַר קיין איין מינוט, דאָך באַמיט ער זיך זיי צו פאַר־שטיין און ער געפינט שטענדיק דעם פּאַסיקן ענטפער וואָס זאָל באַ־רויקן זייערע צערייצטע געמיטער.

דער יונגערמאַן האָט אונדז אויפגענומען פריינטלעך. ער האָט אונדז אַרומגעפירט פון פּלאַץ צו פּלאַץ. אין אַ שייך, גרויס הילצערן הויז איז איינגעאָרדנט דער קליניק ווו מען באַדינט אַלעמען מיט מע־דיצינישע הילף. עס זענען פאַראַן עטלעכע צימערן מיט בעטלעך פאַר קראַנקע.

עס בלישטשעט איבעראַל מיט שפּיטאָל מאָדערנקייט, קראַנקן־שוועסטער זענען דאָ פאַראַן שטענדיקע וועלכע דערפילן מיט צאַרט־קייט זייער פליכט. קיין שטענדיקער דאָקטאָר איז דאָ נישטאָ. ווייל עס איז בכלל אַ גרויסער מאַנגל אין דאָקטוירים אין ארץ־ישראל, זע־נען פאַראַן דאָקטוירים וואָס פאָרן ככדר אַרום פון מחנה צו מחנה.

אַ ספּעציעלער פּלאַץ פאַרנעמט דאָ די קינדער אָפּטיילונג. אַ באַ־זונדער פּאַווילאָן איז דאָ פאַראַן פאַר נאָרוואָס געבוירנע קינדער. דאָ אין דעם פּאַווילאָן ווערן די פּיצינקעלעך געהאַלטן אַ פּאָר חדשים נאָך זייער געבורט, עס טרעפן אָבער אַ סך פאַלן ווען די מאַמע, וואָס איז נישט לאַנג אָנגעקומען פון איראַק, לאָזט באַין אופן נישט אַוועק־נעמען פון זיך דאָס קינד און דאָס שאַפט נישט ווייניק שווערע אינ־צידענטן.

מיר האָבן אויך באַזוכט דעם צימער ווו עס ווערן דורך געוויסע

אַפּאַראַטן דעסטילירט די מילך און אַנדערע שפּייזן פאַר די קינדער.

⁂

אַרויסגייענדיק פון דער עולים־מחנה האָבן מיר גאָרנישט דיס־קוטירט, קיין זאַך נישט אַרגומענטירט.

ה' קאָזשוך האָט שוין לאַנג זיך באַרויקט. ער איז געוועזן שטאַרק פאַרנומען מיטן פאַנאַנדערטיילן דאָס ביסל שאָקאָלאַד וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פאַר די קינדער. ווען מחנות פון קינדער זענען אים באַ־פאַלן און געוויינט מיט ביטערע טרערן, פּראָטעסטירט, פאַרוואָס די אַנדערע קינדער האָט מען יאָ געגעבן און זיי נישט קיין פּיצל שאָקאָ־לאַד און די מחנה פון קינדער וואָס האָט קיין שאָקאָלאַד נישט באַקו־מען איז אַלץ געוואָרן גרעסער און גרעסער, האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם הער קאָזשוך:

— ס'טייטש, טאַקע אַ גרויסע עולה, פאַרוואָס איין קינד יאָ געבן שאָקאָלאַד און אַזוי פיל קינדער גאָרנישט געבן? האָט ער זיך פאַר מיר פאַרענטפערט:

— „איך קען דאָך נישט טיילן מער ווי איך האָב".

— דאָס פאַרענטפערט אַלץ, האָב איך צו אים געזאָגט, איר זעט ה' קאָזשוך.

די ישראל רעגירונג גיט מער ווי זי קען און האָט. דאַנקען גאָט מיר האָבן אין דער גאַנצער עולים־מחנה נישט אָנגעטראָפן אויף קיין איין מענטש אַ הונגעריקן. אַלע זענען דורך דער רעגירונג פאַרזאָרגט מיט דעם מינימאַלסטן וואָס אַ מענטש מוז האָבן, דאָס גיט די גרויסע האָפענונג, אַז אָט די אַלע וועלכע גייען איצט דורך די שווערע נישט אָנגענעמע עפּאָכע פון לעבן אין דיביידלעך וועלן גאַנץ בקרוב ווערן מוטיקע, פרייע, שטאָלצע, אומאָפּהענגיקע ישראל בירגער.

## אינטערוויו מיטן פרעמיער־מיניסטער אין ירושלים

עס איז גאָרנישט פון די לייכטע זאַכן צו באַקומען אַן אוידיענץ ביים ראש־הממשלה, בפרט אין די טעג נאָך די וואַלן צו דער כנסת, בעת עס קומען פאָר כסדרדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט פאַרשידענע פאַרלאַמענט־פראַקציעס וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון אַ קאָאַליציע פאַרן נייעם מיניסטאָרן־קאַבינעט.

עס זענען איצט פאַראַן אין ארץ־ישראל געסט פון קרוב צו זעכציק לענדער. דעלעגאַטן צום דריי און צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, דעלעגאַטן צו פאַרש־ידענע קאָנפערענצן, וואָס קומען פאָר אין דעו׳ זעלביקער צייט דאָ אין לאַנד. ביי אַלעמען איז דאָ דער שטאַרקער ווילן, אויפגענומען צו ווערן דורכן פרעמיער־מיניסטער — דוד בן־גוריון.

פון דעם מאָמענט זינט בן־גוריון איז צוריקגעקומען פון די פאַרייניקטע־שטאַטן האָט ער נאָך נישט געערוט קיין איין טאָג. רעגי־רונגס־פליכטן, מיליטערישע אינספּעקציעס ערב די גרויסע מילי־טערישע מאַנעוורעס, וואָס דאַרפן בקרוב פאָרקומען דאָ אין לאַנד, כנסת־זיצונגען, מיניסטאָרן־באַראַטונגען, און ווו נאָר אַ וויכטיקע רערעפענונג אָדער פייערונג פון אינדוסטריעלן אָדער לאַנד־ווירט־שאַפטלעכן כאַראַקטער קען מען איבעראַל טרעפן דעם פרעמיער־מיניסטער.

מיט באַוווּנדערונג פלעג איך נאָכפאָלגן די אומאויסשעפּלעכע ענערגיע פון דעם דאָזיקן מאַן בעת דעם וואַל־קאַמף צו דער כנסת, ער פלעגט אָפט אַרויסטרעטן מיט צוויי אָדער דריי רעדעס אַ טאָג לויפנדיק פון איין ברעג לאַנד צום צווייטן און צווישן צייט אָנטייל־נעמען אויף פאַרטיי זיצונגען, דאָ אין דער שטאָט און באַלד אין אַ צווייטער.

אַ פּאָר טעג פאַר די כנסת־וואַלן, בעת בן־גוריון איז אַרויסגע־טרעטן אין ירושלים פאַר אַן עולם פון צוואַנציק טויזנט מענטשן, האָב

איך אים געזען אַ בלאַסן, אַ פאַרמאַטערטן. דאָך האָט דאָס אים נישט געשטערט צו זיין וווּנדערבאַרער עקספּאַזע וועלכע האָט געדויערט איבער צוויי שעה צייט און ער האָט געהאַלטן דעם עולם אַ געשפּאַנטן, אַ פאַרכשופטן, בעת ער האָט געשילדערט דעם באַפרייאונגס־קאַמף אין און אַרום ירושלים.

אין אַ שמועס מיט דעם פּריוואַט־סעקרעטאַר פון פּרעמיער־מיניסטער, מר. אלקנה גלי — אַ קוועקזילבערדיקער, דינאַמישער, טייערער יונגערמאַן, און פאַרמאַגן פאַרמאָגט ער אַ פּאָר קלוגע אויגן, וואָס נעמען דיך דורך און דורך, — האָב איך אויסגעדריקט מיין שטאַרקן ווילן פאַר אים, אַז דער פּרעמיע־מיניסטער זאָל באַשטימען אַן אוידיענץ פאַר מיר צוזאַמען מיט נאָך אייניקע חברים פון מעקסיקע.

די קנייטשן אויף זיין שטערן האָבן געזאָגט: „ס'טייטש, ווי אַזוי פּאַקט מען אַריין, אין אַזאַ שטורמישער צייט, אַזאַ מין באַגעגעניש?"

ער האָט זיך פאַרטראַכט פאַר אַ ווייל און מיך געענטפערט: „ווייסט איר וואָס, מיטוואָך אינדערפרי וועט דער פּרעמיער האָבן זיין מיניסטאָרן־קאַבינעט זיצונג אין ירושלים, טאָ באַמיט זיך צו זיין אין אָט דער צייט אין ירושלים און מיר וועלן שוין זען ווי אַזוי צו אַראַנזשירן דעם ענין.



אין אַ ספּעציעלן אויטאָמאָביל זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון תל־אביב קיין ירושלים: פּ. פּלאַשגער, ק. לאַגדוי, ט. פושקאַר, ש. לאַנדוי און איך. ביין אַזויגער אין דערפרי זענען מיר שוין געווען אין ירושלים.

אין דעם לינקן פליגל פון דער געביידע פון דער יידישער אַגענץ געפינען זיך די ביוראָען פון דעם פּרעמיער־מיניסטער.

אַריינקומענדיק אין דער געביידע האָב איך אין דער מעלדונגס־ביוראָ מודיע געווען, אַז איך האָב אַן אינטערוויו מיטן פּרעמיער אויף היינט אין דערפרי, גלייך האָט מען וועגן דעם צוויסן געגעבן טעלעפאָניש דעם סעקרעטאַר און ער האָט אונדז געהייסן אַרויפקומען.

אַז אלקנה גלי האָט דערזען פינף חברה מיטאַמאָל פרעגט ער ביי מיר: „עס זענען פאַרבליבן נאָך יידן אין מעקסיקע? איך האָב געמיינט, אַז איר קומט בלויז מיט נאָך איינעם". דאָך האָט ער זיך צו אונדז באַצויגן זייער העפלעך און אונדז געמאָלדן, אַז עלף אַזייגער וועט אונדז דער פּרעמיער־מיניסטער אויפנעמען.

איבער אַ שעה צייט האָבן מיר, אין צעצויגענער אומגעדולדי־קער דערוואַרטונג, שפּאַצירט איבער די ירושלימער גאַסן, דערווייל האָבן מיר זיך באַזאָרגט מיט אַ פאָטאָגראַפיסט וואָס זאָל זיין צו יע־דער מינוט גרייט צו פאַרפיקסירן דעם דאָזיקן מאָמענט פאַר דער אייביקייט.

פונקט עלף אַ זייגער זענען מיר שוין ווידער געווען אויפן פּלאַץ. דאָסמאָל האָט מען אונדז שוין פאַרבעטן אין דעם וואַרט־זאַל וואָס געפינט זיך ביי דער זייט פון דער ביוראָ פון דעם פּרעמיער־מי־ניסטער.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן איז אַבי געזונט. מען וואַרט און מען וואַרט. די מיניסטאָרן־קאַבינעט זיצונג ציט זיך אָן אַ סוף. פון צייט צו צייט גייען אַריין און אַרויס: משה שרת, גאָלדע מייער־סאָן, הרב, איטשע מאיר לעווין, משה שאַפּיראָ, אליעזר קאַפּלאַן, פּנחס רוזן און אַנדערע. דער זייגער איז געווען עלף, שוין מיט צוויי שעה צוריק. אלקנה גלי קומט אַלע ווײַלע אַרויס צו אונדז און שלאָגט אונדז פאָר, אַז מיר זאָלן אָפּלייגן דעם אינטערוויו אויף אַ צווייטן טערמין. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן, אַז נאָך היינט מוז דאָס געשען, ווייל אין אַ צווייטן טאָג קען אונדז נאָך אויסקומען צו וואַרטן נאָך לענגער. אַז אלקנה גלי זעט אונדזער איינגעשפּאַרטקייט, פאַרזיכערט ער אונדז, אַז גלייך ווי די קאַבינעט־זיצונג וועט זיך ענדיקן וועט אונדז דער פּרעמיער אויפנעמען.

אַזוי וואַרטענדיק האָבן אָן אָנגעקומען: חיים גרינבערג, ברוך צוקערמאַן, יצחק בן־צבי און אַנדערע וויכטיקע פּאַרטיי־חברים.

איך בין צוגעגאַנגען צו די חברים און געבעטן ביי זיי רחמים: „האָט רחמנות אויף אונדז מעקסיקאַנער און גזלט פון אונדז נישט אַוועק די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט בן־גוריונען". זיי צעשמייכלען זיך און חיים גרינבערג זאָגט: „איך בין גרייט אויף דעם קרבן און גיב אייך איבער די פּריאָריטי".

ווי עס האָט זיך נאָר געענדיקט די זיצונג פון מיניסטאָרן־קאַבינעט, האָט מען טאַקע באַלד אַריינגערופן די אַלע פּאַרטיי אָנ־פירנדע חברים. און עס איז קיין ווונדער נישט, ווייל אין אַ פּאָר שעה אַרום דאַרף זיך אין תל־אביב עפענען די אַלוועלטלעכע פּועלי־ציון קאָנפערענץ און מסתמא זענען דאָ וויכטיקערע ענינים צוצו־גרייטן, איידער דער שמועס מיט מעקסיקאַנער יידן. דער האַרציק־



פאָטאָגראַפירט בעת דעם אינטערוויו

מיטן פרעמיער מיניסטער דוד בן גוריון



פון לינקס צו רעכטס:

טוביה פושקאר, שמואל לאנדוי, קלמן לאנדוי, דוד בן גוריון, מרדכי קאראנא, פישל פלאשנער.

טייערער אלקנה גלי קומט יעדער ווייל צו אונדז זיך אָנטשולדיקן. מיר האָבן אָבער באַשלאָסן — איינמאָל ניין, מיר גייען נישט אַוועק פון דאַנען ביז מיר האָבן נישט אונדזער צוזאַמענטרעף מיט בן-גוריונען

פונקט צוויי אַזייגער פאַרלאָזן אונדזערע פּאַרטיי־גדולים די באַראַטונג און מיר ווערן פאַרבעטן צום פּרעמיער אין זיין ביוראָ.

אַ גרויסער ליכטיקער סאַלאָן, גאָר פיין אויסמעבלירט. ביי אַ גרויסן שרייב טיש אויף וועלכן ס'זענען אָנגעוואָרפן ביכער, צייטונגען, זשורנאַלן. אויפן שרייב־טיש שטייט איינגעראַמט — דאָס בילד פון בערל קאַצענעלסאָן ז. ל. דאָ זיצט דוד בן־גוריון מיטן קורץ־אָרבלדיקן העמדל. די האָר פוןביידע זייטן קאָפּ זענען צעפלאָשעט און טיילן זיך אָפּ איינע פון דער אַנדערע, מיר ווייזט זיך אין דעם מאָמענט אויס. אַז יעדער האָר באַזונדער איז פּאַרטיפט אין אַן אַנדערער פּראָבלעם. מיט אַ ברייט האַרציקן ברוך הבאָ האָט בן־גוריון אונדז פאַרבעטן צו זעצן זיך ביי זיין שרייב טיש. דערווייל האָט ער געהאַלטן אין פאַרענדיקן אַ געוויסן ענין מיט אַ פערזאָן. ביידע האָבן געערעכנט און געשריבן ציפערן. באַלד ווי נאָר ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די חשבונות, האָט דוד בן-גוריון, אויף אַ היימיש חברישן אופן גענומען שמועסן מיט אונדז. זיין ערשטע פראַגע איז געווען: וואָס מאַכן עפּעס די יידן אין מעקסיקע, ווי זעט אויס דאָרט אונדזער באַוועגונג? ק. לאַנדוי האָט אים איבערגעגעבן אַ גרוס פון דער פּאַרטיי. פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און פון דער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע. ט. פּושקאַר האָט באַמערקט וועגן דעם, אַז יידן פון מעקסיקע גרייטן זיך צו אינוועסטירן געלט אין ארץ־ישראל און צו באַזעצן זיך דאָ. בן־גוריון רייסט אים איבער: „אפשר וואָלטן זיך יידן וועניקער געגרייט און טאַקע באַלד געקומען צו באַזעצן זיך דאָ! — ארץ־ישראל דאַרף און מוז האָבן אַן איינוואַנדערונג פון די יידן פון די אַמעריקעס. מיר מוזן האָבן אַ חלוצים־עליה פון אייערע לענדער. ווו איז דער אָפּרוף פון אייער יוגנט צו דער געשעעניש, וואָס עס איז די אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל? אַז פּושקאַר האָט אים געוואָלט באַווייזן, וויפל יוגנטלעכע פון אונדז האָבן אָנטייל גענומען אין דעם באַפרייאונגס קאַמף, האָט בן־גוריון אים ווידער איבערגעריסן: „איך ווייס עס, עס איז מיר גוט באַקענט, אָבער דאָס איז אַ צו קליינע צאָל, מיר מוזן האָבן אַ גרויסע חלוצים־ איינוואַנדערונג פון די אַמעריקאַנער לענדער!".

דער פּרעמיער־מיניסטער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט וועגן יידישן לעבן אין מעקסיקע און אויך וועגן די „אינדיאַנער־יידן" אין מעקסיקע, די וועלכע האָבן זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט מיט אַ פּאָר צענטליק יאָר צוריק. וועגן אָט די ענינים האָב איך זיך געגער־מען אים צו ענטפערן, איך האָב אים דערקלערט וועגן דער געמישט־קייט פון די „אינדיאַנער יידן" מיט די מעקסיקאַנער און וועגן זייער לעבן אַלס ערד־אַרבעטער. דאָ גיב איך אים אַ פרעג:

— הער פּרעמיער, קענט איר מיר זאָגן ווי וואָלט געווען ווען אָט די אינדיאַנער יידן זאָלן וועלן איינוואַנדערן קיין ארץ־ישראל?, דערביי דאַרפן מיר נישט פאַרגעסן, אַז זייער יידישקייט שטייט שטאַרק אונטער אַ פרעג צייכן, פאַרשידענע יידישע געלערנטע האָבן גע־פאַרשט זייער אָפּשטאַם אין זייער שייכות צום יידישן פאָלק. און ביז היינט איז נאָך זייער יידישער אָפּשטאַם נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. בן־גוריון האָט זיך פאַר אַ ווייל פאַרטראַכט אין מיר געענטפערט:

— יאָ, זיי קענען אַריינקומען אין מדינת־ישראל ווען זיי ווילן. מיר אַנאַרקענען יעדן ייד וואָס דעקלאַרירט זיך אַלס ייד און שטאַל־צירט מיט זיין יידישקייט. אַזאַ ייד איז פאַר אונדז וויכטיקער איידער אַיינער וואָס מיר ווייסן, אַז ער איז אַ ייד און ער פאַרלייקנט זיין יידישקייט. בפרט ווען די אינדיאַנער יידן זענען האַראָפּאַשניקעס, ערד־אַרבעטער וואָס קענען אונדז העלפן בויען מדינת־ישראל, פאַר־קערט — איר דאַרפט ביי זיי אַנטוויקלען דעם דראַנג צו פאָרן קיין ישראל"

— הער פרעמיער — האָב איך אים געפרעגט — קענט איר אונדז אפשר איבערגעבן אייער מיינונג ווי וועט אויסזען די קאָאַלי־ציע פון דער נייער ישראל־רעגירונג? בן־גוריון האָט זיך צעשמייכלט און געענטפערט:

— „איך אַליין וואָלט שוין אויך געוואָלט וועגן דעם וויסן, דער־ווייל אָבער איז נאָך קיין באַשטימטער פּלאַן נישטאָ. אָבער איך האָף, אַז עס וועט ענדלעך געשאַפן ווערן אַזאַ רעגירונג וואָס וועט שטייען אויף דער געהעריקער הויך צו קענען פאַרענטפערן אַלע שווערע ישראל־פּראָבלעמען.

— הער פרעמיער, צי איז עס פון וויכטיקער באַדייטונג פאַר מדינת־ישראל אַז עס זאָל זיך איינשטעלן אַ סטאַבילע דיפּלאָמאַטי־שע פאַרבינדונג צווישן מעקסיקע און מדינת־ישראל, און וואָס זע־

נען די סיבות וואָס ביז היינט צו טאָג זענען נאָך אַזעלכע פאַרבינ־דונגען נישט איינגעשטעלט געוואָרן?

— פאַר אונדזער מדינה איז אַזאַ דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונג ביז גאָר וויכטיק. מעקסיקע איז אַ גרויס און וויכטיק לאַנד. מעק־סיקע שפּילט אַ גרויסע ראָל צווישן פעלקער, אָבער איך וואָלט אייך ראַטן וועגן די אַלע פראַגן זיך דורכצורייד ן מיט אונדזער אויסערן־מיניסטער — משה שרת.

איבער צוואַנציק מינוט האָט געדויערט אונדזער שמועס. עס איז געווען אַ נחת־רוח צו זיצן נאָענט און זיך צוצוקוקן צו דער ענערגיע וואָס ברויזט, פול מיט בטחון, פון אונדזער ראש־הממשלה — דוד בן־גוריון.

⁂

איז דרויסן האָט שוין געוואַרט די מיליטערישער וואָך ביי דעם אויטאָ, אין וועלכן דער פּרעמיער־מיניסטער דאַרף גלייך אָפּפאָרן קיין תל־אביב. ביים געזעגענען זיך מיט אונדז האָט מר. דוד בן־גוריון געבעטן איבערגעבן אַ וואַרעמען גרוס צו די יידן אין מעקסיקע און זיי זאָגן, אַז לויט זיין מיינונג הייסט אַ גוטער ציוניסט דער, וואָס איז עולה קיין מדינת־ישראל. דער ייד אָבער וואָס קען צוליב גע־וויסע סיבות דערווייל נאָך נישט עולה זיין, דאַרף וויסן, אַז גייסטיק מוז ער זיך אויסלעבן און איינלעבן מיט אַלץ וואָס ווערט געשאַפן אין מדינת־ישראל. פאַרענדיקט אונדזער שמועס האָט בן־גוריון מיט די ווערטער:

— „איך בין זייער צופרידן וואָס יידן פון מעקסיקע האָבן זיך געקענט מיט מיר, אויף אַזאַ פרייען אופן, דורכשמועסן אויף אונד־זער נאַציאָנאַלער שפּראַך — העברעיש, איך באַגריס אייך דערפאַר".

## דורכן שונאס פיסק אויפן הר הצופים

דורך פאַרשידענע אָנשטרענגונגען האָב איך זיך באַמיט צו באַ־קומען אַ דערלויבעניש אַרויפצוגיין אויפן הר־הצופים. עס האָט מיר געלאָקט צו כאַפּן אַ בליק אויף יענעם תורה־ווינקל צו וועלכן דורות האָבן געשטרעבט, דאָרט ווו דעם ערשטן אַפּריל טויזנט ניין הונדערט פינף און צוואַנציק איז דערעפנט געוואָרן דער העברעישער אוניווער־זיטעט און דערמיט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די יידישע נבואה „כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים״.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי האָבן דר. חיים ווייצמאַן, בערטאָלד פייוול און מאַרטין בובער אַרויסגעלאָזט צוזאַמען אַ בראָ־שור וועגן גרינדן אַן אוניווערזיטעט אין ירושלים. צו דער אידעע האָבן זיך אָנגעשלאָסן זייער פיל סימפּאַטיקער. אין יאָר טויזנט ניין הונ־דערט דרייצן האָט דר. אַרטור רופּין געקויפט דעם פּלאַץ פאַרן אוּ־ניווערזיטעט אויפן הר הצופים. דער ערשטער וואָס האָט זיך ביי־געשטייערט פאַר דעם צוועק מיט אַ סומע פון פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר איז געווען דוד וואָלפסאָן און מיט נאָך אַ גרעסערע סומע האָט זיך בייגעשטייערט דער ציוניסטישער עסקן פון רוסלאַנד הער יצחק גאָלדבערג, פאַר דעם געלט איז אָפּגעקויפט געוואָרן דער הר הצופים.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פערצן האָט דר. חיים ווייצמאַן געשאַפן אַ גרינדונגס־קאָמיטעט צו פאַרווירקלעכן די אידעע. אין דעם קאָמיטעט זענען אַריין אַזעלכע באַוווסטע געלערנטע ווי: „פּראָ־פעסאָר אָטאָ וואַרבורג פון בערלין, פּראָפעסאָר פאַול ערליך פון פראַנקפורט, פּראָפעסאָר לאַנדוי פון געטינגען, לאָרד דזשיימס רויט־שילד, אחד העם און מאַרטין בובער.

אין יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכצן, בעת די ערשטע וועלט־מל־חמה איז נאָך געשטאַנען אין פלאַמען און דער גורל פון דער וועלט־שריפה איז נאָך געווען אַן אומבאַשטימטער, איז דר. חיים ווייצמאַן געפאָרן קיין ארץ־ישראל. אַלס מיטגליד פון דער „ציוניסטישער

קאָמיסיע", וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט דאַן געשיקט אויס־צופאָרשן און צוגרייטן פלענער פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דאַן האָט זיך דר. חיים ווייצמאַן געווענדעט צו גענעראַל אַלענבי, אַז ער זאָל געבן זיין צושטימונג צו לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן אוני־ווערזיטעט. דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער בריטישער אַרמיי, גע־נעראַל אַלענבי, האָט אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט וואָס אין אַזאַ צייט האָט גאָר דר. חיים ווייצמאַן אײַנזינען צו טראַכטן וועגן אַן אוניווער־זיטעט און ער האָט אים געענטפערט:

— וואָס פאַר אַ זין האָט עס אָנצוהייבן אַ זאַך אין וועלכער מען איז נישט זיכער, צי וועט מען עס אַמאָל ענדיקן.

דערויף האָט דר. חיים ווייצמאַן געענטפערט:

„איך מיין, אַז עס וועט זיין אַ גרויסער אַקט פון גלויבן און צו־טרוי; גלויבן אין דעם זיג פון די אַליאירטע, וואָס מוז קומען. און צוטרוי אין דער צוקונפט פון ארץ־ישראל. איך קען זיך נישט פאָרשטעלן קיין בעסערן סימבאָל פון גלויבן, ווי צו לייגן דעם גרונט־שטיין פאַרן העברעישן אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים, אין דער דאָזיקער שעה".

גענעראַל אַלענבי האָט מסכים געווען און אין דעם טאָג פון פיר און צוואַנציקסטן יולי טויזנט ניין הונדערט אַכצן, ווען די אַרמאַטן־קוילן האָבן נאָך געהילכט אויף פאַרשידענע פראָנטן, איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַרן אוניווערזיטעט. און דעם ערשטן אַפּריל טויזנט ניין הונדערט פינף און צוואַנציק איז דער אוניווערזיטעט פייערלעך דערעפנט געוואָרן.

בעת דער דערעפענונג האָט דר. חיים ווייצמאַן געזאָגט צו דער וועלט פאָלגנדע ווערטער:

— „די דאָזיקע אינסטיטוציע פון תורה וועט זיין אָפן פאַר מיט־גלידער פון אַלע גלויבנס און ראַסן, אַלע ראַסן זענען פאַרייניקט אין דער אויפגאַבע צו זוכן דעם אמת.

„די דאָזיקע אינסטיטוציע פון תורה וועט אויפלעבן אין ארץ־ישראל די ציוויליזאַציע, וואָס דאָס לאַנד האָט אַמאָל געהאַט, און וועט געבן דעם דאָזיקן לאַנד אַ פּלאַץ אין דער וועלט פון געדאַנק און פון תורה".

„עס איז קלאָר, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע דאַרף טאָן איר אַרבעט נישט בלויז פאַר דעם יידישן פאָלק, אָדער פאַר ארץ־ישראל

אַליין, נאָר אויך פאַר דער אויפוואַכונג פון דעם גאַנצן מזרח און פאַר דעם ווילזיין פון דער גאַנצער מענטשהייט".

„עפענענדיק דעם העברעישן אוניווערזיטעט, זאָגן מיר צו אַלע פאָרשטייער פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער, וואָס זענען דאָ אַנוועזנד, אַז דאָס יידישע פאָלק זוכט די חבר'שאַפט פון אַלע נאַציעס פון דער גאַנצער וועלט. דער דאָזיקער אוניווערזיטעט האָט הינטער זיך די לאַנגע טראַדיציעס פון אונדזער תורה, פון די נביאים, פון דער אַל־טער ישיבה פון יבנה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן באַלד נאָכן חורבן פון ירושלים; פון די ישיבות פון גלות שפּאַניע, איטאַליע, פראַנק־רייך און באַגדאַד".

⁂

היינט שטייען די אַלע אוניווערזיטעט געביידעס אויפן הר הצו־פים פאַריתומטע אונטער דער אויפזיכט פון דער „אָנו" און צוקו־מען צו זיי איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן.

איך האָב זיך פערזענלעך באַקענט מיט דער דירעקטאָרן פון אוניווערזיטעט, פרופ' דר. שפּיגל און מיט דער סימפּאַטישער סע־קרעטאַרן, פרופ' ראָזענטאַל. כאָטש איך האָב שוין אָנגעגעבן אַ בקשה, וועגן אַ דערלויבעניש צו באַזוכן דעם הר הצופים, נאָך מיט אַ חודש צוריק און די סעקרעטאַרין האָט מיר פאַרזיכערט, אַז מיין בקשה איז איבערגעשיקט געוואָרן צו דער קאָמיסיע פון דער „אָנו" און זי גלויבט, אַז ביי דעם נעקסטן אומבייט פון דער משטרה וועל איך מיט־פאָרן, דאָך האָב איך שטאַרק געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט.

די העברעישע אוניווערזיטעט-שטאָט און אַלע געביידעס פון די „הדסה" שפּיטאָלן געפינען זיך איצטער אונטער דער אויפ־זיכט פון דעם „פעלקער־בונד". כדי צוצוקומען צו דעם פּלאַץ מוז מען דורכפאָרן דעם טייל ירושלים, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון די אַראַבער, פון דעם עבר הירדן לעגיאָן. אָפּצוהיטן דאָס יידישע פאַרמעגן וואָס געפינט זיך אויפן הר הצופים איז פאַראַן דאָרט אַ שטענדיקע וואַך פון הונדערט יידישע פּאָליציאַנטן. יעדע פופצן טעג טוישט זיך די פּאָליציי־וואַך און צוזאַמען מיט זיי ווערן אַרויפגעפירט עטלאַכע לאַסט־אויטאָס מיט פּראָוויאַנט וואָס זאָל זיין גענוג פאַר דער באַשפּייזונג פון דער פּאָליציי־וואַך.

בעת עס פאָרן אַרויף די הונדערט חברה פאַר וואַך־אויסטויש, קען מען, דורך דער „אָנו"־קאָמיסיע, באַקומען אַ דערלויבעניש אויך

פאַר צען ציווילע פּערזאָנען. פון זיי דאַרפן אַ פיר פּערזאָן ארץ־ישׂ־ראלדיקע אַרויפגיין צוליב פאַרשידענע טעמים... און זעקס געסט קענען האָבן די מעגלעכקייטן מיטצופאָרן. זענען אויף די זעקס פּלע־צער פאַראַן תמיד הונדערטער בעלנים, בפרט — ווען היינט געפי־נען זיך אין ארץ־ישראל אַזויפיל יחסנים: דעלעגאַטן פון דער גאַנצער וועלט צום ציוניסטישן קאָנגרעס און צו אַנדערע קאָנפערענצן וואָס קומען איצט פאָר אין לאַנד. אָבער, אַז מען שמועסט „מזל" איז דאָך נישט שייך.

איך בין שוין געזעסן אין איינעם פון די ספּעציעלע אויטאָבוסן וואָס דאַרפן באַלד אַרויספאָרן אויפן הר הערצל, דאָרט דאַרף פאָרקו־מען דער פייערלעכער באַערונגס־אַקט ביים קבר פון ד"ר. טעאָדאָר הערצל דורך אַלע דעלעגאַטן און געסט צום דריי און צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס. די אָפיציעלע דערעפענונג פון קאָנגרעס וועט פאָרקומען היינט ביינאַכט אין ירושלים.

זיצענדיק אַזוי אין אַ געמיטלעכן שמועס מיט באַקענטע, הער איך מיטאַמאָל ווי עס רייסט זיך אַריין דורך די אָפענע פענצטער פון אויטאָבוס, אַ פּרויען שטימע וואָס רופט אויס מיין נאָמען. ווען איך בין אַרונטערגעגאַנגען פון אויטאָבוס האָט זי מיר איבערגעגעבן:

אַ ספּעציעלע מודעה פאַר מיר, ווו עס ווערט מיר געמאָלדן, אַז מאָרגן פּונקט אַכט אינדערפרי דאַרף איך זיך צושטעלן צום פּלאַץ וואָס הייסט „טעררא סאַנטאַ", פון דאָרטן גייט אָפּ די שיירה צום הר הצופים. עס ווערט מיר אויך געמאָלדן, אַז איך טאָר נישט מיטנעמען מיט זיך קיין שום צייטונגען, ביכער און אויך נישט קיין פאָטאָגראַ־פישן אַפּאַראַט. דאָס איינציקע וואָס כ'מוז האָבן מיט זיך איז — מיין פּאַספּאָרט.

כאָטש עס איז מיר אַ שאָד דורכצולאָזן די צווייטע קאָנגרעס־זיצונג וואָס וועט פאָרקומען מאָרגן אינדערפרי, אָבער נאָך מער שאָד וואָלט געווען דורכצולאָזן אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט.

⁂

פאַר אַכט אינדערפרי שטייען שוין די הונדערט פּאָליציי־חברה גרייט פאַר דער רייזע. עס וואַרטן צוויי גרויסע, געפּאַנצערטע אויטאָ־בוסן, זיי זענען געפּאַנצערט מיט דיקע שטאָלענע ווענט און סופיט. די שווערע מאַסיווע שטאָלענע טירן פון די אויטאָבוסן זעען אויס ווי טירן פון אַן אייזערנע קאַסע. אינעווייניק אין דעם אויטאָבוס זענען

פאַראַן פיר קליינע לעכלעך מיט שטאָלענע פאַררוקערס, דאָס זענען די פענצטערלאַך, דורך וועלכע מען קען קוים אַריינאָטעמען אַ ביסל לופט.

נאָך די צוויי „פּאַסאַזשיר" אויטאָבוסן שטייען דריי ריזיקע לאַסט־אויטאָס אָנגעלאָדן מיט פאַרשידענע פּראָדוקטן פאַר די הונדערט חברה אויף פּופּצן טעג. אַז איך בין שוין אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין דעם אייזערנעם קאַסטן, שטיי איך אייגעפּרעסט און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז אויך איך בין אַרומגענומען מיט אַ פּאָליציי־אוניפאָרם.

מיר פאָרן פאַרביי „מאה שערים" „שכונת בוכרים" און די צוויי אייזערנע טירן פון דעם אויטאָבוס זענען נאָך אָפן, ווו נישט ווו רייסט זיך נאָך אַדורך צו אונדזערע שווייסיקע גופים אַ טראָפּן לופט. נאָך צען מינוט רייזע קומען מיר אָן צום „שער מאַנדעלבוים". דאָ שטייגן מיר אויס פון די אויטאָבוסן. די הייזער פון ביידע זייטן, וועלכע רופן זיך „מעבר־מאַנדעלבוים", שטייען צעלעכערטע, צעשאָטענע, די אויס־געקרוימטע פענצטער מיט גלאָז צעשפּריצטע שויבן־לעכער קוקן אויף דיר ווי די אויגן־לעכער פון מענטשלעכע טויטן־קעפּ.

אַ פּאָר מעטער פון דעם מעבר־מאַנדעלבוים קומען אונדז אַנט־קעגן צעווילדעוועטע, גרינוואָסערדיקע אַראַבישע אויגן פון די עבר־הירדן סאָלדאַטן. זיי זענען גאָר פיין אָנגעטאָן מיט גרויסע רעוואָלווערן ביי דער זייט און מיט מאַשין־ביקסן אויף די פּלייצעס. די קעפּ ביי זיי זענען אַרומגעוויקלט מיט גרויסע ווייבערשע רויטע טיכער, וואָס זע־נען אַרומגעבונדן מיט שוואַרצע גאַרטלען. זייערע בליקן שפּיזן מיט אַלאַקראַנישע שטעכענישן. אַ טראָפּן היימלעכקייט באַגעגנט מען ערשט אין די בליקן פון די דריי אָנקומענדע סאָלדאַטן אין זייערע אוניפאָרמס:

אַ פראַנצויז, אַן אַמעריקאַנער און אַן ענגלענדער. פון אַ ליסטע לייענען זיי אַרויס די נעמען פון יעדן איינעם פון די געסט פּאַסאַ־זשירן. זיי רעווידירן אונדזערע פּאַספּאָרטן און קוקן אַריין ביי די דאַמען אין די בייטלען. די אַראַבישע מיליטער־וואַך קוקט נאָך יעדן שריט זייערן. די פּריוואַטע לאַסט־אויטאָס און די הונדערט יידישע פּאָליציאַנטן בלייבן איבער פאַר אַ ווייטערע אונטערזוכונג, און מיר גייען אַריין צוריק אין די אייזערנע קאַסטנס. מיט אונדז קומען מיט צוויי אַראַבישע סאָלדאַטן, וואָס זענען באַוואָפנט איבער די ציין. זיי פאַרשפּאַרן און פאַרשרויפן יעדעס ווינקעלע פון וואַגן אַ ליכט שייך קען אַריינקומען. פאָרן שאָפער איז געבליבן אָפן בלויז אַ שמאָלער

פּאַס פון אַ פּאָר סענטימעטער די גרויס. איך רוק זיך צו נאָענט צום שאָפער כדי צו קענען אַרויסבליקן. אונדזער פּאָליציי־חברה הויבט זיך אָן אַריינשטופּן. ווען אַלע זענען שוין אינעווייניק פאַרמאַכט די אַראַ־בישע מיליטער־וואַך די אייזערנע טירן און מיר פאָרן.

איך זע דורכן שמאָלן פּאַסיקל די אָן אַ שיער בעטאָנענע סלופּ־קעס צווישן וועלכע אונדזער אויטאָבוס דרייט זיך שלאַנגענדיק, ווי אין קראַמפּן. פאַרויס אונדזער אויטאָבוס גייט אַ מיליטערישער דזשיפּ וואָס איז דער וועג־ווייזער. ער ווערט אָנגעפירט דורך אַ פראַנצויזישן סאָלדאַט. אין אַט אַ דער פאַרשטיקטער אַטמאָספערע פאָרן מיר איבער צוואַנציק מינוט. אָבער לויט דער געפרעסטער שטימונג און די פינצ־טערע בליקן פון דער אַראַבישער שמירה, דאַכט זיך מיר אויס, אַז מיר פאָרן שוין שעהן לאַנג.

פאָרן אָנקומען אויפן הר הצופים עפענען זיך די טירן און די אַראַבישע וואַך גייט אַרונטער.

אויפן הר הצופים זענען מיר שוין באַפרייט פון וועלכע עס איז פרעמדע אויגן. אייגענע יאַטן שטייען דאָ און דאָרט אויף זייערע פּאָסטנס און גיבן גוט אַכטונג אויף אַלץ וואָס טוט זיך דאָ אַרום.

⁂

מיר הויבן אָן אונדזער שפּאַציר אויפן הר הצופים.

דעם ערשטן וויזיט מאַכן מיר אין דעם ווונדערבאַרן פּאַלאַץ וואָס הייסט: „מכון למדע היהדות" בית שלמה ראָזענבערג. די געביידעס זענען געבויט געוואָרן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פערציק.

דאָ זענען פאַראַנען רחבותדיקע סאַלאָנען. פאַרשידענע אַרבעטס־צימערן, אַ מוסטערהאַפטער קאַטאַלאָגן־זאַל מיט קאַרטלעך פון פינף הונדערט טויזנט אוצרדיקע ספרים וועלכע שטייען פאַריתומט און פאַרשטויבט אין די געביידעס.

מיר שפּאַצירן דורך דעם ריזיקן לייען־זאַל, וואָס איז פערציק אויף פופצן מעטער די גרויס און איז אײַנגעאָרדנט מיט אַלע מאָדערנס־טע אײַנריכטונגען. ברייטע מאַרמאָרנע שטיגן און „עלעוויטאָרס" זע־נען דאָ פאַראַן. אַלץ קוקט אויף דיר מיט אַזאַ תחנונימדיקער תפילה: „באַפרייט אונדז פון אַט אַ דער היימלאָזיקייט!"

איז אייך שיינעם זאַל, אין סאַמען מיט פון דעם סופיט איז פאַראַן אַ גרויסער לאָך וואָס איז פאַרבליבן פון אַן אַריינגעוואָרפענער באָמבע.

דעם צווייטן באַזוך מאַכן מיר אין דעם „מכון ללמודי הכמיה על שם חיים ווייצמאַן". מיר גייען פון לאַבאַראַטאָריע צו לאַבאַראַטאָריע. אַלץ איז דאָ אַזוי פיין איינגעאָרדנט מיט אַ ברייטן פאַרנעם.

אויבן אויף דער הויכער געבײדע שטייט אַ צימער וואָס איז פון אַלע זייטן אַרומגענומען מיט פענצטער. דאָ פלעגט אַרבעטן דער אוניווערזיטעט־רעקטאָר דר. י. ל. מאַגנעס.

אַזוי גייען מיר פון געבײדע צו געבײדע. מיר שפּאַצירן דורך אַלע ווינקעלעך, פון וואַנען ציון האָט זיך פאַרנומען צו פאַרשפּרייטן תורה פאַר דער וועלט און איך באַוווּנדער דעם כּוח פון ייִדישן גייסט.

ניין, מיר זענען נישט ככל הגוים, ווייל נאָך איידער מיר האָבן געוווּנען אונדזער זעלבסטשטענדיקייט האָבן מיר שוין געזוכט זיך צו באַפעסטיקן מיט אַזאַ רייכן תורה־צענטער. דאָ זענען שוין געווען אַק־טיוו פינף פאַקולטעטן מיט קרוב צוויי טויזנט סטודענטן.

איצט שטייט אַלץ פאַריתומט, פאַרשטויבט און עלנט. איך הער פון יעדן ווינקעלע, פון יעדן שטיין אַ געבעט וואָס שטיקט זיך אין טרערן: „באַפרייט אונדז פון אָט אַ דעם חורבן און גיט אונדז צוריק די גלאָריע פון אַמאָל".

אַזוי גייענדיק, דורך פאַרשידענע גאַסן, קומען מיר אָן צו אַ שייך ווייז. אינעווייניק איז פיין אויסמעבלירט, אַלץ געפינט זיך אויף זיין פּלאַץ און עס מאַכט דעם איינדרוק ווי די בעלי בתים זענען נאָרוואָס אַרויס אויף אַ שפּאַציר. דאָס איז דאָס הויז פון פּראָפעסאָר יאַסקי, וועלכער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט נאָך איין און פערציק דאָק־טוירים און קראַנקן־שוועסטער, בעת זיי זענען אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און פערציק אַרויף אויפן הר הצופים אין אויטאָבוסן פון רויטן מגן־דוד, מיטן הסכם פון די אַראַבער כדי צו געבן הילף צו די פאַרוווּנדעטע, סיי ייִדישע און סיי אַראַבישע.

דערנאָך האָבן די אַראַבישע מערדער זיי אַלעמען אויסגעשאָכטן.

אין דעם שולעכל, וואָס געפינט זיך אין איינעם פון די הדסה שפּיטאָלן, הענגט אַ טאָוול לזכר פון די דאָזיקע קדושים, אויף וועלכן עס איז אויפגעשריבן: „ואלה הקדושים שהקריבו את נפשם בעלותם להר הצופים כ"ד ניסן תש"ח. יהי זכרם ברוך!

מיר באַזוכן אויך דעם טייל פון אוניווערזיטעט וואָס הייסט „בית דוד וואָלפסאָן און דערנאָך קומען מיר אָן צו די ריזיקע קייט פון גע־ביידעס אין וועלכע עס זענען געווען איינגעאָרדנט די שול און די

היימען פון די קראַנקען־שוועסטער, אויפן נאָמען פון ענריעטע סאָלד.

מיר גייען פאַרביי פיל געביידעס, וואָס זענען געבליבן שטיין אינ־מיטן בויען ביי זייערע דריטע און פערטע שטאָקן. אַרום און אַרום ליגן מאַסן בוי־מאַטעריאַלן און אייזנס, וואָס וואַרטן אויפן ידישן בוי־מייסטער וואָס זאָל קומען זיי פאַרענדיקן און פאַרוואַנדלען אין אַ היכל פון קדושה.

אַזוי שפּאַצירנדיק קומען מיר אָן אין דער מלכות „הדסה".

דאָ שטייען אַ גאַנצע ריי פון פינף שטאָקיקע געביידעס, וואָס פינקלען מיר זייער שיינער אַרכיטעקטור. מיר שפּאַצירן פון צימער צו צימער. מיט אונדז גייט מיט פרוי גלאַזבערג, די וויצע פּרעזידענטן פון „הדסה" פון די פאַראייניקטע שטאַטן. טרערן קייקלען זיך פון די אויגן פון אַט אַ דער צאַרטער פרוי, בעת מיר קומען אַריין אין דעם רענטגען שטראַלן־צימער. זי רופט אויס: — אַט דאָס זענען דאָך די אַפּאַ־ראַטן וואָס מיר האָבן איינגעקויפט אין אַמעריקע! די טרערן שטיקן איר, און שווייגענדיק ברויזט זיך ביי איר דער צער ווען זי גייט פאַרביי די אַלע פאַריתומטע לאַבאָראַטאָריעס.

אַט די אַלע שיינע געביידעס האָט די „הדסה" געבויט אין יאָר טויזנט ניין הונדערט ניין און דרייסיק.

⁂

מיר שפּאַצירן אין דעם מוזיי פון פלאַנצונגען. עס ליגט אַט אַ דער באָטאַנישער גאָרטן אַ פאַרשעמטער, טויזנטער ערדענע וואַזאַנעס ליגן צעטרעטן און אויף יעדן פון זיי איז צוגעבונדן אַ בלעכל מיטן יחוס פון דער פלאַנץ עס דערקענט זיך נאָך די טרייע האַנט, וואָס האָט אַזוי צערטלעך געפלעגט דאָ יעדע געוויקס. היינט איז אַלץ אַזוי חרובדיק.

דורך דעם גאָרטן לאָזן מיר זיך אַרונטער צו דעם גרויסן אַמפי־טעאַטער מיט דער פּרעכטיק שטיינערנע בינע. דאָרט ווו אין דעם טאָג פון ערשטן אַפּריל, אין טויזנט ניין הונדערט פינף און צוואַנציק, זענען געזעסן די שענסטע זין פון ידישן פאָלק און אַזעלכע געהוי־בענע געסט ווי: לאָרד באַלפור, גענעראַל אַלענבי און אַנדערע וועלט־באַרימטע פּערזענלעכקייטן ביי דער דערעפענונג פון דעם העברעישן אוניווערזיטעט.

דאָ פון דעם פּלאַץ זעט זיך אויסגעשפּרייט ירושלים אין איר גאַנצער פּראַכט. פונדאַנען זעט מען די אַלטע ווי די נייע ירושלים,

אין אַ פּרעכטיקער לאַנדשאַפט. אויך זעט מען דאָ שאַרף דעם ים־המלח, דעם טויטן ים. פון דער צווייטער זייט פון דעם ים ליגן געקייטלט די בערג פון עבר הירדן.

פון דעם אַמפּיטעאַטער גייען מיר צוריק אַרויף ביז מיר קומען אָן צו דער מערת ניקנור. דאָ לאָז איך זיך אַרונטער דורך טרעפּ צו די קברים פון אונדזערע צוויי מנהיגי הדור דר. לעאָן פּינסקער און מנחם מענדל אוסישקין זכרונם לברכה.

דר. לעאָן פּינסקער אַ באַוווסטער דאָקטאָר מעדיצין אין אָדעס וואָס האָט פריער אין זיינע יונגע יאָרן געהאַלטן, אַז דורך רוסיפי־צירן די יידן וועט געלייזט ווערן די יידן־פראַגע, שפּעטער, דורך די רוסישע פּאָגראָמען האָט ער זיך שטאַרק אַנטוישט אין דער רוסיפי־קאַציע אידעאָלאָגיע, דערנאָך אפילו באַקעמפט די „מפיצי־השכ־לה׳ניקעס״ און ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז פאַר דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע איז נישטאָ קיין שום אַנדער אויסוועג ווי נאָר אַן אייגן היימלאַנד.

אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט צוויי און אַכציק האָט ער אָנגע־שריבן זיין בראָשורע וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ שטורם אין דעם יידישן לעבן. זי האָט אויפגעוואַכט די יידישע יוגנט און האָט דער־וואַכט אין זיי אַ געפיל פאַר יידיש היימלאַנד. די בראָשורע האָט גע־הייסן „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע״ דאָרט ברענגט פּינסקער אַרויס דעם געדאַנק: „פאַרוואָס האָט מען אונדז פיינט?״ פאַראַן אַלערליי סיבות.

דער הויפּט מאָטיוו איז אָבער: די שרעק פאַר געשפּענסטער, מען האָט מורא פאַר אַ וואַנדער פאָלק וואָס האָט נישט קיין היימלאַנד. די שרעק פאַר יידן איז די שרעק פאַר אַזאַ זאַך וואָס איז אויסער די ראַמען פון די נאַטירלעכע אָנגענומענע געזעצן. די שנאה צו יידן איז אַ פיינטשאַפט וואָס קומט דער עיקר — פון שרעק. און ווי אַ באַרימ־טער נערוון־ספּעציאַליסט איז לעאָן פּינסקער געקומען צום פאָלגנדן אויספיר. אַז די איינציקע רפואה איז: נאָרמאַליזירן דעם יידישן סטאַ־טוס ווי אַ פאָלק. מען קען נישט בלייבן אַזוי אַ פאָלק אָן אַ לאַנד. וואָל־טן מיר געווען בלויז אַ רעליגיעזע געמיינדע, ווי עס מיינען די אַסי־מילירטע יידן, וואָלט נישט געווען אַזוי גרויס די שרעק און די שנאה.

די מעשה איז אָבער וואָס מיר זענען יאָ אַ פאָלק נאַרוואָס דען? מיר זענען אַן אַפּענדיקס, דערמיט וואָס מיר ווילן דווקא זיין אַ פאָלק

אין דער מיט פון אַנדערע פעלקער. אַן די אַטריבוטן פון אַלע אַנדערע פעלקער.

וואָס זשע זאָל מען טאָן? אויף דעם ענטפערט דר. לעאָן פינסקער — אַז מען זאָל צונויפרופן אַ ידישן וועלט־קאָנגרעס און באַשטימען אַ ספּעציעלע עקספּעדיציע וואָס זאָל זיך אַרויסלאָזן זוכן אַ טעריטאָ־ריע פאַר ידן. אויב ארץ־ישראל קען ווערן צוריק אונדזער לאַנד איז גאָר גוט, טאָמער אָבער נישט, מוזן מיר זוכן אַן אַנדער טעריטאָריע. שפּעטער איז פינסקער געוואָרן אַ שטאַרקער אַנהענגער פון דעם, אַז דווקא נאָר ארץ־ישראל. און ער איז געוואָרן איינער פון די אָנפירער פון דער אַמאָליקער חיבת־ציון באַוועגונג.

⁂

מנחם מענדל אוסישקין איז געווען אַן אינזשעניר־טעכנאָלאָג, ער איז צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג פון חיבת־ציון גליך ביי איר אַנטשטייאונג. שפּעטער איז ער געוואָרן איינער פון די אָנפירער פון דער חובבי־ציון געזעלשאַפט, אין רוסלאַנד. אוסישקין איז געווען איינער פון די הייסטע אַנהענגער פון דר. הרצל. ער איז אָבער גע־וואָרן דר. הערצלס שאַרפסטער קעגנער ביים זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, בעת הערצל איז געקומען מיט זיין אוגאַנדע פּראָיעקט.

מנחם מענדל אוסישקין איז אַלע יאָרן געווען דער דירעקטאָר פון דער קרן־קימת צענטראַלע אין ירושלים.

שטיי איך אַזוי מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, ביי די צוויי איינזאַמע קברים, צו וועלכע עס איז היינט אוממעגלעך צוצוקומען פאַרן המון, און איך דערצייל זיי, אַז נעכטן אין אָוונט האָט זיך געעפנט דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס (נומעריש דער דריי און צוואַנ־ציקסטער) אין ירושלים, וואָס איז היינט די הויפּט שטאָט פון דער ידישער מדינה.

איך שטעל זיך פאָר: וואָלטן געווען די מעגלעכקייטן צוצוקומען צו אָט די קברים. וואָלטן מסתמא די מערסטע דעלעגאַטן שוין דאָ גע־ווען. באַזונדער — די אַלע דעלעגאַטן וואָס זענען געקומען צום אַל־וועלטלעכן קרן קימת צוזאַמענפאָר.

נישט ווייט פון דער מערת ניקנור שטייט אַ גרויסער בוים אויף וועלכן עס וואַקסן אַזעלכע רונדע רויטע בלימעלעך (מען רופט זיי די רויטע פעפערלעך) האָב איך אָפּגעריסן פון זיי עטלעכע בונטן, אַרויפ־

געליגט די בלימעלעך אויף די קברים און אַ ביסל מיטגענומען מיט זיך קיין מעקסיקע צום אָנדענק.



מיר באַגלייט צו די אַלע פּלעצער האָט אַ טייערער האַרציקער בחור, אַ יונגערמאַן וועמען עס פעלט נאָך אַ פּאָר יאָר צו זיין אַ דרייסיקער און ער האָט שוין דערגרייכט צו זיין דאָ דער פּאָליציי־קאָנמענדאַנט, אַז מיר האָבן זיך צוזאַמענגערעדט זאָגט ער מיר, אַז ער איז געקומען פון פוילן קיין ארץ־ישראל אַלס קינד פון זעקס יאָר.

פרעג איך אים: „פון וואָס פאַר אַ שטאָט פון פוילן קומט איר?" גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגט: „אויב איר האָט אַ מאָל געלערנט געאָגראַפיע און איר געדענקט יעדעס ווינקעלע אין פוילן האָט איר אַזאַ שטעטעלע זיכער נישט אָנגעטראָפן אויף דער מאַפּע און געהערט פון דעם אוודאי נישט".

קוים מיט צרות האָב איך ביי אים אַרויסבאַקומען, אַז דאָס שטעטעלע הייסט קאָסאָווע און עס ליגט נעבן סאָקאָלאָווע. נו, גיי ווייס, אַז גראָד דאָס שטעטעלע איז מיר אַזוי נאָענט, אַז דאָרט האָב איך נישט איינמאָל אויסגעשפּאַנט פון דעם וואָקזאַל ביז עט, עט אונטערן שטעטל אַזש ביז דער מיל. אַז פון דאָרט קומט מיין ליבע שוועגערין רישקע.

דאָס איז דער קאָנמענדאַנט יהודה עפּעלבוים, אַ זון פון יצחק עפּעלבוים, ער איז איינער פון די וואָס האָבן באַוויזן גרויס העלדישקייט אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונגס־מלחמה.



צוזאַמען מיט די הונדערט חברה פון דער פּאָלציי־וואָך, וואָס גייען איצט צוריק פון דעם הר הצופים נאָך זייערע פּופּצן דינסט־טעג, פּאַקן מיר זיך ווידער אַריין אין די צוויי געפּאַנצערטע אויטאָבוסן.

איך קוק מיט אַ געפיל פון באַדויערן און וויטיק אויף דער בלויער פאָן מיטן ווייסן „אָנו" עבלעם, וואָס פלאַטערט איבער דער העכסטער געביידע פון „הדסה". פון אַלע טיפענישן פון מיין נשמה רייסט זיך דער ווונטש, אַז גאָר בקרוב זאָל אָנשטאָט דער דאָזיקער פאָן, פלאַטערן די שיינע יידישע ווייס־בלויע פאָן מיטן מגן־דוד אינדערמיט.

ווי לאַנג די טירן פון די אייזערנע קאַסטנס זענען נאָך געווען אָפן, איז נאָך די ענגשאַפט געווען אַביסל דערטרעגלעך. אָבער באַלד

**זוי מיר לאָזן זיך אַרונטער פון דעם הר הצופים באַוויזן זיך ווידער די שוואַרצע קראָ — די אַראַבישע סאָלדאַטן און ווידער די „אָנו״ וואַך. נאָכאַמאָל אַ רעוויזיע פון די פּאַספּאָרטן און ווידער פאַרמאַכן זיך די טירן און די לופט לעכער. די באַוואָפנטע אַראַבישע סאָלדאַטן קוועטשן זיך אַריין אין אונדזער מאַסע.**

**וואָס אין דרויסן איז פאָרגעקומען ווייסן מיר נישט אינעווייניק, נאָר מיר שטייען שוין איבער פופצן מינוט און מיר רורן זיך נישט פון אָרט. קוים מיט צרות, דער אײַזערנער קאַסטן הויבט זיך אָן צו רוקן. מיר באָדן זיך אין אַ געדיכטן, פאַרזייערטן ים פון שוויס.**

**אַזוי ווי איך שטיי אין סאַמען ווינקל, רוק איך אוועק דאָס פענצ־טער־טירעלע אויף אַ שפּאַרונקעלע, אַזוי, אַז דער אַראַבישער סאָל־דאַט זאָל עס נישט באַמערקן, און איך כאַפּ אַ קוק אַרויס אויפן דרויסן.**

**איך זע ווי אַ טייל אַראַבער שפּאַצירן זיך פלעגמאַטיש, זיי זע־בען פיין אָנגעטאָן, שיינע אויטאָמאָבילן פאָרן אונדז פאַרביי. מערסטנס זעט מען אָבער באָרוועסע, איינגעהילטע אין שמוציק לאַנגע כאַלאַטן. אַ פּאָר מאָל האָב איך באַמערקט ווי אָפּגעריסענע, שמוציקע קינדער לויפן נאָך און וואַרפן שטיינער אין אונדזער אויטאָבוס.**

**אָן אויסגעוויקטער און אויסגעזייערטער האָב איך שוין קוים דערלעבט די סעקונדע ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף אונדזער זייט פון דעם „שער מאַנדעלבוים״ מיט טרערן פון פרייד, און מיט אַ ברכה אויף מיינע ליפּן האָב איך אויסגעשעפּטשעט:**

**— אַך ווי שיין, ווי טייער און ליב ביזטו, אונדזער שיינע און ליכטיקע מדינת־ישׂראל.**

## יידישע גבורה אין און אַרום ירושלים

צעשטראַלטע, אויסגעוואַשענע שפּיגלען די ירושלימדיקע גאַסן אינם שבתדיקן פרימאָרגן. זיי קוויקן זיך אונטער דער וויכער געמיט־לעכקייט פון דער נישט לאַנג אויפגעגאַנגענער זון. אַלץ איז געשלאָסן. דרימלדיקער אָטעם שוועבט נאָך איבער אַלע ווינקעלעך.

ווו נישט ווו לויפט פאַרביי אַ ייד אַײנגעוויקלט אין זיין טלית, ער וויל מסתמא זיין פון די ערשטע שבתדיקע מתפללים.

עס לויפן יונגע חברה צו זייערע ספּאָרט־שפּילן, ווער מיט פוט־באָלן ווער מיט טעניס־מכשירים אין זייערע הענט, עס שפּראָצט פון זיי שבתדיקע מנוחה צוזאַמען מיט פריילעכער יוגנט־צעברויזטקייט.

פון ווייטן דערנענטערט זיך אַ געזאַנג פון אַ מחנה קולות, עס הערט זיך אַ מין „פּאָרפּוריאַ" פון חלוצישע לידער; עס דערנענטערט זיך אַ לאַסט־אויטאָ מיט יונגע חברה, אײנגעפּרעסט איינער אין צווייטן ווי הערינג אין אַ פאַס. די מיידלעך און בחורים זענען אויסגעפּוצט אין פינקלדיקע ווייסע בלוזקעס מיט אויסגעהאַפּטענע בלימלעך אַרום די קראַגנס, דאָס זענען געקומען חברה פון אַ קיבוץ קיין ירושלים אויף אַ טיול.

אונדזער „דזשיפּ" גייט טריט ביי טריט און איך זאַפּ אין זיך אַריין די שיינקייט פון דעם שבתדיקן פרימאָרגן אין דער רחבותדיקער נייער ירושלים.

מיין גוטער חבר איסר קוליק, פון וועמען דער צעפלאַמטער חלוצישער ברען האָט זיך נאָך עד היום נישט פאַרלאָשן און איז גע־בליבן דער זעלביקער נשמהדיקער פּיאָנער ווי מיט דרייסיק יאָר צו־ריק, האָט צוזאַמען מיט זיין „דזשיפּ" זיך געשטעלט צו מיין דיס־

פאזיציע פארן שבתדיקן טאג, כדי צו באקענען מיר מיטן הערא׳ישן קאפיטל „יידיש איבערמענטשלעכע גבורה וואס איז פארגעקומען אין דער סביבה״. איסר וואס איז געווען א מיליטערישער אנפירער פון אינזשענערן קארפוס בעת דער באלאגערונג פון ירושלים און האט אליין אנטייל גענומען כמעט אין אלע געפערלעכע שלאכטן אין און ארום ירושלים, איז אויסגעבונדן מיט אלע דורכפאלן און דערגרייכונגען פון יענער צייט. צוזאמען מיט אונדז פארט אויך דער טייערער, ליבער ידידיה יאנאווסקי, ער איז געבליבן דער זעלבער שוויגער ווי אמאל. אזוי איז ידידיה געווען מיט דרייסיק יאר צוריק און אזוי איז ער פארבליבן עד היום. ער איז קיינמאל נישט געווארן, און ווערט אויך היינט נישט נתפעל פון קיין שיינע פראזן און ער גלויבט בכלל נישט אין דער חכמה פון שיין־ריידעריי, דערפאר אבער ווען עס קומט צו מעשים איז שטענדיק ידידיה געווען אויפן פלאץ. אזוי אין יענע יארן ווען מען האט חלוצישער מי געדארפט איינאקערן אינם שטיינערדיקן ארץ־ישראל באדן, אדער ביי פארטרוילעכע פאסטנס אין דער „הגנה״ און שפעטער האט ער זיך אריינגעווארפן מיט לייב און לעבן אין לערנען, ביז ער האט געענדיקט אינזשעניער. היינט ארבעט ער אלס אזלעכער אין דער עיריה אין חולון.

פון קינדערוויז אן זענען די צוויי חברים איסר און ידידיה. געווען צוזאמענגעבונדן ווי דער סיאמער צווילינג אזוי אין דער חלוצישער באוועגונג אין זייער געבוירן שטאט, גראדנע; שפעטער — אין די ערשטע יארן אין ארץ ישראל און אזוי אין חברישער געאייניקטקייט האבן זיי צוזאמען דורכגעמאכט דאס זיגזאגיקע ארץ־ישראל לעבן ביז היינטיקן טאג.

אונדזער „דזשיפ״, וואס איז אן און פאר זיך א יחסן פאר זיין העלדישן אנטייל אין ישראלס באפרייאונגס תקופה, שפאצירט איצט איבער די ירושלימדיקע גאסן מיט טריט פון תושבדיקייט. מיר פארן אין דער ריכטונג פון תלפיות, אויפן וועג צו „רמת רחל״. רייסט זיך אונדזער „דזשיפ״ מיט בעל בתישע שווערע טריט בארג ארויף קיין תלפיות און וואס ווייטער אלץ העכער ביז מיר דערגרייכן צו א הויך פון וועלכן עס שפרייט זיך אויס פאר אונדזערע אויגן א פרעכטיקע פאנאראמע פון דער אלטער און נייער ירושלים. ארום און ארום — פארשידנפארביקע בערג־קייטן, וואס קריכן איינער דעם אנדערן אין די ביינער אריין; דא זענען מיר אויף דעם הערא׳ישן פלאץ „רמת־רחל״. צוקומענדיק אהין האט אונדז א מיליטערישע וואך פארהאלטן

בּיים אַריינפאָר צו דעם פּלאַץ, ווייל עס איז פאַרבאָטן מיט אויטאָס אַריינצופאָרן אין דעם פּונקט. חבר איסר סודעט אַריין דעם מיליטאַר עפּעס אַ פּאַראָל אין אויער, און דער וועג עפנט זיך אויף פריי פאַר אונדז. אַנוי שטייען מיר שוין ביי דער גרויסער געביידע, וואָס געפינט זיך אויפן סאַמען שפּיץ באַרג, אויף דעם פּונקט וואָס טראָגט דעם נאָ־מען פון אונדזער מוטער רחל. און — פון די טויזנטער לעכער וואָס די אַראַבישע אַרמאַטן־קוילן האָבן זיך דאָ אַריינגעריסן, הער איך אַ געוויין. יאָ, איך האָב געהערט אַ געוויין פון דער מאַמע רחל, וואָס באַווייגט אירע קינדער די טייערע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן זייערע לעבנס מקריב געווען פאַר דער באַפרייאונג פון ארץ־ישראל.



די קבוצה „רמת־רחל" איז געגריינדעט געוואָרן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט זעקס און צוואַנציק דורך דעם „גדוד־העבודה", אָדער בעסער געזאָגט דורך דעם איבערבלייב פון דעם „גדוד־העבודה". עס איז שוין ווייט נישט געווען יענע מעכטיקע, העלדישע אַרבעטער־מחנה פון אַמאָל, וועלכע האָט זיך געגריינדעט אין יאָר טויזנט ניין הונדערט איין און צוואַנציק. זייער לאָזונג איז דאַן געווען: ארץ־ישראל דאַרף געבויט ווערן נאָר דורך קאָלעקטיווע אָנשטרענגונג. די טירן פון „גדוד־העבודה" דאַרפן זיין אָפן פאַר אַלע די וואָס ווילן אַריינ־טרעטן אין אים און נעמען אויף זיך אַלע פליכטן און רעכטן פון גדוד. בחורים און מיידלעך איינס און איינס, באַהויכט דורך די שיינע גדודישע אידעאַלן, האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעשמידט מיט אַן אייזערנעם ווילן.

זיי האָבן אויפגעגעבן יעדן פונק פון פּערזענלעכן עגאָאיזם און מיט לייב און לעבן זיך איבערגעגעבן פאַרן פאָלק און לאַנד.

אין יענער צייט האָט מען צווישן די פעלזן אין ראַטיסבאָן אין ירושלים אויפגעשטעלט ביידלעך צום וווינען און חברה האָט זיך גע־וואָרפן צו אַלע אַרבעטן וואָס עס איז נאָר נויטיק געווען פאַרן אויפ־בוי פון לאַנד. ווי גראָבן, שמידן, אַקערן, פלאַסטערן, שטיין־האַקעריי, בויען הייזער און יעדע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן ווי אַ מצווה.

פלעגט נאָך מידע אַרבעטס־טעג גאַנץ ירושלים פאַרהילכט ווערן פון די געזאַנגען וואָס חברה האָט צעטראָגן בעת זיי האָבן געטאַנצט די האָראָס אין וועלכע זיי האָבן אויסגעבראָכן די איבערפולטע פרייד וואָס האָט זיך אַקומולירט אין זיי דורך דעם כוח פון שאַפן. האָט זיך

מאַקע די ברכה פון שאַפן געפילט אין לאַנד ווו נאָר דער גדוד העבודה האָט זיך צוגעדריט.

עס איז אָבער נישט באַשערט געווען קיין ארוכת ימים פאַר אַט אַ דער שפּעפערישער אידילישקייט. עס האָבן זיך צעשטורמט יאָרן פון אינערלעכן קאַמף: צעצינדענע אידעיִשע פּאַנטאַזיעס מיט קאָסמאָפּאָליטישער צעבראָשטשעטקייט, און צוליב אָט אַ די רייסערייען האָט דער גרויסער גדוד העבודה זיך אָנגעהויבן צו צעקרישלען. אַ גרופּע פון גוטע חברים זענען אַזוי צעצונדן געוואָרן פונם באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, אַז זיי האָבן באַשלאָסן אָוועקצופאָרן קיין רוסלאַנד און דאָרט אָנהויבן מיט ארץ־ישראלדיקן ברען, בויען חלוצישע קיבוצים און זייער שפּראַך זאָל זיין העברעיִש.

אַ צייט לאַנג האָבן זיי זיך געהאַלטן אין רוסלאַנד צוזאַמען אין אַן אייגנאַרטיקן העברעיִשן קאָלכאָז, דערנאָך האָט די ראַטן־מאַכט זיי צעטריבן און צעבראָכן. שפּעטער האָבן זיי געזוכט מיטלען ווי אַזוי צוריקצוקומען קיין ארץ־ישראל, אָבער אַרויספאָרן פון רוסלאַנד האָט מען זיי שוין מער נישט דערלויבט.

בעת דער גדוד העבודה איז שוין געווען כמעט צעפאַלן, האָט אַ גרופּע פאַרבליבענע אידעאַליסטן זיך אויפסניי אָרגאַניזירט און איז אַרויף אויפן באַדן פון „רמת־רחל". די יידישע אָנפירנדיקע אינסטאַנצן זענען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז אויף דעם דאָזיקן וויכטיק סטראַטעגישן פונקט זאָל געשאַפן ווערן אַ יידישער ישוב. די פּאָר צענטליק גדודישע חברים וואָס זענען אַרויף אויף דעם פּלאַץ, האָבן באַוויזן אויסצופאָרמירן אַ ווירטשאַפט, ביז עס זענען אָנגעקומען די טרויעריק באַרימטע טעג פון טויזנט נייַן הונדערט ניין און צוואַנציק, אַ כוואַליע פון אַראַבישע פּאָגראָמען האָט זיך צעבושעוועט איבערן לאַנד. רמת־רחל איז געווען אַרומגענומען מיט אַראַבישע דערפער און די יידישע באַשיצונג איז געווען אַ שוואַכע, דעריבער איז די אַראַבער געלונגען חרוב צו מאַכן דאָרט אַלץ וואָס איז אין די פּאָר יאָר געשאַפן געוואָרן. שפּעטער האָט ווידער רמת־רחל זיך אָנגעהויבן בויען אויפסניי און דער קיבוץ האָט שוין ווידער באַוויזן אויפצושטעלן דאָרט אַ רייכע ווירטשאַפט מיט אַ גרויסן אינווענטאַר פון באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס, ביז עס זענען אָנגעקומען די טרויעריקע טעג בעת דער באַפרייונגס־מלחמה און אַלץ איז ווידער, אין רמת־רחל, דורכן שונא פאַרניכטעט געוואָרן.

שטייט איצט פאַר מיינע אויגן, ווי דער גרעסטער רעטעניש, אָט

אַ די גרויסע געבײדע וואָס איז צעלעכערט ווי אַ רעשעטע דורך טויזנ־טער און צענער טויזנטער קוילן. אַ שוידער גייט דורכן לייב ווען איסר גיט מיר איבער וועגן די שלאַכטן וואָס זענען דאָ פאָרגעקומען.

⁂

די אַלטע שטאָט ירושלים מיט אירע שמאָלע און ענגע געסלעך, ווו עס ליגן אָנגעוואָרפן האַלב צעחרובטע געבײדעס נאָך פון די צייטן פון מיטלאַלטער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט פעלד מיט אַ פאַרמעסט פון כוחות: פון איין זייט די יידישע ענגשאַפט מיט שטע־קנס, אַייזנס, און רעוואָלווערן וואָס האָבן אָנגעפירט זייער פאַרטיי־דיקונג פון די טרעפּ, פענצטער און דעכער, — און פון דער צווייי־טער זייט — גוט אָרגאַניזירטע אַראַבישע אַרמייען וואָס האָבן אָנגע־גריפן מיט שווער געווער און אַרמאַטן.

נאָך דעם ווי די ענגלענדער האָבן פאַרלאָזט ירושלים האָבן זיך פאַרזאַמלט די קריסטלעך־אַרמענישע גלחים אין זייער קירכע און זיי האָבן פייערלעך צוגעזאָגט די יידן, אַז קיין שום אַראַביש מיליטער וועט נישט אַריינגעלאָזט ווערן אין הויף פון דער אַרמענישע קירכע. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט ווי אויף דעם הייליקן קריסטלעכן פּלאַץ זענען געווען אויסגעשטעלט שווערע מאַשין־געווער, וואָס האָט געשיקט פייער צו די ענגע יידישע קוואַרטאַלן. דער יאוש אין דער יידישער ענגשאַפט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג ביז דעם אַכצענטן מאַי, ווען עס איז געלונגען דער „הראל״ קאָמאַנדע פון דער „הגנה״ אונטער דער אָנפירערשאַפט פון „פלמח״ צוצעברעכן דער אַראַבישער באַלאַגערונג אויף דער אַלטער שטאָט.

אויפן הר ציון אויף וועמענס שפּיץ עס איז געווען דער דאָמי־ניקאַנער מאָנאַסטיר „דאָמיציאָן״ האָט זיך געפונען איראַקיש מילי־טער אונטער דער אָנפירונג פון ענגלישע אָפיצירן, דאָס האָט גע־שטעלט אין געפאַר דעם ענגן יידישן קוואַרטאַל פון אַלט ירושלים וואָס געפינט זיך ביים שער ציון און די גאַנצע שכונת ימין־משה. אויך איז געוואָרן באַדראָט דער וויכטיקער פּונקט „מוצא״ און דער פּונקט פון דער שכונה „דיר אבו טור״ אין קטמון. ביז די „הגנה״ האָט פאַרנומען אַ פּונקט אין „דיר אבו טור״, דאָרט אויף אַ דאַך הינטער דער באַשיצונג פון זעק מיט זאַמד האָט די „הגנה״ אייגגעאָרדנט דראָט־לאָזן טעלעפאָן, דורך וועלכן עס איז דורכגעפירט געוואָרן די מילי־

טערישע קאָמאַנדע. נאָך אַ פינף שעהדיקער שלאַכט, פון הויז צו הויז איז פאַרנומען געוואָרן דער פונקט „דיר אַבו טור".

דעם ניינצטן מאַי איז געלונגען דער הגנה פאַרצוזעצן איר פאַר־רויס מאַרש פון „דיר אבו טור" פון דרום זייט און פון ימין משה פון מעריב זייט. די הגנה איז אַרויף אויפן הר ציון און גענומען דאָרט אין געפאַנגענשאַפט אַ גרויסע אָפטיילונג פון איראַקער מיליטער מיט צוויי ענגלישע אָפיצירן. אין די זעלביקער נאַכט, צוויי פאַרטאָג האָט די „הגנה" געעפנט פייער פון די „דויד'קעס" (אַזאַ מין קליינער אַר־מאַט וואָס האָט אַנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אַראַבער, דאָס איז דער־פינדן געוואָרן דורך איינעם דוד לייבאָוויטש) אויף די אַראַבישע קווארטאַלן אין דער אַלטער ירושלים. דאָס פייער און שטורם וואָס די „דוידקעס" האָבן געמאַכט האָט אַנגעוואָרפן אַן אימה אויף די אַראַבער.

דער יידישער אינזשינער־קאָרפּוס האָט דאַמאָלסט איינגעאָרדנט אַזעלכע הענג־בריקן וועלכע פלעגן זיך פאַרבינדן מיטן הר ציון. יעדע נאַכט פלעגט מען אַרויפפירן פרישע קעמפער, פּראָוויאַנט, מע־דיצין, אַמוניציע און צוריק אַרונטערפירן די פאַרוואונדעטע. יעדן פאַר־טאָג זענען די בריקן צענומען געוואָרן, כדי דער שונא זאָל נישט אַנט־דעקן אָט אַ די קאָמוניקאַציע.

דעם זעלביקן פאַרטאָג ווען די „דוידקעס" האָבן געשטורמט מיט פייער אויף די אַראַבישע טיילן פון אַלט ירושלים, האָבן צוויי אָפּטיי־לונגען פון „פלמח" זיך דערנענטערט צום שער ציון און זיי האָבן אונטערגעלייגט אַ באָמבע כדי אויפצורייסן דעם שווערן אייזערנעם טויער וואָס שטייט נאָך פון דער צייט פון מיטלאַלטער און האָט צוואַנ־ציק סענטימעטער די דיק, אַזוי, אַז אין צען מינוט שפּעטער, דורך אַ שלאַכט מיט האַנט געווער האָבן די יידישע העלדישע קעמפער גע־קענט אויסשטרעקן אַ ברידערלעכער האַנט צו די יידן פון אַלט ירוש־לים וועלכע האָבן זיך געפינען ווי געפאַנגענע. אָבער די גליקלעכע באַגעגעניש איז געווען זייער אַ קורצע. די פאַרבינדונג פון אַלט מיט ניי ירושלים איז בלויז געווען אויף צוויי שעה, מען האָט אַפילו נישט באַוויזן דורך דער צייט אַרויסצופירן די אַלע פאַרוואונדעטע און גע־פאַלענע. אין דער צייט האָט דער אַראַבישער לעגיאָן אַנגעהויבן אַרומרינגלען ירושלים פון מזרח פון גוש עציון און פון ראַמאַלאַ פון צפון, און דורך די בערג האָבן זיי זיך אַרונטערגעלאָזט קיין ירוש־לים. די אַרטילעריע פון דעם ענגלישן קאַפּיטאַן עריקסאָן האָט גע־שיקט פייער פון דאָרף השילוח דורך די אַרמאַטן פון דרום־מזרח צו

דער נייער ירושלים, און זיי האָבן געעפנט פייער אויפן הר ציון. די אָפּטיילונג פון „הראל" וועלכע האָט זיך געפונען אין דער אַלטער שטאָט האָט באַקומען אַ באַפעל דורכן דראָטלאָזן טעלעפאָן, אַז זיי זאָלן זיך גלייך צוריקציען, ווייל דער לעגיאָן שטייט ביי די טויערן פון ירושלים און זיי שטייט פאַר אַריינצופאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די אַראַבער.

די קעמפער פון „הראל" האָבן צוריק פאַרלאָזט די אַלטע ירוש־לים זיי האָבן אָבער באַוויזן דורך דער צייט אַרויסצופירן פון דאָרט אַכצן הונדערט קינדער, פרויען, אַלטע מענטשן און די שווער פאַר־וווּנדעטע. מיט אַ שווער געמיט האָט זיך אָט די טרויעריקע פּראָצע־סיע געצויגן צו דעם נייעם טייל פון ירושלים.

דער שונא האָט פאַרנומען דעם טייל פון דער אַלטער שטאָט און גלייך אָנגעהויבן קאָנצענטרירן אַרמאָטן און טאַנקען פאַר אַן אָנ־גריף דורך דער צפון זייט אויף דעם נייעם טייל פון ירושלים.

פון דרום־מזרח זייט האָבן זיך דערנענטערט די מצרים פון עזה דורך באר שבע און האָבן באַפעסטיקט זייערע פּאָזיציעס אין דער שטאָט. פון באר שבע האָבן די עגיפּטער זיך דערנענטערט צו דרום זייט פון ירושלים ביז זיי זענען צוגעקומען צום קיבוץ רמת־רחל, דאָרט האָבן זיי אין אַ האַלבן רונד אַוועקגעשטעלט פערציק שווערע אַרמאָטן.

דער אַראַבישער אָנגריף איז אויספּלאַנירט געוואָרן אַריינצונע־מען, ווי מיט אַ צוואַנג, דאָס נייע ירושלים: פון צפון זייט דער אַראַ־בישער לעגיאָן, און פון דרום זייט די מצרים. זיי האָבן ביי זיך אָפּ־געמאַכט צו פייערן זייער טריומף באַגעגעניש אויף דער צענטראַלער גאַס, רחוב בן יהודה. אָבער די בן יהודה גאַס איז נישט אַריינגעפאַלן צום שונא אין די הענט, אַלע איינוווינער פון ירושלים האָבן גע־שווירן צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַ צווייטער סטאַלינגראַד און מיט זייער בלוט צו פאַרטיידיקן יעדן שפּאַן פון דער שטאָט. די שנעלע אָריענטאַציע פון די „הגנה" קעמפער האָט, טראָץ די געפאַרן פון שונא, באַוויזן זיך אַנטקעגן צושטעלן קעגן די אַלע שווערע טאַנקען און אַרמאָטן פון די אַראַבער און זיי באַזיגן מיט לייכט געווער. דאָ האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל די דערפאַרונגען וואָס אונדזערע קעמ־פער האָבן באַקומען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. איבער צוואַנ־ציק טויזנט פון דער ארץ־ישראל יוגנט האָבן אָנטייל גענומען אין די ענגלישע אַרמייען אין קאַמף קעגן דעם נאַצישן שונא. איינער פון זיי, אַ דערפאַרענער אַנטי־טאַנק קעמפער וואָס האָט געקעמפט אין איטאַ־

ליע קעגן די נאַציס, האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט און חברה פון „פלמח" און „הגנה" האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די דעכער פון די מאַנדעלבוים הייזער, וואָס פירן אַריין צו די יידישע קוואַרטאַלן און פון דאָרט האָבן זיי געוואָרפן אויף די אַראַבישע טאַנקען מיט מאָלאָ־טאָוו־פלעשער און האַנט גראַנאַטן. אַזוי האָבן די אַנטי־טאַנק קעמפער באַוויזן אויפצורייסן די ערשטע דריי אַראַבישע טאַנקען און באַלד זענען באַשעדיקט געוואָרן נאָך צוויי טאַנקען. די ידיעה פון צעשמעטערטע פינף טאַנקען איז גלייך פונאַנדערגעשפּרייט געוואָרן אין יעדן ווינקעלע פון ירושלים און אַלע איינוווינער פון דער אַלטער שטאָט וואָס זענען געווען אונטער אַ געפּרעסטער יאוש־שטימונג האָבן באַלד אויפגעלעבט.

⁂

דעם צוואַנציקסטן מאַי האָט דאָס עגיפּטישע מיליטער באַוויזן צוצוקומען דורך דרום זייט ביז צום קיבוץ רמת־רחל. צען שווערע אַרמאַטן האָבן אָן אויפהער געשטורעמט אויף רמת־רחל. צען טאַנקען האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויף פון דעם קיבוץ. די פאַרטיידיקער פון דעם פּלאַץ זענען נישט געווען צוגעגרייט אַנטקעגנצושטעלן זיך אַזאַ ריזיקן אָנגריף, האָבן זיי דעריבער זיך צוריקגעצויגן אויף אַ שטח פון אַכט הונדערט מעטער. ביי דעם דאָזיקן צוריקטריט זענען געפאַלן פופצן יידישע קעמפער.

די מצרים, אַז זיי האָבן געזען ווי דער קיבוץ רמת־רחל איז פאַר־לאָזן פון מענטש האָבן זיי זיך נישט באַפעסטיקט דאָרט, נאָר זיי זענען צוריקגעטרעטן צו זייערע פּאָזיציעס. דערווייל איז ביינאַכט אָנגעקו־מען אַ פאַרשטאַרקטע קאָמאַנדע פון דער „הגנה" און האָט זיך ווידער באַפעסטיקט אין רמת־רחל. עס איז אויך געלונגען דאָס צוקומען פון פרישע כוחות פון דער הגנה וועלכע האָבן פאַרביטן די אויסגעמאַטער־טע קעמפער.

אַזוי אַרום איז דער יידישער אָנגריף דאָרט געקרוינט געוואָרן מיט הצלחה.

⁂

שטיי איך איצט פאַר דער גרויסער געביידע וואָס שטייט צעלע־כערט ווי אַ זיפּ פון די צענער טויזנטער קוילן פון שונא. אין אָט אַ דער געביידע זענען אין אונטערשטן שטאָק געווען די מצרים און פון

הויבן די יידישע קעמפער, אזוי איז די שלאַכט אָנגעגאַנגען ביז אַלע עגיפּטער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פגרים. עס זענען אָבער גע־פאַלן אויך אַ סך פון אונדזערע טייערע יידישע קעמפער.

אין גאַנג פון די אַלע שלאַכטן זענען אַלע הייזער, לעבעדיקער אינווענטאַר און די גאַנצע ווירטשאַפט חרוב געוואָרן. שטייען איצט געביידעס און הייזער צעחרובטע, צעשיידיקטע און יידישע גבורה שפּראַצט אַרויס פון יעדן ווינקעלע.

אָבער זייט ביי זייט מיט דער חורבן־דערמאָנונג בויט זיך אויפס־ניי אַ פרישע לעבן. עס הערט זיך ווידער דאָס פריילעכע רעווען פון בהימות, דאָס דערוואַכטע קוואַקען פון עופות, די שיינע קלאַנגען פון די זעגן און האַמערס וואָס בויען אַ ניי לעבן אונטער אַ שטאַרקער שוץ, וואָס וועט שוין מער קיין שונא נישט צולאָזן צו פאַרניכטן דאָס געשאַפענע.

⁂

אונדזער „דשיפּ" פירט אונדז דורך פאַרשידענע פלעצער וואָס זענען אין צייט פון קאַמף געווען ביז גאָר וויכטיקע סטראַטעגישע פּונקטן.

פון וויטן זעען מיר דאָס דאָרף „בית צפפה" וואָס איז פאַרבליבן צעטיילט אַ העלפט פון דעם דאָרף געהער צו אונדז און די צווייטע העלפט צו די אַראַבער.

פון וויטן זעען מיר אויך דעם כפר השלוח, צווישן הר ציון און הר הצופים, דאָרט גייט דורך דער נחל קדרון. פון רעכטס געפינט זיך די שכונה ימין משה, דאָרט איז אָנגעגאַנגען אַ שלאַכט צווישן די יידן מיט די ענגלענדער, וועלכע האָבן געוואָלט אָפּשליסן דעם שאָסיי פאַר די יידן, אַז די יידן זאָלן נישט קענען צוקומען צום הר ציון. געזיגט האָבן די יידן און דער הר ציון געפינט זיך אין יידישע הענט.

אַזוי פאָרענדיק זענען מיר אָנגעקומען קיין עין־כרם. דער דאָ־זיקער פּונקט איז אַ קאַפּיטל העראָאיזם פאַר זיך אַליין: די שלאַכטן דאָ זענען אָנגעגאַנגען ביז אונדזערע קעמפער זענען פאַרבליבן אָן גע־ווער און אָן וועלכע מיטלען צו קענען געבן אַ ווידערשטאַנד, די לאַגע איז געבליבן אַ האָפענונגסלאָזע. עס האָט שוין געהאַלטן ביי פולער רעזיגנאַציע. האָט זיך דאַן פרייוויליק געמאָלדן אַ בחור'ל פון זעכצן יאָר מיטן נאָמען כרמלי, ער האָט זיך אַריינגעקראָגן אין דער מחנה פון דעם שונא, ער האָט זיך דערשלאָגן צום אָנפירער פון דער אַראַ־בישער באַנדע, צום שייך זייערן, אַבדול קאַדאַר איל כוסעני, און אים

אויפן ארט דערשאסן. אז די אראבער האבן דערזען זייער שייך א טויטן זענען זיי געבליבן אזוי שטארק צעטומולט, אז זיי האבן באלד אנגעהויבן זיך צוריקציען פון זייערע פאזיציעס. פון דעם טייערן כר־מלי איז בלויז פארבליבן דער ליכטיקער אנדענק פון א העלד, וואס האט זיין לעבן מקריב געווען פאר דער באפרייאונג פון אט א דעם וויכטיק־סטראטעגישן פלאץ „עין־כרם".

⁂

יעדער שפאן אין און ארום ירושלים איז איבערפולט מיט יידישן מוט און יידישער גבורה. אזוי פארענדיק קומען מיר אן אין דער גע־גנט פון בית מאזמול, דא בויען זיך נייע פינף הונדערט גרויסע היי־זער, וועלכע וועלן בקרוב געבן וווינונגען פאר טויזנטער משפחות. אויך אין דער געגנט פון קרית משה בויט די „הסתדרות" איבער פינף הונדערט הייזער, שיכונים פאר אלטע חברים פון דער הסתדרות, ווו יעדער וועט קריגן זיין אייגענער דירה פאר א ביליקן פרייז, אויסצו־צאלן אין משך פון א סך יארן. בכלל פילט אן דאס הארץ מיט פרייד צוצוקוקן די פיבערהאפטע בויונג אין יעדן ווינקעלע פון ירושלים.

מיר קומען אן אין דעם קיבוץ קרית־ענבים. דער קיבוץ איז געגרינדעט געווארן אין יאר טויזנט ניין הונדערט צוואנציק. דאס איז געווען די ערשטע קבוצה אין ארץ־ישראל וואס האט זיך באזעצט צווישן בערג. אוקראינער חברה וואס האבן באקומען זייער חלוצישער צוגרייטונג אין רוסלאנד און האבן עולה געווען בעת דער דריטער עליה. זיי האבן זיך פאראייניקט מיט דער קבוצה „בוסליה" פון גא־ליציען. זיי האבן צו זיך צוגעצויגן נאך חברים וואס זענען שפעטער צוגעקומען פון פוילן און דייטשלאנד, און צוזאמען האבן זיי געגרינ־דעט דעם קיבוץ קרית ענבים. אין דער צייט פון דער באפרייאונגס מלחמה האט דער דאזיקער פונקט געשפילט א ביז גאר וויכטיקע ראל אין סטראטעגישן זין, און איבערהויפט — ווייל דאס איז געווען א גאר וויכטיקער קוואל דורך וואנען עס איז געליפערט געווארן בא־שפייזונג פאר דער באלאגערטער ירושלים. דער שטח פון דעם קי־בוץ איז זיבן טויזנט דריי הונדערט דונאם באדן און עס לעבן דא דריי הונדערט און זיבעציק מענטשן. גערטנער, סעדער און פעלדער באגרינען און באחנען דעם גאנצן ארום. דער קיבוץ פארמאגט גרויסע שטאלן מיט פעטע קי און א סך היינער־שטייגן.

אין דעם קיבוץ געפינט זיך אויך א גרויסער סאנאטאריום, מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען, וועלכע גיט באדינונג פאר יעדן ישראל־

בירגער צו מעסיק צוגענגלעכע פּרייזן. די לופט דאָ איז אַ ווייך־צאַר־טע און מחיהדיקע.

ביי דער זייט פון אַט אַ דער צעבליטער לעבעדיקייט שטאַנט זיך, אונטער געדיכט פאַרצווייגטע בוימער־בלעטער, דער שוין צו גרויסער „בית קברות הצבעים בקרית ענבים". אין לאַנגע שורות, איינע הינטער דער אַנדערער, ליגן אין ברידער־קברים געפאַלענע העלדן פון די שלאַכטן אַרום ירושלים. אין איין ריי ליגן די געפאַ־לענע בעת די שלאַכטן אויפן ראַדאַר באַרג. דאָס דערציילט אונדז די איבערמענטשלעכער גבורה וואָס די העלדן האָבן דאָרט אַרויסגעוויזן, זיי זענען בעת די שלאַכטן געבליבן אָן וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט אַנדערע פאַרטיידיקונגס־אָפּטיילונגען אויך זענען זיי פאַרבליבן אָן שפּייז און אָן אַ טראָפּן וואַסער. זיי האָבן געפירט דעם קאַמף אַזוי לאַנג ווי מענטשלעכער כח האָט געקענט אויסהאַלטן ביז אַלע ווי איי־נער זענען אומגעקומען. דער ראַדאַר באַרג איז ביז היינט צו טאָג פאַרבליבן אין אַראַבישע הענט. אין די דאָזיקע שלאַכטן איז אויך געפאַלן דער איינציקער זון פון דעם באַרימטן קונסט־מאָלער, מנחם שמידט. לויט דעם פּלאַן פון אַט אַ דעם קינסטלער, מנחם שמידט, האָט מען דאָ אויפגעשטעלט אַ ריזיק הויכן קונסט־מאָנומענט צום אָנדענק פון אַט די אַלע גבורים. עס פעלט בלויז אַרויסצוענדיקן די אַרבעט פון אינעווייניק אין דעם מאָנומענט. לויט דעם פּלאַן וועט דער גאַנצער צימער זיין פאַרנומען מיט קעסטעלעך וווּ אין יעדן קעסטעלע וועט זיך געפינען די ביאָגראַפיע פון יעדן קדוש און זיינע העלדישע מעשים בעת די שלאַכטן. אַלץ וועט ווערן געשריבן אויף פּאַרמענטענע מגילות. ווען דער מאָנומענט איז פאַרענדיקט געוואָרן בויען איז פּלוצלינג געשטאָרבן דער פּראָיעקט אינציאַטאָר פון דעם מאָנומענט, דער מאָלער־קינסטלער, מנחם שמידט. ער איז געשטאָרבן אין חיפה. ער האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה: אַז מען זאָל אים מקבר זיין ביי דער זייט ווו עס געפינט זיך דער ברידער קבר אין וועלכן עס רוט זיין איינציקער זון, נישט ווייט פון די ברידער קברים פון די טייערע קינדער, וועלכע זענען געפאַלן פאַרטיידיקנדיק דאָס פאָ־טערלאַנד, רוט אויך איצט אין זיין אייביקייט, דער גרויסער קינס־טלער מנחם שמידט ע"ה.

איבער דעם קיבוץ פון קרית ענבים אַרויפצוגיין אויף אַ בערגל געפינט זיך דער פּרעכטיק אַנטוויקלטער קיבוץ „מעלה־החמשה". אויך דאָ האָבן זיי אַ רייכע ווירטשאַפט. דער דאָזיקער קיבוץ איז געגרינ־

דעט געוואָרן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכט און דרייסיק. די קבוצה „גורדוניה" וואָס איז געקומען פון פוילן און האָט אָנגעהויבן זייער אַרבעט אין רחובות אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פיר און דרייסיק, האָבן אינמיטן די אַראַבישע פּאָגראָמען, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט זעקס און דרייסיק, זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין די יהודה בערג אַרום ירושלים. דער קיבוץ „מעלה־החמשה" פאַרנעמט אַ שטח פון דריי טויזנט אַכט הונדערט דונאַם באָדן. עס לעבן אין דעם קי־בוץ דריי הונדערט און פופציק מענטשן. די גערטנער און סעדער זענען שטאַרק צעבליט. די קי־שטאַלן און הינער־שטייגן זענען קיין עין־הרעדיק... עס איז דאָ פאַראַן אַ גרויסער אינווענטאַר. און אויך דאָ געפינט זיך אַ שיינער סאַנאַטאָריום.

דער קיבוץ „מעלה־החמשה" רופט זיך אויפן נאָמען פון די ערשטע פינף וואָס זענען אַרויף אויף דעם באָדן אין יאָר טויזנט ניין הונדערט אַכט און דרייסיק. בעת, די פינף, האָבן אָנגעהויבן צוגרייטן די ארבעט פון דעם איצט בליענדיקן קיבוץ, זענען דאַן די אַראַבער באַפאַלן די טייערע פּיאָנערן און אַלעמען אויסגעמאָרדעט.

אויפן „בית קברות הצבעים בקרית ענבים" געפינט זיך אויך דער קבר פון די פינף טייערע חלוצים־העלדן. אויפן ברידער קבר איז דאָ דער אויפשריפט: „אחינו אנשי העבודה והשלום שנפלו ביום ה'כסלו תרצ'ח בסלם בשממה דרך לפנינו: אריה מרדכי ווייז, יצחק מגדל, משה באַומגאַרד, אהרן אַלישעווסקי, יהושע פּוכאַווסקי".



בעת מיר זענען ווייטער אַרומגעפאָרן אין דער אומגעגנט פון ירושלים און מיר האָבן געזען די נייע וועגן און שאָסייען, די ריזיקע הייזער וואָס גרייטן צו פּלאַץ פאַר נייע ידישע איינוואַנדערער. די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען וועלכע וועלן געבן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען צו די אַלע מענטשן, האָב איך פאַר איין מאָמענט נישט געקענט אַרויסלאָזן פון געדאַנק דעם אָנדענק פון יענע טייערע יידי־שע קינדער, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען פאַר אַ העכערן פאָלקס אידעאַל און האָבן געשאַפן די באַדינגונגען פאַר דעם נייעם אויפקו־מענדיקן לעבן.

ווי אַ פייערדיקער אויפשריפט האָט מיר פאַר די אויגן אַנטקעגן געבליקט דער אַלטער, יידיש־טראַדיציאָנעלער אויסדרוק — בדמיך חיי!

# אויפן הר הערצל אין צוויי פאַרשידענע מאָמענטן

צום ערשטן מאָל בין איך אַרויף אויפן הר הערצל באַלד ווי איך בין אָנגעקומען קיין ירושלים. דאָס איז געווען אַ פּאָר טעג נאָך מיין אָנקומען אין מדינת ישראל. פאַרשטענדלעך, אַז זייענדיק אין ירושלים האָב איך דאָס ערשטע געזוכט אַ צוזאַמענטרעף מיט אונדזער מעקסיקאַנער לאַנדסמאַן, יוסף טכאָרניצקי. כאָטש עס איז מיר נאָך אין מעקסיקע געווען באַקענט וואָס פאַר אַ וויכטיקן אַמט יוסף פאַרנעמט אין ישראל, פונדעסטוועגן בין איך געוואָרן איבערראַשט איבער דער געהויבענער מיינונג וועגן אים, און דער גוטער באַציונג צו אים, וואָס געוויסע כנסת דעפּוטאַטן, מיינע באַקענטע, ווי אויך צווישן די זשורנאַליסטן, וואָס האָבן זיך ביי דער כנסת זיצונג געפונען, האָבן אַרויסגעוויזן בעת איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף טכאָרניצקין.

בערל קאָראַלניק, אַ ברודער פון מיין אומפאַרגעסלעכן פריינט, דר' אברהם קאָראַלניק ז. ל., אַ ייד מיט אַ פּאָר קלוג ברענענדיקע אויגן, וואָס טראָגן דיר אַנטקעגן אַ גוט־ברידערישן שמייכל און האַרציקע גוטמוטיקייט, אַז ער האָט געהערט ווי איך פרעג זיך אויף טכאָרניצקין זאָגט ער צו מיר. אָה, יאָסעלע איז אייער לאַנדסמאַן, טאָ קומט מיט מיר. איר וועט שוין פון מיינע הענט נישט אַרויס ביז איך וועל אייך צונויפפירן מיט טכאָרניצקין. קודם כל איז ער מיט מיר אַריין אין איינע פון די טעלעפאָן־בודקעס וואָס געפינען זיך אין דער כנסת און מיט זיין געניטקייט, אַלס איינער פון די באַגאַבטסטע זשורנאַליסטן אין ארץ ישראל, האָט ער אויפגערודערט אַלע האַטעלן און זיך באַמיט אויסצוזוכן פאַר מיר אַ פּלאַץ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן אין ירושלים, אָבער אַז זיין היימישקייט איבעראַל האָט דאָך נישט

געהאַלפן און ער האָט פּאַרט נישט געקענט אויסגעפינען קיין פּלאַץ, ווייל אַלע האָטעלן זענען געווען באַזעצט. זאָגט ער צו מיר:

— ביי אונדז אין ירושלים שלאָפט מען נישט אין דרויסן, ווייל ווען עס זאָל געווען זיין פּלאַץ צו שלאָפן אין דרויסן וואָלטן שוין לאַנג שפּעקולאַנטן־מעקלערס פאַרקויפט און אויפגעשרויפט די פּרייזן פון אַזעלכע פּלעצער און די רעגירונג וואָלט געהאַט אַן אַרבעט צו פירן מיט זיי אַ קאַמף.

האָט ער געזוכט און געזוכט ביז ער האָט ענדלעך אויסגעפונען פאַר מיר אַ פּלאַץ אין אַ פּריוואַט הויז (שפּעטער, אַז איך האָב זיך געטראָפן מיט מיינע טייערע חברים פון אַמאָל, יאַנאָווסקי און קוליק וואָס וווינען אין ירושלים, האָב איך שוין געהאַט צו מיין דיספּאָזיציע צימערן מיט מער באַקוועמלעכקייטן ווי אין אַ האָטעל). נו, אַז כ'בין שוין געווען פאַרזאָרגט מיט אַן אָרט ווו דעם קאָפּ אָנצולייגן האָט זיך דער האַרציקער בערעלע קאַראַלניק פאַרנומען אויפצוזוכן יוספן. ווי נאָר ערגעץ אַ חשד, אַז אין דעם מאָמענט קען זיך יוסף געפונען אַהין האָט ער טעלעפאָנירט ביז ער האָט אים ענדלעך געפּאַקט ביי אַ געוויסער געזעלשאַפטלעכער זיצונג.

דער האַרציקער ברוך הבא מיט וועלכן יוסף טכאָרניצקי האָט מיר באַגעגנט האָט מיר געמאַכט צו פילן זיך זייער היימיש אין ירוש־לים, בפרט נאָך ווען דורך יוספס רעקאָמענדאַציעס עפנט זיך פאַר דיר אַ צוטריט צו פאַרשידענע פּלעצער, וועלכע וואָלטן געווייניטלעך אָנגעקומען זייער שווער צו זיי צוצוקומען. דאָס איז אַלץ ווייל יוסף איז איבעראַל און מיט אַלעמען אין אַזאַ גוטברידערשער באַציונג. דאָס האָט מיר אָנגעפילט מיט פרייד.



די דריי געביידעס, וואָס שטייען ווי אַ חית אין דעם שיינעם באַ־גאָרטנטן הויף, זענען פאַרטיילט לויט פאָלגנדן סדר: רעכטס — פאַר־נעמט דער קרן־קימת. לינקס — דער קרן היסוד און אין צענטער — די מוסדות פון דער אַגענץ.

אין די ביוראָען, וואָס געפינען זיך אונטערן רשות פון יוסף טכאָרניצקי, פילט זיך אַ מעקסיקאַנער ייד ווי ער וואָלט אריינגעקומען צו זיך אינדערהיים. טכאָרניצקי איז אויסגעבונדן מיט אַלע נייעסן און געשעענישן פון יידישן לעבן אין מעקסיקע, פונקט ווי ער וואָלט ערשט

נעכטן פון דאָרט האָבן געקומען. אַפילו מיט אַזעלכע נייעסן וואָס זע־נען נאָך אין דער שטופּע פון ווערן איז ער שוין באַקענט.

דערמאָן איך זיך אין דעם מאָמענט מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק ווען יוסף איז אָנגעקומען קיין מעקסיקע.

אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן אין מעקסיקע האָט זיך נאָך גע־פינען אין דער שטופּע פון אויסקריסטאַליזירונג, בעת אַלע אַנדערע אימיגראַנטן האָבן זיך געוואָרפן צו „תכלית". יעדער איינער האָט געזוכט זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן ערשטן שטאַפּל פון דעם לייטער וואָס פירט צום עקאָנאָמישן דערפאָלג. דאָן איז אַריין קיין מעקסיקע מיט זיין יינגלישע צעשטורעמקייט יוסף טראַכטניצקי. ער האָט געוועקט, גע־מונטערט און גערופן צו ציוניסטישע אַרבעט. פון וועמען ער האָט געדאַרפט, האָט ער געריסן שטיקער, געקריגט זיך מיט זיי. ער האָט אָבער געשאַפן אַרום זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער, חסידים און אַנהענגער וואָס וואָלטן פאַר אים געלאָפן אין פייער און אין וואַסער. עס איז שוין גע־וואָרן אַן אַקסיאָמע, אַז וועלכע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונג יוסף זאָל זיך נישט אונטערנעמען, מוז זי געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

איך בין דאַן געווען אין דער שול־פאַרוואַלטונג בעת יוסף איז אָנגעקומען אין דער שול אַלס לערער. ער איז דאַן געווען נאָך גאָר אַ יונגער יינגל, דאָך האָט עס לאַנג נישט גענומען און ער האָט אַלע־מען באַהערשט מיט זיין שטאַרקן ווילן און אונטערנעמונגס גייסט.

די קינדערלעך פון זיין קלאַס זענען ממש געוואָרן צוגעקלעפּט צו אים מיט לייב און לעבן.

אויך דאָ, אַלס דירעקטאָר פון קרן־היסוד דעפּאַרטאַמענט אי־בער די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער ליגט איבעראַל, אין אַלע ביו־ראָען דער חותם פון זיין אונטערנעמונגס גייסט. אָנהויבנדיק פון דעם טיר וועכטער ביז דעם הויפּט דירעקטאָר פון דער יידישער אַגענץ, זענען אַלע אין דער בעסטער גוט־ברידערשאַפט מיט טכאַרניצקין.

נאָכן פאַרשטעלן מיר פאַר פאַרשידענע אָנפירנדע פּערזאָנען האָט יוסף מיר באַגלייט צום חדר הערצל וואָס געפינט זיך אין דער זעלביקער געביידע, אַ דאַנק זיין רעקאָמענדאַציע האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרבלייבן אין חדר הערצל אַן אומבאַגרענעצטע צייט. געוויינטלעך ווערט דערלויבט באַזוכער צו זיין דאָרט בלויז פינף מינוט צייט. יעדע שעה גייט אַן אַ שפּאַציר פאַר געסט אין דעם חדר הערצל.

עס גייט מיט אַ מורה־דרך וואָס גיט דערקלערונגען. דער באַזוך

דויערט נישט מער ווי פינף מינוט. אַ דאַנק אָבער די פּריווילעגיע וואָס איך האָב געהאַט האָב איך געקענט אַלץ רואיק באַאָבאַכטן. עס האָט מיר אַרומגענומען אַ יראת הכבוד צו אָט אַ דער לאַבאַראַטאָריע, וווּ עס איז אידעיש אויסגעפּלאַנט און אויספאָרמירט געוואָרן די ייִדישע מדינה.

דר. הערצלס אַרבעט־צימער איז פאַרבליבן פּונקט אין דער זעל־ביקער אָרדנונג ווי דאַן ווען ער האָט אין אים געאַרבעט.

אַ גאָר גרויסע ביבליאָטעק (אָבער נישט קיין באַזונדערע יקר־המציאותן) אין דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש, אונגאַריש און גאַנץ ווינציק אין העברעיש איז פאַראַן אין חדר הערצל. פיל פון די ביכער זענען דורך די מחברים געווידמעט צו הערצלען. אין געוויסע ביכער האָב איך געזען באַמערקונגען מיט הערצלס האַנט־שריפט.

באַזונדערס האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט דער פּרעכטי־קער אַלבאָם פון די ייִדן אין אַרגענטינע, וואָס זיי האָבן געשאַנקען צו דר. הערצל, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי.

פון יענע ייִדן וואָס זענען דאַן געפאָרן קיין אַרגענטינע מיט דער הילף פון באַראָן הירש, מיטן צוועק צו שאַפן דאָרט ייִדישע קאָלאָני־זאַציע. אין דעם אַלבאָם געפינען זיך אָן אַ שיעור אונטערשריפטן.

אינסטינקטיוו איז מיר געקומען אויפן געדאַנק: „וואָס איז גע־וואָרן פון יענעם באַראָן הירש פּלאַן?!".

אַזויפיל אוצרות פון ענערגיע און געלט איז אַריינגעלייגט גע־וואָרן אין דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע! דער פאָנד וואָס דער באַראָן הירש האָט דאַן געשאַפן האָט דערגרייכט צו דער סומע פון צען מיליאָן ענגלישע פונט שטערלינג און וואָס איז פון דעם געוואָרן? וואָס איז געוואָרן פון די קאָלאָניעס „מאָזעסוויל" „מאור־ריציאָ" „קלאַראַ" און די נייערע גרעסערע קאָלאָניעס (באַראָן הירש, באַרסיס לעווען, דאַראַ און מאָנטעפיאָראַ?). וואָס איז געוואָרן פון יענע קאָלאָניסטן אייניקלעך? אין וועמענס הענט געפינען זיך היינט יענע אויפגעבויטע קאָלאָניעס?. פון אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט אַ זייפן־בלאָז!. עס האָט דאָרט געפעלט אָט אַ יענער חלוציש־פּאַטריאָטישער דראַנג און ליבע, וואָס אַן אייניקל פון אַן ארץ ישראל־קאָלאָניסט פילט צום ייִדישן באָדן. ביי די אייניקלעך פון די ערשטע ארץ ישראל קאָ־לאָניסטן איז יעדער שפּאַן ערד, יעדער בוים, יעדעס גרעזעלע אַ טייל פון זייער אייגענעם לעבן און אַלץ איז ביי זיי איינגעהילט מיט אַזויפיל

צאַרטקייט און ליבע, פאַר וועלכע יעדערער איז גרייט מקריב צו זיין דאָס לעבן.

דער חדר הערצל איז באַצירט מיט פאַרשידענע פאַמיליע־ביל־דער: פון הערצלס עלטערן, פון אים מיט זיין פרוי, און אַנדערע מש־פחה בילדער. עס הענגט אויך אויף דער וואַנט אַ גרויס אייל־בילד פון פרידריך פאַן באַדן, אַ נאָענטער פריינט פון הערצלען.

אין דעם צימער שטייט דער שטענדער ביי וועלכן הערצל האָט אויף דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל געלייענט זיין „באַזעלער־פּראָגראַם". צומאָרגנס, דעם דרייסיקסטן אויגוסט פון יאָר טויזנט אַכט הונדערט זיבן און ניינציק, האָט הערצל איינגעשריבן אין זיין טאָג־בוך:

— „נעכטן האָב איך געגרינדעט די יידישע מלוכה".

עס געפינט זיך אויך אין דעם חדר הערצל אַן אויסשטעלונג פון די מעדאַלן וואָס ער האָט באַקומען פון דער טערקישער מלוכה און פון אַנדערע מלוכות. אויך איז דאָרטן פאַראַן אַנאַרקענונגס דאָ־קומענטן וואָס הערצל האָט געקראָגן פון פאַרשידענע וועלט־פּערזענ־לעכקייטן. דאָרט געפינט זיך אויך הערצלס פאַרשידענע מאַנוסקריפּטן.

אין אַ ווינקל פון דעם צימער שטייט אַ גרויס סקולפּטור־בילד פון בירענבוימען. אויף די ווענט הענגען פאַרשידענע שטעקנס מיט וועלכע הערצל האָט זיך באַנוצט, זיין מאַנדאָלינע און אַנדערע חפצים.

אַרויסגייענדיק פון דעם חדר הערצל בין איך געוועןן דורכגענ־נומען מיט אַ באַגער גלייך אַרויפצוגיין אויפן הר הערצל, ווו עס געפינט זיך הערצלס קבר.

דורך דער פּרעכטיקער וואַלד־געגנט פון בית הכרם (אַ דאַטשע פּלאַץ פאַר די ירושלימער איינוווינער) ביז צו דער שכונה „בית־וגן". פאָרט נאָך דער אויטאָ ווייטער אַרויף אַ ביסל און באַלד בלייבט ער שטיין ביי אַ דראָט פאַרצוימונג מיט אַ צייטווייליקן טויער איבער וועלכן עס איז פאַראַן אַן אויפשריפט: „הכניסה להולכי רגל".

אַ שטיינערדיקער פאַרטרוקנטער באָדן, וואָס איז צעגליט דורך דער שטאַרקער זון, פירט אַרויף צום הר הערצל. אויפן וועג זענען פונאַנדערגעשטעלט די דאָזיקע אויפשריפטן:

„זכור אתה נמצא ליד קבר הרצל"!

„נהג לפי כבוד המקום"!

„אל תחלל את השבת!".

„אל תעשן ליד הקבר!".

די עטלעכע מעטער, וואָס פירן אַרויף צום קבר, זענען אָנגע־הויכט מיט קדושה.

*

אַ גרויסער רונדער פּלאַץ אויפן סאַמען שפּיץ באַרג איז אַרומגע־צוימט גאַנץ נידעריק מיט אייזערנע קייטן, פון וועלכן עס בליצן אַרויס פיל פאַרביקע בלימעלעך וואָס הילן אַרום אַ שטיין מיטן אויפשריפט:

— „במקום זה יוקמו האוהל ומצבת הזכרון לקברו של הרצל אשר הובא כאן למנוחת עולמים ביום כ׳ב באב תש׳ט״.

שטיי איך אַזוי איינער אַליין ביים קבר אויפן הערצל־באַרג, אַרום און אַרום הערט זיך אַ סודותדיקע שושקעריי וואָס דערטראָגט זיך צו מיר פון די ווינטן וואָס טרייבן זיך פון די נאַקעטע בערג און טאָלן.

איך טיף מיינע בליקן אויף דעם ווירוואַריקן, צעשטויבטן, פוסטן חלול וואָס ליגט פונאַנדערגעלייגט דאָ אַרום.

מיין דמיון טראָגט מיך אַריבער צו יענע מאָמענטן פון בראשית, בעת דער רוב מנין ובנין פון אונדזער פאָלק האָט אויסגעלאַכט הערצלען — דעם „פאַנטאַזיאָר״, פאַר דעם „ווילדן״ געדאַנק, אַז מיר יידן זענען און מוזן זיין ככל הגוים, אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער און נישט קיין דייטשן, רוסן, ענגלענדער, אָדער פראַנצויזן פון „יידישן גלויבן״.

עס האָבן זיך דאַן אָרגאַניזירט די ראַבינער אין דייטשלאַנד צו פּראָטעסטירן קעגן דעם „ווילדן״ געדאַנק פון יידישער זעלבסטשטענ־דיקייט, ווייל דאָס קען נאָך חלילה ברענגען אַ חשד אויף זייער לאָיאַ־ליטעט צו דעם „איינגעפונדעוועטן״ לעבן אין דייטשלאַנד.

אין די זכרונות פון דעם באַרימטן יוריסט, סעמי גראָנעמאַן, וואָס איז געווען איבער פינף און צוואַנציק יאָר דער פאָרזיצער פון די ציוניסטישע קאָנגרעס־געריכטן, ווערט איבערגעגעבן:

אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט ניין און ניינציק, ס׳הייסט צוויי יאָר נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז אין בערלין דערשינען אַ יידיש־הומאָריסטישער אַנטי ציוניסטישער זשורנאַל א. נ. „גוט־וואָך״, רעדאַקטירט דורך איינעם אַ שונא־ציון מאיר זיגפריד.

אין איינעם פון די זשורנאַלן איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אַ פּאַראָ־

דיע איבער דער צוקונפטיקער יידישער מדינה, ווי אזוי זי וועט אויסזען.
די נאציאנאל באנק פון דער יידישער מדינה לאזט ארויס אויף דער וועלט אירע ווערט־פאפירן און מען צעכאפט זיי אויף אלע בערזעס.
און מיט איראניע באמערקט דער שרייבער, אז אלע יידן וועלן ווערן ארויסגעטריבן פון דייטשלאנד און די יידישע מלוכה וועט פאר־האנדלען מיט דער דייטשער רעגירונג וועגן רעפאראציעס פארן שאדן וואס דער גירוש האט גורם געווען.
שטיי איך דא פארן קבר און טראכט אריין אין דער נבואה פון הערצלען, בעת ער האט געשריבן „זיין בוך יידנשטאט".
הערצלס פארלאנג איז געווען „אפלאדירט מיר נישט, לאכט מיר נישט אויס, נאר פארשטייט מירו".
הערצל איז געקומען צו דער פארצווייפלטער איבערצייגונג, אז דער גאנצער גלות איז א ביטערער ענין וואס מען דארף וואס שנעלער באזייטיקן. אזוי ווי די סיבה פון יידן־האס זענען די יידן אליין דערי־בער דארף מען ווי אמשנעלסטן ארויסנעמען די יידן פון די לענדער וו זיי ווערן געהאסט און זיי באזעצן אין זייער אייגענעם לאנד.
ביים אנהויב פון צוואנציקסטן יארהונדערט האט גראף גודענ־האווע אנגעשריבן א בוך א. נ. „דאס וועזן פון אנטיסעמיטיזם".
ברענגט ער דארט ארויס דעם געדאנק, אז „ווען די וועלט פון טעכניק וועט דערגרייכן צו אזא שטופע, אז מען וועט זיך פריי קענען באניצן מיט עראפלאנען וועט אויך דער גייסטיק־סאציאלער פראָ־גרעס פון דער געזעלשאפט דערגרייכן צו אזא אנטוויקלונג, אז עס וועט מער נישט זיין קיין פלאץ פאר אנטיסעמיטיזם". דערויף האט דאן הערצל געענטפערט:
— „איך בין א גרויסער מאמין אין דער צוקונפט פון עראָ־פלאנען, אבער איך בין איבערצייגט, אז דער גייסטיקער אנטוויק־לונגס־פראצעס פון דער היינטיקער ציוויליזירטער געזעלשאפט גייט נישט פאראלעל מיט דער שנעלקייט פון דער טעכנישער אנטוויק־ווילקלונג. אויב מיר יידן זאלן ווארטן ביז יענער גליקלעכער מאמענט וועט קומען — און איך גלויב, אז דער מאמענט וועט אמאל קומען —קען אבער דאן פאסירן, אז דער מאמענט וועט אונדז נישט מער אנטרעפן ביים לעבן. אין דער צווישנצייט וועט מען אונדז פארניכטן. דעריבער גלויב איך, אז עס פיל פראקטישער זיך צו באניצן מיט

די עראָפּלאַנען כדי אַריבערצובערענגען די אומגליקלעכע יידן וואָס שנעלער אין זייער אייגענעם פרייען לאַנד אַריין".

ווי אַ פּועל־יוצא פון דער יידן־נויט שעפּט הערצל זיין זיכער־קייט בנוגע זיינע קעגנער פון רעכטס און פון לינקס און ער זאָגט:

— „ווען די יידן אין דעם סאָציאַלן קאַמף מאַכן יד־אחת מיטן קאַפּיטאַליזם וועט זייער אונטערגאַנג ווערן אומפאַרמיידלעך, ווייל די שונאים וועלן אין די יידן זעען די געפערלעכע פאַרטרעטער פון „גאָלדענעם אינטערנאַציאָנאַל". וועלן זיך ווידער די יידן אָנשליסן אין דער אַרמיי פון די רעוואָלוציאָנערן און צעשטערער פון דער הייג־טיקער אָרדנונג דאַן וועלן זיי אומפאַרמיידלעך מוזן צעקוועטשט ווערן צווישן די רעדער פון דער רעוואָלוציע".

שטיי איך דאָ ביים, הערצל־קבר און טראַכט אין דער מקוים־דיקייט פון זיינע נביאותן. צו האָבן מיר יידן דען וויניק בייגעשטייערט צו דער גרעסטער רעוואָלוציע אין דער מענטשלעכער געשיכטע?. וואָסזשע איז געוואָרן אין דעם לאַנד פון דער גרויסער רעוואָלוציע וואָס האָט אונדז יידן צוגעזאָגט אַזויפיל פרייהייט און זעלבסטשטענ־דיקייט? ליגט איצט דאָרט די יידישע ליטעראַטור און יידישע קולטור אַ באַשפּיגענע און צעטראָטענע. די יידישע שאַפער זענען געשמיד אין קייטן אָדער באַפרייט — דורך דערמאָרדונג און די צוויי מיליאָן יידן וואָס געפינען זיך נאָך דאָרט זענען דורך אינקוויזיציע אָפּגעריסן פון אונדז און וועלכן ס'איז צובונד, צום יידישן פאָלק.

הער איך איצט דאָ ביים קבר אָט די נבואה פון הערצלען:

„ווען איר ווילט, איז עס נישט קיין לעגענדע!".

„פילייכט וועט דאָס געשען אין פינף יאָר אַרום, אָלענפאַלס — אין פופציק יאָר אַרום, וועט די יידישע מלוכה זיין אַ פאַקט!".

אַרונטערגייענדיק פון דעם הר הערצל האָט יידישע מלוכהדי־קייט ווי כוואַליעס ליכט־שטראַלן, זיך געטראָגן מיר אַנטקעגן:

געזאַנג פון אַרבעט ביי דער בויאונג פון יעדן ווינקעלע אין ירושלים.

יידישער פאַרלאַמענט. העלדיש יידיש מיליטער, צעשטראַלטע טראַפיק־פּאָליציי. דער מוליער אויף די רושטעוואַניעס — אַ ייד. דער שטיינער־האַקער — אַ ייד, די וואָס טרוקענען די זומפּן, די וואָס בויען די שאָסייען, די מאַטראָזן אין די פּאָרטן, די לאָקאָמאָטיוו־פירער און דער גאַסן קערער, פון מיניסטער ביז צו דעם בריוו־טרעגער אַלע זע־

בען יידן. עס האט אויף מיר א ווייע געטאן קינדערשער פריידיקער געלעכטער און מוטיקער שטאלץ וואס האט אנגעפילט די לופט.

פון אלץ און אלעמען האט ארויסגעשריגן: „מיר האבן געוואלט, און יידישע מדינה איז מער שוין נישט קיין לעגענדע!".



צום צווייטן מאל אויפן הר הערצל.

די לופט אויף די ירושלימדיקע גאסן איז היינט אנגעפילט מיט א יום־טוב שטימונג. יידן פון אלע וועלט־טיילן, פון פארשידענע לענדער (אויסער פון די סאוועטישע) פילן אן אלע ווינקעלעך פון דער שטאט. פארשידענע טיפן יידן: אונדזערע היימישע מזרח־איראפעישע יידן; מעריב איראפעישע בינאקל יידן; אנגעבלאזענע, מיט די קעפ פארריסענע, אמעריקאנער יידן; טונקעלע אינדישע יידן, מיט גע־קרייזלטע גלאנציקע בערד, מיט אינדישע טורבאנען אויף זייערע קעפ, וועמען איך וואלט אפילו מיט א שבועה נישט געוואלט גלויבן, אז דאס זענען יידן; בינטל־ביינערנדיקע תימנער יידן מיט זייערע ציגן־בערדלעך; יידן פון אלזשיר, פון פערסיע, פון טוניס און מא־ראקא.

און אט טרעפן זיך יידן פון פארשידענע לאטיין־אמעריקאנער לענדער פון וועמען יידישע היימישקייט האט זיך באך נישט אפגעטאן פון זיי; און אט זענען יידן פון דרום אפריקע, פון אויסטראליען.

קלאנגען פון פארשידענע לשונות טראגן זיך צו די אויערן — אן אמתער דור הפלגה.

היינט ביינאכט דארף פארקומען די דערעפענונג פון דעם דריי און צוואנציקסטן ציוניסטישן קאנגרעס. דער ערשטער פייערלעכער אקט, ערב דער דערעפענונג, וועט פארקומען פינף אזייגער ב. מ. בעת אלע דעלעגאטן און געסט וועלן עולה זיין אויפן הר הערצל.

אויפן גרויסן הויף פון דער יידישער אגענץ טומלט זיך. עס באַ־געגענען זיך באקענטע וואס האבן שוין א סך יארן זיך נישט געזען. עס טרעפן זיך, גאנץ אומדערווארטעט, מענטשן וואס האבן זיך ארויס־געראטעוועט פון די קאנצענטראציע לאגערן און גאז־קאמערן' פליסן ביי זיי טרערן פון שמחה וואס דאס מזל האט זיי צוגעשפילט ווידער זיך צו באגעגענען לעבעדיקע. און באלד כמארעט זיך די שמחה אין טרויעריקער דערמאנונג איבער די אלע פארלוירענע.

מען באַקענט זיך. אַ יד דאָ, אַ האַנט דאָרט. מעקסיקע מיט בראַ־זיל, יאָהאַנעסבורג מיט ניו־יאָרק, קובאַ מיט מעלבראָן: אַ מינוט שפּעטער געדענק איך שוין נישט ווער ס'איז פונוואַנען.

דער הויף און אַלע קאָרידאָרן זענען אָנגעפילט מיט ייִדן.

קאָנגרעס־דעלעגאַטן, פּרעסע־מענטשן, און געסט פון אַלע וועלט־טיילן.

אין די אַלע ביוראָען אַרבעט מען פיבערדיק. דער האָט פּרע־טענזיעס פאַרוואָס זיין דעלעגאַטן־קאַרטע איז נאָך נישט פאַרטיק. דעם צווייטן געפעלט נישט זיין האָטעל־צימער. דער דריטער האָט טענות, ס'טייטש ער האָט דאָך בפירוש אין דער טעלעגראַמע געבעטן, אַז ער וויל אַ צימער אין אַ האָטעל, און דוקא אין אַן ערשט־קלאַסיקן האָטעל און דאָ האָט מען אים באַזאָרגט מיט אַ צימער אין אַ פּריוואַט הויז. וויפל דאָס מיידל האָט זיך פאַרענטפערט און געגעבן דעם ייִד צו פאַרשטיין, אַז עס איז נישטאָ אין ירושלים קיין גענוג האָטעלן, וויל דער ייִד דערפון נישט וויסן און ער שרייט אויס:

— „אויב מען האָט נישט דאָ גענוג פּלאַץ פאַר די דעלעגאַטן צום קאָנגרעס, מאַכט מען דעם קאָנגרעס אין אַ צווייטן לאַנד!".

די אָנגעשטעלטע זענען שוין אַזוי צעטומלט, אַז איך באַקום דעם איינדרוק, אַז ווען איינער פרעגט זיך וועגן זיין דעלעגאַטן־קאַרטע באַקומט ער אַן ענטפער. אַז מאָרגן וועט מען אים אומבייטן זיין צימער.

⁂

עס איז פיר אַזייגער נ. מ. די וואָס האָבן באַקומען ספּעציעלע פאַרבעט־קאַרטן הויבן שוין אָן אַרויפצוגיין אויף די שיינע אויטאָבוסן וואָס וואַרטן אויף דער גאַס פאַרן אַריינגאַנג צו דער אַגענץ. און באַלד פילן זיך אָן די צענטליקער אויטאָבוסן וואָס הויבן אָן דעם אַרויפ־מאַרש צום הר הערצל.

אויפן גאַנצן וועג, אויף ביידע זייטן פון שאָסיי, ציען זיך מחנות פון טויזנטער און טויזנטער מענטשן וואָס זענען עולה רגל. אַ געפיל פון פאַרדרוס טאַטשעט מיר פאַר אונדזער באַקוועמלעכקייט. עס קומט מיר אויפן געדאַנק: ווי הייליקער און אימפּאַזאַנטער וואָלט דאָס געווען ווען אַלע אַן אויסנאַם, סיי די דעלעגאַטן, סיי די רעגירונגס מענטשן, סיי די געסט זאָלן אַלע עולה רגל זיין, גלייך פון דער סוכנות געביידע ביז אויפן הר הערצל.

וואָס העכער מיר קומען אויפן באַרג אַלץ שטאַרקער שטייגט די קדושה־שטימונג.

⁂

אַלע פלעצער, וואָס זענען איינגעאָרדנט פאַר די קאָנגרעס־דעלע־גאַטן, פאַר די פרעסע־מענטשן און פאַר די ספּעציעל איינגעלאַדענע געסט, ווערן מאָמענטאַל באַזעצט. די טוריזנטער מענטשן, וואָס האַלטן אין איין שטראָמען, זוכן דורך פאַרשידענע מיטלען צו שטיין נאָענט צום פלאַץ ווו די פייערלעכע צערעמאָניע וועט פאָרקומען. דעריבער האָט די פּאָליציי גאָר נישט קיין לייכטע אַרבעט צו האַלטן אָרדנונג.

אַרום און אַרום דעם פּלאַץ פון הר הערצל שפּיגלען זיך אונטער דער זון־שיין הונדערטער צעפלאַטערטע ווייס־בלויע פענער.

באַלד מאַרשירן אַרויף און שטעלן זיך אַרום דעם קבר הערצל די פאַרשידענע מיליטערישע פאָרמאַציעס: אַרטילעריע, פאַראַשו־טיסטן, ים־פלאָט, לופט־קאָמאַנדע, און די סימפּאַטישע חן־סאָלדאַט־קעס. אַלע שטיין די גאַנצע צייט אין סאַלוט מיט די אויפגעהויבענע ביקסן אין די הענט.

אויף דער בינע, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן האַרט ביים רונדן פּלאַץ פון דעם קבר, באַווייזן זיך אין דער ערשטער ריי: דוד בן־גוריון, יוסף שפּרינצאַק, דר. נחום גאָלדמאַן און די דריי דעלעגאַטן פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל: דר. א. שאַליט. דר׳ יוסף קלויזנער און דר׳ מאיר איבנער.

שמחת־תורהדיקע פרייד געמישט מיט אַ כל־נדרידיקן ציטער באַהערשט די אַטמאָספערע. די לופט איז אָנגעפילט מיט אַ קדושה־שטילקייט. נישטאָ קיין שום רעדעס. עס פילט זיך, אַז יעדע רעדע, ווי אינהאַלטסרייך און טיף זי זאָל נישט זיין, איז נאָר עלול צו פאַר־שוועכן די הייליקייט.

עס ווערט אַרויפגעצויגן די נאַציאָנאַלע פאָן ביי אַ מיליטערישן סאַלוט אונטער די קלאַנגען פון הימנען. דערנאָך ווערט געבלאָזן אַ תרועה. באַלד ווערט אויפן מאַסט, וואָס שטייט צוקאָפּנס פון הערצלס קבר, אַרויפגעצויגן די הערצל פאָן (פון די צייטן פון די ערשטע ציוני־סטישע קאָנגרעסן) די פאָן האָט אינמיטן מגן דוד אַ סימבאָל פון „גור אריה יהודה״.

הרב י. ל. מיימון בענטשט מיט אַ „שהחיינו״ וואָס מיר האָבן דערלעבט, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס זאָל זיך עפענען אין ירוש־לים אין דער הויפּט־שטאָט פון מדינת ישראל.

דער קינסטלערישער טייל פון דער פּראָגראַם ווערט אָנגעפירט דורך דעם „הבימה" קינסטלער צבי פרידלענדער. ער לייענט פאַר פאָלגענדע אויסצוגן פון דער רעדע וואָס הערצל האָט געהאַלטן ביים ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס:

„אויף אונדז איז געפאַלן דער גורל צו לייגן דעם גרונט־שטיין פאַר דער צוקונפטיקער יידישער מדינה!".

„אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס שאַפן מיר פאַר דעם יידישן פאָלק אַן אָרגאַן, וואָס האָט ביז איצט געפעלט און אין וועלכן ער נויטיקט זיך דרינגנד וועלכער איז פאַר אים אַ לעבנס־נויטווענדיקייט!".

„אונדזער קאָנגרעס וועט זיין אייביק, נישט נאָר ביז וואַנען מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן פון דער אַלטער נויט, נאָר מיט מער קראַפט ערשט נאָכדעם!".

באַזעלער פּראָגראַם:

„דער ציוניזם שטרעבט צו דער שאַפונג פון אַן עפנטלעך־רעכט־לעך געזיכערטע היימלאַנד פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל".

דערנאָך דעקלאַמירט צבי פרידלענדער אויסצוגן פון הערצלס טאָג־בוך.

אַ וווּנדערבאַרער יוגנט־כאָר זינגט „אתה הצבת גבולות הארץ".

אַ שוידער צוקט אַלעמען דורך, בעת פרידלענדער איז מזכיר די אַלע העלדן וואָס זענען געפאַלן אין דער באַפרייונגס מלחמה.

דער זעלביקער קדושה־ציטער האַלט אָן בעת ער דעקלאַמירט קאַפּיטלען פון תהילים וואָס ווערן געפלאָכטן מיטן געזאַנג פון כאָר.

עס ווערט פאָרגעלייענט פאָלגענדע אויסצוגן פון דער פרייהייט־דעקלאַראַציע פון דער נייער יידישער רעפּובליק „ישראל" וואָס איז אין טאָג פון פערצנטן מאַי טויזנט ניין הונדערט אַכט און פערציק פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דוד בן־גוריון פאַר דעם צייטווייליקן נאַ־ציאָנאַל־ראַט.

„מיר די מיטגלידער פון נאַציאָנאַלן־ראַט, וואָס פאַרטרעט דאָס יידישע פאָלק אין ארץ־ישראל און די ציוניסטישע באַוועגונג אין דער וועלט, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַ פייערלעכן מיטינג אין דעם טאָג פון דעם סוף פון דעם בריטישן מאַנדאַט אין ארץ־ישראל. אויפן גרונט פון די נאַטירלעכע און היסטאָרישע רעכט פון דעם יידישן פאָלק און אויפן גרונט פון דער רעזאָלוציע פון דער פאַרזאַמלונג פון

די פאַרייניקטע פעלקער פראָקלאַמירן מיר דאָ די עטאַבלירונג פון א יידישער מדינה וואָס וועט הייסן „ישראל".

„די יידישע מדינה וועט זיין האָפן פאַר אַלע יידישע אימיגראַנטן. זי וועט אַנטוויקלען דאָס לאַנד פאַר אַלע איינוווינער. זי וועט זיין באַגרינדעט אויף די פּרינציפּן פון פרייהייט, גערעכטיקייט און שלום לויט דער לערע פון די נביאים. זי וועט געבן פולע סאָציאַלע און פּאָליטישע גלייכהייט צו אַלע אירע בירגער אָן אונטערשיד פון ראַסע, גלויבן אָדער געשלעכט און וועט גאַראַנטירן פולע פרייהייט פון בילדונג און קולטור. די פּראָקלאַמאַציע פאַרשפּרעכט שוץ פאַר די היילי־קע ערטער פון אַלע רעליגיעס און אונטערשטרייכט, אַז די נייע מדי־נה וועט זיך ווידמען צו די פּרינציפּן פון דעם טשאַרטער פון די פאַרייניקטע פעלקער".

„מיר רופן דאָס יידישע פאָלק פון אַלע תפוצות זיך צו קלאַמערן אַרום דער מדינה דורך עליה און צו העלפן אין דעם אויפבוי צו שטיין צוזאַמען מיט אונדז אין דעם גרויסן מאָמענט צו וועלכן דורות לאַנג האָבן געשטרעבט, צו דער באַפרייונג פון ישראל!".

דער חזן בר זכאי מאַכט אַן „אל מלא רחמים" און לייענט פאַר דאָס קאַפּיטל תהילים קכ״ב און דער כאָר זינגט „בשוב ה' את שיבת ציון".

אונטער די קלאַנגען פון „התקוה", וואָס ווערט מיט באַגייס־טערטער דערהויבונג אויסגעזונגען דורך אַלע טויזנטער אַנטיילנע־מער, ענדיקט זיך דער אַקט פון כבוד, וואָס די שענסטע זין פון יידישן פאָלק זענען געקומען אָפּגעבן דעם גרויסן וויזיאָנער און נביא פון אונדזערע צייטן דר' טעאָדאָר הערצל ז. ל.

# דוד המלך, „ריינע יודן־פּעטס" און נקמה!

דער שטראַלנדיקער, היסטאָרישער גלאַנץ און די אומאויסשעפּ־לעכע בענקענישן אונדזערע צו די אָבותדיקע פּלעצער פון ירושלים זענען פאַרלויפיק פאַרשטעלט פאַר יידישן צוטריט צו זיי.

די נייע ירושלים, וויפל זי זאָל נישט אָנפילן דאָס האַרץ מיט פרייד, פאַרמאָגט פאָרט נישט אין זיך יענעם סודותדיקן אָטעם וואָס הויבן אַרויס די שאָטנס פון אונדזערע אָבות און נביאים. עס פעלן דאָ: דער מקום מקדש, די כותל המערבי, דער מגדל דוד, דער הר הזתים מיט די היסטאָרישע קברים און נאָך פיל אַנדערע צענטליקער פּלעצער וואָס כשופן מיט חומשדיקע מעשיות. דערפאַר איז געבליבן אין אונדזערע הענט דער הר ציון. דאָ געפינט זיך דוד המלך׳ס קבר.

צוצוקומען צום הר ציון גייט מען דורך דעם גיא בן־הנום — דעם טאָל וווּ די אַמאָליקע יידישע געצנדינער פלעגן ברענגען זייערע קינדער מקריב צו זיין צום אָפּגאָט מולך. אין שפּעטערע צייטן איז דער פּלאַץ געוואָרן באַצייכנט אַלס דער סימבאָל פון גיהינום, וווּ די רשעים פייניקן זיך נאָכן טויט, אָפּצוקומען פאַר זייערע זינד.

דאָרט ביים הר ציון איז די גרענעץ מיט עבר הירדן. שטייען טאָקע אויפשריפטן וואָס וואָרענען: „היט זיך, דאָ איז די גרענעץ!." „זייט פאַרזיכטיק פון די נישט אויסגערייניקטע מינעס!".

ציען זיך מחנות עולה־רגל אויף די הויכע טרעפּ וואָס פירן אַרויף צום הר ציון. ביי די זייטן פון די טרעפּ זיצן אָן כוחותדיקע, הויט און ביינערדיקע יידן און יידענעס, וואָס קענען נישט מיט אייגמאָל אַרויפקלעטערן אויפן הויכן באַרג.

זיצן זיי ביי די זייטן פון די טרעפּ אָט א די יידן שוואַרצע, ברוינע, ווייסע און געלע. זיי כאַפּן דערווייל אַריין עד לחשבון אַ פּסוק תהילים, אָדער זיי זענען שווייגענדיק פאַרזונקען אין מחשבות פון צוגרייטן אַ געבעט ביים קבר־דוד.

אינמיטן דער מיסטיש־דערהויבענער פּראַצעסיע פון דער דאָ־זיקער עליה, וואָס איז אָנגעפּילט מיט יידישן צער און ווייטיק, שניידן אַריין טריט פון דריי אויסגעפּאַשעטע ברוין־מאַנטלדיקע גלחים מיט לבנה אויסגעגאָלטקייט אויף זייערע קעפּ. אויך ביי זיי ליגט אויס־געגאָסן אַ טרויעריק־מיסטישער אויסדרוק אויף די פּנימער וואָס זוכן אַ תיקון.

דער מאַסיווער אַייזערנער טויער וואָס פירט צום קבר פון דוד המלך שטייט אַ ברייט צעעפנטער. אַרום דעם קבר צאַנקען תמיד ליכט־פלאַמען.

אַרום און אַרום אויף לאַנגע הילצערנע בענק און אויף דער ערד זיצן געקאָרטשעט אין שווערע געמיטער יידן און ווייבער. אַ טייל שעפּטשעט שטיל מיט די ליפּן, און אַ טייל ברויזט אַרויס דעם צער אויפן קול.

דער גאַנצער חדר איז אָנגעפּילט מיט „זאָגעכץ”. עס קלינגען דאָ די סקאַרבאָווע תהילים ניגונים. דער צעוויייטיקטער אוי! פון די לומדיש־פאַרמוחטע יונגעלייט פון די מקובלים־שטיבלעך, ביי וועמען דאָס קאַפּיטל תהילים איז אַ מין עולם־הזהדיקער צייט פאַרטרייב פאַר זייערע פאַרבאָרגענע קבלה־גמטריאותן.

עס זיצט דאָ אַן אַלטיטשקער תימנער, וואָס האַלט אין זיינע הענט אַ צעפּרוכנעט תהילמל, מיט צעשאָטענע דורך טרערן אויסגע־ברענטע בלעטלעך, און ער זינגט אויס די תהילים פּסוקים מיט אַ טאָן ווי מען באַוויינט אַ טויטן. עס זיצן דאָ אויך פּראָסטע עמך־מענטשן, שער און אייזן יידן, זיי זאָגן תהילים מיט אַ ברייטהאַרציקייט, ווי אַמאָל שבת נאָך ברכי נפשי, בין מנחה למעריב, אין דער אַלטער היים.

עס גיסן זיך צענויף דאָ פאַרשידענע נסחאותן און די צעפּיצלטע רעשטלעך פון בענקענישן נאָכן עבר, אין איין תפילותדיקן שטראָם וואָס גיסט זיך דאָ פון די ווענט, פון דעם סופיט און פון יעדן ווינקעלע. דאָס אַלץ פילט אָן דעם חלל מיט ליבשאַפט, דאַנקבאַרקייט און גלייכצייטיק מיט פּרעטענציעס צום וועלט באַשאַפער.

אַרויסגייענדיק פון דעם חדר ווו עס געפינט זיך דער קבר פון דוד המלך ביים אַרונטערגיין פון די טרעפּ איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ גרויסער שוואַרצער טאַוול אויף וועלכן עס איז אויפגעשריבן:

„אני מאַמין באמונה שלימה שתהיה תחית המתים בעת שתעלה רצון מאת הבורא יתברך שמו ויתעלה זכרו לעד ולנצח נצחים".

איך קום אָן אין דעם קדשי קדשים פון יידישן מאַרטירערטום.

אַרום די ווענט און אין יעדן שפּאָן פון דעם חדר זענען אויסגעשטעלט זכרונות פון יידישן הורבן. דאָ זעט מען אַ רעקל וואָס איז געמאַכט פון יריעות פון אַ ספר תורה, וואָס די דייטשע קאַניבאַלן פלעגן באַנוצן ביי זייערע טעאַטער־פאַרשטעלונגען; מאַדעלן פאַר שיך וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון צעריסענע שטיקער פאַרמעט פון ספרי תורות; אויסגעהאַפטענע פרוכתן און ספרי תורה מענטעלער וואָס זענען פאַרשמירט מיט טמאדיקע האַקן־קרייצן; כלה־קליידער וואָס זענען באַפלעקט מיט אומשולדיק, צאַרט יוגנט־בלוט; פאַרבלוטיקטע ציכלעך פון קישנס און יאשעקלעך אויסגעהאַפטענע, מיט מאַמעדיקער פרייד און ציטער צו קינדערס חתונה, מיט די נעמען: ברײַנדעלע, טייבעלע און א. ז. וו.; שיכלעך פון יידישע עופהלעך וואָס זענען פאַרבליבן אויף די אָפּגעהאַקטע פיסלעך פון לעבעדיקע קינדער.

מיינע אויגן פאַרנעפּלטע, האָבן ווי דורך אַ כמאַרע קוים געקענט אויפכאַפּן דעם אויפשריפט וואָס איז געהאַנגען איבער דעם דאָזיקן גאַנצן שוידער.

„ישראל יזכור ולא ישכח את אשר הטמא והרוצח עלל למו — והיה לשמצה ולדראון עולם".

די פּאָר טרעפּלעך וואָס פירן אַרונטער אין דעם צווייטן חדר ברענגען אַריין אין אַ טונקלקייט וואָס באַקומט אָן אָפּשיין פון צאַנקענדיקע יאָרצייט־ליכט־פלעמלעך. דאָ שטייען ריזיקע ערדענע טעפּ וואָס זענען האַלב איינגעגראָבן אין דער ערד. די טעפּ זענען אָנגעפילט מיט צעריסענע, צעפליקטע און צעטראָטענע יריעות פון ספרי תורות און מגילות.

אַרום די ווענט הענגען שטיקער פון צעפליקטע טליתים; פון טלית־קטנדלעך פון פאַרשידענע גרויסן וואָס זענען באַשמירט מיט פאַרגליווערט קדושים בלוט; תפילין; צעריסענע רציעות; און אויסגעהאַפטענע טלית און תפילין זעקעלעך.

אויסגעשעפּט פון די כוחות פאַל איך אַריין אין דעם דריטן חדר.
אַ פלעמעלע פון אַ נר תמיד, וואָס צאַנקט איבער אַ גלאָז מיט בוים־
איל וואַרפט אַ קדושה־שיין אויף אונדזער גרעסטן אומגליק.

אַ שוידער, וואָס אפילו די תוכחה האָט נישט געקענט אויס־
קללה'צווען אַזעלכעס:

אין גלעזערנע סלויען, געפאַרבט מיט ווייס־בלוי, ליגט דאָס אַש פון אונדזערע מאַמעס, טאַטעס, שוועסטער, ברידער און פּיצלעך עופהלעך. אַש וואָס קומט פון די טויזנטער פאַרברענטע לעבעדיקע יידן פון טרעבלינקע, אַשווענטשין, מאַידאַניק און פון די אַנדערע גאַז־קאַמערן און קאַלך־איווונס, וואָס די נאַצישע קאַניבאַלן, יורשים פון דער „העגל — קאַנט — ניטשע קולטור", האָבן אויסגעטראַכט כדי צו פאַרניכטן אונדזער פאָלק.

ביי דער זייט פון די סלויען מיטן אַש שטייען אויסגעליידיקטע בלעכלעך פון דעם טויט־גאַז וואָס די מערדער האָבן באַנוצט.

צווישן די סלויען און בלעכענע שאַכטלען ליגן, אין פאַרשידענע גרויסן, שטיקער זייף מיט די לאַטייניש איניציאַלן: ר. י. פ. (ריינע יודן פעטס.)

שטיי איך דאָ אַן אויפגעטרייסלטער פּנים אל פּנים מיט דעם אַלעם און איך פיל ווי אַ זאַק מיט אַש באַדעקט מיין קאָפּ. די בלוטן גליווערן איר מיר. וויל איך וויינען קען איך נישט, איך בין פאַר־שטיינערט.

מיינע ליפּן שעפּטשען אַרויס „יתגדל ויתקדש". ערשט נאָכן אָפּ־זאָגן קדיש ברעך איך אויס אין אַ ספּאַזמישן געוויין. די אויגן ווערן מיר פאַרלאָפן מיט בלוט און איך זע פאַרבייגיין אין זייער לעצטן מאַרש די מיליאָנען יידן:

רבנים, צדיקים, אַפּיקורסים יידישע געלערנטע און גאונים; איך דערהער קינדער־געוויינען און מאַמעס־קלאַגערייען; איך דערפיל אַן ערד־אויפטרייסלונג פון דעם הייליקן בלוט וואָס זי האָט אין זיך איינגעזאַפּט.

פון די טונקעלע ווענט אין דעם צימער, דורך אַלע שפּאַרונקעס רייסן זיך צו מיר די לעצטע, שוין קוים דערהערטע יידישע קרעכצן אין גסיסה־ווייטיק.

איך דערזע די פאַרגליווערטע נישט אויסגעוויינטע טרערן פון די קינדער בעת מען האָט זיי דערמאָרדעט.

צו מיר דערטראָגט זיך אַ שטים וואָס רייסט זיך פון אַן אויס־געטרוקנטן גומען, וועלכע שעפּטשעט אַ תפילה צום אַלמעכטיקן. זי בעט רחמים ביים מלאך המות, אַז ער זאָל כאָטש ווערן דער גואל פון די אַלע פּיינונגען.

איך דערפיל, אַז איך שטיי דאָ פאַרן קבר פון מיין מאַמען, „מיינע פעטערס, מומעס, קוזינען, קרובים און חברים וואָס קוקן אויף מיר און מיט זייערע לעצטע כוחות שרייען זיי אויס דאָס וואָרט — נקמה!".

מיינע אויגן קענען זיך נישט אָפּרייסן פון די שטיקער זייף וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון יידן אָן אונטערשיד פון קלאַס און ריכ־טונג, פון שניידער, שוסטער, סוחר, בעל מלאכה, אינטעליגענט, למדן און טרעגער.

פון אַלעמען גלייך זענען געמאַכט געוואָרן שטיקער זייף וואָס וועט דורות לאַנג פייניקן דעם געוויסן פון דער וועלט און קיינמאָל וועט נישט אָפּגעווישט ווערן דער פלעק פון מענטשלעכער געזונ־קענקייט.



ווי אַ קראַנקער, וואָס איז נאַרוואָס אויפגעשטאַנען פון אַ שווע־רער קראַנקהייט, האָב איך זיך קוים אַרויסגעוואַקלט פון אָט אַ דעם אוהל־הקדושים.

איך האָב נישט געקענט מיט איין מאָל איינזאַפּן די ליכט כוואַ־ליעס אין וועלכע ירושלים האָט זיך געטובלט. האָב איך זיך דאָ אַוועק־געזעצט אויף אַ באַנק ביים אַרויסגאַנג און געוואַרט ביז די פיס זאָלן מיר ווידער אָנהויבן צו דינען.

אַרונטערגייענדיק צוריק פון דעם הר ציון האָבן פריידיקע גאָר־לה־קלאַנגען מיר אַנטקעגן זיך געטראָגן אין דער לופטן, די מוזיק פון אַרבעט און בויען. און פאַר מיינע אויגן האָט געשוועבט דער פסוק:

„יברכך ה׳ מציון, וראה בטוב ירושלים כל ימי חייך!".

פאַר מיינע אויגן האָבן אויפגעשיינט די געזונטע חברה וואָס שטייען דאָ איבעראַל אויף די רושטעוואַניעס און בויען אַ שטאָק אויף אַ שטאָק. די אָפּגעברוינטע, ברייטביינערדיקע בחורים, מיט די גלותלאָזע אויסגעגלייכטע פּלייצעס, די נעכטיקע געוועזענע סטודענטן און ישיבה־בחורים, וואָס זענען ביז נישט לאַנג צוריק געווען גאַנץ קנאַפּע מחותנים מיט פיזישער אַרבעט, פלאַסטערן היינט שאָסייען,

בויען און שמידן, מען צעוואַרפט בערג און מען הויבט אויף טאָלן. איבעראַל ליגט אַן אויפגעריכטע יום־טובדיקייט צעשפּרייט אין אַ פראָסטן מיטוואָך.

און די קינדערלעך — זיי שפּרינגען, די קינדערלעך ווי צאַפּל־דיקע הירשעלעך אונטער אַ צעבאַלעוועטן פרייען יידישן הימל. ליכ־טיקע געזונטע פּנימלעך. זיי לאַכן אויפן קול מיט חוצפה און זעלבסט־שטענדיקייט, זיי פילן זיך באַפרייטע פון שיפלות און אַן מורא פאַר אַ שקאַצישן שטיין. דאַרפן מען יאָ וואַרפן אַ שטיין האָבן מיר דאָ אונד־זערע אייגענע שקצים. זיי בייגן נישט די קעפּ, זיי קורטשען נישט זייער קינדהייט פאַר די גוים וואָס לאָזן זיי זיך אַנטוויקלען אונטער גויאישן חסד.

אַך ווי זיי וואַקסן דאָס קיין עין־הרע די יגאל׳ס, די איתן׳ס, די נורית׳ס און די דליה׳ס!

ווען איך האָב געזען די צעניופשמעלצונג פון אָט אַ די אַלע פריילעכע, פאַרשידנקאָלירנדיקע קינדערלעך, צונויפגעבראַכטע פון פאַרשידענע גלותן, האָט פאַר מיר אַנטקעגן געשיינט ישעיה׳ס נבואה:

„און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,  
און איר וועט אויפגעקליבן ווערן איינציקווייז,  
קינדער פון ישראל.  
און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,  
עס וועט געבלאָזן ווערן אין אַ גרויסן שופר,  
און עס וועלן קומען די פאַרלוירענע פון אשור,  
און די פאַרשטויסענע פון מצרים,  
און זיי וועלן זיך בוקן צו גאָט  
אויפן הייליקן באַרג אין ירושלים".

ווען איך האָב דערזען דאָס מקוימדיקע פון דער דאָזיקער נבואה, האָב איך פאַרבונדן די צעווייטיקטע ווונדן וואָס האָבן אַזוי שטאַרק געהייטערט אין מיך פון דעם בראַך, וואָס איך האָב נאַרוואָס געזען אין דעם אוהל־הקדושים.

איך האָב אויסגעווישט די געבלוטיקטע טרערן און איך האָב פאַר זיך דערזען דעם אייביקן אַלטן סנה אין מדבר ווי ער האָט זיך צעפלאַקערט. און איך האָב אויסגעשריגן:

אָט אַ דאָס איז די שטאַרקסטע נקמה!

# הימל, ערד און „דליה" (דאַליאַ)

אינם צעשטורעמטן לעבן, וואָס ברויזט היינט צו טאָג אין גאַנץ ארץ־ישראל, צווישן קאָנגרעסן, קאָנפערענצן און סתם שפעקולאַציעס וועגן נייעם צואַמענשטעל פון דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט, האָט זיך ווי אַ סאָלאָ אין אַ סימפאָנישן אָרקעסטער אַריינגעריסן דער מאָטיוו „דליה".

אויף שריט און טריט, וווּ מען גייט און וווּ מען שטייט, הערט מען דעם נאָמען „דליה".

מ'האָט פאַרגעסן פאַר אַ ווייל אין די אַלע שווערע פּראָבלעמען מיט וועלכע מדינת ישראל ראַנגלט זיך. וואָס מיר רייען נאָך אַ שטיקל אַיִיז. וואָס מיר רייען נאָך אַ ביסל גרינצייג. רייען נאָך רייען וועלכע פּאָמפּען אַרויס דאָס לעצטע ביסל כוחות פון דעם מענטש און פאַר־ביטערן זיין נחת וואָס ער שעפּט פון דעם ראַשיקן בוי און בלי פון דער מדינה.

די זאָרגן פון די מערסטע ישראל בירגער איז אין די לעצטע טעג געוואָרן, ווי אַזוי קען מען באַקומען אַ בילעט צו די פאָלקס־טענץ, וועלכע דאַרפן בקרוב פאָרקומען אין דעם קיבוץ „דליה"?.

גרויסע מעלדונגען אין אַלע צייטונגען רופן דער באַפעלקערונג נישט צו מאַכן קיין שום אָנשטרענגונגען אויף צו באַקומען בילעטן, ווייל אַלע פערציק טויזנט בילעטן זענען שוין אויספאַרקויפט געוואָרן. מען בעט דעם עולם, מען אַפּעלירט צום בירגער, אַז דער וואָס האָט ביז היינט נישט באַוויזן זיך איינצושאַפן אַ בילעט זאָל נישט וואַגן צו פאָרן קיין דליה. זענען אָבער די ישראל איינוווינער גאָרנישט קיין שרעקעוודיקע קינדער און יעדער איז פאָרט פאַרנומען מיט קריגן אַ שטיקל פּראָטעקציע, אַ באַקאַנטשאַפט, דורך וועמען אַרויסצובאַקומען אַ בילעט פאַר איין און אַ האַלב פונט. דאָס איז דער פּרייז פאַר ביי־זיין ביי די פאָלקס־טענץ, וואָס דאַרפן פאָרקומען אין דליה.

מיט מיר איז פונקט ווי מיט יענעם אַמעריקאַנעם גויאישן שותף וועמען דער ייד האָט מיטגענומען אין אַ יום טוב אין שול אַריין. בעת דער ייד האָט אויסגערופן — „איך גיב פינף דאָלאַר פאַר מפטיר״ האָט זיין גויאישער שותף אים איבערגעשריגן און געזאָגט:

— „איך גיב פאַרן מפטיר צען דאָלאַר״ האָט דער ייד אַ פרעג געטאָן ביים גוי: „וואָס ווע͏סטו טאָן מיטן מפטיר, צוּוואָס דאַרפסטו אים?״ האָט אים דער גוי געענטפערט גאָר פשוט: „אַז די, מעקסי, גיסט פאַר דער מוירטשענדייס (סחורה) פינף דאָלאַר ווייס איך, אַז עס איז אַ צענערל אַ גרויסע מציאה...

וואָס מען רייסט זיך אַזוי נאָך אַ בילעט און פאַרוואָס יעדער איי־נער טראָגט אַזוי גערן אַנטקעגן דעם איינעם און האַלבן פונט, אין דער צייט ווען פאַר אַזאַ סומע קען אַ משפחה זיך דורכלעבן אַ טאָג, דערצו דאַרף מען זיך נאָך בעטן רחמים, אַז מען זאָל ווע͏לן פאַרקויפן אַ בילעט, דאָס האָב איך בשום אופן נישט געקענט באַגרייפן. נאָר, אַז איך האָב געהערט די טענות און די פּראָטעסטן פון מענטשן: פאַרוואָס מען פאַרקויפט נישט מער ווי פערציק טויזנט בילעטן. פאַרוואָס אַפילו צו אַזאַ אונטערנעמונג זאָל מען ראַציאָנירן די בילעטן. און וואָס וועט דער אָדער יענער „נעבאַך״ טאָן ווען ער וועט נישט קענען באַ־קומען קיין בילעט צו די טענץ אין „דליה״, הערנדיק דאָס האָט מיר אָנגעהויבן צו „רייסן״ ביים האַרץ און איך האָב שטאַרק מיטגעפילט מיט יענע וואָס וועלן אַזאַ מעגלעכקייט נישט דערגרייכן.



אנגעלאַדן מיט מיין גאַנץ פעקל קאַרטלעך און לעגיטימאַציעס, וועלכע עפענען פאַר מיר וועגן צו פאַרשידענע טירן, בין איך אַרויף צום גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער מועצת פועלי חיפה. איך האָב פאַר אים אָנגעשטעלט אַ פּנים ווי אַ פאַרוואונדעטער בעת מען ברענגט אים אין רויטן מגן־דוד אַריין און איך האָב צו אים געזאָגט בזו הלשון:

— „חבר, איר מוזט מיך ראַטעווען. איך האָב שוין אויסגענוצט אַלע געלעגנהייטן וואָס כ׳האָב נאָר געקענט, נעמט זשע אין אַכט מיין „איך", מיין יחוס, מיינע אַלע פּאַפּירן און פּאַפּירלעך, וועלכע קענען שאַפן פּראָטעקציע צו אַ טוץ פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן. ראַטעוועט מיך און שאַפט פאַר מיר צוויי בילעטן צו די פאָלקס־טענץ אין „דליה".

דער חבר יוסף אַלמוגי האָט שוין נישט געקענט צוזען מער מיין צער און ער האָט מיר געענטפערט, אַז די זאַך איז גאָרנישט אַזוי לייכט, אָבער ער וועט זיך באַמיען פאַר מיר צו באַקומען איין בילעט. וועגן צוויי בילעטן קען אַפילו קיין רייד נישט זיין. אויפן צווייטן טאָג האָט שוין אַזאַ בילעט געוואַרט אויף מיר אין זיין ביוראָ.

דער מאַן וואָס איז מיט מיר מיטגעגאַנגען און פאַר וועמען איך האָב געוואָלט אַרויסבאַקומען דעם צווייטן בילעט, האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף אַלץ און אַלעמען, אויף דער רעגירונג, אויף אַלע באַאַמטע און דער עיקר אויף דער „הסתדרות". מיט אַ פאַרביטערונג, ווי אַ שטייגער אָט די אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַרמעגנס וואָס מיר זעען וואָלטן ביי אים צוגענומען און קאָנפיסקירט געוואָרן, האָט ער גאַליק מיר אָנגעוויזן אויף די פּרעכטיקע געביידעס וואָס די „הסתדרות" האָט אַלץ פאַרכאַפּט אין לאַנד. מיט אַלע מעגלעכקייטן און דורך אַ נעבבאַכדיקע „גאָט די נשמה שולדיקע מינע" האָט ער געזוכט מיך, ווי אַ גאַסט פון אויסלאַנד, צו באַאיינפלוסן מיט די גרויסע עוולות וואָס די „הסתדרות" טוט אַלץ אָפּ דאָ אין לאַנד.

איך האָב נישט געהאַט קיין חשק אַריינצולאָזן זיך מיט דעם יידן אין דיסקוסיעס. איך האָב נאָר געזוכט אַריינצוטיפן זיך אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אָט אַזאַ ייד, וואָס איז טאָג טעגלעך פאַריאָגט און פאַרפּלאָגט אין זיין באַקאַליי־קראָם און דאָס נישט קענען באַקומען קיין בילעט צו די פאָלקס־טענץ אין דליה קען ביי אים אַרויסרופן אַזאַ פאַרביטערונג און צאָרן.

גיי איך מיר אַזוי שפּאַצירן אין חיפה דורך די פּרעכטיקע געביידעס פון דער „הסתדרות". איך קריך פון שטאָק צו שטאָק, איך פאַרטיף מיינע בליקן אויף די סאַלאָנען און ביוראָען, און די דאָזיקע הסתדרותישע רחבותדיקייט האָט אַזאַ מין באַלזאַם־ווירקונג אויף מיין געמיט, אז איך ווער צעשמאָלצן פון שמחה.

ווי אַזוי די הסתדרות האָט „קאָנפעסקירט" אָט די פּרעכטיקע פאַרמעגנס געדענק איך נאָך זייער גוט.

די הסתדרות געביידעס געפינען זיך אויף דער שיינער גאַס „ההלוץ", אין חיפה. איך געדענק זייער גוט דעם דאָזיקן פּלאַץ אויפן הדר הכרמל, וואָס אונטער דעם שאָטן פון געדיכטעביימער פלעגט מען דאָרט וואַרפן דאָס גאַנצע מיסט פון די אַרומיקעביידלעך און באַראַקן, וואָס האָבן זיך דאַן געפינען אויפן הדר הכרמל.

דאָרט פלעגן היימלאָזע, אויסגעדאַרטע, צעפּאַדלטע הינט זוכן זייער שטיל חיונה צווישן די שיריימס וואָס האָבן זיך געפינען אין דעם דאָרטיקן מיסט.

דאָס מיאַאוקען פון די קעץ און די יללות פון די שאַקאַלן פלעגן בישט איינמאָל איבעררייסן דעם שלאָף נאָך אַ מידן אַרבעטס־טאָג.

געדענק איך, ווען אויף איינער פון די זיצונגען פון דער מועצת פּועלי חיפה איז באַשלאָסן געוואָרן צו לייגן אויף דעם פּלאַץ דעם גרונטשטיין און אויפבויען אַ בית הפּועלים, האָבן מיר אַלע „עקס־פּראָפּאָריאַטאָרס" דאַן געבראָכן די קעפּ ווי אַזוי צו שאַפן דעם ערשטן פאָנד אויף צוצוטרעטן צו דער אַרבעט און עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן: צו מאַכן אַ גרויסע פאָלקס־פייערונג אין די סאַלאָנען פון טעכניקום. די פייערונג זאָל זיך עפענען פרייטיק נאָך מיטאָג און זאָל געדויערן דריי טעג. איך האָב געהאַט דעם כבוד איבערצונעמען צוזאַמען מיט מיין חבר בערל רעפּעטור די צוגרייטונג און אָנפירונג פון דער „הגרלה" (לאָטעריי). מיר האָבן זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַלע קבוצות, קיבוצים, מיט די אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן און פאַבריקן. פון איבעראַל האָבן מיר אַריינבאַקומען שיינע מתנות ווי:

עופות, קעלבלעך, ציגן און שעפּסן. קעסטלעך מיט פאַרשידענע פּרוכטן און פּאָמעראַנצן. פון די סטאָעלריי קאָאָפּעראַטיוון האָבן מיר באַקומען געשענקט: שלאָף־צימערן, עס־צימערן, טישלעך, שאַפעס און בענקלעך. אַזוי אויך פון די שלאָסער־קאָאָפּעראַטיוון, פון די באַקליי־

דונגס־פאַבריקן און וואַרשטאַטן און פון אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען האָבן די אַרבעטער צו אונדז אַריינגעשיקט מתנות.

דער יום טוב און די שיינע פּראָגראַמען וואָס זענען ספּעציעל פאַר דער דאָזיקער פייערונג צוגעגרייט געוואָרן, האָבן צוגעצויגן אַ ריזיקן עולם. דער רעזולטאַט פון דער הכנסה וואָס איז אַריינגעקומען פון דער „הגרלה" איז געווען איבער דריי טויזנט פונט. פון די איינקונפטן פון אַט אַ דער אונטערנעמונג איז באַשטאַנען דער גרונט־קאַפּיטל מיט וועלכן מען האָט געלייגט דעם גרונט־שטיין און אָנגעהויבן בויען אָט אַ די אויסגעוואָקסענע פּרעכטיקע געביידעס וואָס דער ייד פאַרגינט היינט נישט דער הסתדרות, ווען עס איז געלונגען צו „פאַרכאַפּן" אין ארץ־ישראל.

⁂

די אויטאָבוסן פון חיפה קיין דליה דאַרפן אָפּגיין פיר מיט דריי־סיק נ. מ. צוויי אַזייגער שטייט שוין דאָ אַ ריי פון הונדערטער מענטשן. די ריי האַלט אין איין וואַקסן. זי בלאָקירט שוין אַ סך גאַסן, מיטן אויג נישט צודערבליקן. טוליען זיך מענטשן פון דער ריי צו דעם שטיינערנעם וואָקזאַל אין חיפה וואָס שאָטנט אַ ביסל דעם גלי פון די זון לאָוועס. מאַכן זיך מענטשן סימנים, אז „צווישן דעם און יענעם איז מיין פּלאַץ". דערווייל צעזעצט מען זיך אויף די טראָטואַרן אַרום דעם וואָקזאַל און מען דערציילט זיך וויצן און מ׳חכמהט זיך אויפן השבון פון דעם שווערן ישראל לעבן, ביז דער געדולד הויבט אָן אַרויסצוגיין פון די האַלעבליעס. הויבן מענטשן, זיך אָן צו בייזערן, מען שרייט, מען האָט פּרעטענזיעס: „ס׳טייטש! ווי אַזוי לאָזט מען מענטשן זיך פּייניקן אונטער אַזאַ ברענענדיקער זון?". די יעניקע וואָס שטייען שוין איבער אַ שעה און זענען געוואָרן היימיש מיט דער אַרומיקער סביבה, ווילן זיך אַריינדרייען אויף אַ נענטערן פּלאַץ. ווערט אַ גוואַלט, אַ גערודער. מען שלעפּט אַרויס, מען רייסט אַוועק פון פּלאַץ און עס טראָגט זיך אַ זידלעניש אויף פאַרשידענע לשונות. שרייט איינער, אַ יעקע, אויפן קול:

„וואָס דער בן־גוריון געמאַכט האָטע אַאוס דער מדינה וואָס שרעקלעכעס!".

שטייען אין דער ריי קיבוצניקעס, אָנגעטאָן אין כאַקי קליידער, אַ לעבעדיקער מאָנומענט און געזונטער פונדאַמענט פון דער גאַנצער ישראלדיקער יצירה, קיינמאָל נישט מיד, אָן וועלכן עס איז אָנשטעל

פון מסירת־נפש־העלדן. אַלץ איז ביי זיי אַזוי פשוט און נאַטירלעך. זיי זענען די שוויגערס. זיי נעמען אַלץ אויף שפּילענדיק און עס אַרט זיי אַפילו נישט די פּרעטענזיעס און די העזה וואָס קומען פון די מיי־לער פון די נאַרוואָס אָנגעקומענע.

אַזוי שטייענדיק אינם געדויש און טומל שניידן זיך מיינע בליקן איין אין דער שיינער לאַנדשאַפט, וואָס צאַרטעט מיט מאַמעשע אויגן אויף די אַלע דאָ צעזייפגעזאַמלטע, דורך פאַרשידענע וועגן וואָס האָבן געקרייציקט דורך פּיין. קוק איך אַזוי אויף דער לאַנדשאַפט, וואָס דראַפּעט זיך אַלץ העכער און העכער און וויגט זיך אונטערן שאָטן פון די צעצווייגטעביימער אַזש עס, עט אַרויף ביזן שפּיץ פון כרמל. עס שטאַרצן אויך אַרויס נאָך גענוג ריזיקע שטחים מיט זייער פאַרטרוקנטער צעפּאַלמעסטקייט, וואָס לעכצן נאָך באַהעפטונג מיט יידישע אַרבעטס־הענט.

נאָך צוויי שעה שטייען אין דער ריי, אַז איך האָב דערפילט ווי מיינע פיס קורטשען זיך פון מידקייט האָב איך זיך אויפגעהערט צו צדיקן. איך האָב אין דעם מאָמענט אָפּגערוקט אין אַ זייט מיין פּרינציפּ, צו וועלן זיין פּונקט ווי יעדער איינער דאָ. מיט מיין פּרעסע־קאַרט אין דער האַנט בין איך צוגעגאַנגען צום פּאָליציי־מאַן און ער האָט מ׳ן, אויסער דער ריי, אַריינגענומען אין דעם אויטאָבוס. בייזע בליקן פון מיינע שכנים האָבן מיך באַגלייט. טאָ זאָלן זיי מיר טאַקע מוחל זיין מיין פּריווילעגיע, איין גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב פּשוט נישט געקענט מער אויסהאַלטן.

מיר פאָרן מיט מזל קיין דליה. עס רעדט זיך אַזוי, אַז מיר פאָרן. אין דער אמתן רוקט מען זיך, ווייל ווי קען מען פאָרן ווען הונדערטער אויטאָס און אויטאָבוסן פאַר דיר און הינטער דיר פאַרפּולן די וועגן.

מיר פאָרן פאַרביי דעם שיכון קורדיס, מושב קרית־חרושת און פיל אַנדערע. אויפן וועג באַגעגענען מיר אַ קרייצונג פון עטלאַכע שאָסייען, און פון אַלע זייטן, פון רעכטס און פון לינקס זענען די שאָ־סייען אָנגעפּראָפּט מיט טויזנטער און טויזנטער אויטאָמאָבילן, דזשיפּס, אויטאָבוסן, לאַסט־אויטאָס און מיט אַלץ וואָס קען נאָר זיך רוקן אויף רעדלעך. אָט אַזוי ציען זיך קאַראַוואַנען נאָך קאַראַוואַנען. פון תל־אביב, פון ירושלים, פון יהודה, שומרון, גליל, נגב און פון יעדן ווינ־קעלע אין לאַנד. רייסן זיך אַריין אין אָט דעם חלל אַלטע און ביי... ארץ־ישראל לידער און נגונים, זיי הילכן אַריין צווישן די פאַרכישופ־

טע בערג־פלאַנטערס און עס ווידערט אָפּ אַ שירה פון ווייטע ווייטע־נישן און אַזוי ווערט דאָס געזאַנג אונטערגעכאַפּט דורך שכינותדיקע קיבוצישע לאַסט־אויטאָס.

בערג, טאָלן און פעלזן וואָס זענען איבערפולט מיט לעבעדיקע שאָטנס פון אבות, מלכים, נביאים און גבורים, און וואָס זענען גע־לייגן אין משך טויזנטער יאָרן אונטערן אַש פון יידישן חורבן, אַלץ זינגט איצט מיט אין דעם כאָר פון יידישער דערוואַכונג.

שפּיגלט זיך פאַר די אויגן אַ לאַנדשאַפט פון פינצטערער פאַר־גאַנגענהייט, פון אויסגעווייינטע איכה'ס צוזאַמען מיט אַ נייעם מזמור שיר לאדוני, פאַר דער דערלעבונג צו אַזאַ שמחה.

מיינע בליקן רייסן זיך צו יעדן ווינקעלע, צו יעדער באַוועגונג וואָס איז איבערפולט מיט שמחה. איך קוק אויף דעם דאַזיקן הער־לעך־צעשטראַלטן בילד און עס קייקלען זיך פון מיינע אויגן טרערן פון פרייד.

ביי מיין זייט אין דעם אויטאָבוס זיצן צוויי עלטערע פרויען:

איינע, וואָס האָט שוין אירע פופציק יאָר איינגעאַקערט אין דעם פאַרהאַרטעוועטן ארץ ישראל באָדן. ריזלען טרערן אויף אירע פּנים־קנייטשן און זי האַלט אין איין שעפּטשען תהילות ותשבחות צו דעם וועלט באַשאַפער פאַר די גרויסע ניסים וואָס ער האָט געטאָן מיט די יידן. יעדער צוק פון דעם פון פרייד־געריירטן מאַמעדיקן פּנים, גייט איבער מיר דורך ווי עלעקטרישער שטראָם. אָט, זאָגט זי:

— „אינגאַנצן מיט דריי יאָר צוריק ווי די ענגלענדער האָבן גע־פּלינדערט, געניישטערט, געטרעטן מיט די פיס אין אונדזער קיבוץ אַלץ וואָס מיר האָבן מיט אַזויפיל מי און זאָרג געשאַפן, זיי האָבן גע־וואָלט פון אונדז אַוועקנעמען דאָס געווער, כדי מיר זאָלן קענען אויס־געשאָכטן ווערן הילפסלאָז, ווי מען פירט קעלבער צו דער שחיטה און היינט — אַזאַ פרייער יידישער הימל!. אמתע יידישע שמחה אין אַן אייגענער יידישער מדינה.

די צווייטע פרוי ווידער איז פאַרזונקען אין כסדרדיקן ספּאַזמישן געוויין, זי האַלט איר אידל אַיינגעשרומפּן פּנים אין אירע הענט און זי רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט. דערציילט מיר די ארץ־ישראלדיקע פרוי, אַז זי איז אירס אַ שוועסטער, וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם נאַצי־גהינם און האָט דאָרט אויף אייביק איבערגעלאָזט איר

גרויסע פאַרצווייגטע משפחה, צוזאַמען מיט איר ריזיקן פאַרמעגן. היינט לעבט זי צוזאַמען מיט איר אין דעם קיבוץ.

אַט אַזוי, אין אַ געמיש פון נעכטיקן אומגליק מיט היינטיקער פרייד, שוועבן מיר אין דער איצטיקער פאָלקס־מאַניפעסטאַציע און איך זאָג צו זיך: מי כעמך ישראל. נאָך וועלכעס פאָלק און לאַנד וואָלט געווען מסוגל פאַר אַ קולטורעלער אונטערנעמונג אַוועקצוגעבן אַזוי־פיל מי און גרייט געווען אויסצוטאָן זיך פון דער טאָג טעגלעכקייט אין אַ פּראָסטן מיטוואָך און זיך דערהויבן צו אַזאַ יום טוב, ווי צו נאַ־ציאָנאַלע פאָלקס־טענץ?.



אויסגעפּוצטע טראַפיק־פּאָליציי אויף זייערע מאָטאָציקלען האַלטן אַ פּערפעקטע אָרדנונג אויף די אַלע וועגן.

געדרייט זיך אין אַ לאַבירינט פון בערג דורך בערג אין בערג קומען מיר אָן צו אַ ריזיקן שטח פלאַך־לאַנד, וווּ יעדער אויטאָ, יעדער אויטאָבוס און אַנדערע וועגענער פון יעדן באַזונדערן ווינקעלע אין לאַנד באַקומט זיין עקסטרען פּלאַץ, אַזוי, אַז יעדער מענטש זאָל צווישן די טויזנטער פאַרקער־מאַשינען געפינען זיין פּלאַץ צו וועלכן ער איז אָנגעקומען, בעת ער וועט דאַרפן צוריקפאָרן.

איבער אַ קילאָמעטער האַלט דער וועג, אויף וועלכן מען דאַרף גיין צופוס ביז צום פּלאַץ ווו עס דאַרף באַלד פאַרקומען דער „כינוס אַרצי לרקודי־עם בדליה". עס שטראָמען פון אַלע זייטן בערג טויזנ־טער, צענער־טויזנטער עלטערע, מיטליעריקע און יוגנטלעכע.

מערסטנס — יונגע חברה. ליכטיקע, געזונטע, פריילעכע יינגלעך און מיידלעך. זייער חלוצישער ברויז צעשטורעמט די אַטמאָספערע. עס איז גוט, עס ווערט ליכטיק אויף דער נשמה צוצוקוקן ווען מען האָט פאַרטרויט די צוקונפט און דעם ווייטערדיקן גורל פון דער מדי־נת־ישראל.



דער קיבוץ דליה ליגט אין די הרי אפרים. ער פאַרמאָגט אַ שטח פון זיבן טויזנט דונאַם באָדן. דאָס איז נישט בלויז קיין טאַנץ־קיבוץ.

ער איז איינער פון דער גרויסער קייט קיבוצים פון דעם קי־בוץ אַרצי פון „השומר הצעיר". וואָס טראָגט מיט, די שווערע אַחריות און דעם גרויסן עול פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער מדינה.

דער קיבוץ האָט אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע צו די נײַ אָנגעקומענע.

דער דאָזיקער קיבוץ ווי אַלע אַנדערע קיבוצים אין לאַנד, האָט דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס איידער ער האָט דערגרייכט צו זײַן גלענצענדיקן מצב, אין וועלכן ער געפינט זיך ביז היינט צו טאָג.

מיט צוועלף יאָר צוריק בעת זיי זענען אַרויף אויף דעם פּלאַץ האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַן אָרט אַ פאַרשטיינערטן, ווו אין משך פון דורות זענען אָנגעוואָרפן געוואָרן שטיינער אויף שטיינער.

אויף די פעלזן זענען געלעגן גאַנץ דינע שיכטן פון ערד וועלכע האָבן געגוססט צוליב דער שטענדיקער טרוקעניש. דאָס מיזערנע ביסל וואַסער וואָס האָט זיך געפינען אין דער סביבה איז נישט געווען גענוג נישט פאַר די פלאַנצן, נישט פאַר דעם לעבעדיקן אינווענטאַר און נישט גענוגנד פאַר די מענטשן צו קענען ווי געהעריק אַרומוואַשן זיך.

עקספּערימענטן נאָך עקספּערימענטן זענען עקשנותדיק געמאַכט געוואָרן אַרויסצובאַקומען וואַסער אין דער דאָזיקער געגנט, און איין דורכפאַל איז געווען גרעסער פון דעם צווייטן. אָבער חלוצישער עקשנות האָט נישט אויפגעגעבן. דאָס איז דער חלוצישער מוט און די ענערגיע וועגן וועלכע אַ דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און דרייסיק האָט זיך אויסגעדריקט מיט שפּאָטישער איראָניע, אַז זיי זענען „קעסט־קינדער" ביים יידישן פאָלק. אַזוי האָבן חברה געליטן, געאַרבעט און ווייטער געזוכט און געפאָרשט, ביז זיי האָבן געגראָבן אַ ברונים דריי הונדערט פיר און זיבעציק מעטער די טיף און דאָ האָט זיך באַוויזן אַן אוצר פון מים חיים.

היינט איז אין דאָזיקן קיבוץ פאַראַן אַ שפע פון תבואה, גרינסן און פאַרשידענע פרוכטן צוזאַמען מיט אַ רייכן לעבעדיקן אינווענטאַר.

עס געפינט זיך אויך אין דעם קיבוץ צוויי וויכטיקע אינדוסטריעס: איינע פון זייף און די צווייטע אַ מעכאַנישע פאַבריק פון פיינע מאַשינעריע, דאָ ווערן אויסגעאַרבעט זייגערס פאַר מעסטן וואַסער פאַרן גאַנצן לאַנד. היינט צו טאָג לעבט אין דעם קיבוץ פינף הונדערט מענטשן.



די פאָלקס־טענץ זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן דורך דער „הסת־

דרות הכללית של העובדים העברים בארץ־ישראל״, מרכז לתרבות והסברה, הועדה לריקודי־עם.

די נאַטור אויף דעם פּלאַץ האָט געשאַנקען אַ נאַטירלעכן אַמפּי־טעאַטער וואָס איז פאַרמירט אין די בערג.

די הרי אפרים אין דליה ליגן צעלייגט רחבותדיק, מיט אַ ברייטן שפּוע, אַזוי, אַז עס איז געווען מעגלעך צו שאַפן אויף זיי ברייטע טע־ראַסן און אַמפּיטעאַטער בי עט, עט גאַר הויך.

דער באַרג פאַרענדיקט זיך ביים סאַמען שפּיץ מיט אַ סימעטרי־שער גלייכקייט פון אַ סך קילאָמעטערס די לענג.

קעגן איבער דעם באַרג ביי זיין צופיסנס הויבט זיך אויף נאָך אַ שפּועדיקער באַרג אויף וועלכן עס זענען אײַנגעאָרדנט געוואָרן פאַר־שידענע בינעס וואָס ציען זיך עט, עט ביזן סאַמען שפּיץ.

עלעקטרישע לאַמפּן, הילכערס, פּראָזשעקטאָרן זענען דורך אַ געניטער קינסטלערשער האַנט אויסגעשטעלט אויף זייערע סטראַטע־גישע פּלעצער.

פון די אַרומיקע בערג האלטן נאָך אַלץ אין איין שטראָמען, דורך אַלע וועגן און שטעגן, טויזנטער און טויזנטער מענטשן.

עס שימערירן רעגן־בויגנדיקע פאַרבן פון די פאַרשידנקאָלירנ־דיקע קליידונג, וואָס רעפלעקטירן אונטער דעם צערייצטן זון־אונ־טערגאַנג.

די פערציק טויזנט פּלעצער פאַר די וואָס האָבן זיך באַצייטנס אָנגעגרייט מיט בילעטן זענען שוין אַלע באַזעצט. מענטשן האָבן וואָס ווייניק זיך צוגעהערט צו דער וואָרענונג פון דער פּרעסע נישט צו קומען אָן בילעטן. דאָ האָט מען געמוזט אַוועקשטעלן אַ קאַסע ווו עס ווערן ווייטער פאַרקויפט בילעטן.

איך האָב שוין זייער פיל וואונדער געזען דאָ אין ארץ ישראל. איך האָב געזען פּלעצער וועלכע זענען נאַרוואָס געווען פּוסט און היינט רייסן שוין מאַשינען שטיקער ווילדקייט און ברענגען אַרויף אויף זייער פּלאַץ לעבן און ציוויליזאַציע. אָבער זען אַ באַרג וואָס איז מיט אַ פּאָר שעה צוריק געווען פּוסט און לער, פון וועלכן עס האָט זיך אין אַ ווירוואַר געיאָגט אַ שטויביקער ווינט און אין בלויז געציילטע צוויי שעה צייט איז ער אָנגעפּילט געוואָרן מיט זיבעציק טויזנט יידן. אַ באַרג מיט קיין עין הרע זיבעציק טויזנט דינאַמישע יידן. יידן וואָס לייכטן און ברויזן מיט פרישקייט און פריילעכן פון זיך אַרויס מוט

און ענערגיע. אויף אזא צוזיבער בילד בלייבט בלויז איבער צו מאכן א שהחיינו.

אלע שיכטן פון דער ישראל־באפעלקערונג זענען דא פאראן. רייכע, מיטלקלאס, ארבעטער, פויערים, סאלדאטן און די חנעוודיקע זעלנערינס. דא איז נישטא קיין מיליטערישע ראנגען. אלע גלייך זיצן דא אויף די טעראסן פון דעם שטיינערדיקן ארץ־ישראל בארג.

עס בלענד פארן אויג די רעגנבויגנדיקע קאלירן פון דעם צע־באלעוועטן זיבעציק טויזנט קעפיקן עולם. ארום און ארום פלאטערן, מיט רחבותדיקן שטאלץ, די צעשטראלטע ווייס־בלויע פאנען און איך הער די תפילות וואס זיי שעפטשען, דורך זייער ווייען זיך, צו די הימלען פארן גרויסן חסד.

פונקט זיבן פארנאכט, ווען א צארט ווינטל הויבט אן צו לא־שטשען און גלעטן, צעברויזן זיך פארשידענע ארקעסטערס און אויף דער בינע באווייזן זיך אלע אכט הונדערט אנטיילנעמער אין די פאלקס־טענץ, זיי זענען זיך צענויפגעקומען פון אלע עקן פון לאנד.

פון דארף און פון דער שטאט, פון די בערג, פון מדבר און פון די טאלן, און אלע צוזאמען טאנצן איצט אויס בשותפותדיק די פאר־שידענע הארעס און דאבקעס. די ארקעסטערס און די טענץ־באווע־גונגען וויגט דעם גאנצן עולם, איך זע באשיינפערלעך ווי דער גאנצער בארג מיט די זיבעציק טויזנט מענטשן באוועגט זיך און טאנצט מיט צום טאקט. אלץ באוועגט זיך אינם ריטם פון די טענץ...

נייע און אלטע ישראל לידער, געזונגען דורך די ארבעטער כארן, ווערן באגלייט און מיטגעזונגען דורך דער זיבעציק טויזנט קעפיקער מאסע. בעת אבער עס ווערן אויפגעפירט וועלכע עס איז סאליסטן נומערן בלייבט דער ארום שטיל ווי אין א קאמארא־טעאטער.

א טיפן אומפארגעסלעכן רושם האט אויף אלעמען איבערגע־לאזט דער נומער „מגש הכסף״ (די זילבערנע טאץ) די ווערטער זע־נען געשריבן געווארן דורכן דיכטער נתן אלטערמאן און די מוזיק פון יזהר ירון, אונטער דער אנפירונג פון רבקה שטורמאן. דער נומער איז געווען געווידמעט די אלע געפאלענע העלדן אין דער באפרייונגס מלחמה. אין מיטן דער גרויסער פרייד פון די אלע טענץ, האט זיך ארייגעשניטן א מין „יזכור״ וואס האט דערמאנט יענע אומפארגעס־לעכע העלדן, וואס האבן דורך זייערע יונגע לעבנס געשאפן די מעג־לעכקייטן פאר אזעלכע נאציאנאלע פאלקס־פייערונגען.

דערפירט צו רעליגיעזן עקסטאַז און צו אַ דערהויבונג וואָס האָט אויפגעציטערט אַלעמענס הערצער האָט דער נומער „קיבוץ־גליות" ווערטער פון חיים גורי — די מוזיק פון י. גוכבערג און דיריגירט דורך י. דרור (פון דליה).

אַלע עלעקטרישע באַלייכטונגען זענען פאַרלאָשן געוואָרן. אין־בערן הימל האָט זיך געבלישטשעט אַ רייפע לבנה.

מיליאָנען שטערן האָבן געפינקלט און רעפלעקטירט אַ דעקאָראַציע צו דעם קעגנאיבערדיקן באַרג אויף וועלכן עס זענען פאַרגעקומען אַלע סצענעס.

ווי אַן עכאָ האָבן אָפּגעווידערט זייערע קלאַנגען די קאַפּיטלעך תהילים און פסוקים פון תנ׳ך וואָס זענען אַזוי דעקלאַמאַטאָריש קינסטלעריש פאַרגעלייענט געוואָרן.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ בת־קול וואָס זאָל האָבן געקומען פון די טיפע טיפענישן, ווי דער „ממעקים קראתיך אדוני". עס האָט זיך דערהערט אַ שטימע וואָס האָט אויפגעציטערט אַלעמען. אַ רוף צו אַלע גלותן: גלות תימן, גלות פרס, גלות איראַק, גלות אייראָפּע, גלות אויסטראַליע און גלות אַמעריקע. יידן פון אַלע גלותן ווו איר זאָלט זיך נאָר נישט געפינען ווייסט, אַז מדינת ישראל איז גרייט צו טיילן זיך מיט אייך מיטן לעצטן אָרעמען ביסן, ווי ברידער מיט ברידער.

קומט צו אונדז, לאָמיר צוזאַמען אויפבויען אונדזער איינציקע נאַציאָנאַלע היים!.

מיטאַמאָל צעשטורמען זיך דונערן און בליצן און פון ווייטע ווייט־קייטן באַווייזן זיך יידן פון פאַרשידענע לענדער.

יידן פון פאַרשידענע גלותן. יעדער מיט אַ פאַקל אין דער האַנט.

די טויזנטער שטאַרקאַצן העלכע ווערן געטראָגן דורך די פאַרשידענע עולים פון אַלע וועלט־ווינקלען ברענגען מיט זיך די גאולה־בשורה.

אינמיטן פון אָט אַ דער גלות־פּראָצעסיע, וואָס דראַפּעט זיך אַרויף אַלץ העכער און העכער צו דער גאולה, רייסט זיך פון דעם באַרג אַרויף אַן עלעקטריש ליכט, וואָס ווערט אָנגעצונדן בהדרגה־דיק און עס פאַרמירט זיך אַ מנורה פון אַ פּאָר שטאָק די הויך, וואָס שפּאַרט אונטער מיט זיינע ליכט דעם הימל. אַרום דער מנורה וויקלען זיך פונאַנדער און צעפלאַטערן זיך מוטיק און שטאָלץ אַן אַ שיעור ווייס־בלויע פענער.

אַלע כאָרן, די אָרקעסטערס, די בערג, די טאָלן און די זיבעציק טויזנט יידן זינגען צוזאַמען „התקוה".



מדינת ישראל אין אירע שווערסטע אחריותדיקע מאָמענטן, פון קיבוץ גליות, פון בטחון און פון התישבות, פאַרגעסט אויך נישט פאַר איין מאָמענט די המשכדיקייט פון די קולטור־אוצרות אונדזערע וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין משך פון אונדזער צוויי טויזנט יאָריקן וואַנדער־וועג. הויבט דאָך נישט דאָס יידישע פאָלק אָן אַ לעבן אין ארץ ישראל פון גאָרנישט. יעדער ייד וואָס איז עולה קיין ארץ ישראל ברענגט דאָך מיט זיך מיט אַ באַגאַזש פון דורותדיקע שאַפונגען, אין די פאַרשידענע גלותן אויף פאַרשידענע געביטן פון קונסט. דעריבער לעבט איצט אויף דער מיזוג גליות, דער סינטעז פון די יידישע דור־רותדיקע שאַפונגען, אין די פאַרשידענע גלותן, צוזאַמען מיט די נייע טענץ וואָס זענען אין די לעצטע יאָרן געשאַפן געוואָרן אין ארץ יש־ראל און וועלכע זענען פאַרבונדן מיט געלעגנהייטן פון פאַרשידענע ימים טובים, נאַטור־דערשיינונגען און מיט ברכת האדמה־פרייד.

זעען מיר אַזוי אַרום די פאַרשידנאַרטיקע טענץ וואָס זענען אין געוויסע צייטן אויפגעפירט געוואָרן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן און וואָס דריקן אויס צער און פרייד.

מיר זעען די חתונה־טענץ; דאָס שערעלע; אונדזערע היימישע מצוה־טענצלעך ווי אַזוי זיי זענען אויסגעטאַנצט געוואָרן אין פאַר־שידענע לענדער.; שמחת תורה טענץ; חסידישע טענצלעך.

פאַר אונדזערע אויגן לעבן אויף שטיקער פון היימישן יידישן שטייגער. עס באַווייזן זיך אויף דער בינע היימישע חסידישע יידן, באַשטריימלטע יידן, חי וקים יידן, מתנגדישע יידן.

פון דעם אַלץ ווערט אַרויסגעטויכט דאָס שיינע, דאָס דערהאַבע־נע. נישט ווי מיר זענען לעצטנס געוווינט דאָס צו זען אין אַ גראָ־טעסק־פאָרם, אין די יידישע „וואָדעוויל טעאַטערס". ווי אַ שטיק קולטור־אוצר ווערט דאָ דאָס אַלץ אויפגעהיט מיט אַ צאַרטער ליבשאַפט.

אין אונדזער גלות צעשפרייטקייט האָבן זיך אויך אַנטוויקלט יידישע טענץ וואָס זענען פאַר מיר לגמרי פרעמד. דאָ באַווייזן זיך מיט זייערע טענץ די יידן פון בוכאַראַ, פון גריכנלאַנד, פון אינדיען,

פון תימן, פון קורדיסטאַן. אַלע טענץ ווערן אויפגעפירט אין דער זעל־ביקער קליידונג וואָס די דאָזיקע יידן פלעגן טראָגן בעת זיי האָבן די טענץ אויסגעטאַנצט.



אַן ערשט קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע זענען די טענץ פון די מינדערהייטן, וואָס וווינען אין מדינת ישראל.

בכלל פלעגט שטענדיק דער באַגריף, מינדערהייט צווישן פעל־קער, אַרויספירן אויף מיין געדאַנק דעם שטענדיקן קאַמף וואָס מיר יידן האָבן געפירט פאַר אונדזער אַנערקענונג צווישן די פעלקער ביי וועמען מיר האָבן געלעבט.

דאָ גאָר איז אַן ענין מיט אַ מינדערהייט־פראַגע אין דעם יידישן לאַנד, אַ מינדערהייט צו וועלכער מען באַציט זיך מיט דער גרעסטער אַכטונג.

די אַראַבישע טענץ זענען אַ ביסל פלעגמאַטיש און מאָנאָטאָנע, זיי מאַכן אויף מיר נישט קיין באַזונדערן אינטערעסאַנטן איינדרוק. מער לעבעדיקער זענען די טשערקעסן טענץ. די טשערקעסן האָבן דאָ אין ארץ־ישראל זייערע קאָלאָניעס און היטן דאָ אָפּ זייער אייגנאַר־טיקייט.

אַ גרויסן רושם האָבן אויף מיר געמאַכט די טענץ פון די דרוזן. עס קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז די סיבה איז, ווייל ביי מיין זייט איז געזעסן אַ דרוז, וואָס האָט גערעדט גאַנץ פיין העברעיש און ער האָט זיך נישט געקענט אָפּלויבן פון דער פיינקייט פון מדינת ישראל.

בעת דער באַפרייאונגס־מלחמה זענען די דרוזן געבליבן אויף זייערע ערטער און זענען געבליבן טריי צו מדינת ישראל.

זייער צאָל אין דער מדינה איז איבער אַכצן טויזנט נפשות. כאָטש זיי זענען נישט קיין מוסולמענער פונדעסטוועגן זענען זיי אונ־טער דער בריטישער מאַנדאַטן־מאַכט געווען אונטערגעוואָרפן אונטער דער רעליגיעזער מוסולמענישע געריכט־אויטאָראַטעטן. ערשטן די יידישע מלוכה האָט זיי געגעבן פולע רעליגיעזע פרייהייט און האָט זיי דערמוטיקט צו פייערן זייער גרעסטן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן יום־טוב פון „נבי שועיב". דאָס איז דער אָנדענק פון יתרו, משה רבינו'ס שווער.

די ישראל רעגירונג האָט געגעבן די דרוזן פולע בירגערלעכע און רעליגיעזע פרייהייט און האָט זיי דערמעגלעכט צו פאַרוואַנדלען דעם

טאָג פון „נבי שועיב" אין זייערס אַ נאַציאָנאַלן יום טוב. הרב מימון דער מיניסטער פאַר רעליגיעס האָט זיך פּערזענלעך באַטייליקט אין דעם יום טוב.

מיין שכן דער דרוז אַ יונגער אינטעלעגענטער מענטש, האָט מיר פאַרטייטש דעם אינהאַלט פון די אַלע אויפגעפירטע טענץ זייערע.



דריי אַזייגער פאַרטאָג בין איך צוריק אָנגעקומען קיין חיפה.

איך בין איינגאַנצן געווען אונטער דעם רושם פון אַט אַ דער וווּנדערבאַרער איבערלעבעניש, בעת די פאָלקס־טענץ אין דליה.

איך בין געבליבן פּיזיש אויסגעמאַטערט פון אַזויפיל שעהן אָנ־שטרענגונג. איך בין אָבער געווען דערפרישט גייסטיק פון אַט אַ דער עמאָציע, פון אַ דער פּרעכטיקער געשעעניש, וואָס האָט נאָר געקענט דערגרייכט און אויסגעפירט ווערן אין דעם שיינעם, ערלעכן צויבער־ווינקל, וואָס הייסט מדינת ישראל.

# מיט דער „ארצה" פון ארץ

איבער דריי חדשים האָב איך בעת מיין איצטיקן באַזוך פאַר־בראַכט אין מדינת ישראל. ערשט איצט פאַרענדיק אויף דער שיף צו־ריק, באַנעם איך וויפל זאַכן איך האָב נישט באַוויזן צו זען, איז עס מיר אַ שאָד, האָט אָבער אַ שיף אַ טבע, אַז זי פאָרט אָפּ פון אַ פאָרט רוקט זי זיך פון יענעם פלאַץ אַלץ ווייטער און ווייטער. איך פיר אָבער מיט זיך מיט אַ בענקעניש צו דעם אַלעם וואָס איך האָב יאָ באַוויזן צו זען און אַ האָפנונג, אַז דאָס נישט דערזעענע וועט זיך נאָך, גאָר בקרוב פאַר מיר אַנטפּלעקן.

פאַר מיין פאַרלאָזן מדינת ישראל האָב איך מיין ליבלינגס־שטאָט חיפה אָפּגעגעבן פיר טעג. ראשית בין איך נאָך געבליבן אַ בעל חוב צו געוויסע אָנגענומענע אַדרעסן אויף איבערצוגעבן פאַר פריינט אין חיפה גרוסן פון מעקסיקע. און ווי אַ גוטער צאָלער האָב איך זיי אַלע פּינקטלעך אָפּגעצאָלט.

צווייטנס — ציט מיך דורך אַ שטענדיקע בענקעניש צו אָט אַ דער שיינער שטאָט פון דער צוקונפט (ווי דר. הערצל האָט זיך אויס־געדרוקט).

איך האָב נאָכאַמאָל געזוכט אַ שפּור פון יענער שטאָט, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט מיט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק. דאָס אַמאָליקע חיפה מיט אירע שמאָלע, אַראַבישע, פאַרשטיקטע געס־לעך, ווו די אַראַבער פלעגן זיצן אויסגעזעצט אויף קליינע בענקעלעך און זיי האָבן אויסגעגענעצט זייערע טעג און נעכט זופּענדיק שוואַרצע געדיכטע קאַווע און געדרייט די שנורלעך קאָרעלן. דערביי האָבן

זיי נאָכגעברומט די מאָנאָטאָנע איינטאָניקע ניגונים, וואָס די גראָ־מאַפאָן־פּליטן פלעגן פון זיך אויסגרילצן.

פון די אַלע געמויזעכצדיקע געסלעך איז קיין שריד ופליט נישט פאַרבליבן. אויף געוויסע פּלעצער ליגן נאָך אַפילו אָנגעוואָרפן הויפנס פון אַראַבישן צעשאָטענעם חורבן, אָבער דאָס זענען שוין די לעצטע שפּורן וואָס האַלטן אין באַזייטיקט ווערן.

די גאַנצע שטאָט, די היינטיקע ידישע חיפה האָט זיך פונאַנ־דערגעשפּרייט רחבותדיק. ברייטע גאַסן און בולוואַרן האָבן זיך צע־לייגט מעשה וועלט־שטאָט, הויכע געביידעס פאַרכאַפּן דאָס אויג מיט זייער געטעסעטן שטיינערדיקן חן. די באַוועגונג אַ מעטראָפּאָליטישע — אויטאָס און אויטאָבוסן — לויפן און שטראָמען הין און צוריק.

שווערער פאַר אַלץ איז געווען פאַר מיר צו דערקלערן זיך דורך וועלכע כישוף איז חיפה מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי ברייט.

איך געדענק דאָך זייער גוט די שטאָט: אַ שמאָלער פּאַס פלאַך־לאַנד צופיסנס פון די כרמל בערג איז געלעגן חיפה ביז צום ים־ברעג. און דאָ אָזאַ ברייטקייט פון אַ שטאָט. ביז עס איז פאַר מיר ענדלעך דערקלערט געוואָרן דערמיט, וואָס די יידן האָבן געבויט דריי ברייטע אַוועני־דאָס אַנהויבנדיק פון דעם מלכים־בולוואַר ביז צום ים־ברעג, דורך דעם וואָס זיי האָבן געבעטן מחילה ביים ים און אים אַריינגערוקט טיפער, זיי האָבן פאַרשיט די ברעגן און אויף זיי געבויט אָט אַ די מאָדערנע ברייטע גאַסן.

די שטאָט חיפה איז פאַקטיש איינגעטיילט אין פיר שטאָק. ביים סאַמען אונטן, ביים ים־ברעג געפינען זיך די נאַפט־ראַ־פינעריע, די גרויסע צעמענט פאַבריק „נשר", אייזן און טעקסטיל פאַבריקן, און דער ברייטער וועג צו די זאַטע ברויט־פעלדער פון עמק און גליל.

אויך דער פּאָרט ביים מיטללענדישן ים ווו עס רודערט, טומלט און עס קאָכט זיך: ריזיקע קאַסטנס, פּעק און זעק ווערן אויסגעלאָדן פון די פּיל שיפן וואָס קומען אָן פון פאַרשידענע וועלט־טיילן און ווערן אָנגעלאָדן אויף שיפן וואָס גייען אָפּ צו פאַרשידענע וועלט־טיילן.

עס לויפן הין און צוריק ידישע מאַטראָזן ברייט־פּלייצעדיקע בהורים, אָפּגעברענטע פון דער זון. ערשט נעכטן — דאַכט זיך —

זעגעלן נאך פול פון אט א די געזונטע יונגע געווען משמורים־זיצערס אין די ישיבות און היינט — פעסטע מאטראזן און פארט־אבבעטער.

א ביסל העכער אויפן צווייטן שטאק פון דער שטאט געפינט זיך די ראשיקע האנדלס גאס — די מלכים גאס. דא געפינען זיך די גרויסע שיפס־אגענטורן, אימפארט און עקספארט געשעפטן, בענק, פארשידענע סחורה־מאגאזינען, שפייכלער־לאגערן און גרויסע הורט־געשעפטן.

דער דריטער שטאק פון דער שטאט איז דער הדר הכרמל, דארט געפינט זיך דער פאליטעכניקום, עס שניידן זיך איינע איבער דער אנדערער שיינע האנדלס גאסן מיט גרויסע געשעפטן און פארשידענע ווארשטאטן.

צווישן די דריי שטאק פון דער שטאט גייט א שטענדיקער אוי־טאבוס פארקער. מען קען אבער אויך דורך ברייטע, שטיינערנע טרעפ ארויפגיין פון ים־ברעג ביז צום הדר הכרמל.

דער העכסטער, דער פערטער שטאק, איז דער הר הכרמל, דער כרמל בארג אליין. ער טונקט זיך אין וועלדער, אין גריבסן און אין בלומען.

פונם כרמל קען מען זען דעם קעגנאיבערדיקן שטענדיק פאר־שנייטן שפיץ פון דעם חרמון בארג, עכו און די גאנצע סביבה ארום. דאס אלץ שפיגלט זיך אין דער בלויקייט פון דעם מיטללענדישן ים.

דא אויבן, אויפן הר הכרמל, האט זיך צעצווייגט א צויבער־שטאט: ווילעס, פאנטאסטישע רייכע האטעלן און פיל סאסנע־וועלדער וואס דופטן מיט זייער צארטער לופט די פארשידענע רעסטאראנען, אפרו־פלעצער, קאבארעטן און טאנץ־סאלאנען וואס געפינען זיך אין זיי.

די נעכט פלעגן מיר צושמידן צו אט א דעם אויסגעחלומטן צויבער. פלעג איך זיך אוועקשטעלן פאר שעהן לאנג ביי דעם האטעל „פאנאראמא", צוגיין צום נוף חיפה און פארזינקען ווערן אין דעם כישוף וואס האט זיך געצויבערט אין דער גאנצער שפוע פון בארג, הדר הכרמל ביז צום ברעג ים ווו הונדערטער טויזנטער עלעקטרישע באלייכטונגען און פילפארביקע נעאן־קאלירנדיקע רעקלאמעס האבן געווארפן זייער אפשיין אין דעם נאכטיקן ים שפיגל.

די „חורשת טברנה" און דער „גן־רמון" וואס טובלען זיך אין דער טיפקייט פון די געדיכטע סאסנע וועלדער זענען באלעבט פון

מעגטשן. שיינע אָרקעסטעס מיט זייער ראָמאַנטישער מוזיק. פאַרוויגן די וועלדער און די פיל פאַרליבטע פּאָרלעך וואָס וואַלגערן זיך „נעבאַך" דאָ און דאָרט אויף די ווייכע גאָדל־געוויקסן, אַראָפּגעפאַלענע פון די הויכע סאָסנע ביימער.

דער קאַבאַרעט „על דאָראַדאָ" געפינט זיך אויף אַ דאַך פון אַ געביידע. בלומען און פאַלמען דעקאָרירן דעם פּלאַץ. די פאַרשידענע עלעקטרישע ליכט־עפעקטן און דער שיינער אָרקעסטער שאַפן אַ בין גאָר געמיטלעכע שטימונג. גראָד אין דעם עלעגאַנטן פּלאַץ האָב איך געטראָפן דעם פּשוטן פאָלקס־מענטש און אַרבעטער, וועלכער קומט נאָך אַן אַרבעטס טאָג צו פאַרברענגען דאָ דעם אָוונט. אַהער האָב איך פאַרבעטן אייניקע פון מיינע פריינט.

מיר האָבן זייער הנאה געהאַט פון דער שיינער פּראָגראַם און נאָך מער פון דער געשמאַקער וועטשערע. מיר האָבן דאָ זייער געמיטלעך פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה און צוזאַמען מיט אַ גלעזל וויין, האָט געקאָסט בלויז איין פונט פון אַ פּערזאָן.



די לעצטע טעג אין חיפה בין איך געווען שטאַרק פאַרנומען, עס איז מיר געווען אַ שאָד יעדע מינוט וואָס זאָל גיין לעיבוד.

פלעג איך אָנהויבן מיין טאָג זעקס אינדערפרי. איך פלעג גיין, שפּאַצירן, קלעטערן און געוויטיקט פון דעם געדאַנק אַז אָט, אָט און איך וועל זיך מיט דעם אַלעמען דאַרפן שיידן, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג?.

גיי איך אַזוי אין איינעם אַ פרימאָרגן אויף דער הערצל־גאַס און איך דערפיל אויף זיך אַ פּאָר גרויסע ליכטיקע אויגן וואָס קוקן אויף מיר אַ פיר פון געדיכטע גרייז־גרויע ברעמען, אַ ווייסע לאַנג געדיכטע באָרד וואָס ראַמט אַרום אַ ליכטיק פּאַטריאַכאַליש פּנים שטעלט זיך מיר אַנטקעגן. זיצט דער ייד אויפן טראָטואַר ביי אַ קעסטעלע מיט מכשירים פאַר שיך־פּוצן. איך דערנענטער זיך צו אים, איך שטרעק אויס מיין האַנט און זאָג צו אים:

„שלום עליכם, וואָס מאַכט אַ ייד"?. ער רורט זיך נישט פון אָרט.

בלייבט מיין האַנט שטיין אין דער לופטן און זיינע שטרענגע בליקן פאַלן אויף מיר ווי אַ בליץ און ער שווייגט. אַזוי שווייגענדיק נעמט ער אין זיינע הענט די מכשירים, שטעלט אַרויף מיין פוס אויפן

קעסטעלע און ער נעמט זיך צו דער אַרבעט. וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט אַרויסצובאַקומען פון דעם דאָזיקן יידן אַ וואָרט, אָבער מער ווי אַן אומעטיקן, שאַרפן בליק האָב איך פון אים נישט געקענט אַרויסקריגן. אָט אַ דער בליק, פול מיט אומעט, האָט שניידערנדיק גע־ווירקט מיר און געבליצט אויפן געדאַנק, צו איז עס נישט אַמאָל אַ שפּי־צל פון אונדזער היימישן אליהו הנביא וואָס האָט דאָ באַלד אין דער הויך אויפן כרמל באַרג זיין הייל, די מערת אליהו?. פון דאָרט, פון יענער הייל פלעגט דאָך אונדזער נביא פירן מלחמה מיט די פּאַר־שידענע געצנדינער. און איך טראַכט זיך, צו איז דען נישט מיין איצ־טיק פאַרלאָזן ארץ־ישראל אַן עבודה־זרה, אַ הכנעה צו דעם עגל הזהב?.

מיט אַ ביטול האָט דער ייד צוגענומען ביי מיר די פּאָר גרוש פאַר זיין אַרבעט און אַריינגעפּיילט אין מיר אַ בייזן בליק.

*

איבערגעגעבן דעם לעצטן גרוס אין ישראל.

איך בין אַריין אין אַ גרויסן הויף אויף דער החלוץ גאַס אויפן הדר הכרמל דאָרט ווו אַ טוץ טרעפּלעך פירן אַרויף צו אַ דירה, און איך האָב באַמערקט ווי אַן אַלטיטשקע פרוי, מיט אַ גוטמוטיקן מאַ־מעדיקן צוק אויף איר פּנים, דערנענטערט זיך צו די טרעפּלעך.

איך בין צו איר צוגעגאַנגען און געפרעגט:

זענט איר פרוי שרה?

— „יאָ מיין קינד, וואָס זאָגסטו עפּעס גוטס?"

— איך האָב פאַר אייך אַ גרוס אָבער איך וויל אים אייך איבער־געבן ווען מיר וועלן זיין אין הויז.

אַ פאַרסאָפּעטע איז זי אַ ביסל צו שנעל אַרויף אויף די טרעפּ אין הויז אַריין. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַ ווייכע גוטסקייט איז געווען אויסגעגאָסן אין יעדן קנייטש פון איר פּנים. זי האָט זיך פאַר אַ וויילע אָפּגערוט און צו מיר געזאָגט:

— „איי, איי, די עלטער, איך קום נאָרוואָס פון דאָקטאָר, אַז מען איז יונג און געזונט ווייסט מען גאָרנישט ווי רייך מען איז. נו מיין קינד דו מוזט אוודאי קומען פון ירושלים, אָדער תל־אביב, טאָ פון וועמען איז דער גרוס"?.

— דער גרוס איז פון אַ ביסעלע ווייטער. פון אַ שטאָט וואָס הייסט מאָנטערריי און ליגט אַזש אין דעם לאַנד מעקסיקע.

א קוואַל פון טרערן האָט זיך מיטאַמאָל געעפנט ביי אַט אַ דער ליבער פרוי. מיט שוועריקייטן האָט זי זיך אויפגעשטעלט, איז צוגע־גאַנגען צו מיר און מיר אָנגעהויבן גלעטן און צערטלען.

— „אָך מיין קינד, מיר דאַכט זיך, אַז איך גלעט איצט מיין משהלען. דערצייל מיר וואָס מער פון אים, פון זיין וויב, פון זיין ק־נעלע. עס איז מיר אַזוי גוט צו הערן פון זיי".

באַלד איז זי צוגעגאַנגען צו דער קליידער־שאַפע, האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַ מאַנטל און דאָס געגלעט מיט אַזאַ צאַרטקייט און צו מיר געזאָגט:

— „זעט, אָט דאָס מאַנטל האָט דאָך מיר מיין משהלע געשיקט אַ מתנה.

אמת אַז ער איז אַ טייער קינדז".

מיטאַמאָל האָט די גוטמוטיקע אַלטיטשקע זיך אַוועקגעזעצט און אָנטשוויגן געוואָרן. פאַר אַ וויילע האָט זי אַריינגעשעפטשעט אַ פּאָר ווערטער צו זיך אַליין און זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

איך האָב איר אַרומגענומען און פרובירט באַרוהיקן. שטיל וואָס איך האָב קוים געהערט איז אַרויס פון איר מויל די ווערטער:

„טוביה, מיין זיסער טוביה" און זי האָט מיר געפרעגט:

— האָט איר אויך געקענט מיין טוביהן?.

— יאָ, ער איז געווען מיינס אַ גוטער חבר.

אין דער אויפשווידערונג פון דער פרוי האָב איך געפילט, ווי אַ שטייגער זי וואָלט זיך איצט דערוווסט וועגן דעם פאַרלוסט. זי האָט איר קאָפּ אַריינגעוואָרפן אין אירעביידע הענט און שטאַרקער זיך פונאַנדערגעוויינט. אַ וויילע שפּעטער האָט זי צו מיר געזאָגט:

— „דאָס איז דער פּרייז וואָס אַ ייד צאָלט ווען ער איז צווישן גוים. אויב איר זענט טאַקע געווען טוביהס אַ חבר וועט איר מיר מוזן צוגעבן, אַז ווען ער וואָלט געלעבט אין ארץ ישראל צווישן יידן וואָלט ער צו דעם אַלעמען נישט געווען געקומען, ווייל נאָר אין אַ גויאישע סביבה האָט געקענט קומען צו אַזאַ לאַגע וואָס זאָל אים יונגערהייד פירן אין קבר אַריין".

איך האָב געשוויגן און באַוואונדערט דעם שכל הישר פון אָט אַ דער פרוי. זי האָט צו מיר געזאָגט:

— אַ שאָד וואָס די כוחות דינען מיר נישט, אַז איך זאָל אייך פירן צו מיינע קינדער דאָ, אָבער איך וויל, אַז איר זאָלט זיך מיט

זיי אַלעמען באַקענען מיט מיין זון, מיט מיינע טעכטער. עס זאָל זיי נאָר נישט פאַרשטערט ווערן, איר וועט זען ווי פיין קיין עין־הרע זיי לעבן, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן.

שפּעטער ווען טוביהס טאָכטער, וואָס וווינט אין חיפה, האָט מיר אַרומגעפירט צו דער גאַנצער משפּחה און איך האָב געזען ווי פיין אַלע האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט און זיי וווינען אין אייגענע שיינע הייזער, האָב איך ערשט אָנגעהויבן באַגרייפן וויפל חכמה עס איז געלעגן אין די ווערטער פון דער אַלטיטשקער, בעת זי האָט מיר געזאָגט:

— זאָגט דאָרט מיין משהלען, אַז ווען מען לעבט אין ארץ ישראל מיידט מען אויס אַ סך זאַכן מיט וועלכע מען קען אין דער גויאישער וועלט געשטרויכלט ווערן.

⁂

פאַרוואָס די שיף „ארצה" האָט זיך איינגעעקשנט און וויל דוקא אָפּפאָרן דעם דריי און צוואַנציקסטן ווייס איך נישט, נאָר אַזוי ווי טוישן דעם בילעט קען מען נישט, ווייל די פּלעצער אויף אַלע נעקסטע שיפן זענען שוין פאַרנומען פאַר אַ חודש צייט, טאָ מוז מען מיטפאָרן.

פון דער שיפס־קאָמפּאַניע „שהם" האָט מען מיר אָנגעזאָגט, אַז פונקט אַכט אינדערפרי מוז איך זיין אויף דער שיף. פאַרפאַלן, אַ גזרה איז אַ גזרה! עס איז שוין זיבן דרייסיק אינדערפרי און איך זוך אַרום אין חיפה אַ טעקסי און קען נישט קריגן. פון האָטעל האָט מען שוין גערופן אין פאַרשידענע טעקסי־סטאַנציעס און מען קען נישט באַקומען.

גיי איך פאַרביי אַ רעסטאָראַן נעבן דער פּרעכטיקער געביידע פון דער עיריה און איך זע אַ טעקסי. דער שאָפער איז נישטאָ, פויל איך זיך נישט און רוק אַריין אַ האַנט צום רעדל און הויב אָן צו טרובען.

באַלד איז אַרויסגעקומען דער שאָפער פרעגט ער ביי מיר: וואָס איז דאָס פאַר אַ טרובען אויף אייער קאָפּ? דערצייל איך אים, אַז איך מוז באַלד זיין ביי דער שיף ווייל זי גייט אָפּ אַכט דרייסיק אינדערפרי און ער זאָל מיר צופירן וואָס שנעלער. ווערט ער נישט נתפּעל פון מיין איילעניש און ער ענטפערט מיר געלאַסן:

— ר׳ ייד, אַזוי ווי איר האָט עובר געוועזן די געזעצן פון דער

שטאָט, ווייל אין חיפה טאָר מען נישט בלאָזן מיטן טראָמבאָטש, דע־ריבער וועל איך מיט אייך פאַר קיין געלט נישט פאָרן. עס האָט מיר נישט געהאָלפן קיין פאַרענטפערונג. פונקט אין דעם מאָמענט איז אים איינגעפאַלן צו לערנען מיט מיר אַ פּרק טראַפיק־רעגולאַציע.

קוים מיט צרות האָב איך אַכט פופצן געקראָגן אַ טעקסי און אָן אָטעם בין איך קוים אַריין אין דעם גרויסן שאַפּע, דורך וועלכער מען דאַרף דורכגיין די פּאַספּאָרטן אינספּעקציע.

מיר האָט מען מכבד געווען מיט אַ נומער פינף און זעכציק.

שטייען מענטשן ביי זייער געפּעק און עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ וווּ זיך צו זעצן.

אַלץ גייט דאָ צו זייער לאַנגזאַם. ווערט מיר שוין פריילעך אויף דער נשמה בעת איך דערזע אַ נומער דריי הונדערט. שטעל איך זיך פאָר, אַז דער, וואָס מיטן נומער דריי הונדערט וועט דורכגיין זיין פּאַספּאָרט אינספּעקציע בעת אונדזער שיף וועט שוין פאַרבייגיין די גריכישע אינדזלען.

אָבער, אַז מען לעבט דערלעבט מען זיך. פופצן מינוט נאָך עלף איז אויך צו מיין נומער אָנגעקומען. פאַרוואָס מען דאַרף דורכגיין אַזויפיל פּקידים און זיך רוקן ווי אַ מצה אין אַ שעוואַלניע קען איך זיך בלויז דערקלערן דערמיט: וואָס יידן דאַרפן פּרנסה.

ביים לעצטן פּקיד באַקום איך צוריק פון מיין „דאָלאַרן קאַרטע" מזומענע און לעבעדיקע צוויי און אַכציק אַמעריקאַנער דאָלאַרן. דאָס האָט מיר שטאַרק פאַרדראָסן, ווייל די מעשה איז אַזוי:

יעדער טוריסט וואָס קומט אָן אין מדינת ישראל בעט מען אים צו קויפן אַ „לעטער אָף קרעדיט". פאַר הונדערט ישראל פונט האָט מען געצאָלט בעת איך בין אָנגעקומען, צוויי הונדערט און אַכציק דאָלאַר. „די לעטער אָף קרעדיט" גיט דעם טוריסט אַ רעכט איינצוקויפן פאַרשידענע זאַכן אָן פונקטן ווי: קליידונג, שיך, פּראָדוקטן, האָטעלן און אַנדערע זאַכן וועלכע מען קען פאַר ישראל פונטן נישט באַקומען. אויך האָט דער טוריסט די פּריווילעגיע, וואָס ער באַקומט אַ ראַבאַט פון פינף און צוואַנציק פּראָצענט פון די אָפיציעלע פּרייזן. בעת מען עסט אין אַ רעסטאָראַן ספּעציעלע פלייש־מאַלצייטן, אָדער מען קויפט עפּעס אין די ספּעציעלע געשעפטן, שנייד מען אָפּ אַ קופּאָן און מען פאַרשרייבט אויף דער קאַרטע וויפל פונטן פון דער קאַרטע זענען שוין אויסגעגעבן געוואָרן. און פאַר די פונטן וואָס בלייבן נישט קיין

אויסגעגעבענע צאָלט די רעגירונג צוריק, ביים אַרויספאָרן פון לאַנד, צו צוויי דאָלאַר מיט אַכציק סענט פאַר יעדן פונט.

וואָס מיר האָט פאַרדראָסן איז אָט וואָס:

אין פאַרשידענע פלעצער ווו איך האָב בעדאַרפט צאָלן מיט דאָלאַרן האָט מען נישט געוואָלט אָנאַרקענען די „לעטער אָף קרעדיט״ למשל, איך האָב געקויפט אַ מתנה פאַר מיינעם אַ קוזין אַן עלעקטרישן אייז־קאַסטן האָט די נאַציאָנאַל־באַנק געוואָלט דורכאויס בלויז דאָלאַרן. האָב איך געוואָלט אויסטוישן מיין שיפס־קאַרטע אויף אַ העכערן קלאַס בילעט האָט מען פון מיר געפאָדערט דאָלאַרן. אין די בעסערע האָטעלן קען מען באַקומען שאָקאָלאַד וויפל מען וויל נאָר אָבער בלויז פאַר דאָלאַרן און די קאַרטע האָט מען נישט געוואָלט אָנאַרקענען. וואָס האָט זיך דערפון באַקומען אין איין האָטעל האָב איך געקויפט פאַר אַ דאָלאַר פיר פעקלעך שאָקאָלאַד און אין אַ צווייטן האָטעל האָט מען מיר געגעבן פאַר איין דאָלאַר בלויז צוויי פעקלעך פון דער זעלבער שאָקאָלאַד. באַקומט זיך, אַז דער צווייטער האָט אין זיין קעשענע אַרונטערגעלאָזט אַ האַלבן דאָלאַר. מיט אַ פּאָר טעג פריער איידער איך בין אָפּגעפאָרן פון דער מדינה בין איך אַריין אין תל־אביב אין דער נאַציאָנאַל־באַנק און געבעטן, אַז פאַר די דאָלאַרן וואָס זענען מיר פאַרבליבן אויף דער „לעטער אָף קרעדיט״ וויל איך קויפן פאַר מיינעם אַ פריינט אַ מתנה אין אַ געשעפט וואָס פאַרקויפט פעקלעך נאָר פאַר דאָלאַרן. די באַנק האָט זיך אַנטזאָגט מיר אַרויסצוגעבן אַ פּאַפּיר וואָס זאָל מיר דערמעגלעכן צו קויפן די מתנה. דעריבער האָב איך געגלויבט אַז ביים אַרויספאָרן וועט מען מיר די דאָלאַרן נישט אומקערן. דערפאַר בין איך איבערראַשט געוואָרן, ווען מען האָט מיר ביים מאָמענט פון אָפּפאָרן אומגעקערט די צוויי און אַכציק דאָלאַר.

וואָלט מען אָבער דעם טוריסט געגעבן מער פאַרלייכטערונגען ביים אויסגעבן וואָס מער פון די „לעטערס אָף קרעדיט״ וואָלט יעדער טוריסט איבערגעלאָזט פיל מער דאָלאַרן אין דער מדינה.

אַרויספירן ישראל פונטן פון לאַנד איז פאַרבאָטן. (ביי וועמען עס איז פאַרבליבן עפּעס פון ישראל געלט ווערט דאָס אים אויסגעביטן אויף שיפס־געלט פאַר וועלכן מען קען אויף דער שיף זיך איינקויפן פאַרשידענע זאַכן.



די שיף ארצה" וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין צען אינדערפרי האָט אין זיך אַריינגענומען די דריי הונדערט און זעכציק פּאַסאַזשירן אַזוי לאַנגזאַם, אַז קוים פינף אַזייגער נאָך מיטאָג האָט זיך די סירענע צעטרובעט און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו רירן פון אָרט.

אַרויפקומענדיק אויף דער שיף אײדער איך האָב נאָך געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקן, האָב איך באַמערקט גרופּקעס וואָס שושקען זיך. ביי איין רעדל מענטשן האָט מיר אַ ייד אָנגעוויזן:

— איר זעט דאָרט אויבן ביים סאַמען שפּיץ פון דער שיף. דאָרט האָט מען איינגעאָרדנט עקסטראַ סאַלאָנען מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן ווו קיינער וועט נישט קענען צוקומען. די גאַנצע צייט פון דער רייזע וועט דער פּלאַץ אָפּגעהיט ווערן דורך אַ ספּעציעלער וואַך, ווייל דאָרט וועט פאָרן דער אַרבעטס־מיניסטער גאָלדע מייערסאָן.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָב איך זיך אויף דער שיף געטראָפן מיט דער טייערער חברה גאָלדע מייערסאָן, מיט וועלכער איך האָב ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן זיך געטראָפן אויך אין ארץ־ישראל. אויף מיין פראַגע צו זי פאָרט מיט אונדז אויף דער שיף, האָט זי מיר באַקענט מיט איר זון און שנור, וואָס פאָרן אין דעם זעלביקן קלאַס ווי איך, און זי איז בלויז אַרויף אויף דער שיף זיי באַגלייטן.



די שיף באַוועגט זיך. חיפה רוקט זיך לאַנגזאַם אָפּ אַלץ ווייטער און ווייטער. די צויבערדיקע כרמל־בערג די גרויסע נאַפט ראַפינע־ריע, די בלישטשענדיקע אויטאָמאָביל־פאַבריק „קייזער־פרייזער", די ריזיקע צעמענט פאַבריק „נשר", די גרויסע פעטס־פאַבריק „שמן" און די אַנדערע קוימענס פון די פיל פאַבריקן, וועלכע זאָגן צו אַזאַ גליקלעכע צוקונפט פאַרן לאַנד, רוקן זיך אָפּ און ווערן אַלץ קלענער און קלענער, ביז זיי ווערן אינגאַנצן פאַרשווינדן. די לעצטע שפּורן פון מאַמע־ערד ווערן נעלם פון אויג. אַרום און אַרום זעט מען בלויז וואַסער.

מיטאַמאָל דערפיל איך אַ בענקעניש וואָס שטיקט, וואָס מאָנט און שטראָפט. איך פאַררוק זיך אין אַן אָנבאַמערקט ווינקעלע אויף דער שיף, איך בלייב מיט זיך אַליין. איך פּרוביר זיך געבן אַלע מינים פאַלשע תירוצים, וואָס זאָלן באַרעכטיקן מיין פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

פאַרוואָס טאַקע נישט בלייבן דאָ צוזאַמען מיט די אַלע וואָס שאַפן בויען און טראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון דער קאָלאָסאַלער ווערק וואָס הייסט מדינת־ישראל? אמת, די לאַסט איז אַ גרויסע און איז דורכגעדרונגען מיט אַזויפיל אומבאַקוועמלעכקייטן; דאָס לאַנד קען פאָרלויפיק נישט געבן די באַדינגונגען צו וועלכע מיר האָבן זיך צוגעוווינט אין די אַמעריקאַנער לענדער. אָבער איז דען דאָס אַלץ נישט קיין נול אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער ווערק וואָס ווערט געשאַפן אין דער מדינה?. אַנטקעגן דער שיינקייט און צויבער און ריינער, פרישער לופט וואָס אונדזערס אַ מענטש אָטעמט אין זיך אַריין אין מדינת־ישראל?.

וואַנדערנדיק איבערן לאַנד דורך דער ברייט און לענג צו האָב איך דען אַנגעטראָפן אויף איין מענטש אַ הונגעריקן? מיט וואָס פאַר אחריות־געפיל עס ווערט פאַרזאָרגט יעדער איינער מיטן מינימום וואָס אַ מענטש מוז האָבן! און ווי אַזוי לעבן די מענטשן אין לאַנד! זיי פאַרברענגען, זיי זענען פריילעך, זיי שאַפן און בויען און שעפן נחת פונם כוח פון דער יצירה!.

צו הייסט דען בכלל לעבן נאָר ווען אַ גרויס שטיק פלייש ליגט אויפן טעלער?.

איך זוך טיף צו דערגרונטעווען ווו עס ליגט דער כוח וואָס נאָכן אָפּזיין אין ארץ־ישראל איבער דריי חדשים פיל איך איצט אַן איבערלעבעניש ווי איך וואָלט פאַרלאָזט אַ וואַרעמע מאַמע־הײם, אַזאַ וואַרעמע אַטמאָספערע פונקט ווי איך וואָלט שוין דאָרט פון מיין קינדהייט אָן געלעבט. צי פיל איך דען כאָטש אַ קליינע טייל דערפון צו דעם לאַנד, צו וועלכן איך פאָר איצט און אין וועלכן איך לעב שוין קרוב צו דריי צענטליק יאָר?.

ווו, אין וועלכן ווינקל אויפן גאַנצן ערד־קײלעך, קען אַ ייד אָנטרעפן אַ לעבן וואָס גייט מיט אַזאַ שיינעם טעמפּאָ באַרג אַרויף, געבויט אויף אַ סאָלידן פונדאַמענט און דאָס לעבן זאָל גלייכצייטיק אויך איבערבויען דעם מענטש און שאַפן אין אים אַ געפיל פון חשיבות צו זיך!?. און איך רייס זיך איצט צו אַ לעבן פון שוים און זייפן בלאָז.

ווי ווייט איז דען אין דער אמתן אונדזער לעבן אין די אַמעריקעס פון דעם, וואָס דער געניאַלער קינסטלער שלום־עליכם האָט אַזוי מייסטערהאַפט געשילדערט:

מנחם מענדל דרייט זיך אין אַ פאַרכישופטן ראָד. ער מאַכט אין זיין פאַנטאַזיע פון אַ פינפערל — צען, פון צען קערבלעך — צוואַנציק און פון אַ הונדערטער — צוויי, ביז ער ווערט נתעשר. ער האָט אפילו נישט קיין צייט זיך אָפּצושטעלן פאַר אַ מינוט פון דעם כי־שופדיקן געווירבל, ווייל יעהופעץ איז נישט דאָס פאַרשלאָפענע קאַס־רילעווקע (מען דאַרף נאָר וויסן וואָס פאַר אַ פּאַפּירן און אַקציעס צו קויפן) דעריבער איז נישטאָ קיין צייט, מען מוז צו יעדער מינוט זיין אויף דער וואַך, מען טאָר נישט פאַרשלאָפן די געלעגנהייט.

אין וואָס פאַרשטייט דאָרט אַזאַ יידענע ווי שרה שיינדל ווען זי פּלאַפּלט נאָך די נאַרישע ווערטער פון די שוויגער: „מנחם מענדל עס איז נישטאָ אויף שבת". „מנחם מענדל די קינדער האָבן נישט קיין שיכלעך און גייען אַרום באָרוועס". וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אָט אַ די אַלע קליינקייטן ווען מיט איין דריי (מען דאַרף עס נאָר מאַכן מיט קאָפּ און שכל) קען מען מאַכן מיליאָנען און פאַרשטעקן רויט־שילדן אין קעשענע?

דאָ אין מדינת ישראל בויט זיך אַ פולבלוטיק ייִדיש לעבן. פאַר־מירט זיך אַ נייער טיפּ ייִד מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ וואָס קוקט צו דער וועלט מוטיק און פריי אָן אַ סימן פון פחדנות און שתדלנות. דאָס זענען די יורשים פון די מנחם מענדלס, פון די טוביה'ס וואָס האָבן אָנגענומען באהבה די אַלע גזירות, בעת מען האָט זיי פאַרטריבן פון זייערע „איינגעפונדעוועטע" היימען, זיי זענען עס דאָ היינט די שאַפער און בויער פון לאַנד. איך האָב זיי געזען דורך דער גאַנצער לענג פון דער מדינה, פון דן ביז אילת, מוסקולירטע, געזונטע מענטשן פון וועמענס פנימער עס איז פאַר־שוונדן געוואָרן דער צייכן פון שפלות און פחד. דאָס איז דער גע־זונטער בויער פון דער ייִדישער רעוואָלוציע. מען טרעפט אים אויף שריט און טריט — אויף די שאָסייען, אויפן ים, אין דער לופט, אין די מדבריות, אין דער פּאָליציי, אין די פאַרשידענע מיליטער־אָפּטיי־לונגען, אויף אַלע וועגן פון דעם נייעם אויפקומענדיקן לעבן אומע־טום שטייען זיי די טעכטער און זין — די יורשים פון די אַמאָליקע מנחם מענדלס און טוביה'ס און זיי באַווייזן זיך אין ליכט פון אַ נייעם מענטש — אַ רעאַלן אַ געזונטן, אַ פּראָדוקטיוון, אַ מוטיקן ווי אַ טייל פון אַן אויפגעוואַכט פאָלק וואָס קוקט מיט אַ נאָרמאַלן ליכטיקן בליק צו דער צוקונפט.

פאַרזונקען אין אַט די אַלע מחשבות האָב איך מיטאַמאָל אויף זיך דערפילט אַ ברידערלעכע האַנט וואָס האָט מיך אויפגעוואַכט. דאָס איז געווען די האַנט פון דעם ליב האַרציקן מענטש דר׳ יהודה מאַר־גאַלין, וואָס האָט זיך איינגעקוואַרטירט מיט מיר אין דער זעלביקער קאַיוטע. ער האָט מיר געפרעגט, צי איך פיל זיך נישט גוט. ער איז גרייט געווען פאַר מיר עפּעס אַריינצוברענגען אָדער עפּעס טאָן פאַר מיר. איך האָב אים געדאַנקט און איך בין שוין אַזוי פאַרבליבן אויפן געלעגער ביזן נעקסטן פרימאָרגן.

⁂

די „ארצה" איז נישט קיין ציג, זי לויפט נישט, ווי מען שמו־עסט וועט זי אויפן זיבעטן טאָג אַריינקומען קיין מאַרסעל.

די שיף ווערט געהאַלטן זייער ריין. דער קאַפּיטאַן איז אַ יעקע מיט אַ גאַליציאַנער אונטערשלאַק, בלאָזט ער פון זיך מיט אַזאַ ווינט, אַז ווען ער שטייט חס ושלום אויף יענער זייט פון דער שיף און בלאָזט אַזוי אויף אונדזער „ארצה" וואָלט די שיף פון שטאַרקן ווינט זיך אי־בערגעדרייט.

אויסער די עטלאַכע איטאַליענער וואָס אַרבעטן אויף דער שיף רײדן כמעט אַלע שיפס אַנגעשטעלטע דייטש. אַלץ שמעקט מיט דיי־טשעשער פּינקטלעכקייט. נישט איינמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז עס שט... מיט דייטשעשער גענויקייט.

איין פאַל איז כדאי דאָ איבערצוגעבן:

עס איז געווען פאַרנאַכטצו, עס האָט נאָך געפעלט איבער אַ שעה צייט צום עסן. באַמערק איך ווי אַ פרוי ליגט אויף אַ ליג־שטול און וויינט. איך בין צוגעגאַנגען צו דער פרוי און איר געפרעגט די סיבה דערפון. האָט זי מיר דערציילט אַז זי איז אַ קראַנקע און אַלע פאַר שעה דאַרף זי נעמען עפּעס אין מויל אַריין איז זי אַריינגעגאַנגען אין דער קיך און דאָרט געבעטן אַ שטיקל ברויט האָט איר דער קיך־מנהל אַרויסגעוואָרפן און איר קיין שטיקל ברויט נישט געוואָלט געבן. איך האָב דער פרוי נישט געגלויבט. איך בין מיט איר אַרונטער צו דעם מנהל און אים געפרעגט, צי איז דאָס ריכטיק. האָט ער זיך צע־שריגן: „דאָ מוז אָרדנונג זיין. איער איז קיינע שנאָרער־געזעלשאַפט"!. ווען די קיך זאָל קיין וועגט נישט געווען האָבן וואָלט ער — דאַכט מיר — געווען געפלויגן גלייך אין ים אַריין פון דעם שטופּ וואָס איך האָב אים געגעבן. איך האָב אַרויסגעכאַפּט אַ שטיק קוכן און דאָס געגעבן צו דער פרוי.

שפעטער ווען איך בין אַרויף צום קאַפּיטאַן און געוואָלט אים איבערגעבן דעם פאַקט איז ער זיך געזעסן אין אַ וויג־שטול און גע־שאָקלט דעם מעוברתדיקן בויך זיינעם, אָבער ער האָט מיך נישט געוואָלט אויפנעמען.

די באַציונג פון די אַלע אַנדערע יעקעס זענען אויך נישט קיין איבעריק פּריינקטלעכע. די קעלנערס טוען דיר אַ טובה, אַז זיי דער־לאַנגען דיר עפּעס. ווייס איך נישט. צי נעמט זיך עס דערפון וואָס אַט די נעבעכטיקע געפּייניקטע און גערודפטע דורך די נאַציס, ווילן אין זייער אינטערבאַוווסטזיין איצט אָפּנעמען נקמה פאַר זייערע אי־בערלעבענישן.

אָבער גאָר מיינט יעדער פון זיי, אַז ער האָט בעסער געקענט זיין אויף בן־גוריונס פּלאַץ, נאָר דער פינצטערער גורל האָט גע־וואָלט, אַז ער זאָל נעבאַך אַ קעלנער ווערן.

די יעקישע פּינקטלעכקייט דערמאָנט מיר אין דעם שיינעם וויץ פון דעם ציוניסטישן מנהיג דר׳ שמריהו לעווין ז. ל.

ער האָט געזאָגט: „אַך די דייטשע פּינקטלעכקייט! און ער האָט דערציילט.

„איך האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט אַ דייטשן פּראָפעסאָר אין בער־לין צו טרעפן זיך ביי אים אין דער ביוראָ מאָנטיק פּינקטלעך פיר אַזייגער נאָך מיטאָג. בין איך אָנגעקומען פופצן מינוט פאַר פיר אַזיי־גער — דינסטיק. זאָגט צו מיר דער פּראָפעסאָר:

— מיין ליבער הער, זי האָבן שוין פאַרשפּעטיקט!”.



פון די דריי הונדערט און זעכציק פּאַסאַזשירן זענען דאָ פאַראַן בלויז געציילטע ישראל־בירגער וועלכע פאָרן קיין אייראָפּע אָדער אַמעריקע צוליב געוויסע מיסיעס, אָדער אויף אַ באַזוך צו זייערע קרובים.

פופציק סטודענטן פון אַלזשיר פאָרן איצט צוריק פון אַ זומער־קורס, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין ישראל. זיי פאָרן איצט צוריק מיט אַ שלל איינדרוקן און פּראַקטיק פאַר זייער העברעישן לערער־פאַך.

די מערסטע פּאַסאַזשירן זענען טוריסטן פון פראַנקרייך און בעל־גיע. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט אין זיך איינגעזאַפּט, דורך דער

צייט פון זייער באַזוך, אַ בענקשאַפט צום לאַנד און צו די דערגריי־
כונגען דאָרט.

עס פאָרן אויך צוריק אַ טייל פון די דעלעגאַטן צום דריי און
צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס. געוויסע פון די דעלעגאַטן זע־
נען נישט צופרידן פון דער קאַלטער אויפנאַמע וואָס זיי האָבן באַקו־
מען מצד די ישראל־בירגער. נישט איינמאָל ווערט דער ענין פאַר־
האַנדלט אין אַ הייסער דיסקוסיע. איך פרעג ביי זיי: „וואָס ווילט איר
פון די מענטשן אין ישראל? דער ישראל בירגער בויט און שאַפט
און ער געניסט גאָר ווינציק פון דעם אַלעם וואָס ער שאַפט. פון זיין
ביסן רייסט מען דעם גרעסטן טייל אַרונטער פאַר די ניי אָנגעקומענע.

בעת דער פויער און ערד־אַרבעטער פאַרגינט זיך נישט צו עסן
קיין פלייש, מילך, פוטער און אייער, באַקומט דאָס דער טוריסט פאַר
זיינע דאָלאַרן עד לרוב. דער אַרבעטער אין די טעקסטיל און שאָקאָ־
לאַד פאַבריקן באַקומט פון דער פּראָדוקציע כמעט גאָרנישט פון דעם
וואָס ער שאַפט. בעת דער טוריסט פאַר זיינע דאָלאַרן קען עס באַ־
קומען פודנווית.

ער דער ישראל־בירגער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס די אַלע שווע־
רע יאָכן פון לאַנד און פון אַלע געשעענישן ווי: עליה קליטה, גרויסע
שטייערן; זיי שטעלן אין געפאַר זייער לעבן פאַר דער פאַרטיידיקונג
פון דער מדינה. און מיט וועלכער זיכערקייט קען ווער פון אונדז
אָנווייזן, אַז זיי בויען דאָס אַלץ נאָר בלויז פאַר זיי, אַז דאָס מיינט
נישט אויך פאַר אונדזער צוקונפט. אין נאָך אַלעמען קומען מיר און
פאַרלאַנגען, אַז דער ישראל בירגער זאָל שטיין און פּאַטשן בראַוואָ
פאַרן גרויסן חסד וואָס מיר האָבן באַוויזן צו קומען וויזיטירן מדינת־
ישראל, אַפילו אונדזערע ביישטייערונגען זענען דאָך נישט מער ווי
אַ פּריוווילי‏קער קאַפּריז פון אונדזער צד".

פאַרשטענדלעך, אַז יעדע דיסקוסיע ווערט באַגלייט מיטן פּז־
מון — מפא"ישע ריידן איז וואָס בין איך שולדיק. ווען אַלע אמתן
אין ארץ־ישראל זענען מפא"ישע?.



עס זענען דאָ אויף דער שיף אויך פאַראַן געוויסע חברה פון
דייטשלאַנד.

אַזעלכע וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גהינם פון
די קאָנצענטראַציע לאַגערן. זיי זענען געווען אַ פּאָר חדשים אין יש־

ראל און איצט ריידן זיי מיט אַן עקלהאַפטן ציניש שמייכל איבער אַלץ וואָס איז פאַראַן אין ארץ־ישראל. זיי געפעלט בעסער צו מאַכן אַ לייכטן מאַרק אין דעם בלוטיקן דייטשלאַנד און זיך אַ שפּיל טאָן מיט די פריי נאָכגיביקע גרעטכענס דאָרט.

מיט אונדז פאָרט אויך אַ ייד פון דענעמאַרק. ווי ער אַליין זאָגט איז ער דער גרעסטער פוטער־סוחר אין יענעם לאַנד. ער רימט זיך, אַז דער דענישער קייסער איז ביי אים אין הויז אַ יוצא ונכנס. אָט אַ דער ייד וואָס רעדט אַ יידיש פול מיט פתחס און מיינט, אַז עס איז דייטש האָט זיך צוגעשאָרט צו דער חברה וואָס פאָרט צוריק קיין דייטשלאַנד און ער דערציילט זיי אַן מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט פון די אַלע אומגליקן וואָס ער האָט אַלץ געזען אין ארץ־ישראל.

די חברה אַרום אים שטייט און שעפּט נחת פון זיינע מעשיות וואָס קלעפּן זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. אָט דערציילט ער, אַז פון דענעמאַרק קען מען נישט אַרויספירן קיין שום אויסלענדישע וואַליוטע און מיט צרות איז אים אָנגעקומען צונויפצושטעלן די פּאָר דאָלאַר וואָס ער האָט באַדאַרפט האָבן פאַר דער רייזע קיין ארץ־ישראל. און באַלד נאָכדעם קומט אַ מעשה צו וועלכע אַלע שטעלן אויף מויל און אויערן:

— „מיינס אַ פריינט, אַ גאָר גרויסער סוחר פון דענעמאַרק איז מיט אַ פּאָר חדשים צוריק געפאָרן אויף אַ לוסט־רייזע קיין ארץ ישראל. דער פריינט מיינער איז אַ גרויסער ציוניסט. האָט ער אין אַ באַנק אין דענעמאַרק אויסגעקויפט אַ טשעק פאַר הונדערט טויזנט דאָלאַר אויפן נאָמען פון חיים וויצמאַן און אים מיטגענומען אַלס מתנה פאַר דער ישראל רעגירונג.

אָבער באַלד ביים אָנקומען אין פאָרט אין דער מדינת־ישראל האָט מען דעם מאַן באַהאַנדלט זייער גראָב און געמיין. שטעלט אייך פאָר.

מען האָט ביי אים, ביי אַזאַ גרויסן ציוניסט אונטערגעזוכט יעדעס פּיצעלע באַגאַזש. מען האָט אים אויסגעטאָן נאַקעט. מען האָט אים געמאַכט אַ ראַדיאָגראַפיאַ אויף זיין מאָגן און דאָרט געזוכט בריליאַנטן. מיין פריינט איז געוואָרן אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט אין קעגנוואָרט פון די אַלע באַאַמטע אַרויסגענומען דעם טשעק פון די הונדערט טויזנט דאָלאַר און האָט אים צוריסן אויף פּיצלעך".

אים אַליין, אונדזער מיטפאָרער פון דענעמאַרק, אַזוי דערציילט

ער, האָט די רעגירונג אַזוי באַגנבעט, אַז ער שעמט זיך דאָס גאָר צו דערציילן.

בכלל האַלט ער, אַז אַלע אין ארץ־ישראל זענען גנבים. ווי אַ פּאַקט גיט ער אָן די מעשה:

— „איך האָב זיך באַקענט מיט אַ ייד אין ישראל. יענער האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ פיינעם און אָרנטלעכן מענטש. דער מאַן האָט געוואוינט מיין צוטרוי און איך האָב אים איינגעלאַדן אי־בעראַל וווהין איך בין געגאַנגען, פאַרשטענדלעך, אַז פאַר אַלץ האָב איך געצאָלט. ביז אין איין שיינעם טאָג איז דער מאַן פאַרשווינדן געוואָרן און צוזאַמען מיט אים איז פאַרשוואונדן געוואָרן מיינס אַ גאָל־דענע קייט וואָס איז ווערט אַן אוצר. טאָ זאָגט אַליין איז פאַראַן אַן אָרנטלעכער מענטש אין ארץ־ישראל?!".

⁂

די טעג אויף דער „ארצה" לויפן שנעל. דאָס עסן אויף דער שיף איז זייער גוט. צווישן די הונדערט און צוועלף באַשעפטיקטע אויף דער שיף זענען פאַראַן זעקס און ניינציק ייִדן. נאָך אַלע טענות וואָס מען האָט צו זיי און וועלכע וועלן מיט דער צייט זיכער אויס־געבעסערט ווערן פילט מען זיך פאַרט דאָ גוט, עס איז דאָך אַ יידישע שיף. דער עיקר — דער ים. ער האָט זיך פאַר אונדז אויסגעשפּרייט אַ רואיקער און ער לאָזט זיך, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט שפּיגלען אין זיין געמיטלעכקייט.

אויפן זעקסטן טאָג פון פאָרן אויף דער שיף, קומען מיר אָן קיין גענואַ (איטאַליע).

## פון דער „ארצה" דורך גענואַ, מאַרסעל קיין „מלכות מאָנאַקאָ" „מאָנטע־קאַרלאָ".

די שיף „ארצה" האָט זיך באַדאַרפט איינשאָקלען פון חיפה ביז מאַרסעל, (פראַנקרייך) אין זיבן טעג. איז מאַלע וואָס מען דאַרף אַלץ און, אַז מען מוז שטיין אין גענואַ, (איטאַליע) אַן עקסטרן טאָג, טאָ שטייט מען.

אריינגעקומען, אין אָט אַ דעם שיינעם רחבותדיקן פּאָרט פון גע־נואַ, זענען מיר אין אַ בין השמשות, בעת די זון האָט זיך שוין אָנגע־הויבן רויטלען וואָס אַ סעקונדע ווייטער אַלץ מער און מער, ביז זי איז געוואָרן איין שטיק פלאַמענדיקער צונטער, אונטער וועמענס קו־פער־רויטקייט גענוא האָט ארויסגעפינקלט.

אַלע פּאַסאַזשירן האָבן באַקומען דערלויבענישן אַרונטערצוגיין אין דער שטאָט.

אַז אַ שיף רוקט זיך זעקס טעג כסדר אויפן ים באַקומט דאָן אַפילו פרעמדע ערד אויך אַ מאַמעדיקן חן. בפרט — אַזאַ שיינע און אינטערעסאַנטע שטאָט ווי ס'איז גענואַ.

אַ גרופּע פון פיר האָבן מיר צוזאַמען געמאַכט דעם נאַכט־שפּאַ־ציר איבער דער שטאָט. די גרופּע איז באַשטאַנען פון דר' יהודה מאַר־גאַלין וואָס וווינט אין תל־אביב און פאָרט איצט צו אַ וויסנשאַפטלעכע קאָנפערענץ אין אייראָפּע; איינע, אַ ביז גאַר סימפּאַטיש־חנעוודיקע קיבוצניצע וואָס פאָרט קיין ענגלאַנד אויף אַ וויזיט צו אירס אַ שוועס־טער; איינער ה. ראָזענבלום פון פּאַריז וואָס פאָרט צוריק פון אַ לענ־גערן באַזוך אין ישראל און איך.

מיר האָבן זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר איבער אַלע ווינקעלעך פון דער שטאָט.

דאָס ערשטע זענען מיר אַרויף אויף דער צוואַנציק סעפּטעמבער־גאַס. די דאָזיקע גאַס האָט זייער ברייטע טראָטואַרן, וואָס זענען אויס־פּאַרמירט פון קאָלירטע מאָזאַאיק. עס וואַרפן זיך אין די אויגן גרינע, געלע, בלויע און פיאָלעטע פאַרבן, עס ווייזט זיך אויס, אַז מ׳טרעט אויף אויסגעשפּרייטע בלומען־בוקעטן.

די ברייט געפלאַסטערטע גאַס שפּיגלט אונטער דער שטאַרקער עלעקטרישער באַלייכטונג און פוןביידע זייטן גאַס פינקלען פילפאַר־ביקע מאַרמאָלנע פּאַלאַצן, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אַן און פאַר זיך אַ קונסט־ווערק, וועלכע ברענגט צום אויסדרוק די איטאַלענישע אַרכיטעקטור און סקולפּטור.

די ריזיקע געשעפטן זענען אָנגעפּראָפּט מיט כל טוב, פון גאָלד, זילבער, בריליאַנטן ביז די טייערסטע פּאַרפיומען, פוטערס און אויטאָמאָבילן. ווען נישט דער ספּעציפיש־רייצנדיקער איטאַלענישער חן וואָלט איך דאָס פאַרביטן מיטן שענסטן טייל פון דער פינפטער עוועניו אין ניו־יאָרק. אויך די שפּראַך פון די מערסטע שפּאַצירער דאָ אויף דער גאַס איז די זעלביקע ווי אין ניו־יאָרק.

נאָכן אָנזעטיקן זיך מיט דער דופטיקייט פון די ריחות וואָס רייסן זיך פון די גערטנער, וואָס באַצירן דאָ די געגנט, זענען מיר אַרויף אויפן דרייסיקסטן שטאָק פון אַ מאַרמאָלנעם מאָדערנעם פּאַלאַץ.

די וווּנדערבאַרע טעפּיכער וואָס ליגן דאָ אויסגעשפּרייט אין די קאָרידאָרן, פירן צו אַן „עלעווייטאָר", וואָס שלינגט איין די מענטשן און מיטן אימפּעט פון אַ רוח גיט ער זיי איין אָטעם אַ צי אַרויף ביז צו דעם פאַרכישופט אויסגעחלומטן, פאַנטאַסטישן פּלאַץ, וואָס הייסט „קאַפּורא".

דער לוקסוס דאָ בלענדט די אויגן. אין אַ ריזיקן זאַל ווערן רע־פלעקטירט מאָלערייען און צייכענונגען אונטער אַ צויבערהאַפטער ליכט־כוואַליע. דער דאָזיקער זאַל איז אַרומגענומען אַרום אין אַרום מיט גלעזערנע טעראַסן. דורך די טעראַסן באַווייזט זיך געגנט אין איר גאַנצן צויבער...

פאַרשידענע ים־אויסגוסן וואָס שניידן זיך אין פיל טיילן פון דער שטאָט שפּיגלען צויבערדיק אונטער די פילקאָלירנדיקע עלעק־טרישע ליכט כוואַליעס און די גאַנצע שטאָט זעט פונהאַנען אויס ווי אַן אומגעצוימטער וועלט־וווּנדער.

שוועבן דאָ, פּאַרליבטע פּאָרלעך, אונטער דער באַגלייטונג פון

צאַרטער, ווייכער מוזיק. זיי טאַנצן אַזוי אויס די איטאַלעניש ראָ־מאַנסן און סערענאַטן.

אין דעם רעסטאָראַן ווערן סערווירט פאַרשידענע ווייַנען.

גן־עדנדיקע פרוכטן מיט שור הבור און לויתנדיקער איבערפרע־סנקייט.

אַז נאַכט האָט שוין צעפּרעסן אַ שטיק פון איר עולם־הזהדיקייט און אָנגעהויבן חצות, זענען מיר אַרונטער פון אַט אַ דעם צויבער־ווינקל צו אַ גאַנץ אַנדערער וועלט, צו דעם טייל שטאָט, וואו מיטלאַל־טער האָט זיך נאָך אַלץ נישט גערירט פון אָרט. אַלטע געביידעס, וואָס זייער גאַנצער זכות הקיום איז בלויז, וואָס זיי זענען פעסט אייַנ־געפּרעסט אייַנע אין דער אַנדערער און לאָזן זיך נישט פונאַנדער־פאַלן. וויסטער חושך און אימהדיקע שוואַרצקייט בלאָזט פון זיי, אַ שרעק — געירשנט פון אַלטע דורות.

ד'י גאַסן דאָ, וואָס האָבן בערך צוויי מעטער די ברייט, זעען אויס נאָך שמעלער צוליב די הויכע און פינצטערע פיר פינף גאָרענדיקע געביידעס.

זיי ציען זיך אין אַ תהומעדיקער ווייטקייט, אַט אַ די טונקעלע געסלעך, און עס שפּאַרט פון זיי מיט שרעק.

די געסלעך פירן אַרונטער, דורך טרעפּ, אַלץ טיפער. און טיפער און עס דאַכט זיך מיר, אַז ביים לעצטן טרעפּל, טיף אונטן, געפינט זיך דער אָפּגרונט פון מענטשלעכער דערנידערונג.

אַ לעמפּל דאָ און אַ לעמפּל דאָרט. שיכורער געוויין און גע־גרילצטער געלעכטער רייסן זיך אַריין אין דעם חלל, זיי קומען אַרויס פון די צעהויקערטע קנייפּעס און שענקען.

שאָטנדיק שלייכן דאָ אַרום ווי די מוראַשקעס, פּראָסטיטוטקעס אין אַלערליי עלטער פון קינדער וואָס וואָלטן שוין באַדאַרפט שלאָפן כדי צומאָרגנס אינדערפרי צו גיין אין שול, ביז צעבראָכענע שאַרבנס, וואָס וואָלטן שוין פון לאַנג באַדאַרפט זיין אין אַ מושב זקנים.

רייסט זיך פון איין קנייפּע אַרויס אַ געשריי, אַ געוויין, וואָס ווידערט אָפּ אַן עכאָ ווי פון אַ יאָמער־טאָל: אַ געזונטער, גרויסער, גוי, מיט אַ רויט־עשוודיק, צעיוכעטן פּרצוף, שלעפּט פאַר די האָר אַ מיידל. ער שלאָגט איר מיט די הענט, ער קאָפּעט איר מיט די פּיס. אַרום דער הפקר־סצענע שטייען צענטליקער מענער און קיינער וואָגט נישט צוזאָגן קיין וואָרט, מסתמא זענען זיי אויך מסכים אויף דעם

פסק ווייל, זי האָט אים נאָך הייגט נישט געגוג פרנסה אַריינגעבראַכט. די יללות און די ביטערע געוויינען פון דעם מיידל קענען טויטע אויפוועקן און דאָ זעט מען נישט אַפילו קיין שאָטן פון אַ פּאָליציי־מאַן.

פון אַזעלכע סצענעס איז געזונטער אַפּצוטראָגן זיך מיט גאַנצע בייגער וואָס שנעלער. זענען מיר טאַקע באַלד אַוועק פון דאָרט אויף אַ ווייטערן שפּאַציר. מיר גייען ווידער אַרויס אויף ליכטיקערע גאַסן, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו אַ חורבה, אַ הויז וואָס שטייט אונטער־געשפּאַרט ווי אַן אָן־פיסיקער אויף קוליעס. די פּענצטער אין דער חור־בה זאָגן עדות אַז מיט קנאַפּע פינף הונדערט יאָר צוריק זענען נאָך דאָ געוועזן שויבן.

אַ מאַרמאָלנער טאָוול וואָס הענגט פאַרן דאָזיקן הויז ציט יעדנס אויפמערקזאַמקייט: די ווערטער אויפן טאָוול לייענען זיך אַזוי:

„דאָ אין דעם הויז איז געבוירן געוואָרן קריסטאָפער קאָלומבוס".

דאָ האָב איך דערפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו אָט אַ דעם גרויסן אַנטדעקער פון דעם אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, וועלכער האָט געגעבן מעגלעכקייטן צו מיליאָנען און מיליאָנען יידן אַנצוהויבן אַ ניי לעבן וגם אני בתוכם.

דער ווייטערער שפּאַציר האָט אונדז אַ ביסל פאַרבלאָנדזשעט און דערפאַר האָט ער פאַר אונדז באַוויזן פּרעכטיקע גאָרטן־געגנטן אין דעם שיינעם געגנט.

צווייי פאַרטאָג איז נאָך אין פּאָרט לעבעדיק. דרייען מיר זיך אַזוי אַרום הין און צוריק צווישן פאַרטן און שיפן. צווישן אַזעלכע ריזן ווי די „אינדעפּענדענס" פון די פאַרייניקטע שטאַטן און נאָך אַזעלכע פון אַנדערע לענדער. אָבער אונדזער ישראל שיף איז אויך נישט פון די שיפע זיבעלעך וואָס מען ווייסט נישט פון איר. אַ פּאָרט־באַ־אַמטער האָט אונדז צוגעפירט צו אונדזער „ארצה".

באַלד ווי דער טאָג צעשטראַלט זיך אין געגנט לויפן ווידער די פּאַסאַזשירן אַראָפּ אין שטאָט אַריין. אָבער דאָסמאָל גייט מען שוין נישט באַוואונדערן די שיינקייטן פון דער שטאָט. יעדער לויפט קויפן מציאות.

די איטאַלעניש סוחרים לאָזן זיך אָפּנאַרן, און יעדערער פון די פּאַסאַזשירן טראָגט גאַנצע פּעק מיט אַזעלכע „אויסגענאַרטע" זאַכן. פאַרנאַכט צו, געזעגנט זיך אונדזער שיף מיט איטאַליע.

מ ר ד כ י   ק אָ ר אָ נ אָ

כמעט דעם גאַנצן וועג ביז פראַנקרייך גייט אונדזער שיף נאָנט צו די ברעגן, אַזוי באַווייזן זיך אַלע מאָל אַנדערע באַלויכטענע שטעט. פון גענואַ קיין מאַרסעל ציען זיך די שעהן ווי פון פעך.

נאָך אַ צעצויגענעם אָוונט און אַ גאַנצער נאַכט קומען מיר אָן באַלד אינדערפרי קיין מאַרסעל, (פראַנקרייך).

⁂

צווישן די אַלע שיפס־ברידער באַקאַנטשאַפטן האָב איך זיך באַ־פריינדעט אויף דער שיף מיט איינעם אַ יונגערמאַן אברהם רודי. אַ האַרציקער און שכל הישרדיקער מענטש. ער איז פון צייט צו צייט אַ מיטאַרבעטער אין דער פּאַריזער טעגלעכער צייטונג „אונדזער וואָרט". ער איז געווען אַלס טוריסט אין ארץ ישראל און איצט פאָרט ער צוריק אַ היים קיין פּאַריז. אויף דער שיף האָב איך געהאַט אַ גע־לעגענהייט צו לייענען געוויסע אַרבעטן זיינע. ער פאַרמאָגט אַ לייכטע פעדער וואָס וועבט זיך מיט הומאָר און שטעלנווייז איז ער אויך שטאַרק בייסיק.

צו אונדזער זשורנאַליסטישער קרובהשאַפט האָט זיך נאָך גע־בונדן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־נאָנטקייט. אַז דער רבונו של עולם וויל אָנ־קנופּן צווישן מענטשן פריינטשאַפט איז דאָך נישט שייך. טרעפט זיך עס שוין אַזוי, דאַרף זיין וויב פונקט זיין אַ קאָסאָווערן. פון דעם זעלבן שטעטל ווי מיין שוועגערן און דיביידע פאַמיליעס זענען גאָר נאָנטע געווען איינע מיט דער אַנדערער. אויב יאָ אַזוי, האָט מיר חבר אברהם רודי שטאַרק צוגערעדט.

— „אַזוי ווי איר זענט שוין סיי ווי אין מאַרסעל, דאָס מיינט אינגאַנצן איין קאַצן־שפּרונג קיין מאַנטע־קאַרלאָ און מיין משפחה געפינט זיך איצט דאָרט אויף דאַטשע, טאָ קומט מיט מיר מיט קיין מאַנטע־קאַרלאָ, וועהין איך פאָר גלייך פון מאַרסעל".

אויף דער שיף האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צו יאָ פאָרן אָדער נישט פאָרן. פון איין זייט האָט מיך געלאָקט אַ בליק צו געבן אויף יענעם צערייצטן וועלט־ווינקל, פון דער צווייטער זייט אָבער האָב איך שוין געהאַט אַ קאָמפּראָמיס אין פּאַריז, ווו מיינס אַ יוגנט חבר, וואָס וווינט אין לאָנדאָן, איז ספּעציעל אַרויסגעקומען קיין פּאַ־ריז מיך אָפּצוּוואַרטן דאָרט.

זייענדיק אין ארץ ישראל האָב איך זיך באַמיט אויפצוזוכן מיינע אַלטע באַקענטע. אין דאָרף „כפר אזר", אין אַ שטאָל מיט קיין עין־

הרעדיקע פעטע קי האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ חבר פון די קינדער יאָרן יודל טענענבוים. יצחק טענענבוים, דער טאַטע זיינער, איז גע־ווען דער פירער פון דער גמינע, בכלל איז די פאַמיליע געווען פון די פּני אין דער שטאָט. די קינדער זענען געווען, ווי מען פלעגט זיי רופן, זיידענע יונגעלייט. דאָ אָבער האָב איך אים געטראָפן ווי אַ געבוי־רענעם פויער, מיט אַן אייגענער רייכער ווירטשאַפט, מיט אַן אייגן שיין־געמויערט הויז, וואָס פּאַסט זיך פּאַר אַ באַנקיר. זיין ווייב, די געוועזענע מיידל רחל ריבאַק, מיט וועמען איך בין אַמאָל אין אַ חלוצים־קבוצה אַרויסגעפאָרן אין דעם דאָרף „פּאַטריקאָז" צו אַ פּוילישן פּריץ אויף הכשרה. זי איז אַ קוזינע פון דעם חבר, וואָס וווינט אין לאָנדאָן, וועלכער וואַרט איצט אויף מיר אין פּאַריז און הייסט יהושע ראָזענצווייג.

מיט דעם יהושוען בין איך צוזאַמען געווען אַמאָל אין ארץ יש־ראל און מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין דעם סטאָלאַר־קאָאָפּעראַ־טיוו „כרמל" אין חיפה. מיר האָבן אויך געוווינט צוזאַמען און איך האָב אים זייער ליב געהאַט, ער איז אַ ביז גאָר אינטעלעגענטער מענטש, אינטערעסאַנט און זייער קלוג. אין לויף פון אונדזערע וואַנ־דער־יאָרן זענען מיר זיך פאַרפאַלן געוואָרן איינער פון אַנדערן. דאָ, ביי דער פרוי רחל טענענבוים, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז יהושע געפינט זיך אין לאָנדאָן. גלייך ווי איך האָב באַקומען זיין אַדרעס, האָב איך זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אים. אין עטלעכע טעג אַרום האָט פון זיינס אַ בריוו אַ ווייע געטאָן מיט אינטימער האַרציקייט און חברישקייט און ער האָט ממש מיך אויפגעפאָדערט, אַז איך מוז אַרויסקומען קיין לאָנדאָן צו אים און, אַז ער קומט קיין פּאַריז מיך אָפּוואַרטן און פון דאָרט וועלן מיר צוזאַמען פאָרן צו אים. דער שטאַרקער ווילן מיט אים זיך צו טרעפן האָט איינגעאָרדנט מיין רייזע אַזוי, אַז צוריק פאָרן פון אייראָפּע קיין אַמעריקע זאָל איך דורך לאָנדאָן.

דורכן באַקענען זיך אויף דער שיף מיט חבר אברהם רודי האָט זיך ביי מיר געשאַפן אַ „ויתרוצצו": עס האָט זיך מיר שטאַרק גע־וואָלט זיין אין מאָנטע־קאַרלאָ און איך האָב זיך אויך געוואָלט טרעפן מיט יהושען אין פּאַריז. ענדלעך האָט די צערייצטע פאַנטאַזיע „מאָנ־טע־קאַרלאָ" געזיגט און ביים אַרונטערגיין פון דער שיף אין מאַרסעל, ווו איך האָב געוואָלט גלייך נעמען דעם צוג קיין פּאַריז האָב איך מיט־

אַמאָל באַשטימט, אַז איך פאָר קיין מאָנטע־קאַרלאָ.

⁂

פון מאַרסעל ביז מאָנטע־קאַרלאָ פאָרט מען, מיט אַ שנעל־צוג, פינף שעה צייט.

די באַן שפּילט זיך אין באַהעלטעניש צווישן בערג און ים ברעג. אָט געפינען מיר זיך אין אַ געבערגיקן פּלאָנטער און אָט שפּיגלט שוין די שיינע ים־בלויקייט אונטער אַ צעכוואַליעוועטע זון. דער גאַנ־צער וועג, ממש ביזן לעצטן סענטימעטער, טונקט זיך אין מזל ברכה־דיקע פעלדער, גערטנער סעדער און בלומען־בייטן. אומעטום איז אָנ־געפּיקעוועט מיט גרינסן מיט תבואה און פרוכטן מכל המינים. אַלץ צויבערט אונטער כוואַליעס גאָלד־שטראַלן וואָס שטראָמען פון אַ צע־שמייכלטע זון. די ערד אַ פערטילע, אַ פעטע, איז אָנגעטרונקען אַזש ביז שכרות מיט וואַסער שמייכלט זי דעריבער אַרויס פון יעדן ווינקעלע.

אינסטינקטיוו קומט מיר אויפן געדאַנק דער „דאָ" און דער „דאָרט".

איך פאַרגין פראַנקרייך און די פּראָווינצן מיטן גאַנצן האַרצן די אָנגעלאָדענע ברכת־האדמה, זאָל עס זיי וואויל באַקומען, אָבער די קנאה פרעסט אין מיר, פאַרוואָס קומט אָן דאָס אַלץ ביי אונדז אין ארץ ישראל אַזוי שווער. יעדע פלאַנץ, יעדע געוויקס מוז אין זיך אַריינגעמען אַזויפיל מענטשלעכע פּראַצע און שווייס. איך הויב אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר ייִדן זאָגן די ברכה „המוציא לחם מן הארץ" בעת ביי אַנדערע פעלקער איז יוצא לחם מן הארץ. עס נאָגט און פייניקט דער פאַרגלייך. אָבער, אפשר וועלן שפּעטערדיקע דורות אויך ביי אונדז, אין מדינת ישראל, זעען דעם בליאַסק פון בליאונג אויף שריט און טריט מיט אַזאַ רחבותדיקייט ווי דאָ ביי דער ריוויעראַ.

דער גאַנצער פּאַס דאָ, אויף דער ריוויעראַ, איז זייער געדיכט באַפעלקערט. די באַן לויפט ווי אַ רוח, אַלע צען אָדער פופצן מינוט זעען מיר אָן אַנדער וואָקזאַל. די גאַנצע געגנט איז אָנגעפּיקעוועט מיט שטעט שטעטלעך און דערפער. די באַן שלענגלט זיך אין דער פּילפּאַרביקער, פּרעכטיקער לאַנדשאַפט.

דער וואַגאָן, אין וועלכן מיר פאָרן, איז איינגעטיילט אין צווייען. ער איז אָפּגעטיילט אינמיטן מיט אַ גלעזערן ווענטל. אייז העלפט איז צווייטע קלאַס און די צווייטע העלפט איז דריטע קלאַס. ווען נישט

דער אויפשריפט, וואָס הענגט דאָ אין דער הויך, וואָלט איך אסור געקענט דערקענען דעם אונטערשייד. די אַנדערשקייט האָב איך אָבער דערפילט דורך דעם, וואָס אין דעם צווייטן קלאַס זענען די אַלע פענצטער נישט צום עפענען, שטיקט מען זיך אינעווייניק אָן אַ טראָפּן לופט, בעת אין טייל פון דריטן קלאַס זענען אַלע פענצטער אָפן און עס איז מחיהדיק. טאָ האָב איך מיר אַריינגעגנבעט מיטן צווייטן קלאַס בילעט אויף אַ זיץ־פּלאַץ אין דעם דריטן קלאַס. דער קאָנדוקטאָר קוקט אויף מיר און אויפן בילעט און ער קען דאָס נישט פאַרשטיין. ער טראַכט אוודאי ביי זיך „אַך, איז דאָס אַ שוטה! אויב שוין יאָ זיצן אין דריטן קלאַס, טאָ פאַרוואָס האָסטו געקויפט אַ בילעט פאַרן צווייטן קלאַס".

איך פאַרשטיי זייער גוט זיין טראַכטן, ווייל מען טראַכטעניש אין אויך די זעלביקע.

ליגט דאָ אויפן גאַנצן וועג דער ים אַ צעשמייכלטער. צווישן די באַלעבטע זיגזאַגעדיקע בערג און וועלדלעך זענען דאָ דאַטשעהיימען אָנגעפּיקעט איינע איבער דער אַנדערער. קינדערשע פרייד און פריידיק געלעכטער פון די פאַרליבטע פאַרלעך פאַרהילכט דעם אַרום.

ווער עס האָט זיך נישט געקענט פאַרגינען צו האָבן זיין דאַטשע אין איינעם פון די פאַרשידנקלאַסיקע האָטעלן, האָט זיך אויפגעשטעלט אַ פּאַלאַטקע אין וואַלד און גאַנצע משפחות פּראַווען דאָ זייערע וואַקאַציעס אין די וועלדער.

שטייען דאָ צעוואָרפן אַזעלכע הונדערטער און הונדערטערביידלעך.

אינם גערויש פון די ים־כוואַליעס, וואָס לעקן די גאָלדיק־זאַמדיקע ברעגן וועלכע זענען פאַרפּלייצט מיט זוניקער רחבות, און אין סאַמען מיט פון דער פריידיקער צעשטורמטקייט פון די דאַטשניקעס, רייסן זיך מיט זייערע שרעקענדיקע טויט־פּיסקעס די מלאכי חבלהדיקע קאַנאָנען אַרויס פון די ריזיקע קריגס־שיפן, וואָס שטייען דאָ איבעראַל אויסגעשטעלט אויף די וואַסערן.

אין די שענסטע מאָמענטן פון לעבנס־עקסטאַז, דערמאָנט טויט זיין עקזיסטענץ.

⁂

אז איך האָב שוין דערזען אויף אַ וואַקזאַל דעם אויפשריפט

„ביצאַ" און זיך דערוווסט, אַז אין צען מינוט אַרום ענדיקט זיך די רייזע, איז מיר געוואָרן לייכטער אויף דער נשמה. ווייל — ווי אין דער בעסטער שטימונג און התפעלות אַ מענטש זאָל נישט אַריינפאַלן, נאָר טאָמער האָט ער נישט געגעסן פון זיבן אינדערפרי, און דער זייגער איז שוין פאַרקראָכן צו פינף נאָך מיטאָג, העלפן דאָן נישט אַפילו די צוויי פעקלעך פאַפיראָסן מיטן געבלאָזענעם רויך אויף דער פרעכטיקער לאַנדשאַפט.

אין די אַלע וואָקזאַלן, וווּ מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איז אומ־מעגלעך געווען עפּעס איבערצוכאַפּן, ווייל די מינוט אָדער צוויי וואָס די באַן שטייט אויף יעדן פּלאַץ דערלויבט עס דיר נישט אַפילו אַרונ־טערצוגיין פון צוג.

אין די בערג, וואָס הויבן זיך אָן ביים ים־ברעג און ציען זיך עט, עט אַרויף נאָענט צו די הימלען, האָט זיך אויסגעלייגט ווי אַ „טל ומטר" אין אַ פּיצעלע סידורל אַ „מלוכה". דאָס איז דאָס פירשטנ־טום „מאָנאַקאָ".

די מלכות מאָנאַקאָ איז איינגעטיילט אין דריי פּראָווינצן פון וועל־כע מאָנטע־קאַרלאָ איז די הויפּט פּראָווינץ.

דער שטח פון אָט אַ דער גאַנצער מלוכה פאַרנעמט בערך צוועלף קוואַדראַט קילאָמעטער און האָט אַ באַפעלקערונג פון צוויי און צוואַנ־ציק טויזנט נפשות. אַלץ איז דאָ אויסגעפּוצט, אויסגעצוואָגן און אויסגעצאַצקעט.

עס מאַכט דעם איינדרוק ווי קינדער ווילן נאָכמאַכן די גרויסע און זיי שפּילן זיך אין טאַטע־מאַמע.

אין איין האַלבע שעה פאַרט מען אויס דאָס גאַנצע „קעניגרייך".

פאַרמאָגט אָבער מאָנטע־קאַרלאָ פּלעצער, חן־ווינקלען און צוי־בער־ערטער, וואָס קענען צושמידן צו זיך מענטשן פאַר חדשים און חדשים.

אָט אַ דאָס מלוכהלע האָט אַפילו אייגענע סאָלדאַטן און פּאָליציי, וואָס גייען אַרום אויסגעפּוצט און אויסגעצאַצקעט, ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס באַדאַרפט אויפטרעטן אויף אַ גאַלאַ פאָרשטעלונג אין דער אָפּערע.

געפינט זיך דאָ אַ פּאָסט און טעלעגראַף געביידע, וואָס ס'איז שווער צו טרעפן אַזאַ שיינקייט אין וועלכן ס'איז אַנדער לאַנד.

מאָנטע־קאַרלאָ האָט אויך אייגן געלט וואָס האָט פונקט דעם זעלביקן ווערט ווי דער פראַנצויזישער פראַנק.

פאַרפאָרן בין איך אויף סטאַנציע אויף אַ באַרג וואָס שטייט איבער מאָנטע־קאַרלאָ און וועלכער געהער שוין צו פראַנקרייך.

פון דעם דאָזיקן באַרג זעט מען די גאַנצע ריוויערע ביז דער איטאַלענישע גרענעץ. ליגן זיך דאָ צעחנדלט אַלט איינגעפונדעוועטע פראַנצויזישע הייזער מיט גוטמוטיקע פראַנצויזן. אין איינעם פון די הייזער געפינט זיך די פאַמיליע פון מיין שיפס־ברודער אברהם רודי.

אין דעם זעלביקן הויז ביי דער גוטמוטיקער אַלטיטשקע פראַנצויזין האָב איך באַקומען אַ צימער. דער צימער זייער אַ באַקוועמער, מיט די טראַדיציאָנעלע פראַנצויזישע דרייגאַרנדיקע אויסבעטעכץ, צוזאַמען מיט דריי זייער גוטע מאָלצייטן אַ טאָג, האָט מיר געקאָסט טויזנט פראַנק אַ טאָג, ס'הייסט — צוויי און אַ האַלבן דאָלאַר.

בכלל זענען די פראַנצויזן דאָ אין דער געגנט מיר געוואָרן אַזוי ליב, אַז איך וואָלט זיי אַלעמען אַרומגענומען און אויסגעקישט.

זייער אַ סך יידישע פאַמיליעס האָבן זיך דאָ אין דער געגנט אויסבאַהאַלטן פון דער נאַציִשער חיה און די פראַנצויזן האָבן ממש אייגעשטעלט זייערע לעבנס פאַר אָט אַ דעם מענטשלעכן אַקט. אין דעם זעלביקן הויז ביי דער פראַנצויזין וווּ מיר געפינען זיך איצט, האָט איבערגעלעבט דעם נאַצישן שטורם די פאַמיליע פון חבר אברהם רודי.



אַן אָוונט אין דער קאַסינאָ „מאָנטע־קאַרלאָ".

ביידע זייטן פון דער אַלייע זענען געטונקען אין געדיכטע ביימער, אויף וועמענס גרינע צווייגן עס וויגן זיך פאַרשידנפאַרביקע געוויקסן.

אויסגעזעצטע בלומען־בייטן מיט זייערע רייצנדיקע קאָלירן ליגן אויסגעשפרייט ווי טעפּיכער. זיי רעפלעקטירן זייער צויבער־חן דורך דער עלעקטרישער באַלייכטונג וואָס איז אינסטאַלירט צווישן די פלאַנצן.

אָט אַ די פאַנטאַסטישע אַלייע פירט ביז צום פרינציפּאַלן אַריינגאַנג אין דעם שיינעם פאַלאַץ, וואָס זעט אויס ווי אַ רייך אָפּערן־הויז.

דאָ איז די קאַסינאָ פון מאָנטע־קאַרלאָ.

ביים אַריינגאַנג אין דער קאַסינאָ מוז זיך יעדער אידענטיפיצירן

מיט זיין פּאַספּאָרט און דאַן ווערט אים פּאַרקויפט אַן אַריינגאַנגס־קאַרט. פאַר הונדערט פראַנק וועלכע גיט אים דאָס רעכט בייצוזיין און אָנטייל צו נעמען אין די אַלע שפּילערייען.

ריזיקע זאַלן און סאַלאָנען, וואָס זענען באַגילדט און דעקאָרירט מיט קינסטלערישן געשמאַק. זשיראַנדלען און זשיראַנדלען שלאָגן פון זיך אָפּ די ליכט עפעקטן דורך די טויזנטער קרישטאָל־גלעזלעך וואָס באַמבלען זיך פון אַלע זייטן. דאָס אַלץ צוזאַמען גיט צו דעם פּאַלאַץ אַ מאַיעסטעטיש־קעניגליכן אויסזען.

טישן, טישן און טישן. די רולעטקעס דרייען זיך און שווינדלען פאַר די אויגן פון די וואָס קוקן אָנגעשטרענגטע אויפן רולעטן־ווייזער מיט אַ נערוועזן ציטער.

מען שפּילט: ווער אויף רולעטקע, ווער מיט קאַרטן אין אַנדערע שפּילערייען און ווער אין באַקאַראַ.

מענטשן זיצן דאָ אויסגעפּוצטע, ווי מחותנים אויף אַ חתונה.

זיי זענען אויסגעטאָן פון דער גאַנצער וועלט. אַלץ אין זייער לעבן אין דעם מאָמענט איז — אַ רעדל וואָס דרייט זיך. זיי זעען נישט וואָס אַרום זיי טוט זיך.

אויף די גרינע טישן שאַרן זיך רונדע־ביינדלעך אין דער ווערט פון הונדערטער־טויזנטער, זיי רוקן זיך הין און צוריק, אַ הין און אַ הער, ביז זיי פאַלן סוף כל סוף אַריין אין דעם שפּאַלט וואָס געפינט זיך אין טיש — דאָס איז די קאַסע פון דער קאַסינאָ.

זיצט אַן אַלטע פרוי מיט אַן איינגעקאַרבט און אויסגעמאַר־שטשעט פּנים, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט בראָדעווקעס. אינגאַנצן זעט זי אויס ווי אַ פאַרטרוקנטע צאַברע־בלאַט וואָס וואַלגערט זיך אויף ד׳ערד.

די פרוי איז אינגאַנצן איינגעפּאַסט אין בריליאַנטן. צוליב דעם רייצנדיקן בריליאַנטענעם בלישטש וואָס שלאָגט פון איר מוז מען אויך שוין קוקן אויף איר פּנים. זי רוקט פון זיך די צענער־טויזנטער און דער פון דער קאַסינאָ שאַרט זיי מיט זיין לאָפּאַטקע צו זיך אין קעסטל אַריין. פון צייט צו צייט וואַרפט ער איר אויך צו אַ ביסל געווונענע ביינדלעך. אָבער נישט דאָס געווונען און נישט דאָס פאַר־לירן מאַכן אויף איר דעם מינדעסטן איינדרוק. בכלל איז איר גאַנצער באַציונג צו אַלצדינג ווי פון אַ מענטש וואָס האָט רעזיגנירט פון אַלץ און אַלעמען און האָט באַשלאָסן קיינעם איר ירושה נישט איבערצו־

לאזן. ווי איינער זאגט — בעסער דאס ארויסצוווארפן אין דער קא־סינא, אידער ווער עס איז זאל פון דעם געניסן.

א פרוי אין די דרייסיקער, לויט איר אויסזען איז זי ווייט פון צו זיין רייך, זי זעט אויס זייער באשיידן. באלד ווי זי איז נאר אריינ־געקומען איז זי צוגעלאפן צו דער קאסינא־קאסע און האט דארט גע־קויפט צוואנציק פלאסטיק־בלעטלעך. יעדעס בלעטל אין ווערט פון פינף טויזנט פראנק. מיט א ציטער האט זי באצאלט די הונדערט טויזנט פראנק.

לויפנדיק צו א רולעטקע טיש האט זי אויפן וועג אריינגע־שעפטשעט א שפרוך־ווארט, אדער א תפילה אין די פלאסטיק בלעט־לעך אריין און דערביי עטלאכע מאל זיך איבערגעצלמט.

ביי די ערשטע פארשפילטע בלעטלעך האט זי זיך נאך געהאלטן מיט א נערוועזער רואיקייט. ווען אבער אין אירע הענט זענען שוין פארבליבן ווינציקער ווי א העלפט פון אירע געקויפטע פלאסטיק־בלעטלעך האט זיך, ביי יעדן ווייטערדיק־פארשפילטן בלעטל, אלץ מער אנגעהויבן ארויסשטארצן קראמפן דורך איר צעוויטיקט פנים. די אויגן אירע זענען מיט יעדער סעקונדע געזונקען אלץ טיפער, און וואס ווייטער האבן אלץ גרעסערע רייפן זיך ארומגעלייגט ארום אירע אויגן און געמארשטשעט איר פארגעלט געווארן פנים. מיר האט זיך אויסגעוויזן, אז אט, אט און מען וועט באלד די פרוי דארפן מונ־טערן. מיטאמאל האט זיך איר מזל איבערגעדרייט. עס האבן אנגע־הויבן זיך אריינצושארן צו איר צוריק די פינף טויזנטדיקע בלעטלעך.

ווען זי האט שוין דערזען אין אירע הענט צוריק די צוואנציק פלאסטיק־בלעטלעך, איז זי מיט אימפעט צוגעלאפן צו דער קאסע, האט ארויסגעכאפט די הונדערט טויזנט פראנק און איז אנטלאפן.

אין די זאלן ביי די באקארא טישן זיצן מענטשן טויט־ערנסטע, מיט זייערע נערוועזע בליקן אנגעשפיצט אויף יעדער קארט, וואס פאלט ארויס פון א קעסטעלע, ביי יעדן דריי. די קארט איז דער אנט־שיידנדיקער פאקטאר, צי די הונדערטער־טויזנטער זענען געוווּנענע אדער פארשפילטע.

זיצט איינער א מאן, ער סאפעט שווער און האלט זיינע הענט פארלייגט אויף זיין דיקן, ארויסגעשטארצטן בויך פונקט א שטייגער ווי דער בויך זיינער וואלט געוועזן ספעציעל באשאפן געווארן אויף אנ־צושפארן די הענט אויף אים, ער רוקט פון זיך מיט א גלייכגילטי־

קייט די הונדערטער־טויזנטער פראַנקען, וואָס ווערן באַלד פאַרשווינדן אונטער דער לאַפּאַטקע פון דעם קאַסינאָ־אַנגעשטעלטן.

ביי יעדן טיש, ביים סאַמען אויבנאָן, זיצט אויף אַ הויך בענקל אַ מאַן, אַנגעטאָן אין שוואַרצן מיט אַ צוגעקלעפּטער ערנסטער מינע אויף זיין פּנים. דאָס איז דער ריכטער וואָס אין נאָמען פון דער קאַ־סינאָ־גערעכטיקייט גיט ער אַרויס דעם „נייטראַלן" פּסק פון „יושר וצדק" אויף די טענות און פּרעטענזיעס פון די שפּילער. זיינע אויגן זענען שאַרפע, כיטרע און עס דאַכט זיך אויס, אַז זיי שפּיצן צו יעדן אין דער קעשענע אַריין.

בכלל איז די קאַסינאָ איבערפולט מיט אויגן. ווו די גיסט זיך אַ קער און ווענד שפּיצן דיר נאָך אויגן. אַז איך האָב זיך אַרומגע־דרייט פון איין טיש צום צווייטן אַ שעה און צוויי און עס איז מיר געוואָרן לאַנגווייליק צוצוזען די נערוועזע אָנגעשטרענגטקייט פון די צעשרויפטע מענטשן דאָ, האָב איך זיך אָוועקגעזעצט אויף איינעם פון די פּולמאַנס, וואָס שטייען דאָ אַרום די ווענט, און כ'האָב אָנגע־הויבן שרייבן עטלאַכע פּאָסט־קאַרטלעך צו פריינט. נישט לאַנג האָט געדויערט ווי עס האָט זיך דערנענטערט צו מיר אַ דזשענטלמאַן און מיר איינגערוימט אין אויער, אַז דאָ איז נישט קיין פּלאַץ צו זיצן און שרייבן...

נישט אין מיליאַנער האָט שוין דאָ דערפילט די ברייטהאַרצי־קייט פון די קאַסינאָ־פילאַנטראָפּן, בעת ער האָט דאָ פאַרשפּילט זיין גאַנצן פאַרמעגן. האָט אים דאַן די קאַסינאָ־פאַרוואַלטונג באַזאָרגט מיט אַלע נויטיקע בילעטן אויף צו קענען אַהיימפאָרן אין זיין לאַנד אַריין.

מיינער אַ פריינט, וואָס האָט מיר באַגלייט אין דער קאַסינאָ, איז צוגעגאַנגען צו אַ רולעטע־טיש, האָט געשטעלט צוויי הונדערט פראַנק און מאָמענטאַל האָט ער אַרויסגענומען פיר הונדערט פראַנק. האָט ער ווידער געשטעלט די פיר הונדערט פראַנק און ווי נאָר דער ווייזער פון דער רולעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט מען אים צוגעשאַרט אַכט הונדערט פראַנק.

אַז איך האָב דאָס דערזען האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקן פאַרן יצר־הרע און כ'האָב אים געבעטן, אַז מיר זאָלן גלייך פאַרלאָזן דעם אַזאַרט־צענטער.



מאָנטע־קאַרלאָ פאַרמאָגט אָבער אַ חוץ דער קאַסינאָ, ווו עס דרייען זיך און פאַרדרייען זיך מענטשלעכע מזלות, אויך פלעצער וואָס זענען ממש וועלט־וווּנדער: דער אָקעאַן־גראַפישער מוזעאום, וואָס געפינט זיך אין אַ ווונדערלעכן פּאַלאַץ, שמידט צו צו זיך דעם באַזוכער אויף שעהן לאַנג.

פאַר די אויגן שפּיגלט זיך אָפּ דאָס רייכע און פאַרשידנאַרטיקע לעבן פון אַלע באַשעפענישן וואָס לעבן אין ים און פון אַלע דערשיי־נונגען וואָס קומען דאָרטן פאָר. עס ווערט אויך דאָרט געוויזן די אַנט־וויקלונג פון דער מענטשלעכער פאָרשונג און די אוצרות וואָס ווערן אַרויסגעטויכט פון די ימען, פון דער אוראַלטער צייט ביז היינטיקן טאָג.

דער עקזאָטישער־גאָרטן פון מאָנטע־קאַרלאָ, וועלכער ליגט איינ־געקאַרבט טיף אין די בערג און ער דרייט זיך אין אַ פאַרכישופטן פלאָנטער, פון עט אויבן פון שפּיץ באַרג ביז טיף אַרונטער אַזש צום ים, פאַרשיכורט מיט זיינע ריחות און פאַרבן־רייץ. דאָ געפינען זיך עקזאָטישע פלאַנצונגען פון פאַרשידענע וועלט־טיילן. אויך אונדזער מעקסיקע פאַרנעמט דאָ מיט אירע פאַרשידענע קאַקטוס־פלאַנצן אַ זייער חשובן פּלאַץ.

ליגן דאָ איינגעפלאָנטערט אין די טיפענישן פון די בערג פאַר־שידענע גרוטאָס (היילן) וואָס ציען צו זיך פיל טוריסטן דורך זייערע רייכע נאַטור־דערשיינונגען.

די גאַנצע שטאָט מאָנטע־קאַרלאָ, און דאָס גאַנצע מלוכהלע מאָ־נאַקאָ בכלל, לעבט פון טוריסטן און פון די „חכמים" וועלכע דענקען, אַז זיי וועלן אַ מאָל געווינען געלט אין דער קאַסינאָ. קיין איינוווינער פון לאַנד מאָנאַקאָ צאָלט נישט קיין שום שטייערן צו דער רעגירונג. די קאַסינאָ האַלט אויס דאָס פירשטנטום מיט דער סוויטע און זי דעקט אויך אַלע אַנדערע אויסגאַבן פונם שטאַט.

אַ פּרעכטיקער איינדרוקספולער שפּאַציר איז געווען דאָס פאָרן מיטן לוקסוסדיקן אויטאָבוס פון מאָנטע־קאַרלאָ ביים ברעג ים, דורך דער ריוויעראָ, ביז צו דער שטאָט מענטאָן, וואָס ליגט האַרט ביי דער גרענעץ מיט איטאַליע.

נאָך דריי טעג שפּאַצירן אין דעם שיינעם, זוניק־ליכטיקן, שפּי־לענדיקן און פאַרשפּילנדיקן מלוכהלע „מאָנאַקאָ", בין איך צוריק־געפאָרן קיין מאַרסעל.

## מ ר ד כ י   ק אָ ר אָ נ אַ

אין דער ראַשיקער קאָסמאָפּאָליטישער פּאָרט־שטאָט מאַרסעל, האָב איך אַרומגעשפּרייזט זעקס שעה צייט איבער פאַרשידענע טיילן און ווינקלען.

קוים מיט צרות האָב איך באַקומען אַ זיץ־פּלאַץ אויפן צוג, וואָס גייט קיין פּאַריז.

די באַן האָט, דורך די צען שעה פאָרן, צעשניטן אַ פינצטערע אָנגעברויגזטע נאַכט און האָט זיך אַריינגעשניטן אין אַ כמורנעם, רעגנ־דיקן פאַרנעפּלטן, פּאַריזער פרימאָרגן.

# פּאַריז, ניו־יאָרק און צוריק אין מעקסיקע

שוין דריי טעג ווי מיין חבר יהושוע ראָזענצוויג מיט זיין פרוי זענען אָנגעקומען פון לאָנדאָן און געוואַרט אויף מיר אין האָטעל „מאָדערן" אין פּאַריז לויט ווי מיר האָבן זיך אָפּגערעדט. איך האָב נאָך באַוויזן צו פאַרברענגען מיט זיי אַ פּאָר שעה צוזאַמען אין פּאַריז.

איך בין געווען זיכער, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך קומען צו זיי קיין לאָנדאָן. מיין רייזע פון פּאַריז קיין לאָנדאָן האָב איך איינגעאָרדנט צו פאָרן מיטן באַן. עס האָט מיר געלאָקט צו זען ווי אַזוי די באַן פאָרט איבער דעם לאַמאַנש־קאַנאַל.

עטלעכע בריוו פון מיין ליבער חנהן, וואָס מען האָט מיר איבערגעגעבן אין פּאַריז, האָבן אָבער גלייך אויפן מאָמענט געענדערט מיינע פּלענער.

די בריוו זענען געווען פאַרבונדן מיטן אַריינגלייכטן אין אונדזער משפּחה, נישט לאַנג נאָך מיין אָנקומען צוריק קיין מעקסיקע, פון אונדזער ליכטיק, ברילִיאַנטן־אויגיק זונעלע — יגאַל.

זענען שוין די טעג אין פּאַריז געוואָרן צעצויגענע. דער גרעסטער אינטערעס מיינער איז איצט געווען ווי אַזוי קריגט מען אַ פּלאַץ אויף אַן עראָפּלאַן, כדי וואָס שנעלער אַ היימצוקומען.

איבעראַל אין אַלע קאָמפּאַניעס באַקום איך איין ענטפער: „נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר פופצן אָדער צוואַנציק טעג". נאָר אין איין קאָמפּאַניע פאַרקויפט מען מיר אַן עראָפּלאַן בילעט אָן אַ דאַטע, אָבער מען פאַרזיכערט מיר, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט מען מיר צוויסן געבן.

איך מוז אָבער צו יעדער מינוט זיין פאַרפּאַקט און גרייט אויפצושטייגן אויפן עראָפּלאַן.

דרייען זיך מיינע טעג איצט אין פּאַריז אין דער קאָמפּאַניע.

און יעדן טאָג באַקום איך דעם זעלביקן ענטפער, אַז מאָרגן איז כמעט מיין פּלאַץ אַ געזיכערטער. איך האָב שוין אַפילו אויסגע־נוצט פּראָטעקציע דורך באַקאַנטשאַפטן. אָבער איין מאָרגן שטופּט דעם צווייטן.

דערווייל איז אַן עבירה צו זיין אין פּאַריז און נישט קענען גע־ניסן פון די פולע זשמענעס אינטערעס מיט וועלכע פּאַריז איז אָי־בערפולט, אָבער וואָס טוט מען, אַז איך מוז אַלעמאָל לויפן אין האָ־טעל געוויר ווערן, צי איז נישטאָ עפּעס אַ ידיעה פאַר מיר פון דער קאָמפּאַניע.

אין איין פרימאָרגן בין איך אַוועק מיט אַ באַקענטן אין דער עראָפּלאַן־ביוראָ ווי דער דירעקטאָר האָט אים פאַרזיכערט, אַז מאָק־סימום אין דריי טעג וועל איך באַקומען אַ פּלאַץ. אַז איך בין פאַר אַ ווייל געבליבן מיטן דירעקטאָר אויג אויף אויג האָב איך זיך דער־מאָנט אין דער „פּילאָפּאָזיע" פון יענעם קליינשטעטלדיקן בעל־עגלה, וואָס פלעגט זאָגן, „אַז מען שמירט פאָרט מען", האָב איך אויפן טיש אַוועקגעלייגט פינף טויזנט פראַנק און בין אַוועק.

אַרויסגייענדיק האָב איך געזאָגט צו מיין פריינט, אַז נאָך אפשר היינט פאַר איך אָפּ. האָט דער פריינט זיך שטאַרק צעשמייכלט פון מיין נאַאיוויטעט. מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער איז שוין אין האָטעל גע־ווען פאַר מיר אַ מעלדונג, אַז היינט צוועלף ביינאַכט איז רעזערווירט פאַר מיר אַ פּלאַץ אויפן עראָפּלאַן.

אַז אַלץ איז שוין פיקס און פאַרטיק, פאַרפּאַקט און גרייט צו דער רייזע, בלייבן מיר נאָך איבער אַ פּאָר אומגעדולדיקע שעהן, וועלכע איך ווייס נישט ווו זיי אַהינצוטאָן, איז די פּראַקטישטע זאַך טראַכט איך: אַריינצוכאַפּן זיך אין מאַקסעס רעסטאָראַן, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון דעם „פּלאַץ דע לאַ רעפּובליק".

אַלע טישלעך זענען באַזעצט מיט יידן און מען שוויצט אונטער די ריחות פון די געשמאַקע יידישע מאכלים, וואָס פרעגלען זיך אין דער קיך. עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז דער גאַנצער עולם פרעגלט זיך אין גענדזן־שמאַלץ.

ביי איין טישל האָט זיך איינער אַ מאַן שטאַרק דערפרייט מיט מיין אַריינקומען. ביי דעם טישל זיצט מיינער אַ שיפס־ברודער פון דער שיף „ארצה". ער איז געווען צוויי חדשים אויף אַ וויזיט אין

מדינת ישראל און ער איז צוריקגעקומען אַ באַגייסטערטער פון אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געזען. ער קען אָבער נישט איינער אַליין בייקו־מען די אַלע ציניש באַמערקונגען, וויצן און בלבולים וואָס ווערן פון אַלע זייטן געוואָרפן אויף דער מדינה. אַז דער ייד האָט מיך דערזען האָט ער אויפגעלעבט, וואָס ער האָט צוגעקראָגן אַ שותף אָפצושלאָגן אַט אָ די אַלע פאַלשע אַטאַקעס און רכילותן.

ביי אַ שכינותדיק טישל האָב איך צופעליק געטראָפן צוויי שעד־לעצער מיט וועמען איך בין אין מיינע יינגלעשע יאָרן געווען אַק־טיוו אין דער יוגנט־באַוועגונג פון דער פועלי־ציון. היינט זענען זיי פאַנאַטישע קאָמוניסטן. עס האָט מיך אַמוזירט די איראָניע, וואָס גראָד זיי, די קאָמוניסטן, וויינען און קלאָגן אויף דער ביטערער דאָ־ליע, פאַרוואָס מען לאָזט נישט אַריין אין ארץ ישראל קיין פריוואַטע קאַפּיטאַליסטן און פאַרוואָס די בירגערלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַ־ציע — „הסתדרות" האָט פאַרכאַפּט אַלץ אין ארץ ישראל.

זיצן יידן אַרום אַלע טישלעך, צווישן זיי אויך ציוניסטן, זיי רייבן די געשמאַקע מאכלים אויף ביידע באַקן (הלוואי זאָלן זיי דאָס נאָר פאַרדייען) און קוועלן אָן פון יעדער נאַרישער אַטאַקע און רכילות וואָס ווערט געוואָרפן אויף דער „הסתדרות" און אויף דער ישראל רעגירונג. טראַכט איר ביי זיך: רבונו של עולם ווו נעמט מען היינט אַ לוי יצחק בערדיטשעווער וואָס זאָל אויסשרייען אַזוי, אַז דער יידישער געוויסן זאָל אויפטרייסלען: „יידן מלשינים וואָס האָט איר זיך אָנגע־זעצט אויף מדינת ישראל! וואָס ווילט איר האָבן פון יענע טייערע יידן, די בויער פון ארץ ישראל!". זיי גיבן אָפּ זייער לעבן פאַרן אויפ־בוי פון דער מדינה און זיי זענען מקריב פון דער מינימאַלסטער באַ־דערפעניש צוואָס זיי זענען באַרעכטיקט. און אפשר שאַפן זיי גאָר אַ מקום מקלט פאַר אייך, פאַר אייער מאָרגענדיקן איינציקן אָנשפאַר ווו איר וועט געפונען אָן אָרט ווו אייערע קעפּ אַוועקצולייגן. טאָ וואָזשע איז אויף אייך אַזוי די גדולה? וואָס שמחהט איר אַזוי און חוזקט פון די אַלע שוועריקייטן מיט וועלכע די מדינה איז באַלאַסטעט?!".

אָט גאַוועדט איינער פון פרייד און די סלינע רינט אים איבערן מויל און ווויליונגעריש שרייט ער אויס:

— צו קען מען אין אייער „גאָלדן" ארץ־ישראל קריגן אַזעלכע גוטע קרעפּלעך, אַזעלכע פּופּיקלעך און לעבערלעך?.

און אַפילו די יידן, וואָס פאַרזיכערן מיר, אַז זיי זענען ציוניסטן,

לאַכן אין די פויסטן פון אַט אַ די באַנאַליטעטן, זיי העלפן מיט אין דעם יאָמער־כאָר פון דער וואַקכאַנאַליע וואָס גייט אָן קעגן דער רע־גירונג פון מדינת ישראל.

דערציילט דאָ איינער אַ ציוניסט איבער די אומגליקן וואָס די ישראל רעגירונג שאַפט אין לאַנד. ווי זי לאָזט נישט צו קיין שום פּריוואַט פאַבריקן און אונטערנעמונגען. איך הער אויס אָט די שקרים און בושה פלאַמט מיין פּנים. איך טראַכט ביי זיך: פונוואַנען נעמט זיך היינט אַזאַ צעפלאַמטע שנאה צו ארץ ישראל, בעת מען האָט פריער געשטרעבט אַלע יאָרן צו דערלעבן אָט דעם גליקלעכן מאָמענט פון אַ פרייער יידישער מדינה? און איך קום צום אויספיר, אַז דער־מיט דורך וואַרפן שולד אויף דער רעגירונג, מיט אויסגעטראַכטע נישט געשטויגענע און געפלויגענע מעשיות, וויל מען דעם אייגענעם גע־וויסן פאַרשרייען.

אַנשטאָט זיין הערלעך צו זיך און אויפריכטיק זאָגן: איך בין צופיל עגאָיסט. איך בין נישט בכוח צו פאַרלאָזן מיינע צייטווייליקע באַקוועמלעכקייטן און גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, זוכט מען בעסער די שולד צו וואַרפן אויף דער מדינה.

אוודאי איז לייכטער צו דרייען מיטן שטעקעלע אויף די פּאַ־ריזער גאַסן, קויפן און פאַרקויפן „לאָקשן" „האַרטע און רונדע" און דערביי מאַכן אויפן מאָמענט צענער טויזנטער פראַנקען, איידער אָנ־צוהייבן אַ פּראָדוקטיוו, נאָרמאַל, שווער לעבן אין ארץ ישראל.

איינער וואָס פאַרזיכערט מיר, אַז אַפילו נאָך זיין טאַטע איז גע־ווען אַ הייסער ציוניסט דערציילט דעם פאָלגענדן פאַקט:

— איך בין געוועזן אַ פּאָר חדשים אין מדינת ישראל. איך האָב זיך באַמיט דורך פאַרשידענע פּראָטעקציעס אַרויסצוקריגן אַ דער־לויבעניש צו עפענען אַ גרויסע מעכאַנישע שיך־פאַבריק. איז נאָך אַלע באַמיאונגען און נאָכן לאַנגן אַרומלויפן טעג און נעכט האָב איך אַפילו קיין נעגאַטיווע תשובה נישט באַקומען.

כאָטש איך האָב באַשלאָסן אויף דעם יאָריד דאָ צו הערן נאָר וואָס אַנדערע זאָגן, איידער עפּעס אַליין צו ריידן. ווייל גיי רעד אין אַ מסי־בה פון שיכורים איבער די נשמה אויסדרוקן פון העכערע שאַפונגען! אָבער ווייל אַזאַ פאַל וועגן עפענען אַ מעכאַנישע שיך־פאַבריק אין ישׂ־ראל איז מיר געווען באַקענט, דעריבער האָב איך זיי איבערגעגעבן

דעם פאַקט און דרך אגב איז עס געווען אַ גרוס צו די שעדלעצער לאַנדסלייט.

דער פאַקט איז אַזוי:

אין ארץ ישראל בין איך געווויר געוואָרן, אַז ישראלקע טאַבאַק־מאַן איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען זיך באַזעצן אין ישראל.

ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון איירא‍פּעישן גהינום. נאָך דעם נאָצי־מבול האָט ער זיך גאָר פיין איינגעאָרדנט אין בעלגיען און איצט האָט ער פאַרלאָזט אַלע גליקן דאָרט און איז געקומען אויף שטענדיק זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל.

אַ שטאַרקער חשק האָט מיך אַרומגענומען זיך צו טרעפן מיט אים. איך האָב געפילט אַ חוב צו אָט אַ דעם מענטש, וואָס דורך אים און נאָך עטלעכע ווי ער, עלטערע חברים, בין איך געוואָרן אַ פּועלי־ציוניסט.

געווען איז עס אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. איך האָב צו יענער צייט געלערנט אין דער ישיבה און ווי דער שטייגער איז פון אַ ישיבה־בחור — וויל ער עסן.

ביי מיין מאַמען אין הויז זענען געווען די ווענט אָנגעפילט מיט פּאָליצעס און שאַפעס מיט ספרים. איבער אַלץ האָט געהערשט אַן אָט־מאָספערע פון תורה. נאָר איין שאַפקעלע וואָס איז געשטאַנען אין דער קיך, פון דאָרט פלעגט שטענדיק יאָגן אַן אומעט, אַ פוסטקייט און עס איז כמעט שטענדיק געווען ליידיק — דאָס איז געווען דאָס שפּייז־שאַפקעלע. טאָ פלעג איך אין מיינע פרייע שעהן צעטראָגן פּעקלעך פון אַ שפּייז־קראָם צו פאַרשידענע קונים, דורך דעם האָב איך פאַר־דינט, כדי טיילוויז צו באַפרידיקן מיין געשמדן, צעווילדעוועטן אַפּע־טיט. דער עיקר אָבער האָב איך שטאָלצירט מיט מיין אַרבעט, ווייל דאָס האָט מיר געגעבן מוט אַריינצוקומען צווישן די אַרבעטער־קרייזן, וואָס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן דורכן „בונד" און דורך די „פּועלי־ציון".

ביי בײדע אָרגאַניזאַציעס האָב איך געקענט אַרויסבאַקומען מיין סמיכה. היות, אַזוי ווי איך צעטראָג פּעקלעך, קען מען מיך אַריינ־שטעלן אין דער קאַטאַגאָריע פון „פּרישקאַשטשיקעס". אמת טאַקע, אַז דורך אַזאַ אַרבעט איז מען נאָך אַלץ נישט קיין כשרער הונדערט־פּראָצענטיקער אַרבעטער נאָר מ'איז קוים ווי מען האָט עס גערופן

אַ „ווייסער קאָלנער ארבעטער״, אָבער דאָך מעג מען מיך שוין פאַר־רעכענען ווי איינער פון דער פראָלעטאַרישער משפחה.

ביי מיר האָט זיך דאַן אָנגעהויבן מישן צוויי קעגנזעצלעכע אמתן.

פלעג איך אוועקגיין פון אַ בונדישן צוזאַמענקום האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיי זענען גערעכט. בין איך אוועקגעגאַנגען פון אַ פּועלי־ציוניסטישע לעקציע האָב איך דערפילט, אַז ביי זיי גאָר ליגט דער אמת.

געזיגט איבער מיר האָט דער פּועלי־ציוניסטישער געדאַנק.

ערשטנס איז ער געווען מער חריפותדיקער. עס איז געלייגן מער שאַרפקייט אין די פּועלי־ציוניסטישע אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען, צו וועלכע מען האָט געדאַרפט גוט צולייגן דעם קאָפּ. און צווייטנס האָט צו מיר פאַרט מער אַפּעלירט די טעאָריע פון זיין אַ פרייער יידישער אַרבעטער אין אַן אייגן יידיש לאַנד, איידער אויסצופועלן, אַז יאַנעק און סטאַשעק זאָלן פאַרשטיין, אַז וואַרפן שטיינער אויף יידי־שע יינגלעך איז נישט שיין נישט יושרדיק און נישט סאָציאַליסטיש.

ישראָלקע טאַבאַקמאַן מיט זיין חסידישן היפכא מסתברא בערדל, האָט גובר געווען און ער האָט מיין געדאַנקען־גאַנג געלענקט צו דער פּועלי־ציון באַוועגונג, פאַר וועלכן איך בין אים עד היום דאַנקבאַר.

⁂

איצט דאָ אין דעם יידישן רעסטאָראַן אין פּאַריז, האָב איך אי־בערגעגעבן ווי אַזוי איך האָב זיך באַגעגנט מיט ישראָלקע טאַבאַק־מאַן אין ארץ ישראל.

געווען איז עס אַ שבת אינדערפרי ווען איך בין אָנגעקומען קיין נתניה.

אויף אַ באַרג, ביי דער זייט פון דער שטאָט, שטייט אַ פּרעכטיק געמויערטע ווילע, וואָס איז אַרומגענומען מיט גלעזערנע טעראַסן, אין וועלכע עס שפּיגלט אַרויף דער בלויער ים, אַ צעבאַלוועטער, אַ צעזונגענער, דורך די הונדערטער מענטשן וואָס פרישן זייער וואָכענ־דיקע מידקייט אין דעם שבתדיקן ים.

דאָס הויז שאָטנט זיך אין געדיכטע צעצווייגטע ביימער און בלו־מען־בייטן. דאָ וווינט ישראָלקע טאַבאַקמאַן.

איך האָב אים נישט דערקענט. דערוואַרט האָב איך, אַז פון זיין אַמאָליקן בלאָנדן יעזוס־בערדל זאָל מיר אַנטקעגן קומען אַ קאָלטענע־וואַטע גרויע באָרד. דאָ גאָר שטייט פאַר מיר אַ גלאַט ראַזירטער

יונגערמאַן מיט אַן אויסזען, ווי די יאָרן וואָלטן געגאַנגען אויף צוריק און נישט פאָרויס. אָבער אין דעם קול האָב איך דערהערט יענע שטי־מע וואָס האָט מיט אַזויפיל יאָרן צוריק געוועקט, געמונטערט און גערופן צו פועלי־ציוניזם.

ישראלקע טאַבאַקמאַן איז היינט אַ מפמניק, דעריבער איז עס פאַר מיר געווען אַן איבערראַשונג צו הערן זיין לויב צו דער ישראל רע־גירונג, פאַר איר פלאַנירטן צוגאַנג צו אַלע פּראָבלעמען אינם בוי פון דער מדינה.

בעת אונדזער שמועס האָב איך אים געפרעגט, וואָס איז זיין מיינונג וועגן די קלאַנגען וואָס ווערן פאַרשפּרייט, אַז די רעגירונג לאָזט נישט אַריין אין לאַנד קיין פּריוואַט־קאַפּיטאַל. אַז די רעגירונג צווינגט יעדן פּריוואַט־קאַפּיטאַליסט איבערצוגעבן איין און פופציק פּראָצענט פון דער אונטערנעמונג צו דער „הסתדרות" וכדומה. טאַ־באַקמאַן האָט די בילבולים פולשטענדיק אָפּגעלייקנט און כדי צו אי־לוסטרירן די פאַלשקייט פון אָט אַ די פאַרלוימדונגען האָט ער מיר איבערגעגעבן פאָלגנדיקן פאַקט פון זיין אייגענער דערפאַרונג:

— ווען איך האָב באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין ארץ ישראל, בין איך נישט פריער געפאָרן צייטווייליק, אויסצוגעפונען וועלכע זענען די מעגלעכקייטן דאָ זיך איינצואָרדענען, נאָר איך האָב ליקווידירט מיין שיך־פאַבריק אין ברוסעל, בעלגיע. כ'האָב איינגעפּאַקט מיינע מאַשינען מיט אַלע איינריכטונגען און אַלץ אַריבערגעבראַכט קיין ישראל. אַז איך האָב געהאַט געדונגען דעם פּלאַץ אָט דאָ אין נתניה און אינסטאַלירט דאָ די פאַבריק, דאַן האָב איך געמאָלדן דער רעגי־רונג וועגן דעם. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז צו מיר געקומען אַ קאָ־מיסיע פון דער רעגירונג און זי האָט פאַר מיר באַשטימט דעם קוואַנ־טום פון רוי־שטאָף וואָס איך וועל באַקומען און די צאָל שיך וואָס איך דאַרף אויסאַרבעטן.

אויף מיין פראַגע ווי עס גייט אים? האָט ער אָפּגעזיפצט און מיר געענטפערט:

— „איך רייס פון זיך פאַסן פאַרוואָס איך בין אַזוי שפּעט געקו־מען קיין ארץ ישראל. וואָלט איך געווען דאָס געטאָן מיט יאָרן צוריק, וואָלט איך געווען אַרויסגעראַטעוועט אַזויפיל מיטגלידער פון מיין משפחה".

צו אַזאַ וווינונג און אַזאַ ברייט לעבן, ווי איך האָב געטראָפן

ביים חבר ישראַלקע טאַבאַקמאַן, קענען אַפילו די יידן אין אַמעריקע פון זיין קלאַס, נישט חלומען.

דער דאָזיקער גרוס האָט אַלעמען אינטערעסירט. באַזונדערס — די צוויי שעדלעצער קאָמוניסטן. זיי האָבן אָבער אונטערגעשמייכלט צו דעם וואָס איך האָב זיי דערציילט, ווי איינער זאָגט: „ס'איז אַ שיינע מעשה!".

⁂

פונקט צוועלף מיט איין מינוט ביינאַכט האָט זיך אין אַרלאַ, וואָס איז אַ שעה רייזע פון פּאַריז פונאַנדערגערודערט דער ריזיקער שטאָלענער אָדלער, ער האָט זיך צעפּאַכעט, זיך געהויבן אין דער לופטן, ביז ער האָט מיט זיין רוישן אויפגערודערט די נאַכט־שטילקייט אין די הימלען אַזוי זענען מיר אין אַ פּאָר שעה שפּעטער אָנגעקומען קיין שאַנאַן, אירלאַנד.

די וואַרט־זאַלן, דאָ אויפן לופט־פעלד, זענען אָנגעפּילט מיט קראָמען וואָס פאַרקויפן פאַרשידענע אירלענדישע אויסאַרבעטונגען. דער עיקר אָבער איז דאָ אַ געלויף אויף וויסקי. אַז איך האָב געזען ווי אַלע אַמעריקאַנער רייסן זיך איבער דער וויסקי האָב איך אויך איינגעהאַנדלט עטלעכע פלעשער פון אָט אַ דער משקה צו דריי דאָ־לאַר אַ פלאַש.

דער טאָג איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן האָט זיך אויסגעשיילט אַ העלער, אַ ליכטיקער און דער ים האָט אונטער אונדז אויסגעזען אַ נעבעכל, ווי אַ לייב וואָס קוקט אַרויף אויף אַ פליענדיקן אָדלער און קען אַפילו קיין ברום נישט געבן אין זיין אומבאַהאָלפנקייט.

צוויי בייטאָג (אויפן עראָפּלאַן האָבן מיר געוווינען צוויי שעה לעבן דורך דעם וואָס מיר האָבן צוריקגערוקט דעם זייגער) זענען מיר אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. די זעכצן שעה אויפן עראָפּלאַן האָבן מיך אַ שפּאָר ביסל פאַרמאַטערט. דעריבער האָט די שבת־נאָכמיטאָגדיקע ניו־יאָרק אויסגעזען אַ נישט דערפּאָרענע.

דער טומל, אויף דער צוויי און פערציקסטער גאַס האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ פאַרזעצונג פון עראָפּלאַן גערויש.

⁂

קיין פלאַץ אויף אַן עראָפּלאַן פון ניו־יאָרק קיין מעקסיקע האָב איך אויף קיין פאַל נישט געקענט קריגן פריער פאַר דריי טעג. האָב

איך באַשלאָסן שוין בעסער צו וואַרטן די דריי טעג פאַרענדיק אויף דער באַן.

אין ניו־יאָרק האָב איך קוים באַוויזן זיך צו טרעפן מיט די גאַר נאָענטסטע און באַקענטע. מאָנטיק בין איך מיט דער באַן אָפּגעפאָרן קיין מעקסיקע.

אויפן דריטן טאָג פאָרן איז זעקס פאַרנאַכט די באַן אָנגעקו־מען קיין לאַרעדאָ.

פּאַסאַזשירן פון די אַנדערע קלאַסן גייען ארונטער פון צוג.

פעק, פעקלעך און וואַליזן ווערן אַריינגעפירט אין זאַל פון צאָל־אַמט.

מיר די פולמאַן־פּאַסאַזשירן זענען די פריווילעגירטע, מיר רירן זיך נישט פון די ערטער. אונדזער וואַגאָן שאַרט זיך פון די רעלסן אויף אַנדערע, רוקט זיך הין און צוריק, אָפּגעטשעפּעט פון דאָ און צוגעטשעפּעט צו דאָרט, אַ קלאַפּ אַהין אַ וואַרף אַהער, און מיר בלייבן אַלץ אויף אונדזערע פּלעצער.

אין וואַגאָן באַווייזן זיך מעקסיקאַנער גרענעץ־באַאַמטע.

צי פאַלט די אַחריות פאַר זייער נישט העפלעכקייט אויפן שלעכטן וועטער וואָס הערשט אין דרויסן, אָדער עס זענען אַנדערע סיבות דאָ דערפאַר ווייס איך נישט, אָבער עפּעס אַ מאָדנער בייגעשמאַק שלום עליכמט מיר אַנטקעגן ביי מיין צוריק אַ היימקומען...

דער אימיגראַציע־קאָנטראָלער בעט ביי מיר מיין פּאַספּאָרט און דערביי קומט פאָר אָט אַ דער פראַגן — און — ענטפער־שמועס צווישן אונדז:

— ווי איך זע זענט איר אויסגעפאָרן אַ סך לענדער, דאָס קאָסט אָפּ זייער אַ סך געלט אַהז.

איך ענטפער אים נישט.

— האָט איר אַ חוץ דעם פּאַספּאָרט אויך אייערע בירגער־פּאַפּירן מיט זיך?

— עס איז נישט נויטיק די בירגער־פּאַפּירן בעת איך האָב דעם פּאַספּאָרט, ווייל דער דאָזיקער פּאַספּאָרט איז אויסגעשטעלט געוואָרן אויפן סמך פון מיינע בירגער־פּאַפּירן.

— ניין, איר דאַרפט האָבן די בירגער־פּאַפּירן.

איך האָב אַרויסגענומען אַ פאָטאָסטאַטישע קאָפּיע פון מיינע בירגער־פּאַפּירן און אים דאָס געוויזן.

— האָט איר מיט זיך אייער רעגריסטראַציע־קאַרטל וואָס איר האָט באַקומען בעת אַלע פרעמדע האָבן זיך רעגיסטרירט מיט צען יאָר צוריק?

— ראשית בין איך נישט קיין פרעמדער. איך לעב שוין אין מעק־סיקע זעקס און צוואַנציק יאָר צייט און איין און צוואַנציק יאָר בין איך שוין אַ מעקסיקאַנער בירגער. והשנית פאָדערט נישט דאָס גע־זעץ, אַז מען זאָל מיט זיך מיטטראָגן דאָס רעגריסטריר־קאַרטל בעת מען האָט אַ פּאַספּאָרט.

— איך פאָדער ביי אייך די רעגיסטראַציע־קאַרטע, אַ נישט וועל איך אייך נישט אַריינלאָזן קיין מעקסיקע און די מעשה מיט די בירגער־פּאַפּירן ווייסן מיר שוין וואָס פאַר אַ פּאַפּירענער בירגער איר זענט.

איך נעם ביי אייך צו דעם פּאַספּאָרט און איך וויל, אַז שפּעטער ווען איך וועל ענדיקן די אינספּעקציע זאָלט איר צו מיר אַריינקומען אין דעם צווייטן וואַגאָן אַריין.

— הער אינספּעקטאָר, איך האָב נישט מיט זיך מיין רעגיס־טראַציע־קאַרטע און דאָס איז אויך נישט נויטיק צו האָבן בעת מען האָט אַ מעקסיקאַנער פּאַספּאָרט. אין דאָס וואָס איר סטראַשעט מיר מיט נישט אַריינלאָזן קיין מעקסיקע ליגט עס נישט אין אייער קאָמ־פּעטענץ. און אויב איר פאַרהאַלט מיין פּאַספּאָרט טאָ זאָלט איר זיין אַזוי גוט און אים איבערגעבן אין גובערנאַסיאָן אין מעקסיקע שטאָט און דאָרט וועל איך אים אָפּנעמען. דאָרט וועל איך אויך איבערגעבן די ציניש באַמערקונגען אייערע בנוגע די מענטשן וואָס זענען פאַר־בירגערט געוואָרן אין מעקסיקע. צו אייך אין צווייטן וואַגאָן וועל איך נישט אַריינקומען. איך בעט אייך נאָר אָפּהיטן מיין פּאַספּאָרט ווייל איך מאַך אייך פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך.

צוואָס די אַלע רייד פון דעם גרענעץ־אינספּעקטאָר האָבן גע־צילט האָט מען נישט געדאַרפט זיין קיין גרויסער חכם דאָס צו פאַר־שטיין. איך האָב אָבער באַשלאָסן, אַז גראָד אין דעם מאָמענט מוז איך אויסנוצן מיינע רעכטן און זיך נישט לאָזן אָפּשרעקן מיט סטראַשונ־קעס פאַר וועלכע אַ סך זאָגן: „אַ כפרה די פאַר פּעזעס זאָל ער קומען אויף אַנדערע הענט".

קנאַפּע צוויי שעה צייט איז די באַן געשטאַנען אין לאַרעדאָ.

נישט דער אינספּעקטאָר האָט זיך פאַר מיר באַוויזן און נישט איך בין געגאַנגען אים אויפזוכן, ווען די באַן איז שוין אַרויסגעפאָרן

פון לאַרעדאָ איז דער אינספּעקטאָר צוגעקומען צו מיר, זיין לעקע־שעוואַטער שמייכל האָט זיך לאַקרעצדיק צו מיר דערנענטערט און מיט אַ צעקראָכענע העפלעכקייט האָט ער זיך צו מיר געווענדט:

— מיין הער, איר וועט מיר אַנטשולדיקן, לויטן געזעץ דאַרפט איר טאַקע האָבן אייער רעגריסטראַציע־קאַרטל מיט זיך. איך האָב אָבער באַמערקט, אַז איר זענט אַ זשורנאַליסט. איר ווייסט דאָך, אַז מיט פּרעסע מענטשן ווילט זיך קיינמאָל נישט איינרייסן, טאָ נאָט אייך צוריק אייער פּאַספּאָרט און זאָלן מיר בלייבן פריינט!

יאָ פריינט, נישט פריינט. נאָר דער ערשטער ברוך־הבא וואָס איך האָב באַקומען ביי מיין צוריק אַ היימקומען נאָך אַ פינף חדשים־דיקע רייזע האָט געפּרעסט אויף מיין געמיט און האָט אויסגעבולט מיין „איינגעפונדעוועטקייט” אין דעם דאָזיקן לאַנד.

מיין מעקסיקאַנער שכן וואָס פאָרט מיט מיר פון די פאַריייניקטע־שטאַטן אין דעם זעלביקן וואַגאָן, דאָן מאַקסימינאָ, איז זייער אַ ווילער און צוגעלאָזענער מענטש. ער האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט מיין ענטפער און האַלטונג לגבי דעם אינספּעקטאָר און צום ווייפלטן מאָל האָט ער אויסגעשריגן:

— אַסי מע גוסטאַ, עס אוסטעי וואַלענטע! (אַזוי געפעלט מיר, איר זענט אַ דרייסטער!)



די באַן דרייט זיך אין געבערגיקן פּלאַנטער. דער גערויש און דאָס סקריפּען פון די רעדער ווידערן אָפּ אַן עכאָדיק ברומען ווי פון אַ צערייצטן לייב.

דער דרויסן איז אַן אומעטיק־כמורנער וואָס רוט זיך אָפּ פון אַ נאַרוואָס שטאַרקן רעגן און ער גרייט זיך שוין צו אַ צווייטן.

שעהן און שעהן פאָרט די באַן און עס באַווייזט זיך נישט קיין איין סטאַנציע. עס ליגן אויסגעשפּרייט פעלדער און ריזיקע ערד־שטחים, פּאָר מיילן ווייט, פּוסטע און נאַקעטע וואָס האָבן ווייזט אויס שוין פון לאַנג זיך מיאש געוועזן, אַז עס זאָל נאָך אַמאָל ווער קומען זיי באַאַרבעטן.

אַרום די סטאַנציעס וווּ די באַן שטעלט זיך אָפּ ליגן צעוואָר־פענע כאַטקעס און שטעלעכלעך וואָס זענען צונויפגעשטעלט פון קלעצ־לעך, צוגעדעקט מיט אויסגעטריקנטע, פאַרגעלטע פּאַלמען־צווייגן.

אָדער הייזלעך אַזעלכע וואָס זענען צענויפגעפּאַטשקעט פון בלאָטע אויסגעמישט מיט שטרוי. די הייזלעך האָבן נישט אין זיך קיין סימן פון קיין פענצטער, עס איז נאָר דאָ בלויז איין דערעפענונג־לאָך דורך וועלכן אַ מענטש זאָל זיך קענען אַריינשטופּן אָדער אַרויסקריכן.

ביי יעדער סטאַנציע לויפן אַרום צענטליקער קינדער אינגאַנצן נאַקעטע. אויך עלטערע מענער און פרויען גייען דאָ אַרום כמעט נאַקעטע. ווו נישט ווו באַוויזט זיך ביי אייניקע, אַ שמאַטע אָדער עפּעס אַ צעפליקטער בגד איבער זייער נאַקעטקייט.

ווען אונדזער באַן באַווייזט זיך אויף אַ סטאַנציע וואַקסן באַלד אויס קאַליקעס, בלינדע. מענטשן ביי וועמען די ביינער שטאַרצן אַרויס דורך זייערע פאַרגעלטע, פאַרמענטענע פּנימער. זיי האַלטן זייערע הענט אויסגעשטרעקטע און זינגען אונטער מיט אַ באַזונדערן אייגנאַרטיקן תחנונימדיקן ניגון:

„ראַטעוועט אַן אומגליקלעכן! שענקט אַ נדבה! דערפאַר וועט אייך גאָט העלפן און איר וועט האָבן אַ בשלומדיקע רייזע!".

דורך די פענצטער פון די צווייטע קלאַס וואַגאָנען וואַרפן די פּאַסאַזשירן אַרויס דעם איבערבלייב פון זייערע עסנס. ווערט באַלד אַרום די שריימס אַ טומל, אַ געראַנגל. קינדער שפּרינגען איינער איבער דעם אַנדערן. עלטערע מענטשן שטופּן זיך איינער אין דעם צווייטן.

עס קומט צו געשלעגן, ביז איינער כאַפּט אַרויס דאָס פליישביינדל פון צווייטן און בעת מעשה פאַלט עס גאָר אַרונטער אויף דער ערד, שאַרט זיך דערווייל אונטער אַ דריטער, ער כאַפּט דאָס ביינדל און אַנטלויפט דערמיט.

ביי אַ קופּע פון שוין אויסגעשמאַטשקעטע ביינער און שטיקלעך עסן־אָפּפאַל, פאַר וועלכער עס זענען שוין קיין סך בעלנים נישט פאַראַן, שטייט אַן אַלטער מאַן מיט אַ פאַרחושד'ט צעטרוקנט פּנים ווי די קאָרע פון אַן אַלטן בוים. אַרום דעם פּנים רוען געציילטע הערעלעך, ווי די סמני־נערות ביי אַ פופצן־יעריקן בחורל.

דער אַלטער מאַן זוכט עפּעס חיונה צווישן די אַלע שפּייז־איבערבלייבעכצן און דערביי פירט ער מיט זיין סענקעוואַטן שטעקן, אַ מלחמה מיט אַ קודלעוואַטן, צעפּאַדעלטן הונט, וואָס וויל דוקא ווערן אַ שותף צו דעם אוצר פון עסן־איבערבלייבעכץ.

בעת די יינגלעך שלאָגן זיך איינער מיטן אַנדערן איבער אַן אָפּ־

געגריזשעטע פולקע, פון וועלכע מען האָפט נאָך אַרונטערצובייסן אַ פלייש־טעם, שטייט מיין מיטפאַרענדיקער שכן, דאָן מאַקסימינאָ, און קוועלט פון נחת. „אָט — זאָגט ער — דאָס הייסט העלדישע קינדער וואָס לאָזן זיך נישט קריכן אויפן קאָפּ. אַ מעקסיקאַנער איז נישט קיין קאָבאַרדע (פּחדן) גייט עס נישט מיט גוטן, נעמט ער דאָס מיט בייזן!".

כדי צו מאַכן די שמחה נאָך גרעסער און די געשלעגן נאָך שטאַרקער לויפט דאָן מאַקסימינאָ אַרום צווישן אַלע פּאַסאַזשירן, טוישט אויס פּעזעס אויף קליין־געלט און זשמעניעסווייז וואַרפט ער דאָס אַרונטער דורכן פענצטער. די גוואַלטן, געשרייען און געשלעגן פון די קינדער און דערוואַקסענע, וואָס וואַרפן זיך אויף יעדער מטבע, ווערט וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער און דאָן מאַקסימינאָ ווערט גרעבער ווי לענגער פאַר שמחה, ער פּאַטש מיט די הענט און שרייט אַלעמאָל אויס „וויוואַ מעכיקאָ!" (לעבן זאָל מעקסיקע!)

דאָן מאַקסימינאָ האָט מיר שוין אין די עטלעכע שעה וואָס מיר פאָרן צוזאַמען, איבערגעגעבן זיין גאַנצע לעבנס געשיכטע און אַלע זיינע ליבע־אַוואַנטורעס. ער אַליין איז אַ גרויסער פאַבריקאַנט, אין אַ שטאָט אין דעם כאַליסקאָ שטאַט, אין וועמענס פאַבריק עס זענען באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטער. איצט קומט ער צוריק פון אַ לוסט־רייזע וואָס ער האָט געמאַכט איבער געוויסע לענדער אין די אַמעריקעס און אין כמעט אַלע מערב־אייראָפּעישע לענדער. פון דעם לאַנד אין איראָפּע, פון וועלכן ער איז אַממיינסטנס באַגייסטערט און רעדט דערפון מיט אַ ווילדן עקסטאַז, איז פון דייטשלאַנד. ער איז באַגייסטערט פון זייערע פעיקייטן, פון זייער פּינקטלעכקייט, פון זייער זויבערקייט און דער עיקר פון די שיינע, צוגעלאָזענע, נאָכגיביקע פריילינס זייערע.

וויפל איך האָב געפּרוווט איבערצייגן דעם דאָן מאַקסימינאָן וועגן די שוידערלעכע מערדערלעכקייטן וואָס דאָס דייטשע פאָלק איז באַגאַנגען צו פאַרשידענע פעלקער און באַזונדער צו די שוצלאָזע יידן דאָרט, האָט דאָס אַלץ נישט געקענט אָפּקילן זיין עקסטאַז.

דאָן מאַקסימינאָ האָט אויף די אַלע באַשולדיקונגען איין ענטפער:

— אויף אַזעלכע פיינע מענטשן ווי די דייטשן זענען, זענען אַזעלכע באַשולדיקונגען נישט מעגלעך.

ער איז פעסט איבערצייגט, אַז די גאַנצע מעשיות וועגן מאָרד און מענטשן־שענדונג, וואָס איך האָב אים דערציילט, זענען בלויז גרויל־פּראָפּאַגאַנדע, פאַבריצירט דורך די „גרינגאָס" (אַמעריקאַנער).

דורך דאָן מאַקסימינאַן בין איך שוין געוואָרן אַ בקי אין די אַלע פאַרשידענע טיפן קיכן און עסנס, פאַרשידנאַרטיקע רעסטאָראַנען, קנייפּעס, נאַכט־קלובן און „הייזלעך" פון די אַלע לענדער ווו ער האָט זיך אויסגעוואַלגערט איבער אַ יאָר צייט און צעפּטרט דאָרט איבער פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. יעדער מעשה פאַרענדיקט ער מיט דעם פּאַטריאָטישן אויסרוף: „קאַמאַ מעכיקאָ נאָ האַי דאָס!" (אַזוי ווי מעקסיקע איז נישטאָ קיין צווייטע).

אויף אַ געוויסער סטאַנציע, ווו דאָן מאַקסימינאָ איז אַרונטער אַריינצוכאַפּן אַזוי עד לחשבון עטלעכע מעקסיקאַנער שאַרפע מאכלים, איז ער פון דאָרט צוריקגעקומען מיט אַ פולן גאָנשער „פּולקע" (אַ אַלקאָהאָלישער געטראַנק וואָס ווערט אַרויסגעצויגן פון מאַגיי־בלעטער) ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו דעם, אַזש די סלינע איז אים געדונען איבערן מויל. ער איז ספּעציעל אַריינגעגאַנגען אין דעם פּולמאַן־רעסטאָראַן, האָט פון דאָרט אַריינגעבראַכט אַ גלאָז און מיר מכבד געווען מיט דער דאָזיקער משקה. ווי איך האָב נאָר צוגערירט אָט דעם געטראַנק צו מיין מויל האָב איך דערשפּירט דעם טעם פון וואַרעמע זויער מילך געמישט מיט ריצן־הייל. איך האָב אָפּגעדריגעט מיט אַן איבלדיקייט.

דאָן מאַקסימינאָ האָט זיך צעברוגזט און צאָרנדיק צו מיר געזאָגט:

— וואָס קומט מיר אַרויס וואָס איר זענט שוין זעקס און צוואַנציק יאָר אין מעקסיקע, אַז איר אַלע בלייבט שטענדיק אַן איזאָלירטער עלעמענט פון אונדזער מעקסיקאַנעם לעבן און פון אונדזערע זיטן.

כדי צו ווייזן מיר מיין נישט ראַפינירטקייט צו אַזאַ געשמאַקן געטראַנק, האָט ער אָנגעהויבן צו גיסן אין זיך איין גלאָז נאָך דער צווייטער און מיר אָנגעהויבן דערציילן פאָלגענדע מעשה:

— מיין מיטעלע טאָכטער סוסאַנאַ איז געווען אַ שיינהייט פון אַ מיידל. ווען זי איז געגאַנגען אין אוניווערזיטעט אין גוואַדאַלאַכאַראַ איז זי דאַן אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן. צוזאַמען מיט איר, אין זעלביקן קלאַס איז געגאַנגען אַ יידישער בחור. זיי פלעגן ארויסגיין צוזאַמען און פאַרברענגען. איינמאָל האָט זי געבראַכט דעם יונגערמאַן צו אונדז אין הויז אַריין און אים פאַרגעשטעלט פאַר אונדז, אַז דאָס איז איר חתן. צווישן אונדזערע משפחה מיטגלידער האָט געהערשט אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט. אויך מיין ווייב איז געווען שטאַרק קעגן דעם. מיר אַלע זענען גוטע קאַטאָליקן און דאָס אַריינקומען פון אַ ייד

אין דער משפחה האָט אַריינגעבראַכט אַ צעטומלעניש. איך בין אָבער געווען דער וואָס האָב געהאַלטן מיט מיין סוסאַנען. איך האָב אַ סך יידישע פריינט און איך ווייס, אַז זיי זענען גוטע פאַמיליע־מענטשן.

בכלל איז מיר דער יונגערמאַן געווען געפעלן און בפרט ווען מיין סוסאַנאַ איז געווען אין אים אַזוי שטאַרק פאַרליבט.

איינמאָל איז דער יונגערמאַן אַוועקגעפאָרן אויף אַ שפּאַציר אין די פאַרייניקטע־שטאַטן און פון דאַן איז ער אויף שטענדיק פאַרשווינדן געוואָרן. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט האָט ער דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ יידיש מיידל. איך בין זיכער, אַז ער איז געווען פאַר־ליבט אין מיין סוסאַנען־פונקט ווי זי אין אים, אָבער ביי אייך ווערט שטרענג אָפּגעהיט די אָפּגעזונדערטקייט, און דורך וויפל דורות איר זאָלט נישט זיין אין מעקסיקע וועט איר שטענדיק זיך פילן דאָ ווי אַ העכערע ראַסע און איר וועט אַרונטער קוקן צו אונדז, מעקסיקאַנער פון אויבן אַראָפּ.

איך האָב דערפילט, אַז אַ דיסקוסיע אויף דער טעמע וועט צו קיין נחתדיקן אויספיר נישט דערפירן, בפרט ווען דאַן מאַקסימינאָ איז שוין געווען נישקשה בגלופנדיק. איך האָב אַרויסגענומען פון מיין וואַליז אַלבאָמען מיט בילדער פון ארץ ישראל און אים געוויזן. זיי האָבן אים אינטערעסירט און אים געהאַלטן אַ שווייגנדיקן ביזן ערשטן קלונג, דורך דעם קאָנדוקטאָר, וואָס האָט גערופן צו וועטשערע.

מער האָב איך זיך שוין מיט דאַן מאַקסימינאָן נישט געטראָפן.



די באַן האָט געדאַרפט אָנקומען אין דער שטאָט מעקסיקע אַכט אין אָוונט. עס איז שוין צען. עס איז שוין עלף און מיר זענען נאָך זייער ווייט פון מעקסיקע סיטי. מיין אומגעדולד שטייגט פון מינוט צו מינוט.

גיי איך צו צום הויפּט־קאָנדוקטאָר און פרעג ביי אים: וויפל אַ זייגער וועלן מיר ענדלעך אָנקומען קיין מעקסיקע?

ענטפערט ער מיר מיט אַ ציניש̈ער רואיקייט:

— „אויב מיר וועלן נאָר אָנקומען וועט שוין זיין גוט".

וואָס מער די באַן האָט זיך דערנענטערט צו דער הויפּט־שטאָט אַלץ מער האָט זי זיך געריסן באַרג אַרויף, געסאָפּעט געקרעכצט, געשריגן, געפייפט און געטומלט.

צוויי פאַרטאָג האָט זיך די באַן, אַ מידע, אַ פאַרשלאָפענע, פונקט

ווי די פּאַסאַזשירן, אַריינגעטוליעט אין דעם וואָקזאַל פון דער הויפּט־
שטאָט.

אַ פרייד האָט מיר אַרומגענומען ווען איך האָב דערזען אין אַזאַ
שפּעטער שעה מיינע אַלע משפחה־אייגענע און אַזויפיל פריינט און
באַקענטע.

אָט בין איך שוין ווידער דאָ אין דעם „פּריוועליגירטן" מעקסי־
קאַנער יידישן גן־עדן, ווו געבראָטענע קאַטשקעס וואַקסן אויף די ביי־
מער און אַ רחבותדיקע פּוסטקייט ליגט פונאַנדערגעלייגט און אויס־
געשפּרייט אויף לוקסוסדיקע באַקוועמלעכקייטן.

# אינהאַלט:

MORDECHAI (MARCOS) CORONA

# MEXICO - EILAT

## IMPRESIONES DE UN VIAJE A ISRAEL




PRINTED IN MEXICO
IMPRESO EN MEXICO.

Se terminó de imprimir este libro el 20 de octubre de 1952 en los talleres de la "Imprenta Moderna", S. A. Calle del Dr. Garciadiego 28, México, D. F.

Números de ejemplares impresos: 2,000